משה זאַלצמאַן

# ...און
# מען האָט מיך
# רעהאַביליטירט

איבערלעבונגען פון אַ יידישן קאָמוניסט
אין די סטאַלינישע תפיסות און לאַגערן




פאַרלאַג „ישראל־בוך"
תל־אביב, תשל"א — 1970

## פון די אַרויסגעבער

צו דער פּרשה ראַטנפאַרבאַנד, וואָס איז אויך נאָך אַלע אויפדעקונגען און אַנטפּלעקונגען געבליבן מער פאַרהוילן ווי אויפגעקלערט, קומט צו נאָך אַן עדות־וואָרט, דער סיפּור המעשה פון משה זאַלצמאַן — משה זאַמאָשטשער, אַ יידישער אַרבעטער־טוער, וואָס האָט נאָך אַ לאַנגיאָריקער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, און אָפּזיצן אין תפיסות פון פוילן און פראַנקרייך, געפונען דעם וועג צום „לאַנד פון טרוימען". מיט אַ געפיל פון שליחות און מיט אַ באַגער צו זיין אַ פולער בירגער און מיטבויער אויף דער סאָוויעטישער ערד, איז ער אַהין געקומען און... דאָרט גאָר פאַרוואָרפן געוואָרן אין תפיסות און לאַגערן, צו צינישע אויס־פאַרשער און סאַדיסטישע רעגירער, שענדער און פאַרטיליקער פון מיליאָנען לעבנס.

ס'האָט זיך נאָך נישט באַוויזן דער היסטאָריקער, וואָס זאָל קאָנען אויסשיילן דעם אמת פון ליגן און אויספאַרמירן אָביעקטיוו דעם סדר און שייכות צווישן די אַלע זיגזאַגן און ירידהס, פון די אויפשטייג־טעג פון אָקטאָבער ביז דער צוואַנגס־מאַשין פון סטאַלינישן אַפּאַראַט. און וועט ער ווען קומען — וועט ער זיכער געפינען זיין אַנשפּאַר אין די עדות־ווערטער פון די וואָס האָבן דורכגעלעבט און איבער־געלעבט די תקופה, ווי פולבאַטייליקטע אין איר גלויבן און אין איר פּיין. ווי איינער אַזאַ עדות־זאָגער — קומט משה זאַלצמאַן צו דערציילן דאָס געשעענע; ווי אַ גלייביקער וואָס האָט דערזען אַן אָפּגרונט...

אַ טיפער אָפּגרונט אין אַ פאַרפראַסטיקטער וועלט פון טאָטאַלער אכזריות, אין קאַרצערס פון תפיסות און אין קאַטאָרגע אויף די שנייפעלדער פון ווייטן צפון. דאָרט, אין די ריזיקע שקלאַפן־מחנות, זענען אויך אומגעקומען די יוגנט־פריינד און אידייִשע חברים פון משה זאַלצמאַן, נאָך די ביטערע אויספאָרשונגען, אומזיסטע באַשולדיקונגען און אַן אַ שיער פיזישע און גייסטיקע יסורים. דעם גורל פון אָט די אַלע לאַגערניקעס און „טורמע־חברים" האָט משה זאַלצמאַן פאַרצייכנט אין זיין יסורים־מגילה, ווו דער היסטאָריקער וועט אַמאָל געפינען די סליאַדן פון אַזוי פיל פאַרלוירענע טריט, און אויך די געוואַלט־שפּורן פון אַ פאַרשוועכטן גלויבן.

כאילו — אַ געוויינלעכע כראָניק, אָן פּרעטענזיעס אויף אַ ליטעראַרישן זשאַנר. אָבער די פאַקטן און פאַסירונגען רעדן שאַרף, מיט דעם כוח האמת פון יסורימדיקע דורכלעבונגען און מיט דעם געוויסנהאַפטן מוט פון אַ באַליידיקטן מאמין, וואָס געדענקט דעם הויכן צוזאָג און מאָנט און שטראָפט...

דאָס איז אַ וואָרט אין נאָמען פון אַ סך פאַרשוווּנדענע, אומגעקומענע, נאָך דער גרויסער עוולה, וואָס איז געטאָן געוואָרן לגבי מיליאָנען, יעדן פּרט באַזונדער, און דעם מין מענטש בכלל, מיט דער הורטאָוונער פאַרניכטונג פון מענטשלעכע לעבנס און מיט דער ברוטאַלער פאַרשוועכונג פון אַלמענטשלעכע אידעאַלן.

געהייליקט דעם אָנדענק פון די מיליאָנען אומשולדיקע קרבנות אין די סאָוויעטישע לאַגערן, די עטלעכע צענדליק טויזנט פּאָליטישע עמיגראַנטן, צווישן זיי — די גרופּע אַרבעטער־טוער פון מיין געבוירן־שטאָט זאַמאָשטש, אַרעסטירט געוואָרן אין די 30־קער יאָרן און אומגעקומען:

דוד פידלער, שלמה רויטמאַן, בעריש וואַפּניאַרסקי, איטשע שיף, יאָסל גרינבוים, ישראל גאָרפינקעל, פישעלע געלערנטער, איציק אויצער, יאַנקל מיטל־פונקט, ריוועלע גאָרטנקרויט, ירחמיאל גאָרטנקרויט, שלמה גערזאָן, יאָסעלע בראַנד, פייגע און ישראל האַנטווערקער, חיימעק הערצבערג און לייזער יוניסגאַרטן.

קאַפּיטל איינס

# דער צוריקקער „אַהיים"

אין אַ קאַלטן נאָוועמבער־טאָג פון יאָר 1957, בין איך ענדלעך דערפאָרן צום לעצטן סאָוויעטישן וואָקזאַל, אויף דער גרענעץ, אין ברעסט־ליטאָווסק. דער צוריק־אויפגעבויטער וואָקזאַל מיט די רחבותדיקע האַלן, האָט געדאַרפט פאַרכאַפּן דאָס אויג, מ'אַכן דעם איינדרוק מיטן אויסערלעכן גלאַנץ, מיט זיין מעכטיקייט, אויפן שוועל פון דער ריזיקער סאָוויעטישער אימפּעריע.

כמעט אַלע מיטפאָרער אין די וואַגאָנען צו די גרענעץ־געביטן זענען סאָוויעטישע אָפיצירן. די גרופּע ציווילע, צווישן וועלכע איך געפין זיך, באַשטייט פון בלויז רעפּאַטריאַנטן. זיי קערן זיך אַצינד אום אַהיים, נאָך לאַנגע יאָרן פאַרוואָגלט זיין איבערן גרויסן ראַטנפאַרבאַנד, לויטן אָפּגעשלאָסענעם אָפּמאַך צווישן פוילן און רוסלאַנד. אויף די פּנימער פון די פאַרוואָגלטע פּאָליאַקן לייכט ממש אַ פרייד. די היים! די אויסגעבענקטע היים!

גאַנץ אַנדערש אָבער זעען אויס די עטלעכע יידן — פאַרטראַכטע, פאַרזאָרגטע, קלענער־געוואָרענע; כאָטש זיי זענען אַזוי אומצעררייסבאַר פאַרבונדן מיט די זכרונות פון שטעט און שטעטלעך אויף דער פוילישער ערד, ווו זיי האָבן געלעבט, און געקעמפט; געבוירענע אין האַרץ פון פוילן — וואַרשע, לאָדזש, לובלין, זאַמאָשטש. זיי ווייסן אָבער גוט, די יידן, אַז זיי קערן זיך נישט אום צו קיין היים! אָן די דריי און אַ האַלבן מיליאָן יידן, אויסגעקוילעטע דורך די דייטשע רוצחים און זייערע פוילישע מיטהעלפער, איז דער פוילישער הימל פאַר זיי פרעמד, פינצטער. כאָטש מ'הערט אַלץ, אַז די הייַנטיקע פוילישע רעגירונג באַציט זיך געוואג הומאַניטאַר צו יידן, שרעקט זיי דאָך דער געדאַנק צונויפצוטרעפן זיך פּנים אל פּנים מיט די פּאָליאַקן; האָבן דאָך די מערסטע פון זיי, דירעקט, אָדער אומדירעקט, געהאָלפן אויסראָטן אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, קינדער, שוועסטער און ברידער.

ווי שטאַרק אויסגעבענקט זענען מיר נאָך יאָרן זיין אָפּגעריסן, אין דער פרעמד, צו געפינען זיך צווישן יידן, צו הערן אַ יידיש וואָרט; דאָס יידישע וואָרט, וואָס איז אין רוסלאַנד אַזוי ברוטאַל אויסגעראָטן געוואָרן! ביי יעדן פון אונדז קלאַפּט שוין, טיף פאַרבאָרגן, באַצייטנס איין געדאַנק — פאָרן ווייטער, וואָס ווייטער... די מערסטע, וואָס האָבן נאָך אַזוי פיל ביוראָקראַטישע שוועריקייטן פון דער סאָוויעטישער מיליץ און פון די אַמטן, דאָס גליק אַרויסצופאָרן, זענען מלחמה־צייט געהאַט אַנטלאָפן פון זייערע היימען, געווען פאַרשיקט אין די ווייטסטע מקומות, אין סיביר. איך אָבער געהער צו אַן אַנדער קאַטעגאָריע. כ׳בין איינער פון די געציילטע לעבן־געבליבענע עדות פון טויזנטער קאָמוניסטן, וואָס זענען נאָך אַ צייט פאַר דער מלחמה, מיט פרייד און ענטוזיאַזם געקומען צו דער שוועל פון סאָציאַליסטישן לאַנד. טייל זענען דורך די פּאַרטיי־אינסטאַנצן געשיקט געוואָרן אין פּאַרטיי־שולן, אַנדערע זענען אויסגעביטן געוואָרן מיט פּיינטלעכע מלוכות, אָדער זענען געקומען „איבערכאַפּן דעם אָטעם", נאָך לאַנגע, שווערע תפיסה־אורטיילן. די יידישע יוגנט אין אַמאָליקן פּוילן, נאַציאָנאַל פאַרפאָלגט, האָט זיך געלאָזט מיטרייסן מיט דער גרויסער האָפענונג; דורך אַלע וועגן און אומוועגן, דורך געגנבעטע גרענעצן, זענען זיי געקומען צום לאַנד פון זייער טרוים. ס׳איז שווער פאָרצושטעלן זיך די גרויסע פרייד ביים באַטרעטן צום ערשטן מאָל דאָס „לאַנד פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, אָן שום נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג". זיי זענען צעפאַלן קושן די ערד. זיי זענען אַריינגעדרונגען אין צווייגן פון דער ווירטשאַפט, געהאָלפן טראָגן די לאַסט, די אומגעהויערע שוועריקייטן פון סאָוויעטישן פאָלק.

אַזוי לפנים האָט עס אויסגעזען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָ־לוציע. ס׳איז אָבער אונטערגעקומען דאָס יאָר 1936־37, און די האַק האָט זיך מיט אַ מאָל אַראָפּגעלאָזן אויף זיי. כמעט אַלע זענען זיי פאַרשיקט געוואָרן. קיין שום פאַרדינסט פאַר דער רעוואָלוציע איז זיי נישט ביי־געשטאַנען. מ׳האָט זיי מיאוס באַשפּיגן, אויסגעלאַכט, באַשולדיקט זיי, אָן שום באַווייזן, אין פּראָוואָקאַציע, שפּיאָנאַזש. שווידערלעכע, אוממענטשלעכע אינקוויזיציע־מעטאָדן זענען אָנגעווענדעט געוואָרן. און קעגן וועמען? — קעגן איבערגעגעבענע, טרייע אַלטע רעוואָלוציאָנערן. אייניקע זענען פּשוט דערפירט געוואָרן ביז צו משוגעת, צו זעלבסטמאָרד, אָדער דערנאָך דערשאָסן געוואָרן. די קליינע איינפאַכע פּאַרטייער, אָדער אומפּאַרטייישע, זענען פאַרשיקט געוואָרן אויף שקלאַפן־אַרבעט אין די לאַגערן, אין וועלכן

ס'איז פאַרמעלן געריכט, אַמווייניקסטן אויף 10 יאָר. כמעט אַלע, דער עיקר די מענער, זענען אומגעקומען אין די מוראדיקע באַדינגונגען. קיינער ווייסט נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

מיר, דעם צופעליק לעבן־געבליבענעם, שטייען נאָך פאַר די אויגן געשטאַלטן פון טייערע חברים. זיי זענען פאַרבליבן ווייט הינטער מיר. זייער לעבן טאָר נישט פאַרווישט און פאַרגעסן ווערן. איך וויל, לויט מיינע באַשיידענע כוחות, קודם־כל פרווון דערציילן וועגן די פאַרפּיי־ניקטע, וועלכע זענען געווען די לערער און דערציער פון מיין יוגנטלעכן דור:

בעריש וואָפּניאַרסקי, אָנטיילנעמער אין זאַמאָשטשער אויפשטאַנד אין יאָר 1918; דוד פידלער, דער אַלטער גוטער חבר, וועטעראַן פון יאָר 1905, פאָרזיצער פון דער לינקער פראַקציע אין שטאָט־ראָט. איטשע שיף, דער אַרבעטער־אינטעליגענט, וואָס האָט אין רוסלאַנד פאַרענדיקט אַ הויך־שול, געווען פּאָליטישער אָנפירער פון איינער פון די גרעסטע מאַשין־טראַקטאָרן־סטאַציעס אין סיביר. די איידעלע ברודער און שוועסטער, ריוועלע און ירחמיאל גאָרטנקרויט; דער מוטיקער און דרייסטער קעמפער ישראל גאָרפינקעל, סעקרעטאַר פון הויז־דינער פאַראיין, פאַרענדיקט דעם מערב־אינסטיטוט, אָנגעפירט מיט דער יידישער אַרבעט אין בערדיטשעוו, שפּעטער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע ביי די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין קיעוו. דעם מאַרטירער שלמהלע גערזאָן (טאָפּטשאַן). וועגן אים איז דורכן צ. ק. פון דער רויטער הילף (מאָפּר) אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ בראָשור.

אָט די אַלע מאַרטירער האָבן לעבעדיק אויפגעוואַכט פאַר מיר, ווען איך בין אין ווינטיקן נאָוועמבער־טאָג 1957 געזעסן אויפן שיין־אויפגע־בויטן, רחבותדיקן וואָקזאַל אין בריסק־ליטאָווסק...

נאָר אָט רופט מען אונדז שוין. מען גיט צוריק אַרויס די פּעסער. מען הייבט אָן אַרויסלאָזן אויף דער אַנדערער זייט וואָקזאַל, ווו עס שטייען שוין גרייט די פּוילישע וואַגאָנען. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק. די לעצטע פּראָצעדור. מען ריכט זיך נאָך אַלץ אויף איבערראַשונגען. און אַזוי געשעט טאַקע. ווען כ'גיי צו צום פענצטערל, ווו מען גיט אַרויס די פּעסער, ווייזט זיך אַרויס, אַז מיין פרויס און זונס פּעסער זענען פאַראַן, מיינער — נישט. „פאַר וואָס"? — פרעג איך. און יענער דאָרט ענטפערט גלייכגילטיק — „ניע זנאַיו". איך קוק זיך אַרום. אין זאַל זענען שוין געבליבן בלויז געציילטע. מיין פרוי מיטן זון זענען שוין אויף דער צווייטער

זייט באַריער. עס באַפאַלט מיר אַן ענלעכער פיבער, ווי מיט יאָרן צוריק. (דעמאָלט האָב איך געגאַרט צו באַטרעטן די ערד פון ראַטנפאַרבאַנד. אַצינד האָב איך אומגעדולדיק שוין געוואָלט זיין וואָס ווייטער פון דעם לאַנד...). זיי האָבן דאָרט מיין פאַס ענדלעך געפונען. איך לויף שנעל, נישט אומקוקנדיק זיך, אַן אַ זיי־געזונט, צום צוג, וואָס וואַרט שוין אויף יענער זייט גרענעץ.

25 יאָר זענען פאַרביי פון דעם טאָג, ווען דער פאַריזער יידישער פאַרטיי־אַקטיוו האָט איינגעאָרדנט אַ געזעגענונגס־אָוונט צו מיין אָפּפאָר קיין ראַטנפאַרבאַנד. אָ, וויפל ס׳האָט זיך געענדערט אין דעם פערטל יאָרהונדערט! און איך אַליין בין שוין אויך מער נישט דער זעלבער.

אָפּגעפאָרן צוויי סטאַציעס פון דער גרענעץ, אויף דער פּוילישער זייט, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. דאָ אויפן צענטראַלן פונקט פאַר רעפּאַטריאַנטן, דאַרפן אַלע פונאַנדערגעטיילט ווערן אין פאַרשיידענע פונקטן פון לאַנד. איך בין איצט אַ געוועזענער פּאָליט.עמיגראַנט, אַ פּריווילעגירטער. איך האָב רעכט אַריינצופאָרן גלייך קיין וואַרשע, אין דער אָפּטיילונג פון פאַרטיי־געשיכטע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די לעבן־געבליבענע פון דער אַלטער גוואַרדיע.

אין וואַגאָן איז אַ שרעקלעכע ענגשאַפט, אָבער אַצינד איז מען שוין העפלעך, פריינדלעך, מען אַנטשולדיקט זיך אַפילו. ס׳איז אַ פייערלעכע שטימונג, אַ געהויבענער מאָמענט! מען שליסט גיך באַקאַנטשאַפט, מען שמועסט פריי. דאָס רופט אַרויס ביי מיר געמישטע געפילן. כ׳האָב זיך שוין לאַנג אָפּגעוווינט פון אַזעלכע פרייע שמועסן. אַ ביסל אומרויִק, קוק איך זיך אַרום. אָט זיצט אַן אָפיציר, אַ קאַפּיטאַן; ער זיצט רויִק און הערט זיך צו צו די שמועסן. יאָ — טראַכט איך — אַ ביסל דעמאָקראַטיע איז פאָרט אַריינגעדרונגען. אַמאָל, אין פּוילן, וואָלט זיך אַפילו אַ קאַפּראַל נישט אַריינגעקוועטשט צווישן אַזאַ עולם. די גאווה פון דער מיליטערישער קאַסטע! און דאָ זיצט זיך דער אָפיציר מיט זיינע מעדאַלן און בענדלעך, און וואַרפט פון צייט צו צייט אַריין אַ וואָרט, אַ באַמערקונג, אין אַלגע־מיינעם שמועס.

מען שמועסט וועגן דער איצטיקער פּאָליטישער ענדערונג אין לאַנד, וועגן פרייען מאַרק, וועגן דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק, וועגן פּוילישן פּויערטום און וועגן פונאַנדערפאַלן פון די „ספּולדזשעל־ניעס״ (דאָרפישע קאָאָפּעראַטיוון), וועגן דער לאַסט, וואָס וועט פאַלן אויף דער שטאַטישער באַפעלקערונג.

— ווייל — זאָגט איינער — די פויערים ווילן נישט באַאַרבעטן קיין סך ערד. זיי האָבן גענוג זייערע קליינע ווירטשאַפטן.

— זאָל נאָר זיין גענוג בוי־מאַטעריאַל און אַנדערע אינדוסטריעלע סחורות, וועט דער פויער בויען און קויפן. דאָס וועט אים צווינגען צו פאַרברייטערן זיין לאַנדווירטשאַפט.

— פוילן האָט פריִער אַרויסגעפירט אַגראַר־פּראָדוקטן און היינט דאַרף מען קויפן ביי אַנדערע ווייץ. ווער איז שולדיק? ווען מען דאַרף נישט געבן די רוסן, וואָלט גאָרנישט געפעלט אין פוילן...

און איך טראַכט דערביי, אַז די רוסישע באַפעלקערונג טענהט פונקט דאָס זעלבע — ווען מ׳וואָלט נישט באַדאַרפט שפּייזן די קליינע לענדער, וואָלט אין רוסלאַנד געווען מכּל־טוב...

און אָט פאָרן מיר אַריין אין וואַרשעווער וואָקזאַל. נאָך די ריזיקע רוסישע שטרעקעס, נאָך דערצו אין „טעפּלושקעס", איז דער וועג פון דער גרענעץ ביז וואַרשע פּשוט אַ „קאַצן־שפּרונג". אויך דאָ איז פאַראַן אַ „פּונקט" צו באַגעגענען די רעפּאַטריאַנטן. איך אייל זיך צו טרעפן מיט מיינע יוגנט־חברים, איבערהויפּט מיט מיין חבר מ. ה. — אַ גרויסע שישקע אין דער או. בע. די שוועסטער־אינסטיטוציע פון דער נ. ק. וו. ד. מיר און מיין משפּחה ליגט נאָך אין טעם דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל געזאָגט, דערוויסנדיק זיך וועגן מיין אַרעסט אין ראַטנפאַרבאַנד, אַז — „ווען מען האַקט האָלץ, פאַלן שפּענער"... אָבער היינט טראָג איך מיין „רעהאַבילי־טאַציע" אין קעשענע. אויך דער ליבעראַליזאַציע־פּראָצעס אין פוילן וועט אפשר ווירקן, אַז ער זאָל אויף מיר קוקן אַ ביסל אַנדערש.

איך קלינג אָן צו אים און וואַרט מיט אומגעדולד. צי וועלן מיר כאַטש האָבן אַ געמיינזאַמע שפּראַך? צי וועלן מיר איינער דעם אַנדערן דערקענען? דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אין 1928. ער איז דעמאָלט נאָר וואָס אַרויס פון תּפיסה און איז געווען כמעט בלינד.

איך האָב אויף אים לאַנג נישט געוואַרט. אָט שפּרינגט ער שוין אַרויס פון אַן אויטאָ, שפּאַנט ברייט, ווי ער וואָלט טאַקע געגאַנגען אויף אייגע־נער ערד. מיר כאַפּן זיך אַרום. ערשט איצט קוק איך אים אָן. ער איז, דוכט זיך, ווי נידעריקער געוואָרן, אָבער דער מיליטערישער מונדיר מאַכט אים שלאַנקער. זיין אַמאָליקער שוואַרץ־געקרייזלטער קאָפּ איז ווייס און שיטערלעך. די אויגן — טיף אין שטערן. כאַטש זיין פּנים איז ענערגיש, ליגט אויף אים אַ מאַטקייט פון שלאָפלאָזע נעכט.

ער ברענגט מיר אין זיין שיין איינגעאָרדנטער וווינונג. וואַרעם,

גאַסטפּריינדלעך. אַ שיינע בלאָנדע פּוילישע פרוי און צוויי קינדער. און איך דערפיל באַלד, אַז מיין אַמאָליקער יוגנט־חבר וויל אַלץ פאַרגעסן, אָפּלייקענען דאָס וואָס איז געווען. און מיר האָט זיך דווקא פאַרוואָלט צו רעדן וועגן אונדזער היים־שטאָט זאַמאָשטש, די סביבה, אין וועלכער מיר זענען ביידע אויסגעוואַקסן און וואָס וועט שוין מער קיין מאָל נישט זיין.

קאַפּיטל צוויי

# זאַמאָשטש, מיין היים

ניי־זאַמאָשטש האָט נישט געשמט מיט אַזאַ יחוס ווי די אַלט־שטאָט זאַמאָשטש, וווּ עס האָבן אַמאָל געלעבט אַזעלכע „גדולי התורה", ווי דער דובנער מגיד, דער מקובל יואל בעל־שם, דער פירער פון דער השכלה יעקב אייכנבוים, אַלעקסאַנדער צעדערבוים, דער עלטער־זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור שלמה עטינגער, און אונדזער גרויסער יצחק לייבוש פרץ.

אין דער פריצישער אַלטער פעסטונג־שטאָט זאַמאָשטש האָבן נישט אַלע געקענט זיך באַזעצן. עמך האָט ס'רוב געוווינט אין נישט־באַשיצטן טייל, אין ניי־זאַמאָשטש. דאָ האָבן כמעלניצקיס האָרדעס באַלאַגערט די פעסטונג, אין די פויליש־קאָזאַקישע מלחמות פון 1768—1771. דאָ האָבן די צאַרישע הענקער דערשטיקט דעם פוילישן אויפשטאַנד אין 1863. דאָ האָט מען פּאָגראָמירט די יידן אין 1914־15 און אין 1920, בעת דער מלחמה צווישן פּוילן און ראַטנפאַרבאַנד. דאָ, אין אָרעמסטן טייל שטאָט, זענען אויפגעקומען אַלע פּאָליטישע באַוועגונגען. די אַלט־שטאָט איז ס'רוב געווען מתנגדיש, אָבער דווקא דאָ האָט זיך דערנאָך צעבליט דער חסידיזם — טריסקער, קוזמירער און אַנדערע. אַפילו דער „טויטער רבי" האָט דאָ געהאַט זיינע חסידים; דאָ האָט געבליט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין די יאָרן 1905־6. נאָך דער שפּאַלטונג פון „בונד", אָנהייב 20קער יאָרן, האָט דער „קאָמבונד", דערנאָך די קאָמוניסטן, געשאַפן אין ניי־שטאָט זייער באַסטיאָן. עס זענען אַלץ מער צוגעקומען נייע רעזערוון פון יידישער יוגנט.

צווישן עמך האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט די בעלי־עגלה־משפחות, אָדער דינאַסטיעס. זיי האָבן געפירט סחורות און פּאַסאַזשירן ביז רייוויץ, צו דער באַן־ליניע. דערנאָך, ווען מ'האָט די באַן־ליניע דערנענטערט צו דער שטאָט און די פּרנסה־קוואַלן האָבן זיך פאַרקלענערט,

זענען די בעלי־עגלות געוואָרן שטאָטישע דראָזשקאַזשעס. אַלע זענען זיי געווען פעסט געבויטע, אַנגעטאָן אין שוואַרצע, טוכענע היטלען מיט ברייטע דאַשיקעס, אַרומגעגאַרטלט, אַ טאַבאַק־זעקל מיט אַ קאָלירט טרייבל איז אַריבערגעהאָנגען ביי יעדן איינעם איבער דער קעשענע. זיי האָבן געוועקט אונדזער נייגעריקייט.

מיר, יונגוואַרג, האָבן ליב געהאַט אויסצוהערן די מעשיות, וואָס די אַלטע בעלי־עגלות האָבן דערציילט. זיי האָבן דערציילט וועגן נסיעות קיין וואַרשע, ווי זיי האָבן זיך אויף די שאָסייען געראַנגלט מיט וועלף, וואָס זענען זיי באַפאַלן; ווי זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט קאָזאַקן. הויכע, געזונטע יידן זענען זיי געווען.

אַ פאַרצווייגטע משפחה זענען אויך געווען די טשעסלערעס. אין דאָרפישן ראַיאָן האָבן זיי געבויט הייזער און פריצישע פאַלוואַרקעס. איינער פון זיי, מענדל טשעסלער, וואָס האָט קיין מאָל גאָרנישט געלערנט און שטודירט, האָט אויסגעפירט קאָמפּליצירטע אַרבעטן, געבויט בריקן איבער טייכן און אויפגעשטעלט וואַסער־מילן. ביז אין די ווייטע שטעט האָט מען געקויפט, באַשטעלט דאָס מעבל פון די זאַמאָשטשער סטאָליערעס. שניידער, שוסטער, קאַמאַשנמאַכער, היטלמאַכער, האָבן באַקליידט און באַשוכט די גאַנצע געגנט. ביי וואָס האָבן יידן נישט געאַרבעט? איבער־געאַרבעט פלאַקס, געדרייט שטריק, געגאָסן מעש, געדעקט דעכער מיט בלעך און שינדלען.

ווי לעבעדיק שטייען מיר נאָך פאַר די אויגן די צוויי אַרבעטער פּיניעלע רימער און בערל שלאָסער;ביידע קליינוווקסיקע; איינער אַ פאַרטראַכ־טער און פאַרחלומטער. דער אַנדערער — שטענדיק פריילעך ביי דער אַרבעט. מלחמה־צייט, ווען ס'איז נישט געווען קיין רוי־מאַטעריאַל, האָבן זיי זיך אויך אַן עצה געגעבן. פון אָפּפאַל, פון אַלטע רייפן און בלעך, האָבן זיי געמאַכט טשוועקעס און שלעסער. פון רויע, נישט אויסגעאַרבעטע פעל — געמאַכט לייצן און כאָמעטן. די זאַמאָשטשער בעקער האָבן געבאַקן נישט נאָר פאַר דער שטאָט, נאָר אויך פאַר די דערפער אין גאַנצן קאַנט. אין די יום־טובים האָבן זיי באַשיינט יידישע טישן מיט געפלאָכטענע חלות און מיט די באַרימטע זאַמאָשטשער פלעצלעך מיט מאָן. דריי מאָדערנע מילן האָבן די יידן פון ביי־שטאָט אויפגעבויט. צווערשט אויף פאַרע, דערנאָך אויף עלעקטריע. די ווינט־מילן זענען שטיין־געבליבן פאַריתומט, נאָר פאַר פאָעטן צו באַזינגען...

אויך דער שטעטלדיקער קליינהענדלער, דער „מנחם מענדל", האָט

געטאָן אַ שווערע, נוצלעכע אַרבעט. ער האָט געשאַפֿן די דירעקטע פֿאַר־בינדונג פֿון שטאָט מיטן דאָרף. פֿינצטערע כוחות, פּוילישע פּאָגראָמשטשי־קעס, האָבן געלויערט אויפֿן אָרעמען קליינהענדלער, צעבראָכן די יידישע ווירטשאַפֿטלעכע איניציאַטיוו און אַרבעטסזאַמקייט.

אין אַ נעפּלדיקער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע באַוווסט־זיניקע קינדער־יאָרן. אין די טעג פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די עסטרייכישע גרענעץ איז געווען נאָענט, און מיטן אויסברוך פֿון דער מלחמה, האָט מען גלייך צוגענומען ביי יידן די פֿערד, די קי. טאַטעס און מאַמעס זענען אַרומגעגאַנגען פֿאַרזאָרגט, געבראָכן די הענט. די יינגלעך האָבן אויפֿגעהערט צו גיין אין חדר. עס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן היימלאָזע פֿון די גרענעץ־געביטן. פּולקן קאָזאַקן אויף פֿערד, מיט פּיקעס און שווערדן, זענען אָנגעריטן, פֿאַרשטאָפּט דעם שאָסיי. די קאָזאַקן האָבן מיט נאַגייקעס געשניטן אויף רעכטס און לינקס, דער עיקר זענען זיי באַפֿאַלן יידן מיט בערד. אַ שרעק איז אַראָפּ אויף דער שטאָט.

מיין פֿאָטער האָט געהאַנדלט מיט פֿיש, אַלע דאָנערשטיק און פֿרייטיק. אַצינד איז ער געבליבן אָן פּרנסה. מ'האָט מער נישט געקענט גיין איבער די דערפֿער. די פֿיש האָבן די קאָזאַקן און די דורכמאַרשירנדיקע סאָלדאַטן צערויבט. אָן פֿיש אויף שבת קען מען זיך נאָך באַגיין, אָבער ס'איז ביי אונדז אין דער היים אויף קיין שטיקל ברויט אויך נישט געווען. די קרובים פֿון מיין מאַמען, פּאַכטערס, האָבן געוווינט אין די אַרומיקע דערפֿער, האָבן זיי אַ ביסל אַרויסגעהאָלפֿן; אָבער אויך זיי האָבן אין גיכן געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס דאָרף. די סאָלדאַטן האָבן ביי זיי געזוכט בראָנפֿן און פֿאַר איינוועגס צוגענומען די קי, די פֿערד. האָט דער זיידע מיט דער משפּחה געלאָזן אַלץ אויף הפקר און געקומען קיין זאַמאָשטש.

דער זיידע איז געווען אַ פֿעסטער דאָרפֿס־ייד. ער האָט זיך אין שטאָט קיין אָרט נישט געקענט געפֿינען. צו שטילן זיין בענקשאַפֿט נאָכן דאָרף, איז ער אָפֿט אַרויס אויפֿן שיידוועג, צו טרעפֿן כאָטש זיינע דאָרפֿישע שכנים, די פּויערים. זיי האָבן שוין אָבער געקוקט אויף אים מיט חשד, פֿיינטלעך, און דער זיידע האָט פֿון דעם שטאַרק געליטן. ער האָט לאַנג נישט אָנגעצויגן. אין פֿרילינג 1915, ווען מ'האָט דעם מיטלסטן זון גערופֿן צום פּריזיוו, איז דער זיידע געשטאָרבן.

דער צוריקמאַרש פֿון דער רוסישער אַרמיי, נאָכן אַריינרייסן זיך אין גאַליציע, האָט געבערנגט אַ כוואַליע פּאָגראָמען. מ'האָט באַשולדיקט יידן,

אַז זיי זענען עסטרייכישע שפּיאָנען. זיי האָבן אויסגעשאָסן די יידן פון דער שטאָטישער מיליץ, איידער זיי זענען אָפּגעטראָטן. זיי האָבן מיט נאַגייקעס און באַיאָנעטן אַרויסגעיאָגט די יידן פון ניי־שטאָט צו דער פראָנט־ליניע, אויפן לעמבערגער וועג. די יידן האָבן געשריגן „שמע ישראל״. אין די גערטנער און סעדער זענען די פּאָליאַקן געשטאַנען ביי די פּלויטן און באַגלייט די יידן מיט חוזק.

נאָר אָט איז געשען אַ נס. פּלוצים האָט מען גענומען יאָגן צוריק אין שטאָט אַריין. מ׳האָט דערציילט, אַז עפּעס אַ גענעראַל אויף אַ ווייס פערד איז געקומען צורייטן און אָפּגערופן דעם גזר, מ׳זאָל די יידן נישט אויסשיסן. מ׳האָט אויך דערציילט, אַז מ׳האָט געפונען אין הויף פון כראַביע זאַמאָיסקי אַ שפּיאָנאַזש־נעץ. פאַר דער צייט, וואָס מ׳האָט די יידן געטריבן צו דער פראָנט־ליניע, האָט מען אין שטאָט דערוויילט צעראַבירט דאָס ביסל האָב און גוטס. מ׳איז געלעגן באַהאַלטן אויף בוידעמער און אין קעלערס, און אַרום האָט די שיסעריי אָנגעהאַלטן עטלעכע מעת־לעת.

ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט, איז אין שטאָט אַריין די עסטרייכישע אַרמיי. זיי האָבן צו יידן זיך באַצויגן פריינדלעכער. די יידישע קינדער געגעבן ברויט מיט מאַרמעלאַדע. אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט די פרייהייט. די עסטרייכער זענען אַוועק און ס׳זענען אָנגעקומען גראָבע, בייזע שוצמאַנס. זיי האָבן פאַרבאָטן יעדן האַנדל. אַלץ האָבן זיי קאָנפיסקירט.

האָבן יידן אָנגעהויבן צו שמוגלען. אויך מיין מוטער האָט גענומען באַקן ברויט, צו פאַרקויפן אומלעגאַל. זי האָט אַפילו קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרנעמען זיך מיט מיין קראַנק ברודערל; ביז דאָס קינד איז שטיל אויסגעגאַנגען. אויך דער טאַטע האָט שטאַרק געליטן פון אַן אַסטמע, איז אַזש באַדעקט געוואָרן מיט בלאָטערן. קיין רפואות זענען נישט געווען. ער האָט שטיל געליטן ביז ער איז אָפּגעשטאָרבן. ער איז אַלט געווען נישט מער ווי 36 יאָר. ער האָט אָפּגעלעבט אַ לעבן פון צרות און פּיין. אַפילו קיין פאָטאָגראַפיע איז נישט געבליבן נאָכן טאַטן. ער האָט זיך מסתמא קיין מאָל נישט פאָטאָגראַפירט; אָבער זיין אויסזען איז אין מיר געבליבן איינגעקריצט און שטייט מיר שטענדיק פאַר די אויגן — אַן איינגעבויגענער ייד מיט אַ געלער באָרד, רויטע, קראַנקע אויגן, פאַרגעלטע פינגער פון דער ביליקער מאַכאָרקע, וואָס ער האָט געפלעגט צו רויכערן, און זיין לבוש — אַ צייגן כאַלאַט מיט אַ גאַרטל — אָנגעזאָפּט מיט פיש־ריחות.

אָבער אויך מינוטן פון פרייד זענען געבליבן אין זכרון: שבת פּאַר טאָג. די מאַמע שלאָפט נאָך, אַ מידע, נאָכן אַריינברענגען מיט אַזוי פיל מי דעם שבת אין שטוב אַריין. דער טאַטע שפּאַרט אויף אַ ביסל דעם לאָדן. אַ קליינע שיין פאַלט אויפן טיש, איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך. ער זעצט זיך אַוועק לערנען משניות. שטיל, געלאַסן, דערנאָך צעוויגט ער זיך, מיט אַ ניגון, עפּעס אַזאַ אומעטיקער ניגון. איך ליג איינגענורעט אין בעט, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, און וויל, אַז דער ניגון זאָל זיך ציִען, ציִען, אָן אויפהער. אָבער דער שבת גייט אַוועק... דער טאַטע איז מער נישטאָ. איך בין שוין אַלט 12 יאָר. די מאַמע נעמט זוכן אַ תּכלית פאַר מיר. זי גיט מיר אָפּ צו אַ קאַמאַשן־שטעפּער, זיך לערנען אַ מלאכה.

אונדזער דורכגאַנגס־הויף האָט געפירט צו דער שול, צום בית מדרש, צו דער תלמוד תורה, צו אַלע חסידים־שטיבלעך. פון פאָרנט האָט געוווינט דער רב. דאָרט איז אויך געווען דאָס בית־דין שטיבל.

דעם רבס זון מענדעלע, איז שוין אין באַגינען פון דער סאָציאַליס־טישער אויפוואַכונג, צוזאַמען מיטן סטאָליערס זון, פּרץ האַקמאַן, אַריין אין דער „באַוועגונג". אין מיין צייט האָט די „באַוועגונג" אַריינגעצויגן נאָך אַ משפּחה פון אונדזער הויף, שלום פריילין, אַ בעל־עגלה. דער ייד איז געווען אין מיליטער און די עלטערע קינדער האָבן אויסגעהאַלטן די פאַמיליע. זייער שטוב איז געווען דער צענטער פון „בונד" אין שטעטל. דאָ זענען געקומען די שפּעטער־דיקע אַרבעטער־טוער געצל שוואַרצבערג, יידל פלאַץ, מיכאל קופּערמאַן, איטשע לייב הערינג. דאָ האָב איך, אַ קליין ייִנגל, איבערגעלעבט די פרייד פון אַ געוווּנענעם שטרייק פון די יידישע און פּוילישע אַרבעטער אין קאַהאַנס מיל.

אין דעם איבערגאַנג־פּעריאָד פון דער דייטשער אָקופּאַציע צו דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט, איז דער אַנטיסעמיטיזם געשטיגן. מ'האָט גערויבט די יידישע מילן ביי די מעל־סוחרים, אָבער די גרויסע סקלאַדעס פון די פּריצישע מאַיאָנטקעס ביים כראַביע זאַמאָיסקי האָט מען נישט אָנגערירט. אַ דאַנק דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן אַ באַוואָפנטע זעלבשוץ, צוזאַמען מיט די לינקע פּ. פּ. ס. און ס'זענען אויסגעמיטן געוואָרן אַ סך אַנטיסעמיטישע עקסצעסן. בעת ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די מאָראַטשעווסקי־רעגירונג אין לובלין, איז די יידישע פּראָפ. באַוועגונג אין זאַמאָשטש שוין געווען אַ כוח.

ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּרץ־ביבליאָטעק, אַ כאָר, אַ דראַמקרייז. די „יידישע גאַס" האָט דערוואַכט און אויפגעלעבט אין אַ גרויסן, שעפערישן פרילינג.

דער נייער פוילישער מלוכה־אַפּאַראַט האָט נישט צוגעלאָזט קיין יידן. די פוילישע אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין אָרגאַניזירטע פראָפ. באַוועגונג. די שיינע לאָזונגען — אַ 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, לוין־העכערונגען — זענען געבליבן אויפן פּאַפּיר.

צו יענער צייט איז אין זאַמאָשטש געשטאַנען דער 9טער פּולק פון פוילישן לעגיאָן. די סאָלדאַטן — יונגע פּויערים פון דאָרף, די אָפיצירן — זין פון דער שליאַכטע. די לינקע פּ. פּ. ס. צוזאַמען מיט אַנדערע רעוואָלוציאָנערע גרופּן, אָנגעפירט פון טאָשעק אַלברעכט, די ברידער קאָוואַלסקי, דוד פידלער, אשכנזי, מיכטשע לעווין, וואַפּניאַרסקי, האָבן געפירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע צווישן מיליטער. אַרבעטער פון די מילן, פון דער ציגעלניע, אויך פיל סאָלדאַטן, האָבן איין מאָל פאַרכאַפּט דעם פּאָליציי־פּאָסטערונעק, דעם שטאָט־ראַט. די רעאַקציאָנערע עלעמענטן, די אָפיצירן, האָבן זיך באַפעסטיקט אין די קאַזאַרמעס, אויסגעשטעלט מאַשין־געווער, און באַקומענדיק פאַרשטאַרקונג, האָבן זיי דעם אויפ־שטאַנד דערשטיקט.

כאָטש יידישע אַרבעטער האָבן אין דעם אויפשטאַנד ווייניק אָנטייל־גענומען; דער „בונד" האָט זיך באַלד באַצויגן צו אים מיט אומצוטרוי — האָט אָבער די רעאַקציע דעם גאַנצן צאָרן, ווי געוויינלעך, אויסגעגאָסן אויף יידן; מאַסן־אַרעסטן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן, מ'האָט פאַרחתמעט אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

ערשט אין אַ צייט אַרום איז די פּרץ־ביבליאָטעק צוריק לעגאַליזירט געוואָרן. דעם 1טן מאַי 1919 האָב איך צום ערשטן מאָל מיטמאַרשירט אין דער איינהייטלעכער אימפּאָזאַנטער מאַי־דעמאָנסטראַציע. איך בין געווען זייער באַגייסטערט פון די פּאַטעטישע רעדעס אין יידיש וועגן פרייהייט, גלייכהייט. דער פאָרשטייער פון „בונד", חבר זאַק, האָט גערעדט וועגן סאָציאַליזם, וואָס וועט ברענגען די פרייהייט אויך פאַר אונדזער געפּלאָגט פאָלק. באַלד דערנאָך האָט מען די דעמאָנסטראַציע פונאַנ־דערגעיאָגט.

אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז דעמאָלט שטאַרק אויסגע־וואַקסן. מען האָט אַ סך גערעדט וועגן ארץ ישראל. ס'איז געווען באַלד נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. עמך האָט זיך טאָג און נאַכט געקאָכט.

אַפּילו די טרעגערס און בעלי־עגלות האָבן אָנטיילגענומען אין די הייסע וויכוחים. איך האָב ליב געהאַט צו שטיין צווישן זיי און אויסהערן זייערע רייד. „וואָס זשע, די „מולאַזשעס" קענען (געמיינט די פּוילישע פּאָליציי) און מיר נישט?... זאָלן די באַלעבאַטים געבן גאָלד און מיר וועלן געבן די פּלייצעס".

כ׳ווייס נישט פאַר וואָס, נאָר איך האָב אינסטינקטיוו נישט סימפּאַטיזירט מיט די ציוניסטן, ס׳רוב באַלעבאַטישע קינדער, וועלכע האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף אונדז, באָרוועסע, הונגעריקע.

מען האָט דעמאָלט געזאַמלט גאָלד און זילבער. צווישן די אַקטיוויסטע זאַמלערס איז אויך געווען מיין טאַטנס ברודער, פייוול.

די דערמאָנונגען יאָגן איינס דאָס אַנדערע, אַ ביסל כאַאָטיש:

איך הייב אָן לערנען חומש. מיין טאַטע האָט געדאַוונט אין קוזמאַרקשטיבל. ער איז געזעסן נישט ווייט פון דער טיר. דער פעטער פייוול זיצט, פאַרשטייט זיך, אויף דער מזרח־וואַנט, אויבנאָן. דער טאַטע האָט זיך נישט געקענט פאַרגינען צו פאַרבעטן אויף אַ לייטישן קידוש. ער האָט פאַרבעטן זיינע צוויי ברידער, אָבער זיי האָבן זיך געמאַכט נישט הערנדיק. דער טאַטע איז געבליבן אַ פאַרשעמטער.

אַזוי פאַרטראַכט, קער איך זיך אום אַהיים. די מאַמע, אין ווייסן טיכל, וואָס זי טוט נאָר אָן צו גיין אין שול אַריין, נעמט אַרויס פון קופערט דאָס גילדענע בעכערל, ס׳איינציקע פאַרמעגן אונדזערס. דאָס בעכערל ליגט פאַרוויקלט אין שמאַטקעס. עס גיסן זיך איר טרערן פון די אויגן. „וווּהין גייסטו עס אַוועקטראָגן?" — פרעג איך. זי ענטפערט נישט. זי ווייסט, אַז איך חבר זיך שוין מיט די „יונגען און מוידן" — אַזוי רופט זי אונדזערע שכנים, די בונדיסטן.

שבת נאָכן עסן איז אין שטאָט טומלדיק, פריילעך. די גרויסע שול איז געפּאַקט, מ׳קען קיין שפּילקע־קעפּל נישט אַריינוואַרפן. ס׳איז געקומען אַ רעדנער אין שטאָט אַריין. יידן גלעטן זיך די בערד. אַ קלייניקייט, מען רעדט דאָך וועגן ירושלים, וועגן כּותל מערבי. די בונדישע אָפּאָנענטן ווילן צעקלאַפּן דעם ציוניסטישן רעדנערס אַרגומענטן. זיי זאָגן, אַז דאָרט זענען דאָ מער אַראַבישע גויים, ווי דאָ, און אַז ביים סאָציאַליזם וועט אויך דאָ נישט זיין מער קיין גלות. די אַלע דיסקוסיעס פאַרענדיקן זיך מיט אַ קלאַפּ אין טיש פון לייביש דעם שמש: „יידן, מנחה"!...

איך לייד שטאַרק דערפון, עס טוט מיר ווײ וואָס די אַרבעטער, דער „בונד״, ווילן נישט קיין יידישע מלוכה אין ארץ־ישראל.

דערווייל שטאַרקט זיך דער אַנטיסעמיטיזם. מען וואַרפט אַרויס יידן פון די באַנען. דער האַנדל ווערט דערשטיקט. און איידער וואָס־ווען, האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע מלחמה פון פּילסודסקין קעגן ראַטנפאַרבאַנד. די שטאָט איז פול געוואָרן מיט רעקרוטן. די פּויערים־יונגען זענען שיכורע, אָנגעפאַלן, געהרגעט יידן. דער פאָרזיצער פון האַלץ־פאַראיין, מיכל קופּערמאַן, דער בונדיסט, צוזאַמען מיט די סטאָליער־אַרבעטער, מיט די טרעגערס און דראָזשקאַזשעס, האָבן ספּאָנטאַן געגעבן קלעפּ, פאַרטיידיקט יידן און יידיש האָב און גוטס.

הינטער ביי־זאַמאָשטש האָבן זיך געצויגן די וועגן צו די פראָנטן, קיין לעמבערג, הרוביעשאָוו, צום בוג. קיין זאַמאָשטש זענען אַריין די „האַלערטשיקעס״ (די אַרמיי פון גענעראַל האַלער). זיי האָבן געריסן בערד ביי יידן, גערויבט. ס׳איז געווען אין די טעג, ווען דער פראָנט האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער שטאָט. אויף פורלעך האָט מען געבראַכט פאַרווונדעטע פון פּאָגראָם אין שכנותדיקן שטעטל קאָמאַראָוו. דאָרט האָבן געווילדעוועט די אוקראַינער און באַלאַכאָוויטשעס באַנדעס. אין אַ שבת־פאַרנאַכט זענען די ערשטע פולקן קאָזאַקן אַריינגעריטן. טיר און טויער — פאַרהאַקט. מ׳האָט נאָר געהערט דאָס קלאַפּן פון די פערדישע פּאָדקאָוועס. איך און מיינס אַ חבר, האָבן געזען, ווי אַ גרופּע קאָזאַקן קלאַפּן אין טויער פון יונתן דעם מעל־סוחר. מיר האָבן, נישט־טויט, נישט־לעבעדיק, אָנגעהויבן אַהיימלויפן. אָבער דער טויער — פאַרהאַקט. די מאַמעס שטייען און בעטן מ׳זאָל אונדז אַריינלאָזן.

ס׳איז געווען אַן אויסגעשטערנטע נאַכט. פון אומעטום האָבן זיך דערהערט געוויינען, געשרייען, הילפס־רופן פון פרויען. ביי אונדז זענען מיר אַלע געלעגן אויף די בוידעמער, אין די קעלערס. מיין מאַמען איז אָבער אַ שאָד געווען די ראָשטשינע, וואָס זי האָט נאָך געהאָט פאַרקנעטן פרייטיק. פּלוצים הערן מיר אַ געוויין פון אַ קינד אויפן הויף. מ׳האָט עס, מסתמא, ביים אַנטלויפן, פאַרגעסן מיטצונעמען. איך כאַפּ דאָס קינד ביים הענטל און לויף צו דער קאַמער. און אָט רייסט מען אויף דעם לאָדן און כ׳זע ווי אַ קאָזאַק כאַפּט זיך אַרויף אויפן פערד, אַריינצוקריכן דורכן פענצטער.

איך לויף זיך באַהאַלטן און נישטאָ ווו. די קאָזאַקן לויפן נאָך מיר.

5 באַוואָפנטע באַנדיטן זענען שוין ביי אונדז אין שטוב. „גדיע כאָזאַין?...״ —

שרייען זיי — דיענגי... דיענגי״!... זיי שלאָגן און פאַדערן געלט. געראַ־טעוועט האָט אונדז, וואָס זיי האָבן דערזען, אַז ביי אונדזער שכן איז ליכטיק און זיי זענען אַרויס. די מאַמע איז אַריין אין קאַמער איינשטילן דאָס קינד, און איך בין אַרויס אין הויף, זען וואָס עס טוט זיך ביים שכן. דאָרט האָט געוויינט אַ געזונטער ייד, ערשט נישט לאַנג צוריק־געקומען פון מיליטער. זיי האָבן זיך דאָרט אַלע באַהאַלטן און זיך געכאַפּט, אַז זיי האָבן פאַרגעסן דאָס שלאָפנדיקע מיידעלע. דערפאַר האָבן זיי געמאַכט ליכטיק. דער ייד האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט זיי געשטעלט בראָנפן, ס׳האָט אים אָבער, ווינציק געהאָלפן. זיי האָבן אויסגערוימט פון שטוב, וואָס עס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט, פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי דעם ייד צעשלאָגן און פאַרוווּנדעט.

אין דער פרי האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די רויטע אַרמיי איז אָפּגעטראָטן, די פראָנט־ליניע האָט זיך אָפּגערוקט ווייט פון אונדזער שטאָט. צוזאַמען מיט זיי זענען אויך אַוועק די קאָזאַקישע באַנדיטן.

די ימים נוראים זענען דאָס יאָר געווען נאָך מער טרויעריקע; און ביי מיר, דעם יינגל, האָט זיך דערוועקט אַ מאָדנע דערהויבנקייט. איך האָב געוואָלט גוט זיין צו אַלעמען, דער עיקר — צו מיין מאַמען. איך בין לאַנג געשטאַנען, ווען זי האָט ערב יום כיפור געבענטשט ליכט, געקוקט ווי זי פאַרדעקט די אויגן מיט די בלייכע, אויסגעהאָרעוועטע הענט און שעפּ־טשעט אָן אויפהער. געבוירן און געלעבט ביז דער חתונה אויפן דאָרף, איז זי אויסגעקומען מיטן רבונו של עולם אָן סידורים און מחזורים. זי האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן אין מאַמע־לשון. זי האָט אַרויפגעלייגט אויף מיר די פאַרהאָרעוועטע הענט און געשעפּטשעט: „גיי... זיי אַ ייד... דאַוון... גיי, ווו דער טאַטע האָט געדאַוונט״... און כ׳בין אַוועק אין קוזמירער שטיבל.

פול מיט יידן, אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, ווייסע זאָקן, איינגעוויקלט אין טליתים. מיין טאַטנס אָרט איז שוין געווען פאַרנומען. יינגלעך, אין מיין עלטער, שטייען נעבן זייערע טאַטעס. איך דריי זיך אַרום עלנט. אַ פאַרשפּעטיקטער ייד לויפט דורך און גיט מיר אַ שטופּ. מיינע פעטערס לאָזן אַראָפּ נאָך טיפער די טליתים. כ׳גיי אָפּגעריסן. איך פיל, אַז איך בין דאָ איבעריק און לאָז זיך לויפן אין בית מדרש. דאָרט זענען דאָ מער קדיש־זאָגער ווי דאַוונער; דער עיקר די יאַטן, וואָס זענען שוין לערן־יינגלעך, שניידער, שוסטער, סטאָליערס. צווישן זיי פיל איך זיך גוט.

די שול איז אַ הויכע, מיט דיקע ווענט. מ׳דאַרף צוערשט אַרונטערגיין

מיט טרעפּלעך. די פענצטער סאַמע אונטערן סופיט. די צפונדיקע זייט — אין גאַנצן אָפן — איז אַריינגעגאַנגען אין דער ווייבער־שול. אין דער גרעסטער היץ איז דאָ געווען קיל, יעדער קלאַנג האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַן עכאָ. מ׳האָט דאָ געפילט אַ יראת הכבוד. דאָ האָט שבת און יום־טוב געדאַוונט דער רב און ס׳פראָסטע פאָלק.

דער רב איז געשטאַנען ביים אָפענעם אָרון קודש. אַפילו נישט פאַרשטייענדיק די ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט מען געפילט דעם צער און ווייטיק, די צרות, וואָס דורות יידן זענען אויסגעשטאַנען. איך קוק אַריין אין מחזור. איך פאַרשטיי גאָרנישט. איך קוק זיך אַרום — פעסטע, געזונטע יידן, אַנגעטאָן אין טליתים אויף די רעקלעך און שפּענ־צערס. אָט שטייט אַ גאַנצע משפּחה: אַ זיידע, טאַטעס און בנים. „טשלאָוועקעס״ רופט מען זיי. יעדער פון זיי קען אויף די פּלייצעס אַ שווערן וואָגן אויפהייבן. דערנעבן — נאָך אַ זיידע מיט טאַטעס און זין. „ספּאָדקעס״ רופט מען זיי. אַ דאָרפישער אָפּשטאַם. די גיבורים שטייען איינגעבויגן און שעפּטשען ווערטער, וואָס זיי אַליין פאַרשטייען מסתמא נישט.

אין זייערע היימען הענגען פאָטאָגראַפיעס, פון דער צייט ווען זיי זענען געווען קאַוואַלעריסטן אין דער רוסישער אַרמיי. זיי זעען דאָרט אויס ווי קאָזאַקן...

די מלחמה איז אויס. אַלע פרייען זיך מיט די צוריקגעקומענע זין. אויך דער פעטער יאָסל, מיין מוטערס יינגסטער ברודער, איז צוריקגעקומען. פון דער אַמאָליקער ווירטשאַפט אויפן דאָרף איז שוין לאַנג גאָרנישט געבליבן. מיין באָבע וווינט ביי אַ טאָכטער, מיין פעטער יאָסל — ביי אונדז. איך בעט אים צו דערציילן וועגן דער מלחמה, וועגן דער רויטער אַרמיי, וועגן טראָצקין. אָבער ער רעדט ווייניק. איך האָב קוים געקענט ביי אים עפּעס אַרויסבאַקומען:

„מיר זענען געשטאַנען נאָענט ביי קיעוו, האָב איך געזען די רויטע דיינע... אַזעלכע גויים ווי אונדזערע... נאָר כ׳האָב אויף זיי רחמנות געהאַט, ווייל אונדזערע שקצים האָבן זיי געשניטן, שרייענדיק ,זשידי... באָלשע־וויקי... טראָצקי...׳ דערנאָך האָט מען אונדז אַנגעהויבן יאָגן אויף צוריק. פרייוויליקע און סטודענטן זענען געקומען צוהילף. אונדזערע דאָרפישע האָבן געלאַכט פון זיי. איינמאָל ביי נאַכט האָט אונדז אויפגעוועקט אַן אַלאַרם. מ׳האָט זיך געוואָרפן אין טייך אַריין. די פּולעמיאָטן האָבן געהאָגלט

מיט פייער. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז גאָר געווען... אַ סטאַדע געגנדז... די פּאַליאַקן האָבן געשריגן, אַז די יידן האָבן אונדז פֿאַרראַטן, פֿאַרקויפֿט אונדז. די דאָרפֿישע מיינע האָבן געזאָגט: ,נישט דיך, יאָסקע, מיינט מען, ביסט אַן אונדזעריקער...׳ אָבער ווען די ,קאַנאַריקעס׳ (פּוילישע זשאַנדאַרמעריע) זענען געקומען, האָט קיינער פֿון זיי זיך נישט איינגעשטעלט פֿאַר מיר. מ׳האָט צונויפֿגענומען אַלע יידישע סאָלדאַטן און זיי געשיקט קיין יאַבלאָנע. זיי האָבן געזאָגט ווידוי. נאָך גוט וואָס ס׳האָט זיך געפֿונען אַ גוטער ייד, נח פּרילוצקי, און האָט אונדז געראַטעוועט...״

דער מאַרק איז ווידער פֿול געווען מיט יידן, די געוועלבער האָבן זיך צוריק אויפֿגעמאַכט. עגונות און האַלבע יתומים האָבן אָפּגעפֿונען מענער און טאַטעס אין אַמעריקע. זיי האָבן געשיקט שיפֿס־קאַרטן, דאָלאַרן. אונדזערע שניידערס זענען פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן מיט אַרבעט. מ׳האָט געהערט אויף טריט און שריט אַ ניי וואָרט — „קוואָטע״. דער גרעסטער נדן איז געוואָרן אַ שיפֿס־קאַרטע. אַ האַלבע שטאָט האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין. אויך מיין מומע פּייגע מיט אירע 4 קינדער זענען אַוועקגעפֿאָרן און צוגעזאָגט מיך אַריבערצונעמען, נאָר מיין „קוואָטע״ איז קיין מאָל נישט געקומען.

כ׳האָב זיך צוגעקוקט צום לעבן אַרום — אַ למדן, אַן אָרעמאַן, האָט געמאַכט אַ סיום, נאָכן פֿאַרענדיקן גאַנץ ש״ס. אַ האַלבע שטאָט יידן האָט זיך מיטגעפֿרייט. דער קוזמירער, ר׳ לייבעלע, מיט זיינע חסידים, איז געקומען, יידן פֿון אַרומיקע שטעטלעך, האָבן געטאַנצט אים אַנטקעגן. ר׳ לייבעלע איז געווען אַ פּולער, אויסגערוטער ייד, דאָס פּנים האָט געבליט. און איך האָב געטראַכט, אַז ער, וואָס אים דערלאַנגט מען אַזוי פֿיל קוויטלעך מיט צרות און דאגות, זעט אויס אַזוי צופֿרידן, אַז ס׳איז שווער צו גלייבן, אַז ער נעמט זיך איבער מיט זייערע צרות.

די ידיעות וועגן הונגער אין רוסלאַנד האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם. דער רב האָט געהאַלטן אַ דרשה אין שול, האָט זיך צעוויינט און דער עולם האָט מיטגעוויינט. פֿיל האָבן געהאַט געלאָזן משפּחות אין רוסלאַנד. דער רב אַליין האָט דאָרט געהאַט אַ זון, אַ רב אין אַ שטעטל אין אוקראַינע. איך האָב דאָרט געהאַט אַ פֿעטער און אַ גאַנצע פֿאַמיליע.

מיר, יינגלעך, האָבן דעמאָלט באַשלאָסן צו גרינדן אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע, צו העלפֿן די הונגעריקע אין רוסלאַנד. איין יינגל, מעכל האַקמאַן (היינט פּולקאָווניק אין פּוילן) האָט פֿאָרגעלייגט מיר זאָלן זיך אַן עצה האַלטן מיטן רב. ס׳איז שוין נאָך הבדלה, שבת־צונאַכטס, אָבער דאָס

בית־דין־שטיבל איז פול מיט יידן. מיר וואַרטן. דער רב איז איינער אַליין. מיר גייען אַריין צו אים מיט קלאַפּנדיקע הערצער. ער קען אונדז גאַנץ גוט. ער ווייסט, אַז קיין האַרבע שאלה אין רמב״ם זענען מיר נישט געקומען פרעגן ביי אים. מיר קלערן אים אויף, און ער גיט זיין הסכמה.

— דאָס באַווייזט — זאָגט ער — אַז ביי אייך איז דאָ אהבת ישראל... און דאָס איז נאָך העכער ווי אהבת שמים... קומט מאָרגן, וועל איך אייך געבן ביכלעך מיטן שטעמפּל פון דער תלמוד תורה, כדי ס׳זאָל זיין אַ קאָנטראָל אויף די געזאַמלטע געלטער...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר שוין געציילט העכער 100 מיטגלידער. דער „בונד״ איז אונדז געווען אַמנאָענטסטן. אַלע זענען מיר געווען אַרבעטער. די דיסקוסיעס וועגן די 21 פּונקטן פון די אַריינטריטס־באַדינגונגען אין „קאָמאינטערן״, אין 3טן אינטערנאַציאָנאַל, זענען דעמאָלט געווען אין סאַמע ברען. פון וואַרשע איז אַראָפּגעקומען קיין זאַמאָשטש חבר אַרטור זיגעלבוים (דער שפּעטערדיקער קדוש) און געהאַלטן אַ רעפעראַט, אַרויסרוקנדיק דעם שטאַנדפּונקט פון צ. ק. פון בונד, איינצוהאַלטן אַ יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. אָבער כמעט די גאַנצע יוגנט איז באַלד אַריבער צום קאָמ.־בונד. אונדזער אַקטיוו פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז אַריין אין באַשטאַנד פון קאָמ.־בונד־„צוקונפט״.

אונדזערע פאַרזאַמלונגען האָבן אָנגעפירט די חברים: ישראל וואַפּניאַרסקי, בנימין גרינבוים, שמחה אַרבעספעלד. זיי האָבן געפירט אַ סיסטעמאַטישע סאָציאַליסטישע אויפקלערונג. מיר האָבן געלערנט, דורכדיסקוטירט די באַרימטע בראָשור פון דיקשטיין „פון וואָס איינער לעבט״. די אָרגאַניזאַציע האָט אָנגענומען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. אין די וואַלן צום פּוילישן סיים אין יאָר 1922 האָט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע אָנטיילגענומען מיטן גאַנצן ברען אין דער אַלגעמיינער וואַל־אַגיטאַציע פאַר דער קאָמוניסטישער ליסטע נומער 5. ערב די וואַלן זענען פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן. אַנדערע האָבן געמוזט אַנטלויפן. דער עולם איז שיטערער געוואָרן. מיט גרויס עקשנות האָבן מיר געפירט אַן אויפקלער־ און קולטור־אַרבעט, און אַן אַקציע, צו ווערבירן מיטגלידער אין דער ביבליאָטעק, כאָטש ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מערסטע האָבן אַפילו נישט געקענט לייענען און שרייבן. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אָוונט־קורסן.

די „אגודה״ האָט אויפגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן אונדז, אַז מיר פירן אַראָפּ יידישע קינדער פון גלייכן וועג. מיר האָבן נישט געהאַט קיין פּאָליטישן אָנשפּאַר. אַלע אַנדערע ריכטונגען האָבן אונדז געוואָלט

באַאײַנפלוסן מיט זייערע אידייען, באַזונדערס דער צעירי־ציון־פירער מאָרגנשטערן (העלד און קדוש פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד). מיט ליטעראַטור־קענטעניש האָבן אונדז צוגעצויגן העניך ליידיקגייער און שלמה שוואַרצבערג. אָבער גיין צו הענעכן האָבן מיר נישט געטאָרט. די, וואָס זענען געווען זייַנע צוהערער, זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער אָרגאַניזאַציע. דערפאַר, ווייל פון די אַרכיוון פון דער צאַרישער אָכראַנע אין 1917 האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר. יידן אין שטאָט האָבן אים אויסגעמיטן. דאַקעגן צו די ליטעראַרישע שמועסן פון לערער שוואַרצבערג זענען מיר יאָ געגאַנגען. מיט זייַנע פּאָליטישע איינשטעלונגען זענען מיר דעמאָלט, פאַרשטייט זיך, נישט מסכים געווען. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך איינגעזען, אַז ער איז גאָרנישט געווען אומגערעכט. ווי צום בייַשפּיל, אַז סאָציאַליזם קען זיין אויך אַ יידישער ענין, אַז די קאָמוניסטישע ברוטאַליטעט און מאַכט־גיריקייט זענען ווייט פון יידישקייט און אַז יידן וועלן פריִער, אָדער שפּעטער זיין אַ קרבן דערפון... ער האָט אויך דערציילט וועגן זייַנע באַגעגענישן מיט אונדזער גרויסן בן־עיר, י. ל. פּרץ. ער האָט אַ מאָל געברענגט צו פּרצן אַ פּאָעמע וועגן אַ שלאַנג. האָט אים פּרץ געפרעגט, צי ער האָט אַ מאָל געזען אַ שלאַנג. האָט ער זיך מודה געווען, אַז — ניין. „הערט אויס, יונגערמאַן — האָט אים פּרץ געזאָגט — אַז מ׳זאָגט אַ ליגן איז נישט שיין, נאָר אַז מ׳שרייבט אַ ליגן, ס׳זאָל בלייבן אויף דור־דורות, איז זייער שלעכט... ס׳איז גלייכער איר זאָלט עס צערייסן״...

אויך נאָך די וואַלן צום פּוילישן סיים, איז דער פּאָליציי־טעראָר נישט שוואַכער געוואָרן. אַלע פּראָפ. פאַראייַנען — פאַרמאַכט. פיל אַקטיווע טוער זענען געצוווּנגען געווען צו עמיגרירן. פיל, וואָס זענען אַריין אין קאָמ.־בונד, האָבן זיך צוריקגעצויגן. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז ווי צעשטויבט געוואָרן. אויס 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, אויס יעדע מעגלעכקייט צוצונעמען יוגנטלעכע צו לערנען אַ פאַך. די באַלעבאַטים האָבן אַפילו אָנגעהויבן פאָדערן מ׳זאָל אַרבעטן שבת־צונאַכטס.

אונדזער פּרווו צו אָרגאַניזירן אַ שטרייק ביי די קאַמאַשן־שטעפּער, האָט זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. איך, ווי דער גאַנצער אַקטיוו, זענען באַאיקאָטירט געוואָרן דורך די באַלעבאַטים. אייניקע מער קוואַלי־פיצירטע אַרבעטער זענען אַוועק אין אַנדערע שטעט. איך האָב געמוזט טראַכטן וועגן לערנען אַן אַנדער פאַך. געוואָלט האָב איך ווערן אַ סטאָליער,

אָבער כ׳בין פיזיש צו שוואַך געווען; האָב איך בלית ברירה אָנגעהויבן לערנען שניידעריי. דאָס איז מיר אויך נישט אָנגעקומען לייכט. מ׳האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ צו גרויסן דעה־זאָגער. ווען כ׳בין שעמעוודיק אַריינגעקומען צו אונדזערס אַ שכן, זיך צוקוקן צו דער אַרבעט, האָט מיר יענער געזאָגט אַזוינס, וואָס האָט מיר מיט יאָרן שפּעטער געהאָלפן זיך ראַטעווען: „דיין פאַרזיצער פון פאַראיין — האָט מיר דער שניידער געזאָגט — איז צוערשט געוואָרן אַ שניידער, און דערנאָך — אַ פּאָליטיקער... און דו — פאַרקערט... צי דו וועסט זיין אַ פּאָליטיקער, ווייס איך נישט, נאָר קיין שניידער וועסטו שוין נישט זיין״...

דעמאָלט, ווען כ׳בין פול געווען מיט גלויבן אין סאָציאַלן משיח, וואָס וועט אַט־אַט קומען, האָב איך די לעבנס־חכמה נישט גענומען ערנסט.

אין 1923 האָט זיך אומגעקערט פון תפיסה דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער טוער דוד פידלער. די פּאַרטיי איז צעמענטירט געוואָרן, אונטער זיין אָנפירונג. מיר האָבן אָנגעבונדן קאָנטאַקטן מיטן לובלינער ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער יוגנט. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז איבערגעבויט געוואָרן און האָט זיך באַזירט אויף פאַך־קעמערלעך.

אין דער זעלבער צייט איז באַקאַנט געוואָרן דער באַרימטער אויפרייס אין וואַרשעווער ציטאַדעל, וועלכן ס׳האָבן אויסגעפירט די צוויי קאָמוניסטישע אָפיצירן באַגינסקי און וויעטשאָרקעוויטש. איבערן גאַנצן לאַנד איז אַדורך אַ כוואַליע פון טעראָר. אויך ביי אונדז אין שטאָט איז די גרויסע פּרץ־ביבליאָטעק, מיט די קנאַפּע 1000 מיטגלידער, פאַרמאַכט געוואָרן. מיר האָבן זיך געגרייט צום 1טן מאַי. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר באַקומען אומלעגאַלע „ליטעראַטור״, צו פאַרשפּרייטן אין שטאָט און אין דאָרף. דאָס האָבן מיר געטאָן אין די נעכט. איך בין באַשטימט געוואָרן צו גיין צו די קאַזאַרמעס. דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט ווי ביי אַ גזלן. יעדער עלעקטרישער סלופּ האָט מיר אויסגעזען ווי אַ... פּאָליציאַנט, אָדער אַ זשאַנדאַר. די ערשטע נאַכט איז אַדורך בשלום. שפּעטער זענען מיר שוין געוואָרן דרייסטער, געקלעפּט די פּראָקלאַמאַציעס צווישן טאָג און נאַכט, און אויך פונאַנדערגעטיילט צווישן די פּויערים.

אויך דער „בונד״ האָט זיך צוריק קאָנסאָלידירט, געפירט אַ גרויסע קולטור־אַרבעט, געשאַפן די „צישאָ״, וואָס האָט זיך געגרייט צו עפענען יידישע שולן. מיר, די יוגנט, האָבן נישט געקענט פאַרשטיין, פאַר וואָס מען שטיצט נישט די יידישע שול־באַוועגונג. אָבער מ׳האָט זיך געמוזט

אונטערוואַרפן די לאָזונג, אַז דאָס פּראָבלעם וועט געלייזט ווערן ערשט נאָך דער רעוואָלוציע...

ס'איז געעפנט געוואָרן אַ העברעיִשע גימנאַזיע און דאָס האָט געשאַפן אַ באַזע פאַר אַ גאַנץ פאַרצווייגטער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אַ ספּאָרט־קלוב „מכבי" און אויך אַ שטאַרקן „החלוץ". מ'האָט דעמאָלט גראָד דערעפנט אין ירושלים דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט. די גאַנצע שטאָט יידן, פון אַלע שיכטן, איז געווען פאַרכאַפּט מיט פרייד. מיר, קאָמוניסטן, האָבן באַקומען אויפרופן פון דער יידישער ביוראָ, צו גיין צעשטערן דעם יום־טוב. מיר זענען געווען אַ נישטיק הייפעלע און זענען אַרויס פון דער אַקציע, אי פיזיש, אי מאָראַליש צעבראָכן. קיינער האָט נישט געקענט פאַרשטיין, ווי קען מען זיין קעגן דערעפענען אַ יידישן אוניווערסיטעט?

צוגעהאָלפן אַ סך האָט אונדז די כסדרדיקע פאַרערגערונג פון דער לאַגע פון יידן. ס'איז אונדז געלונגען צוריק צו לעגאַליזירן די פּראָפ. פאַראיינען, צוערשט דעם האַלץ־פאַראיין, דערנאָך נאָדל, לעדער, בעקער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אין אַלע פאַראיינען האָט מען אָרגאַניזירט יוגנט־סעקציעס, צענטראַליזירט די אָנפירערשאַפט, געשאַפן אַ ראַט פון אַלע פאַראיינען, און אויך אַ יוגנט־ראַט.

איך בין פון קאָמיוג צוגעטיילט געוואָרן אָנצופירן מיטן יוגנט־ראַט. מיר האָבן געשאַפן אַ כאָר, אַ ספּאָרט־קלוב, אַ דראַמקרייז, אַ ביבליאָטעק ביי די פאַראיינען. שווער איז געווען צו אָרגאַניזירן די אָממערסטן עקספּלואַטירטע, כמעט אַרויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאַפט, די הויז־דינערקעס. דאָס זענען געווען מיידלעך פון די אָרעמסטע היימען, די מערסטע יתומות פון אַרומיקע שטעטלעך. ביי זיך אין שטעטל האָבן זיי זיך געשעמט צו גיין „דינען". זיי זענען געווען אָנגעשראָקן, טאָמער זאָגט מען זיי אָפּ. זיי האָבן זיך מיט טרערן אין די אויגן באַקלאָגט אויף דער ברוטאַלער באַציונג, סיי אין די הייזער, סיי פון די „מעקלערינס", וואָס האָבן זיי אויסגענוצט. נאָך שווערער מי, האָבן מיר די דינסט־מיידלעך אָרגאַניזירט אין אַ פאַראיין. מיר האָבן אַדורכגעפירט שטרייקן, איינגעפירט איין טאָג רו אין דער וואָך, אַראָפּגענומען זיי פון דער אַרבעט יעדן אויפדערנאַכט, אַריינגעפירט זיי ווי גלייכע אין דער אַרבעטער־משפחה. איך וויל דאָ דערמאָנען די נעמען פון די גוטע, טייערע אָרגאַניזאַטאָרן — העני גראָס, פאָרזיצערין פון פאַראיין, שפּעטער פאָרזיצערין פון וואַרשעווער

הויז־דינערשאַפט פאַראיין, אויך שרה מעהל, פאַרזיצערין פון דער יוגנט־סעקציע, ביידע אומגעקומען פון די דייטשע רוצחים.

פּאַראַלעל מיט דער אַרבעט ביי אונדז אין שטאָט, האָבן מיר אויך געפירט אַן אַרבעט אין די אַרומיקע שטעטלעך, און געשאַפן דאָרט אָרגאַניזאַציעס.

ווי אַ מיטגליד פון סעקרעטאַריאַט פון „דזשעלניצאָווע" (ראַיאָן)־קאָמיטעט, איז מיר אויסגעקומען אָפט צו פאָרן אין דערפער, אין שטעטלעך און איך האָב געזען ווי פון דער רויערד, וואָס מיר האָבן צעאַקערט און פאַרזייט, זענען אויסגעוואַקסן פרוכטן. מיר האָבן געהאַט הונדערטער אָנהענגער. די יוגנט האָט געזוכט נייע אידייען, נייע פערספעקטיוון.

אין די אַלע שטעטלעך זענען אויך געווען ציוניסטישע גרופּן, פון באַלעבאַטישע, זיידענע יונגעלייט. זיי האָבן נישט געקענט ברעכן די טראַדיציעס פון זייערע עלטערן, וואָס האָבן זיי נישט דערלויבט צו חברן זיך מיט סאָציאַל, אָדער יחוסדיק נידעריקערע פון זיי. מיר דאַקעגן, האָבן געברענגט האָפענונג מיט אונדזער טיפן גלויבן, אַז די גאולה קען מען ברענגען נאָר דאָ אויפן אָרט. מען דאַרף נאָר טראָגן די אידייע טיף אין די מאַסן, גרייט אויף אַלע קרבנות.

איינמאָל בין איך געפאָרן מיט אַ פאָרשטייער פון לובלינער ראַיאָן־קאָמיטעט, חבר שטראָפּמאַן (אומגעבראַכט אין פאַריז פון די דייטשע רוצחים). ס'איז געווען ווינטער. אַ פראָסט. קיין באַן גייט נישט אַהין. מיר פאָרן אין אַ שליטן. עס פאָרן קליינע סוחרים. מען לויפט מער צופוס, מ'זאָל נישט אָפּפרירן די פיס. מיר קומען אין שטעטל קאַמאַראָוו האַלב־געפרוירענע, אָבער די וואַרעמקייט פון די יאַטן אויף דער זיצונג פון קעמערל איז אַזוי ענטוזיאַסטיש, אַז מיר פאַרגעסן אין אַלץ. פון דאָרט פאָרן מיר ווייטער, קיין טישאָוויץ. דאָרט זענען געווען אַ סך טאַנדעט־שניידער, דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט די באַרימטע טישעוויצער שטיוול, וואָס האָבן געוואַרעמט פונקט ווי די רוסישע וואַלינקעס. ביי נאַכט האָבן מיר אַ פאַרזאַמלונג. דאָס שטיבל איז פול געפאַקט מיט יונגע, טייערע יאַטן און יאַטכעס. אַז אַ זאַמאָשטשער זאָל אַראָפּקומען, זענען זיי שוין געווינט, אָבער אַזש פון לובלין! אַלע זיצן מיט אָפענע מיילער, שלינגען יעדעס וואָרט.

ווידער אין אַ שליטן, קיין לאַשטשעוו, מיט יידן, וואָס פאָרן פון טישעוויצער יאַריד אַהיים. דער וועג פון ביידע זייטן איז פאַרשטעלט

מיט ביימער. דער ווינט רייסט נישט אַזוי שטאַרק. די יידן אין שליטן ווילן דווקא וויסן נאָך וואָס אַזעלכע יונגעלייט פאָרן אין אַזאַ ביטערער קעלט? רייסט זיך ביי מיר אַרויס, אַז מיר פאָרן וועגן אַ ירושה, ווילן זיי דווקא וויסן גענוי פון וועמען. זאָג איך זיי, אַז דערוויייל איז עס אַ סוד...

ענדלעך אָנגעקומען צו אונדזער „יאַווקע", מיטן קאָנטאַקט צו חבר אברהמעלע; אַן ענערגישער, איבערגעגעבענער יאָט. ער האָט צו אונדז גאַנצע טענות:

— די געגנט איז אַן אוקראַינישע, און מ'האַלט אין איין שיקן פוילישע „ליטעראַטור". מ'דאַרף „ליטעראַטור" אויף אוקראַיניש...

— דאָס וועט שוין שטראָפמאַן לייזן. מיר מוזן האָבן אַ זיצונג נאָך היינט ביי נאַכט און מאָרגן אָפּטראָגן זיך.

אָבער ווו קען מען עס מאַכן? זיין, אברהמלס שטוב, איז שוין פאַרדעכטיקט. באַשליסט מען — אין בית מדרש. ס'קומען זיך צונויף די יאָטן. קיין ליכט צינדט מען נישט אָן. מען עפנט נאָר דאָס טירל פון אויוון. דאָס פייער באַלייכט די פנימער, וואָס זענען אָפּגעברענט פון ווינט און קעלט, ווייל אַלע אַרבעטן זיי, אָדער האַנדלען אויפן דאָרף.

נאָכן דערליידיקן אַלע וויכטיקע פּראַקטישע קאָמיוגישע פראַגן, כאַפּט מען אַ שמועס וועגן דעם, ווי גליקלעך עס לעבט זיך יידן אין ראַטנ־פאַרבאַנד — שולן, טעכניקומס, אוניווערסיטעטן, און אַלץ — אויף יידיש...

ווי זיס און גליקלעך ס'האָט זיך געטרוימט פון אַ ניי יידיש לעבן!...

אין 1925 זענען פאָרגעקומען די וואַלן צום שטאָט־ראָט. מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אַ ליסטע אויפן נאָמען פון די קלאַסן־פאַראיינען, כאָטש די מערסטע פון אונדזער יוגנט האָט נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט. מיר רופן אַ פאַרזאַמלונג פון די טרעגער, דראָזשקאַזשעס. אַלע האָבן זיי קינדער — פאַראיין־מיטגלידער; פעסטע, גוטמוטיקע, פשוטע יידן. „נישט געזאָרגט, חברימלעך, — זיי זאָגן אונדז צו צו שטיצן — איר מאַכט פון אונדזערע קינדער מענטשן"...

אַלע פאַרטייען האָבן אַראָפּגעברענגט זייערע בעסטע כוחות צו די וואַל־מיטינגען. דער מייסטער־פאַראיין, די באַזע פון דער „פאָלקס־פאַרטיי", האָט אַראָפּגעברענגט נח פרילוצקי. פון דער „קאָלאָ" איז געקומען דער דעפּוטאַט, אויסגעוויילט פון זאַמאָשטשער דיסטריקט, היסטאָריקער ד"ר יצחק שיפּער; פון „צעירי ציון" — בערל לאָקער; פון „בונד" — הערשל הימלפאַרב און ערליך. אויך מיר האָבן מאָביליזירט

אונדזערע קאַנאָנען: יצחק גאָרדאָן, יאַקוב דאַר, אבא קאָנטאָר (באַקאַנט אונטערן נאָמען „דער ווייסער אבא״, אַרעסטירט אין 1937 אין מאָסקווע און אומגעקומען).

דער רעזולטאַט — אויף 24 ראַטמענער, האָבן מיר באַקומען 5, „בונד״ — 1, צעירי ציון — 1. די פּ. פּ. ס. האָט דערוואָרבן אַ גרעסערע פראַקציע, אַזוי אַרום איז געווען אַ סאָציאַליסטישע מערהייט אין שטאָט־ראַט.

אומפאַרגעסלעך איז פאַרבליבן ביי מיר דער 1טער מאַי 1926:

אַ הערלעכער זוניקער טאָג האָט זיך געשטעלט. די רויטע פענער האָבן פריי געפלאַטערט איבער דער הויכער מאַגיסטראַט־געביידע. אַרבעטער און פויערים האָבן געשטראָמט צום זאַמלפונקט פון דער איינהייטלעכער דעמאָנסטראַציע מיט פּ. פּ. ס. און „בונד״. די קאָמוניסטן האָבן זיך פאַרמירט אין אַ צוג, אונטער די טראַנספּאַראַנטן „קלאַסן־פאַראייניגן״, מיט עטלעכע טויזנט מענטשן. אין נאָמען פון דער לינקער פראַקציע אין שטאָט־ראַט האָט גערעדט חבר פידלער (אַרעסטירט אין מאָסקווע אין 1937 און דערשאָסן געוואָרן.) פון פּ. פּ. ס. — שוויענטאָכאָווסקי, (נאָך דער מלחמה געווען יוסטיץ־מיניסטער אין פוילן), פון „בונד״ — בראַנדוויין (אומגעקו־מען דורך די דייטשע רוצחים). שיף — אין נאָמען פון די קלאַסן־פאַראיינען. (אין 1937 אַרעסטירט אין מאָסקווע, אומגעקומען) און איך — אין נאָמען פון יוגנט־ראַט ביי די פאַראיינען.

באַלד נאָכן 1טן מאַי האָבן זיך אָ שאָט געטאָן אַרעסטן. ס׳איז אַרעסטירט געוואָרן מיין חבר, אונדזער פאַרשטייער צום לובלינער ראַיאָן־קאָמיטעט, מ. האַקמאַן. אַרעסטן זענען אויך פאָרגעקומען אין די אַרומיקע אוקראַינישע דערפער.

ס׳איז געווען אין די טעג פון מאַי 1926, ווען אין וואַרשע איז פאָרגע־קומען די באַרימטע מאַי־איבערקערעניש פון פילסודסקין. דער פּולק, וואָס איז געשטאַנען אין זאַמאָשטש, איז פּלוצים אַרויסגערופן געוואָרן קיין וואַרשע. די פּאָליציי אין שטאָט איז געווען דעזאָריענטירט.

די פּאַרטיי האָט זיך געשטאַרקט. עס זענען געווען צוויי פּוילישע גרופּעס און אַ פאַרבינדונג מיטן פּאַטריאָטישן „סטשעלעץ״. אָבער ווי אַזוי צו האַנדלען אין אַזאַ דראַמאַטישן מאָמענט האָט מען נישט געוווּסט. דער חבר פידלער איז דעלעגירט געוואָרן קיין וואַרשע. אָבער איידער ער איז נאָך צוריקגעקומען פון וואַרשע מיט אינסטרוקציעס, האָט מען אַ סך חברים אַרעסטירט. אויך מיך האָט די פּאָליציי געזוכט. אַ חודש צייט

האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן; האָט דער פּאַרטיי־קאָמיטעט באַשטימט כ׳זאָל דערוויַיל פֿאָרן קיין וואַרשע. מיין מוטער האָט מען געבֿרענגט צופֿירן אויף דער אומלעגאַלער דירה, זיך צו געזעגענען מיט מיר. זי האָט מיר געבראַכט אַ ברויט, 2 העמדער, און מיט דעם באַגאַזש בין איך אַוועק קיין וואַרשע, אָן אַ גראָשן געלט, אָן אַן אַדרעס, ביי וועמען דעם ערשטן טאָג צו עפֿענען די טיר. איך האָב באַדאַרפֿט אָפּזוכן אין נאָדל־פֿאַראיין דעם פֿאָרזיצער פֿון זאַמאָשטשער נאָדל־פֿאַראיין, דעם אַקטיוון טוער אין וואַרשעווער מענער־שניידער־פֿאַראיין, חבר יידל פלאַץ.

קאַפּיטל דריי

# אויפן וואַרשעווער ברוק

צומאָרגנס אין דער פרי בין איך אָנגעקומען אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל. איך בין געווען אַזוי איבערראַשט פון גרויס־שטאָטישן טומל, אַז ווען כ׳בין אַרויף אויפן טראַמווײַ נומער 0, וואָס האָט געפירט צום יידישן מוראַנאָוו, האָב איך זיך ערשט געכאַפּט, אַז איך האָב פאַרגעסן אין באַן מיין גרויסן „באַגאַזש״, וואָס מיין אָרעמע מאַמע האָט מיר מיט־געגעבן. איך בין צוריק געלאָפן, ס׳איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. אויפן פּלאַץ מוראַנאָוו בין איך אָנגעקומען אַ הונגעריקער, און באַדאַרפט וואַרטן אויף מיין גואל ביז ביינאַכט. צי וועט ער בכלל קומען?

צוויי אַדרעסן האָב איך געהאַט, ווו איך קען אים טרעפן, אין בונדישן נאָדל־פאַראיין, אויף נאַלעווקי 34, אָדער אין געוועזענעם רויטן נאָדל־פאַראיין, אויף אָגראָדאָווע 16. אַ מהלך! האָב איך באַשלאָסן צו גיין צופוס.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער, ער האָט זיך לאַנג געצויגן. יעדעס מאָל פאַרבייגייענדיק אַ בעקעריי, אָדער אַ קאַוויאַרניע, האָט מיר גערייצט דער ריח פון די מטעמים. דערביי פלעג איך זיך אַליין מאַכן פאָרוווּרפן: „אַ סך מענטשן מאַכן הונגער־שטרייקן... און דו — וואָס פאַראַ רעוואָ־לוציאָנער ביסטו? מענטשן גיבן אַוועק זייער לעבן, אָט ווי באַטווין... און דו ביסט אַפילו נישט פעיִק אונטערצוהונגערן אַ טאָג...״ איך שפּאַן אַ הונגעריקער מיט גרויס עקשנות אויף די גאַסן פון דער גרויסער, פרעמדער שטאָט. די גאַסן ציען זיך פאַראַלעל, נאַלעווקי, דזשיקע; די קוועַר־גאַסן — נאָוואָליפּקי, גענשע, מילע. אַרום שרייען בייגל־פאַר־קויפער — „דריי פאַר אַ צענער״. און אָט איז די אָגראָדאָווע. אַ שטילע גויישע גאַס. אָבער ווי לאַנג קען מען זיך אַרומדרייען אויף דער גאַס?

אַן אויסגעהונגערטער, אַ מידער, האָב איך זיך ענדלעך דערוואַרט. איך האָב געטראָפן דעם חבר יידל פּלאַץ. ער וועט מיך היינט נעמען צו

זיך, אָבער נאָר נאָך דער זיצונג. דערווייל זאָל איך צוגיין צו דער וויכטי־קער יוגנט־פאַרזאַמלונג, אויף נאַלעווקי 34. דאָרט שטייען ביי די טירן בונדישע אָרדענער. מען שטופּט אַוועק מיט כּוח. די „רויטע" לאָזט מען נישט אַריין. זיי באַטראַכטן מיין פּראָווינצער מיטגלידס־קאַרטע און לאָזן מיך פון דעסטוועגן דורך.

דער זאַל איז פול מיט יוגנט. מען זינגט. אויף דער טריבונע זעצט זיך אויס דאָס פּרעזידיום. וועגן 25 יאָר אַמסטערדאַמער פּראָפעסיאָנעלן אינטערנאַציאָנאַל רעדט די חברטע סאַראַ, סעקרעטאַרין פון דער נאָדל־צענטראַלע. זי רעכנט אויס די „חטאים" פון די קאָמוניסטן, אַז זיי דינען פּרעמדע אינטערעסן, זיי שפּאַלטן, צעברעכן די פּראָפ. באַוועגונג.

אַ ביסל איבערגעשראָקן, בעט איך אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע. אַ ביי פּנים פאַר זיי, און מען לאָזט מיך רעדן. נאָר ווען איך דערמאָן, אַז די קאָמוניסטן בויען און שאַפן אַ נייַ לעבן, אַ מוסטער פאַר דער גאַנצער וועלט; אַז זיי צעברעכן נישט די פּראָפ.־באַוועגונג, נאָר ווילן זי פאַר־אייניקן, און דערצייל זיי וועגן זאַמאָשטשער פאַראיין, וואָס האָט אַלעמען פאַראייניקט, ווערט אַ „קאַצן־מוזיק". מען שרייט: „רויטער מאָשעק!", „מאָסקווער אַגענט!", „משוגענער!". איך שריי אויס, אַז אין אַזאַ אַטמאָס־פער פון ברידער־האַס איז אוממעגלעך צו רעדן צום שכל. „דאָס האָבן דיינע חברים געשאַפן אַזאַ אַטמאָספער!" — שרייט מען מיך איבער.

פון דעמאָלט אָן האָט מען מיך געקענט ביי די שניידער ווי „משה זאַמאָשטשער".

איך האָב באַקומען די קאָנטאַקטן מיטן קאָמיוג און „מאָפּר", געוואָרן דער זיבעטער קוואַרטיראַנט אויף אַ האַלב אייזערן בעטל אין אַ קליין שטיבל אויף וואָלינסקי גאַס. דריי חדשים האָב איך געהונגערט, ביז כ'האָב באַקומען אַרבעט.

אָבער אין דער אָרגאַניזאַציע בין איך אַריין מיט ביידע פיס. ס'איז געווען קעמפערישער גייסט און מוסטערהאַפטע דיסציפּלין. די קעמערלעך זענען געווען געבויט לויט די פאַכן און פאַראיינען. אַזוי ווי אַלע יידישע פאַראיינען זענען געווען אין יידישן צענטער פון וואַרשע, אויף מוראַנאָוו, איז במילא דער קאָמיוג אין דעם ראַיאָן געווען אַ ריין יידישער. אויך אין פּאַוואָנזעק, וואָליע, מאָקאָטאָוו איז געווען יידישע יוגנט, אָבער מער אַסימילירט, סטודענטן. דער הויפּט־אָנשפּאַר פון דער קאָמיוגישער טעטיקייט איז געווען מוראַנאָוו, ס'רוב יוגנטלעכע זענען אַדורך אַ פּאָליטישע צוגרייַ־טונג אין די רויטע פּראַקציעס ביי די פאַראיינען. אָנגעפירט מיט זיי האָט

אַן עקזעקוטיוו, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן פון די קאַמיוגישע קעמער־לעך ביים פּאַראַיין.

דער אידעאָלאָגישער באַגאַזש, וואָס איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט פון שטעטל, דער עיקר פון דער יידישער ליטעראַטור, איז דאָ נישט געגנוג געווען. דאָ האָט מען באַדאַרפט זיין בקי אין לענין, פּלעכאַנאָוו, קאַוטסקי און אַנדערע טעאָרעטיקער. אָבער מיין מסירות־נפשדיקע איבער־געגעבנקייט דער באַוועגונג האָט מיך מיט אַ קורצער צייט שפּעטער אַרויסגערוקט און כ׳בין אויסגעוויילט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון מענער־פּריוואַט־קעמערל, און שפּעטער — אין עקזעקוטיוו פון דער רויטער פּראַקציע ביים פּאַראייניקטן נאָדל־פּאַראַיין.

אין נאָוועמבער, בעת די וואַלן צו דער קראַנקן־קאַסע, בין איך אַרעס־טיר׳ט געוואָרן. העכער 100 אַרעסטירטע זענען מיר געווען אין די קאַמערן פון 4טן צירקל. פייערלעך האָבן מיר אין קאַמער אָפּגעמערקט דעם 9טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דעם זיג פון דער קאָמוניס־טישער ליסטע, וואָס האָט אָנגעצויגן העכער 75 טויזנט שטימען.

אין צוויי טעג אַרום האָט מען אָנגעהויבן באַפרייען די אַרעסטירטע. ביי יעדער עפענען די טיר, קלאַפּט דאָס האַרץ מיט דערוואַרטונג. איך בין געבליבן פון די לעצטע דריי. אין וואַרשע האָב איך געוווינט נישט איינגעמאָלדן, האָט מען מיך פאַרהאַלטן. איך האָב געטענהט, אַז איך בין נאָר וואָס געקומען צופאָרן. אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. אין אָוונט איז געקומען דער סטרוזש מיטן באַלעבאָס פון הויז, ווו כ׳האָב געוווינט, און זיי האָבן באַשטעטיקט מיינע טענות. דאָס האָבן שוין די יאַטן, וואָס זענען פריער באַפרייט געוואָרן, אָרגאַניזירט. אַזוי האָט מיר אָפּגעגליקט צוריק אַרויסצוגיין אויף דער פריי.

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט. פרעסט, ווינטן, שנייען, זאַווערוכעס. שווער איז געווען דאָס לעבן פון די יונגטלעכע, וואָס האָבן זיך, קומענדיק פון דער פּראָווינץ, אַרומגעוואַלגערט אין וואַרשע. קיין גוטע פּאַכלייט זענען זיי נישט געווען, ס׳איז שווער געווען צו באַקומען אַרבעט אַפילו פּאַר גוטע פּאַכלייט.

איך בין אַ גאַנצע וואָך געווען שטאַרק פאַרנומען מיט געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. איך בין אין דער טעכניק ביים עקזעקוטיוו, שטיי אין פאַרבינדונג מיט די פאַרשטייער פון עטלעכע הונדערט נאָדל־אַרבעטער, פונאַנדערגעטיילט אין עטלעכע און צוואַנציק גרופּן. לויף אויף די פּאָדפּונקטן פון די 4 גרופּן, וואָס איך באַאַרבעט. ס׳קומט אַ פרישער יאַט,

דאַרף מען אים דערוואַרעמען מיט אַ פּאָר ווערטער, דיסציפּלינירן אים; טרעפן זיך מיט מיין קעמערל, מיטן עקזעקוטיוו, מיט דער „זאַוואָדוווקע“, באַקומען אינסטרוקציעס, וואָס איך דאַרף צעטראָגן ווייטער. די „מאַשין“, וואָס געפינט זיך אויף דער גאַס, אַרבעט פּערפעקט, כאָטש אומלעגאַל, אין אַלע פאָרמען פון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע — טיילן אויפרופן, קלעפן, שמירן, הענגען פענער, רופן מאַסוווקעס אויף די גאַסן, ראָגן, אין די הויפן, דעמאָנסטראַציעס, צוגרייטן פאַרזאַמלונגען. אַלץ גייט דורכן הויפּט־נערוו — דעם פּאַד־פּונקט.

אין די ווינטערדיקע פרייטיק־צונאַכטסן פיל איך זיך פאַרלאָזן, איינזאַם. עפּעס אַ קאָנטראַסט ווירקט אין מיר. איך בין געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, פאַרקאָכט, און דאָך בין איך עלנט. קיין באַקאַנטע, קיין שטוב, ווו איך זאָל קענען עפענען אַ טיר. די גרויסע שטאָט איז מיר אי נאָענט, אי פרעמד. איך גיי איבער די ליידיקע גאַסן, שפּאַן גיך, צו דערוואַרעמען זיך. פון די פענצטער לייכטן אַרויס שבתדיקע ליכט. אין מיר וואַכט אויף אַ בענק־שאַפט, צו דער היים, די מאַמע, די שוועסטער, די ברידער.

דער שבתדיקער טאָג איז אויסגעפילט מיט טעטיקייט. קאָמיוגישע צוזאַמענטרעפן אין אָפּגעשלאָסענע דירות, אויף בוידעמער, אין קעלערן; שולן, קרייזן, אַ מאַקסימום־שולע, אָנגעפירט פון מיטגלידער פון דער צענטראַלער יידישער ביוראָ, אַ מינימום־שולע, אָנגעפירט פון וואַרשעווער יידישן ביוראָ. קעמערלעך פון ראַיאָן־קאָמיטעטן, רויטע פראַקציע־גרופן פון פראָסטע „קאַפּאַראַלן“. פון די לעצטע בין איך. פיר גרופן האָב איך צו באַאַרבעטן. די מער פעיִקע, דרייסטע, נאָך 6 חדשים אין דער פראַקציע, שיקן מיר איבער צום קאָמיוג. און דאָ ווערן כסדר ווערבירט נייע. דאָ דאַרף מען מער וואַרעמקייט אַריינטראָגן אין דער באַוועגונג. קיין פעסטע מעטאָדיק, ווי אַזוי צו פירן די קרייזן איז נישט געווען, יעדער האָט עס געטאָן לויט זיינע פעיִקייטן און טעמפּעראַמענט. נאָך אַ 4—5 שעה, אַ הייזעריקער, אַ פיזיש אויסגעשעפּטער, אָבער מיט אַ סך פרייד, פלעג איך אַהיימקומען צו זיך, אין מיין אָפּגעדונגען ווינקל.

ווען כ׳בין שבת אין דער פריי געווען פריי, פלעג איך זיך פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן אין דער „אַרבעטער־היים“, אויף קאַרמעליצקע 23, עפּעס איבערכאַפּן, טועם זיין אַ ביסל געהאַקטע לעבערלעך, אָבער דער עיקר — אויף אַ דיסקוסיע. דאָ זענען געווען צוויי גרויסע זאַלן, פול מיט יונגוואַרג. עס האָט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. די פּועלי ציוניסטישע יוגנט, די מערסטע פון פאַראַרעמטע באַלעבאַטישע היימען. פּאָליטיש

באַוווסטזיניקע, זענען זיי מסכים מיטן ראַטנפאַרבאַנד, מיט דער אינטער־נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע, נאָר... אָט דער „נאָר", דער יידישער „נאָר", האָט אונדז פונאַנדערגעטיילט, צעריסן, אָפט מאָל אויף שונאים...

אַ פּאָר וואָכן פאַרן 1טן מאַי איז אַלץ ווי איינגעשטילט געוואָרן. קיין שום צוזאַמענטרעף טאָר נישט פאָרקומען, נישט אין לאָקאַלן, נישט אין פּריוואַטע דירות. די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע טראָגט זיך אַריבער אויף דער גאַס. די קאָמיוגיסטן זענען אין מאָביליזאַציע־צושטאַנד. צו דריי, צו פיר מאָל יעדן טאָג, האָט מען זיך געטראָפן אויף די פּאָד־פּונקטן. די גאַסן זענען געווען פאַרקלעפּט און פאַרמאָלט מיט קאַמפּס־לאָזונגען. אין מיטן העלן טאָג האָט מען געהאַנגען פענער און אָפּגעהאַלטן בליץ־מאַסוווקעס. פיל זענען אַרעסטירט געוואָרן, טייל האָבן אויך באַצאָלט מיט זייער לעבן. איין פאַל וויל איך דערמאָנען:

ביים דורכפירן אַ טעכנישע אַרבעט, איז איין יאַט פון מיין קעמערל אָנגעכאַפּט געוואָרן דורך אַ פּאָליציאַנט. מיר האָבן אים געוואָלט אָפּשלאָגן. מיין חבר טורעק האָט פאַרגאָסן מיט דער פּושקע־פאַרב דעם פּאָליציאַנטס פּנים און באַפרייט דאָס יינגל, אָבער אין דער זעלבער רגע זענען געפאַלן עטלעכע שאָסן פון אַ דעפענסיווע־אַגענט, וועלכן מיר האָבן נישט באַמערקט. דער חבר טורעק האָט ערלעך אויסגעפירט דעם קעמפערישן דעוויז פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע: „סאַם פּראָפּאַדי אי טאָוואַרישטשאַ ספּאַסי". (אַליין קום אום און ראַטעווע דיין חבר). איך, דער סעקרעטאַר פון קעמערל, האָב זיך געפילט שולדיק אין דער אומפאַרזיכטיקייט. יעדעס מאָל, ווען כ'בין דורכגעגאַנגען ראָג וואָלינסקי, לובעצקי, ווו חבר טורעק איז געפאַלן, האָט מיר געקלאַפּט דאָס האַרץ.

אין אַזאַ שפּאַנונג האָבן מיר באַגעגנט דעם שיינעם אַרבעטער יום־טוב. ס'איז געווען אַ שיינער, זוניקער טאָג, די הערצער אָנגעפילט מיט פרייד, אָבער אויך מיט שרעק, וואָס פאַר אַ סיורפּריז די פּילסודסקי־מאַכט האָט אונדז צוגעגרייט. מען שטראָמט צו די זאַמל־פּונקטן, אָנגעטאָן יום־טובדיק, אָנטשלאָסן. אַ סך האַלטן אין די הענט שטעקנס, גרייט צו אַן איבערפאַל פון פאַשיסטן, סטודענטן־כוליגאַנעס. מען זאַמלט זיך אונטער די פענער פון די לעגאַלע פּראָפ. פאַראיינען, מיר מאַרשירן פון דער סטאַווקי ביז לעשנע. דער טעקסטיל־פאַראיין מיט זיין צענטראַלע, דער שוואַרצער אַבא און מענדל סקראַבעק בראש. דער לעדער־פאַראיין מיטן גענעראַל־סעקרעטאַר עדוואַרד: מאָלער, בעקער, הויז־דינערינס, האָלץ, שניידער, טראַנספּאָרט, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, כעמישער פאַראיין און נאָך.

די דעמאָנסטראַציע איז אַרומגערינגלט מיט אָרדענער, פעסטע, געזונטע יאַטן. באַזונדערס טיילן זיך אויס די ברייט־פּלייציקע קוילן־טרעגער. אַ שטאַרקער פּאָליציי־קאָרדאָן שטעלט אָפּ די דעמאָנסטראַציע אויף לעשנע. זיי קאָנטראָלירן צי די פענער זענען נישט קיין קאָמוניסטישע, נאָר פון פאַראיינען, און לאָזן אַריינמאַרשירן צום צענטראַלן זאַמל־פּונקט, אויפן טעאַטער־פּלאַץ. אָבער די פּ. פּ. ס.־מיליץ לאָזט נישט צו צו דער לינקער זייט, נעבן די טריבונעס, ביים מאַגיסטראַט און צענטראַלע דעפּענ־סיווע. מיר שטעלן זיך ביי דער אָפּערע. פּ. פּ. ס. און בונד אויף איין זייט פּלאַץ און מיר — קעגנאיבער.

ביי אונדז זענען בלויז יידישע אַרבעטער. מיר זענען עטלעכע טויזנט מאַן, און פילן זיך דאָך פאַראייניזאַמט. אָבער אָט קומט אָן דער שפּעטער־דיקער סיים־דעפּוטאַט סיפּאַלאַ מיט זיינע פּוילישע בוי־אַרבעטער; אַ מאַ־יעסטעטישע פיגור, אַ גרייז־גרויער קאָפּ. ער גייט, אונטערגעהאַלטן פון זיין טאָכטער. דאָס איז דער קאָמוניסטישער סיים־דעפּוטאַט וואַרסקי. (אַרעסטירט געוואָרן אין 1937 אין מאָסקווע, און דערשאָסן.) ער גייט אין שפּיץ פון די צוויי גרויסע מעטאַל־פאַבריקן „לילפּאָפּ" און „פּאַראָוויז". עס טויכן באַלד אויף די פענער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי און יוגנט. אין נאָמען פון דער יוגנט רעדט דער יידישער קירזשנער, חבר סטאַשעק, און אַ סיים־דעפּוטאַט, אין נאָמען פון דער פּאַרטיי.

אין דעם מאָמענט האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. ס'איז געפאַלן אַ באַפעל מ'זאָל זיך לייגן אויף דר'ערד. ס'איז געוואָרן אַ פּאַניק, מ'האָט אָנגעהויבן לויפן, ס'פאַלט איינער איבערן אַנדערן. איך בין געבליבן ליגן, אַ צעטראָטענער, און ווען כ'האָב זיך אויפגעהויבן, בין איך געווען אָן שיך, אין צעפּליקטע מלבושים. אַלע אַרומיקע טויערן זענען געווען פאַרהאַקט, דער זאַקסישער גאָרטן פאַרמאַכט. פּאָליציי האָט געשלאָגן און אַרעסטירט וועמען זי האָט געכאַפּט. די פאַשיסטישע סטודענטן האָבן צוגעהאָלפן. מיט וועלכע ניסים כ'בין דעמאָלט אַרויס פון פייער, ווייס איך נישט. אָבער אין זעלבן פאַרנאַכט האָט דער קאָמיוג אָרגאַניזירט אַ נייע דעמאָנסטראַציע אויף מוראַנאָוו.

קאַפּיטל פיר

# היים־בענקשאַפט

איך האָב דערשטיקט אין זיך די בענקשאַפט צו מיין מוטער, צום געבוירן־שטעטל. עס האָט מיך אָבער נישט געלאָזן רוען. און ווען כ׳האָב באַקומען אַ ידיעה פון זאַמאָשטשער פּאַרטיי־קאָמיטעט, אַז עס דראָט מיר מער נישט קיין שום געפאַר, ווייל דער אוקראַינישער פּראָוואָקאַטאָר, וואָס האָט אונדז „אויסגעשיט", איז „אָפּגערוימט", האָב איך זיך פאַרשטענדיקט מיטן מוראַנאָווער ק. ד. און בין אַהיימגעפאָרן אויף יום־טוב. דעם גאַנצן וועג בין איך געווען פול מיט פרייד ווידער אַריינצוקומען אין שטוב, צו זען מיין מאַמען, וואָס האָט איר גאַנץ לעבן שווער געליטן. אויף דער לעצטער סטאַציע האָב איך באַמערקט צוויי געהיים־אַגענטן. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן מיך אויך דערקענט. זיי שושקען זיך. און אָט קומען זיי צו צו מיר, כ׳זאָל עפענען מיין וואַליזקע. זיי געפינען דאָרט אויך גאָרנישט. דאָך נעמען זיי מיך מיט אין קאָמיסאַריאַט. צוויי טעג האָבן זיי מיך געפּאָרשט, געשלאָגן, זיי האָבן אָבער, ביי מיר קיין שום קאָמפּראָמי־טירנדיקס נישט געפונען.

די באַשולדיקונג, אַז כ׳בין אַנטלאָפן פון שטאָט, האָב איך צונישט געמאַכט, באַווייזנדיק, אַז כ׳בין געווען איינגעמאָלדן אין וואַרשע. טראָץ דעם שרייבט דער אויספאָרשונגס־ריכטער אונטער מ׳זאָל מיך אָפּפירן אין תפיסה.

דערווייל האָט מען זיך אין שטאָט דערוווּסט, אַז כ׳בין אַרעסטירט. ווען מ׳האָט מיך געפירט פון געריכט אין טורמע, האָבן מיך צענדליקער חברים פון דער ווייטן באַגלייט. איך האָב דרייסט, מיט אַ פריילעכער מינע געהאַלטן הויך דעם קאָפּ, באַגריסט די יאַטן און יאַטעכעס, איבערגעחזרט פאַר זיך קאַרל ליבקנעכטס ווערטער: „קיין שום גענעראַל האָט נאָך נישט געטראָגן מיט אַזאַ כבוד זיינע עפּאָלעטן, ווי איך — מיין אַרעסטאַנטן־כאַלאַט".

דאָס קליינע טירל פון גרויסן אייזערנעם טויער האָט זיך געעפנט און כ׳בין אַריין אין תפיסה־הויף. די אַרעסטאַנטן פון ערשטן און צווייטן שטאָק זענען אַלע ביי די פענצטער. די פּאָליטישע האָבן מיך דערקענט און זיי שרייען: „אין דער 18טער קאַמער, אין קיין אַנדערער זאָלסטו נישט גיין״. נאָכן דורכפירן אַלע פאָרמאַליטעטן, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין דער פּאָליטישער קאַמער. איך בין דאָרט געווען דער 20סטער. אַ גאַנץ גרויסע קאַמער מיט דריי פענצטער. די חברים: צוויי פּאָליאַקן, דריי אוקראַינער און די איבעריקע — יידן. די באַציִונג פון דער תפיסה־אַדמיניסטראַציע — אַ פּאַרהעלטנישמעסיק גוטע. 2 שעה אין טאָג שפּאַצירן מיר. מיר האָבן אויך רעכט צו באַקומען ביכער, צייטונגען און שפּייז־פּעקלעך.

אין קאַמער איז געווען אַ קאָמונע. אַלץ, וואָס מ׳האָט אונדז אַריינגעשיקט, אינדיווידועל, צי קאָלעקטיוו פון „מאָפּר״, האָט געהערט צו אַלעמען. דאָס האָט אויך אַרויסגערופן קליינע קאָנפליקטן, דער עיקר מצד די 2 פּאָליאַקן. זיי האָבן זיך געהאַלטן אין אַ געוויסער דיסטאַנץ פון אונדז; זיי האָבן, צום ביישפּיל, געטענהט, אַז אויב יידן, אָדער אוקראַינער, זענען קאָמוניסטן, איז עס נאָרמאַל; אָבער פּאָליאַקן, וואָס קענען סיי־ווי געניסן פון אַלע פּריווילעגיעס, זענען קאָמוניסטן, דאַרף מען פאַר זיי האָבן דרך ארץ. דאָס איז געווען ביי זיי אַ קאָמפּלעקס, ווייל די פּאַרטיי־מאַסע איז, וואָס אַן אמת, באַשטאַנען מערסטנס פון יידן. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי פלעגט טאַקע אָפט אָנווייזן אויף אָט דעם אומנאָרמאַלן אָרגאַניזאַציאָנעלן באַשטאַנד. אַז מען פלעגט דערפאַר אַריינקריגן אַ פּוילישן חבר, האָט מען אים, אַפילו אָן געהעריקער קאָנטראָל, אַרויסגערוקט אין דער אָנפירערשאַפט, געצאַצקעט זיך מיט אים; און דאָס איז אָפט מאָל געווען אַ באַזע פאַר פּראָוואָקאַטאָרן, ווי אויך פאַר אידעאָלאָגישער דעמאָראַליזאַציע.

קעגן אָט דער פאַלשער איינשטעלונג לגבי פּוילישע חברים, זענען אויך אַרויסגעטרעטן צוויי חברים, וואָס מ׳האָט זיי גערופן „די פּאַלעסטינער״. איך האָב זיך צו זיי באַזונדערס צוגעבונדן, צוליב זייער פּרינציפּיעלקייט. זיי האָבן אַריינגעבראַכט פריילעכקייט אין אונדזער קאַמער. זיי האָבן דערציילט וועגן קליינעם קעמפנדיקן יידישן ישוב אין פּאַלעסטינע; נישט דעם ירושלים של מעלה, וואָס איז טראָץ אַלע פּרינציפּיעלע קעגנערשאַפטן, דאָך געווען נאָענט די אַלע, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער דערציונג; נאָר צוליבן האַרטן קאַמף

פאַר דער עקזיסטענץ, מיט דער נאַטור, מיטן מידבר, מיט דער פאַרשטיי־נערטער ערד, ביים פלאַסטערן וועגן אונטער דער ברענענדיקער זון, טריקענען זומפּן, ווו די מאַלאַריע בושעוועט; קאַמף קעגן ענגלישן אָקופּאַנט און קעגן יידישן פּרדס־אייגנטימער.

זיי האָבן דערציילט, אַז פאַר אַן אַרבעטס־פּלאַץ האָט מען געמוזט זיין קאָנקורענץ־פעיִק, אין פאַרגלייך מיטן נידעריקן אַראַבישן אַרבעטס־לוין. אין פּרדס, איינגעבויגן אין דרייען, מיטן גראָב־אייזן, האָבן זיי געמוזט אַוועקשטעלן פון פאָרנט אַ פעסטן בחור. אויף די אַרבעטס־בערזעס האָבן די פּרדס־פּלאַנטאַטאָרן געטאַפּט די מוסקולן, ווי אויף אַ שקלאַפן־מאַרק.

געשטאַמט האָבן די „פּאַלעסטינער" פון שטעטל בילגאָריי. אָנהייב די 20קער יאָרן זענען זיי ווי חלוצים געפאָרן קיין פּאַלעסטינע. וועגן איינעם פון זיי, נתן שווערטשאַפּט, שרייבט דער באַוווסטער שרייבער י. באַשעוויס אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען, אַז אָט דער אינטעליגענטער בחור איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אים, באַשעוויסן, דערנענטערט צו דער וועלטלעכער יידישער ליטעראַטור, ווען ער האָט נאָך געלערנט אין בית מדרש, ביי דער זייט פון זיידן, דעם בילגאָרייער רב. אין פּאַלעסטינע איז שווערטשאַפּט, צוזאַמען מיט זיין חבר און לאַנדסמאַן אברהם בראָמבערג, אַריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. אין 1925 זענען זיי אָפּגעזעסן 9 חדשים אין תפיסה און אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד צוריק קיין פּוילן, און דאָ האָבן זיי זיך אינטענסיוו אַריינגעוואָרפן אין דער קאָמוניסטישער טעטיקייט. אַ דאַנק זיי, האָט די קאָמוניסטישע ליסטע, בעת די שטאָט־ראַט־וואַלן באַקומען 25 פּראָצענט שטימען. זיי זענען אַרעסטירט געוואָרן ערב דעם 10טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

ווי אַזוי פייערן דעם יום־טוב — זענען געווען מיינונגס פאַרשידנקייטן אין דער קאַמער. די מעסיקע האָבן געטענהט, אַז מיר זענען נאָך אַלע פאַרן געריכט, דאַרפן מיר זיך באַגנוגענען צו פייערן דעם יום־טוב אין דער קאַמער גופא. אָבער די מערהייט, און איך צווישן זיי, האָבן געהאַלטן, אַז דער זיג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז נישט נאָר אַ יום־טוב פון קאָמוניסטן, נאָר פון יעדן פּראָגרעסיוון מענטש — דאַרפן מיר דערפאַר אויפן שפּאַציר אין תפיסה־הויף דעמאָנסטרירן, אויסרופן לאָזונגען און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער.

אויך די טורמע־אַדמיניסטראַציע האָט זיך אָבער געגרייט. באַלד אין דער פרי האָבן זיי דורכגעפירט אַ רעוויזיע. אויפן שפּאַציר זענען מיר אַרויס מיט רויטע בלימלעך אין די קלאַפּעס. מיר האָבן געזונגען, געוואָרפן

לאָזונגען. אַלע אַרעסטירטע זענען צו צו די פענצטער און אונדז באַגריסט. מיט כוח האָט מען אונדז צוריקגעטריבן אין די קאַמערן און באַשטראָפט, אַז אַ גאַנצן חודש וועלן מיר בלייבן אָן שפּאַציר; אָפּגענומען דאָס רעכט צו באַקומען שפּייז־פּעקלעך פון דער פריי. אויף דעם איז אונדזער ענטפער געווען — אַ הונגער־שטרייק.

דער טורמע־נאַטשאַלניק איז גראָד געווען מער מענטשלעך. דעם צווייטן טאָג, נאָכן „אָפּקילן" זיך, איז ער אַריין צו אונדז אין קאַמער, געבעטן מיר זאָלן זיך אויפפירן רויִק, און זיין שטראָף איז שטיל אָפּגעשאַפט געוואָרן.

נאָכן אָפּזיצן 10 חדשים, האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער באַזוכט אונדזער קאַמער. ער האָט פאַר מיר דורכגעלייענט אַ גאַנצן צעטל באַשולדיקונגען. דאָס האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט. כ'האָב זיך געריכט צו געזעגענען אויף אַ סך יאָרן מיט דער פרייהייט. צולעצט האָט ער אָבער צוגעגעבן, אַז נעמענדיק אין אַכט, וואָס עס זענען נישטאָ קיין קאָנקרעטע באַווייזן וועגן מיין אָנגעהעריקייט צו דער קאָמ.־פּאַרטיי, ווער איך באַפרייט.

ווען מ'האָט מיך צום לעצטן מאָל אַראָפּגעפירט אין הויף, זענען אַלע חברים געשטאַנען ביי די פענצטער. איך האָב אויסגעשריגן: „זאָלן לעבן די פּאָליטישע אַרעסטירטע!". דאָס קליינע טירל פון גרויסן אייזערנעם טויער האָט זיך געעפנט. מיט פולע לונגען האָב איך איינגעאָטעמט די פרייהייט.

קאַפּיטל פינף

# דער ברידער־קאַמף

לאַנג האָב איך זיך נישט געקענט פרייען מיט מיין אָרעמער היים. ס׳האָט ווידער געהאַלטן דערביי כ׳זאָל אַרעסטירט ווערן און קאָמפּראָמיטירן די לעגאַלע פּלאַצוווקעס פון די פּראָף. פאַראיינען אין שטאָט. בין איך דעריבער צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. ס׳האָט זיך אַ סך געענדערט אין משך פון דעם יאָר. דער פאַראייניקטער נאָדל־פאַראיין אויף נאַלעווקי 34 איז שוין געווען געשפּאָלטן. די דורך אונדז אָנגעפירטע פאַכן ווי מענער־פּריוואַט שניידער, מענער־מאַגאַזין און קליידער־שניידערינס, טייל־ווייז היטלמאַכער, האָבן געפירט זייער אַרבעט אויף די בערזעס, אויף דער גאַס; אין קעלט, אין רעגן, האָבן זיי דיזשורירט 3—4 שעה יעדן אָוונט, דערליידיקט סכסוכים, פונאַנדערגעטיילט אַרבעטס־פּלעצער און געפירט שטרייקן. ס׳איז געווען אַ הייליקע אַרבעט, אָנגעפירט דורך עטלעכע איבערגעגעבענע חברים: יידל פלאַץ, געצל שוואַרצבערג, ישראל ליכטענשטיין, דער קליינער יאַנקעלע, דער שטומער מאָטל און אַנדערע.

די אַטמאָספער איז געווען פאַרסמט פון קעגנזייטיקן האַס צווישן קאָמוניסטן און „בונד״. עס האָבן נישט געפעלט קיין געשלעגן און זידלערייען. היינט צו טאָג מוז מען מודה זיין: שולדיק אין דער לאַגע איז געווען די פּאָליטישע איינשטעלונג פון „קאָמאינטערן״ און פון „פּראָפאינטערן״ וועגן סאָציאַל־פאַשיזם, קלאַס קעגן קלאַס, צוטיילנדיק בלינד די אַלע, וואָס זענען נישט קאָמוניסטיש געשטימט, צום בורזשואַזן קלאַס. אָבער נישט ווינציק שולד, וואָס אַן אמת, האָט אויך געהאַט דער „בונד״, און זייער פאַרשטייער אין נאָדל־פאַך, הערשל הימלפאַרב. דאָס נאָדל־פאַך איז געווען דאָס דאָמינירנדיקסטע אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן. דער „בונד״, ווי אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, האָט נישט דערלאָזט קיין פּראָפאַרציאָנעלע וואַלן, געוואָלט אָפּשאַפן די טראַדיציאָנעלע פאָרעם פון פונאַנדערטיילן די אַרבעט פון די פאַך־

קאָמיסיעס און איבערגעבן דעם געצאַלטן סעקרעטאַריאַט. דער קאַמף פאַר אַן אַרבעטס־פּלאַץ אין די װערקשטאַטן, אונטער דער קאָנטראָל פון די פּאַראײנען האָט, דירעקט און אומדירעקט, געהאָלפן אױפשטעלן די װאַנט פון פײנטשאַפט.

נאָך אַן ערגערע לאַגע האָב איך געטראָפן, נאָכן אומקערן זיך קײן װאַרשע, אין די רײען פון קאָמיוג אין דער פּאַרטײ. די פריערדיקע צעמענטירטקײט, ליבע און אַכטונג צום מיט־חבר און דער גרױסער דרך־ארץ פאַר דער אָנפירערשאַפט, זענען ברוטאַל און ציניש אַרונטערגעריסן געװאָרן.

באַלד בײם ערשטן פּאַדפּונקט בײם מוראַנאָװער ק. ד. האָט מיר די סעקרעטאַרין פון ק. ד. חברטע נאַטקע, װעלכער כ׳האָב הױך געשאַצט פאַר איר גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקײט, אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיִקײטן, גע־זאָגט, אַז „דער צ. ק. פון דער יוגנט האָט זיך געשטעלט אױף דער זײט פון דער מינדערהײט און פּירט אַ פאַרברעכערישע שפּאַלטונגס־אַרבעט קעגן צ. ק„ קעגן װאַרסקי, קאָשטשעװאַ, סאָכאַצקי, לאַנצוצקי..״ — אַלע מײנע פאַרגעטערטע פירער.

אין זעלבן אָװנט האָבן מיך — מסתמא נישט צופעליק — געטראָפן דער לאָמער יאַקוב װאַסערשטראָם און חיים אײכעל, פון װאַרשעװער קאָמיטעט, און אָן צערעמאָניעס האָבן זײ אָנגעהױבן רעדן װעגן די רעכטע פון די „מערהײטלער״ פון צ. ק. און װעגן דער נישט־ריכטיקער אָפּשאַצונג פון דער מאַי־איבערקערעניש פון פּילסודסקין; װעגן דעם, אַז סאָכאַצקי האָט בעתן מיטינג, װען די פּילסודסקי־אַרמײ האָט אַטאַקירט דעם בעלװעדער, זיך אױסגעדריקט, אַז: „ס׳איז געקומען די 12טע גליקלעכע שעה אין פּױלן״... אַז װאַרסקי האָט אין סײם געפּאָדערט 6 חדשים מיליטער־דינסט, און נאָך אַ סך חטאים. לױט זײ, איז דער עיקר — דער זיג פון די „מינדערהײטלער״ אין צ. ק. דאָס — האָבן זײ פאַרזיכערט — װעט זײן אַ טריט נענטער צו דער רעװאָלוציע אין פּױלן.

פּאַר בײדע חברים האָב איך אַלע מאָל דרך ארץ געהאַט. זײ זענען אַרױסגעװאַקסן פון מײן קעמערל, פון „מענער־פּריװאַט״, צו קאָמיוגישע אָנפירער. אַצינד בין איך געשטאַנען צעטומלט, דעזאָריענטירט. איך האָב אָבער געגלײבט, אַז דער „קאָמאינטערן״ װעט סוף כל סוף לײזן דעם סכסוך אין דער פּאַרטײ. מײנע נאָענטע חברים פון עקזעקוטיװ פון נאָדל־פּאַראײן יצחק, אברהם שער, דער געלער מאָטעלע, גאָדל, אַבראַם ציבאַלע, סאַשאַ, האָבן געהערט צו די „מינדערהײטלער״, און דאָס האָט אַװדאי

באַוויגן כ׳זאָל זיך אויך אָנשליסן אין דער „מינדערהייט״ פון דער פּאַרטיי.

דער אידעאָלאָגישער קאַמף איז וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשאַרפט געוואָרן, האָט אויפגעשטעלט איינס קעגן אַנדערן אין צוויי לאַגערן. דער סיגנאַל דערצו איז געווען דאָס אויפרייסן די מוראַנאָווער קאָנפערענץ. איך האָב די קאָנפערענץ בייגעוווינט אַלס דעלעגאַט פון נאָדל־פאַראיין. די סעקרעטאַרין פון ק. ד. חברטע נאַטקע, האָט אין נאָמען פון דער פּאַרטיי דערקלערט די קאָנפערענץ פאַר אויפגעלייזט. האָט דער פאָר־שטייער פון וואַרשעווער קאָמיטעט, חבר חיים, אין נאָמען פון צ. ק. פון דער יוגנט, צוזאַמען מיט הערשל טשאַפּ (גאָלדפינגער) און דער פאָר־שטייער פון קאָמוניסטישן יוגנט־אינטערנאַציאָנאַל, יוזעק דאָס הויקערל (אַרעסטירט אין מאָסקווע אין יאָר 1937, דערשאָסן) אויפסנייַ דערעפנט די קאָנפערענץ. די מערהייטלער האָבן פאַרלאָזט די קאָנפערענץ. מען האָט די קאָנפערענץ צום סוף געמוזט שליסן, אויס מורא פאַר פּראָוואָקאַציעס.

צו אַזאַ אומצוטרוי איז עס דערגאַנגען! ס׳איז פיינלעך געווען איבערצוטראָגן דעם אינערלעכן פּאַרטיי־קאַמף. מ׳האָט מיך געהאַט צוגעטיילט אַלס פאָרשטייער פון דער יוגנט צום עקזעקוטיוו פון די עלטערע ביים נאָדל־פאַך. פאָרשטייער פון די מענער־פּריוואַט־שניידער זענען געווען יידל און געצל, מיינע בני־עיר, ביידע אָנהענגער פון די מער־הייטלער. זיי זענען עלטער געווען פון מיר אין דער באַוועגונג, האָבן שוין לאַנג געלעבט אין וואַרשע, און ווען זיי זענען אַראָפּגעקומען אַהיים, איז ביי אונדז אַלעמען געווען אַ יום־טוב. דער פאָרשטייער פון דער צענטראַלער „זאַוואָדוווקע״ איז ביי אונדז געווען דער שוואַרצער שמעון (זאַכאַריאַש), אַ פירער פון די מינדערהייטלער, אַ קלוגער, און אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט אַראָפּגעריסן, אויסגעלאַכט די מערהייטלער, באַזונ־דערס געצלען און יידלען.

מיט לייב און לעבן בין איך איבערצייגט געווען אין דער פּאָליטישער איינשטעלונג פון „קאָמאינטערן״ וועגן דריטן פּעריאָד, ד. ה. אין אָנוווקס פון דער רעוואָלוציע, אַז יעדער עקאָנאָמישער שטרייק טראָגט אין זיך די זוימען פון דער רעוואָלוציע; און דערפאַר בין איך געווען אַ הייסער אָנהענגער פון עקזעקוטיוו פאַר פירן די גרויסע, פאַרצווייפלט־עקשנות־דיקע שטרייקן, אין פרילינג 1929 ביי די מענער־מאַגאַזינען און מענער־פּריוואַט־שניידער. כאָטש אָביעקטיוו גענומען, איז אין דעם פּעריאָד נישט געווען קיין עקאָנאָמישע קאָניונקטור צו געווינען די שטרייקן.

די איינשטעלונג פון דער פּאַרטיי נישט צו ווענדן זיך צו די שפּיצן, נאָר דירעקט צו די אַרבעטער, צו דער באַזע, האָט דערפירט צו ברידער־קאַמפן; באַזונדערס ביי די מענער־מאַגאַזין און היטל־מאַכער. דער בונ־דישער פאַראיין פון נאַלעווקי 34 איז נישט מסכים געווען אַרויסצורופן דעם שטרייק. די אַרבעטער, וואָס זענען נישט אַרויס אין שטרייק, האָבן מיר דערקלערט פאַר שטרייקברעכער און מיט כוח זיי אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט. דער „בונד״ האָט מאָביליזירט זיין מיליץ, צו פאַרטיידיקן זיינע אָנהענגער. די „שטאַרקע״ אי אין „בונד״, אי ביי די קאָמוניסטן, האָבן געוויזן וואָס זיי קענען...

אַ בעסערע לאַגע איז געווען ביי די פּריוואַט־שניידער. דאָ האָט דער בונדישער פאַראיין נישט געהאַט קיין גרויסן איינפלוס. די לאַגע איז דאָ געווען אַ ביסל גינסטיקער, ווייל דער קריזיס האָט נאָך נישט געהאַט אָנגערירט די עליטע, די אָפּנעמער פון פּריוואַט־שניידעריי, באַזונדערס פון 1טע און 2טע קאַטעגאָריעס. דער פּוילישער פאַראיין אויף עלעקטאָראַלנע איז געווען אָנגעפירט פון אַ קאָמוניסט. קאָוואַלסקי. די נישט איין מאָל אָנגענומענע רעזאָלוציע וועגן שאַפן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָפ. פאַראיינען איז פּראַקטיש נישט דורכגעפירט געוואָרן; אָבער דעם שטרייק האָט מען געפירט צוזאַמען, אַזוי אַז עס זענען אויסגעמיטן געוואָרן קאַמפן צווישן די אַרבעטער גופא. נאָך 7 וואָכן קאַמף, איז דער שטרייק געווונען געוואָרן. ס׳איז דערגרייכט געוואָרן אַ קאָלעקטיווער אָפּמאַך צווישן פאַראיין און די באַלעבאַטים.

די הייך פון לוין איז געווען 102 זלאָטעס אַ וואָך, ערשטע קאַטע־גאָריע, אָבער די מערסטע יוגנטלעכע אין די קליינע ווערקשטאַטן, 3טע קאַטעגאָריע, האָט דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך צו גאָרנישט פאַרפליכטעט. זיי האָבן אָנגעווירן דעם סעזאָן. פיל זענען בכלל אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון דער אַרבעט. איך בין געווען צווישן די לעצטע. איך האָב זיך אָבער געפרייט — ס׳איז אונדז געלונגען צו לעגאַליזירן אַ לאָקאַל אויף לעשנע 192, פון רויטן נאָדל־פאַראיין. איך בין געווען פאָרזיצער פון דער יוגנט־סעקציע. אין דער צייט האָט דער קאָמיוג געפירט אַ קאַמפּאַניע קעגן פּעאָדאַלן, רעאַקציאָנערן צעכן־געזעץ, וואָס די פּילסודסקי־רעגירונג האָט זיך געגרייט אָנצונעמען.

האַלטנדיק זיך פעסט ביים פּרינציפּ נישט צו ווענדן זיך צו די שפּיצן פון „טור״־פּ. ס.־יוגנט, יוגנט־בונד „צוקונפט״, האָט נישט געקענט געשאַפן ווערן קיין דויערהאַפטע יוגנטלעכע מאַסן־באַוועגונג. די קאָמיוגיסטן

האָבן ערלעך געפירט זייער אויפקלערונגס־אַרבעט דורך אויפרופן, פאַר־זאַמלונגען און מאַסוווקעס ביי די פאַבריקן. צענדליקער חברים זענען דערביי אַרעסטירט געוואָרן. אַ טיילווייז געלונגענע קאָנפערענץ איז גערופן געוואָרן אין יאַנואַר 1928 אין לאָקאַל פון די „אומאָפּהענגיקע" (דער פירער איז געווען ד"ר קרוק), לעשנע 49. עס זענען געקומען דעלעגאַטן פון אַ ריי גרויסע פאַבריקן. איך בין דעלעגירט געוואָרן פון נאָדל־פאַך. אָבער באַלד ביי דער דערעפענונג איז דאָס הויז אַרומ־גערינגלט געוואָרן דורך פּאָליציי. די קאָנפערענץ איז לעגאַליזירט געוואָרן ווי אַ צונויפקום פון טעאַטער־גרופּן. די פּאָליציי האָט דורכ־געפירט אַ פּערזענלעכע אויספאָרשונג און רעוויזיע. די נישט־קאָמפּראָ־מירטע האָבן זיי באַלד באַפרייט, און אַ צוויי צענדליק דעלעגאַטן אָפּגעפירט אין דעפענסיווע, און מיך צווישן זיי. נאָכן אָפּזיצן עטלעכע טעג, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרויסן זאַל. ביי טישלעך זענען געזעסן די אויספאָרשער.ביים אַריינפירן אַ נייעם אַרעסטירטן, איז אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיין געלעכטער. מיר האָבן טאַקע אויסגעזען גאַנץ קאָמיש, אַן פאַסקעס אויף די הויזן, אָן שיך־בענדלעך, שמוציק און באַוואַקסן.

— אָט איז אַ נייער „אַרטיסט"! — האָבן די פּאָליציי־לייט געחוזקט.

ס'הייסט, זיי האָבן גענומען דעם ענין נישט זייער ערנסט, און מ'האָט אונדז טאַקע איינציקווייז, במשך פון 10 טעג, באַפרייט.

צווישן די מיליטערישע יוגנט־גרופּירונגען, אָרגאַניזירטע דורך דער „סאַנאַציע"־רעגירונג, איז אויך געווען אַ האַלב־מיליטערישע יידישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אויפן נאָמען פון יידישן העלד אין דער פּוילישער „פּאָווסטאַניע", בערעק יאָסעלעוויטש. דער מוראַנאָווער ראַיאָן־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו שטערן זייערע פּאַטריאָטישע דעפילאַדעס. זיי האָבן מאַרשירט איבער נאַלעווקי, גענשע, דזשיקע, נאָוואָליפּקי. ווען דער שפּיץ פון זייער צוג איז אַריין אויף דער גענשע, איז דער דרייסטער יאַט פּאַוועל פון די האָלץ־אַרבעטער אַרויס מיט דער קאָמיוגישער רויטער פאָן און אַ מאַסע — הינטער אים. די דעפילאַדע איז איבערגעשניטן געוואָרן, מיטן געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל".

די געהיים־אַגענטן און זייער מיליץ זענען אונדז באַפאַלן. איך האָב באַקומען אַ זעץ מיט אַן אייזערנער הענטשקע, אָדער מיט אַ הענטל פון אַ רעוואָלווער, אין קאָפּ. כ'האָב דערפילט ווי אַ וואַרעמער שטראָם רינט מיר אין האַלדז אַריין. מ'האָט מיך אַוועקגעכאַפּט אין אַן אַפּטייק.

אין דער זעלבער צייט איז אין וואַרשע געשען, אַז פיר בוי־אַרבעטער זענען אַראָפּגעפאַלן פון אַ רושטאָוואַניע און דערהרגעט געוואָרן. דער רויטער בוי־פאַראיין, מיטן סעקרעטאַר סיפּאַלאַ, שפּעטערדיקער קאָמוניס־טישער דעפּוטאַט, האָבן גערופן אַלע וואַרשעווער אַרבעטער אַנטיילצונעמען אין דער לוויה. אַ מעכטיקע, שטילע טרויער־פּראַצעסיע האָט זיך געצויגן נאָך די 4 טרומנעס איבער די רייכע גאַסן מאַרשאַלקאָווסקע, ביי־וועלט. ביז מ׳איז אָנגעקומען צום צמענטאַזש, איז שוין געווען נאַכט. ווען מ׳האָט די הרוגים אַראָפּגעלאָזן אין קבר, האָבן די קאָמוניסטישע סיים־דעפּוטאַטן ביטנער און סקריפּאַ (ביידע אַרעסטירט אין 1937 אין מאָסקווע, אומגעקומען) באַערט אין זייערע רעדעס די אומגעקומענע אַרבעטער. דערביי האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. פּאָליציי און דעפענסיווע־אַגענטן האָבן אָנגעהויבן שלאָגן. ס׳איז געוואָרן אַ ווילדע פּאַניק און אַ לויפעריי.

איך בין דערלאָפן ביזן טויער. דאָרט איז געשטאַנען אַ קעטשל. אַלע, וואָס זענען אַרויס, זענען אַרעסטירט געוואָרן. לויף איך צוריק, און איינער לויפט מיר נאָך מיט אַ שטעקן און שרייט: „דו ביסט אויך דאָ?... אין דיין מאַמען אַריין״... ביטער, עמעצער האָט מיך דער־קענט. איך בין קוים דערלאָפן צו אַ הויכן פּאַרקאַן און אַ שפּרונג געטאָן מיטן גאַנצן אימפּעט, פאַרטשעפּעט זיך אין די שטעכיקע דראָטן און געבליבן הענגען. אין צעריסענע הויזן בין איך אַראָפּגעפאַלן, אָן כוחות אויפצושטיין. בלוט האָט גערונען פון מיינע הענט און פיס. ס׳איז פינצטער, שטיל. אַ נס איז געשען. עטלעכע חברים האָבן מיך דערזען און גלייך אָפּגעפירט צו דער „גיכער הילף״.

אַ באַזונדערס גרויסע אַקטיוויטעט האָבן די קאָמיוגיסטן פון מוראַ־נאָווער ראַיאָן דורכגעפירט בעת די וואַלן צום סיים אין 1928. די אַקסלען פון יעדן פעסטן יאַט האָבן געדינט אַלס טריבונע. טאָג־טעגלעך בין איך געווען פאַרנומען, פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין אָוונט. איך האָב אויך געמוזט באַזאָרגן מיט וואַל־ליטעראַטור די זאַמאָשטשער פאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע האָט זיך וועגן דעם צו מיר געוואָנדן, ווייל די וואַל־טעכניק אין לובלין איז דורכגעפאַלן. מיט דער הילף פון שוואַרצן שמעון (זאַכאַריאַש), אָנפירער פון דער צענטראַלער וואַל־טעכניק, האָב איך מיטגעהאָלפן צו באַזאָרגן וואַל־ליטעראַטור פאַר דריי וואַל־באַצירקן: בילגאָריי, פויערים־פאַרטיי, זאַמאָשטש, פאַרבאַנד פון שטאָט און דאָרף און הרוביעשאָווער געגנט, די אוקראַינישע „סעל־ראַב. (דאָרפס־אַרבעטער). נאָענט ערב די וואַלן איז געקומען צו מיר דער זאַמאָשטשער חבר ע. ש.

ער איז באַאויפטראַגט געוואָרן אַוועקצופירן די „ליטעראַטור". אָבער באַלד ביים אַרויסגיין פון לאָקאַל, זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַגענטן און... כ׳געפין זיך שוין ווידער אין דער דעפענסיווע.

ס׳איז דאָרט פול געווען מיט יונגע קאָמיוגיסטן, פיאָנערן, ביזן מיטגליד פון פּאָליט.־ביוראָ, הענריקאָווסקי (שאול אַמסטערדאַם). די מערסטע ווייסן ווער ס׳איז הענריקאָווסקי. ער גייט שיין אָנגעטאָן, האָט אָן איידעלן, אינטעליגענטן אויסזען. די, וואָס קענען אים, היטן זיך אים צו דעקאָנ־ספּירירן, האַלטן פאַר אַ כבוד בלויז צו אָטעמען מיט אים צוזאַמען.

ערשט אין אַ 5—6 וואָכן אַרום האָט מען מיך באַפרייט, מיטן באַדינג, אַז איך מוז מיך יעדן טאָג מעלדן אין 5טן פּאָליציי־צירקל, ביזן פּראָצעס. איך האָב זיך גלייך צוריקגעשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון קאָמיוג. אין גיכן האָב איך באַקומען צוגעשיקט דעם באַשולדיקונגס־אַקט. דער צ. ק. פון „מאָפּר" האָט באַשטעלט פאַר מיין פאַרטיידיקונג דעם אַדוואָקאַט דוראַטש. דער פּראָצעס האָט באַדאַרפט פאָרקומען דעם 21סטן יוני 1929. איך האָב זיך שוין געגרייט צו אַ לאַנגן טורמע־אָפּרו. אָבער אין מאַי האָט דער נאַדל־עקזעקוטיוו זיך געווענדט צום וואַרשעווער קאָמיטעט, ער זאָל אין אַכט נעמען מיין געזונט־צושטאַנד און דעם לאַנגן טורמע־אורטייל, וואָס דערוואַרט מיר, און איבערשיקן מיך קיין ראַטנפאַרבאַנד. דער וואַרשעווער קאָמיטעט איז מסכים געווען כ׳זאָל זיך נישט צושטעלן צום פּראָצעס, אָבער אַזוי ווי דער צ. ק. פון „מאָפּר" איז אַ „מערהייטלעכער" און זיין באַציִונג צו דער יוגנט איז נישט קיין איבעריק גוטע, קען זיך דער ענין פאַרציען צו לאַנג; איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַ זאַמלונג צווישן דער שניידער־יוגנט, דורך אַ „מאַכער" באַקומען אַ פּאַס, און כ׳זאָל אַוועק קיין פראַנקרייך. ס׳איז געווען נאָך לאַנגע שטרייקן, די מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ שווערע אָבער די סומע איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן. אויך די זאַמאָשטשער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט אַ ביסל געלט. דאָס האָט מיך אָנגעפילט מיט שטאָלץ און פרייד. איך האָב אין דעם געזען די אָנערקענונג פון דער שניידער־יוגנט פאַר מיין איבערגעגעבענער אַרבעט.

דעם 20סטן יוני 1929 בין איך אַוועק קיין דאַנציק. דאָרט האָב איך באַקומען פון „מאַכער" מיין פּאַס. לויט דער וויזע, פאָר איך, הייסט עס, קיין פּאָרטוגאַל, איך בין עלטער מיט גאַנצע 9 יאָר און האָב... אַ פרוי מיט 2 קינדער. אַ גאַנצן טאָג האָב איך זיך געמוזט איינחזרן די אַלע פאַלשע פּערסאָנאַליען. מיט גרויס האַרצקלאַפּעניש, בין איך אַדורך אַלע גרענעצן און בין בשלום אָנגעקומען קיין פּאַריז.

ק אַ פּ י ט ל ז ע ק ס

# אויף עמיגראַציע

אַ שיינער, זומערדיקער פרימאָרגן. שמייכלענדיקע פּנימער ביי אַלע פּאַסאַזשירן. אַן עולם וואַרט אָפּ די אָנקומענדיקע. אָבער מיך פרעסט די זאָרג און פאַרטונקלט מיין פרייד. דעם פאַלשן פּאַס באַדאַרף איך במשך פון 8 טעג צוריק אָפּשיקן בלעטלעכווייז קיין וואַרשע. נישט קיין געלט, נישט קיין משפחה, אַפילו נישט קיין באַקאַנטע. מיין אַדרעס איז דער „מאָפּר" אין פּאַריז. נאָך אין בערלין האָט מען מיר געזאָגט, אַז כ׳מוז דערוויייל וואַרטן ביז דער קאָנטאַקט וועט אָנקומען. איין אַדרעס האָב איך, וואָס די סעקרעטאַרין פון קעמערל, חברטע רוטקע, האָט מיר געגעבן, צו אַ יונגערמאַן, רי דע ראָזיע נומער 4. אַ פינצטער הויז, שמאָלע, צעקרימטע, שמוציקע טרעפּ. פון יעדן האַלבן שטאָק טראָגן זיך פאַרשיידענע קולות און ריחות. אים האָב איך נישט געטראָפן, נאָר זיינס אַ שווערגערין מיט אירע קינדער. די פרוי איז אַרויס מיט אַ מענה־לשון קעגן דער וואַרשעווער „ליובאָוויניצע" און קעגן אַלע „גרינע". איך האָב זיך געאיילט אַוועקצוגיין פון דעם אָרעמען שטיבל אויף רי דע ראָזיע, דאָס האַרץ פון „פּלעצל" אין פּאַריז. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, כ׳בין צוריק אַריינגעפאַלן אויף דזשיקע און נאַלעווקי. יידישע קרעמלעך, יידישע רעסטאָראַנען, אַ ספרים־געוועלב. עס טראָגן זיך האַרצרייסנדיקע יידישע ניגונים פון גראַמאָפאָן־פּליטן. אין ביליקן ראַטשילד־רעסטאָראַן טומלט זיך. פונקט ווי אויף קאַרמעליצקע 23. איך הער זיך צו צו די שמועסן וועגן „פּאַפּירן", רעכט אויף אַרבעט, וועגן „מאַכערס", אַפּעריסטן, שטיק־אַרבעט, אַרבעט אויף דער שעה. די „אַלטע" קוקן מיט ביטול אויף די „גרינע". אַלע נאָרמעס אין דער באַציִונג פון אַרבעטס־געבער צום אַרבעטער, וואָס די יידישע פּראָפ. באַוועגונג האָט אויסגעקעמפט, האָט דאָ קיין ווערט נישט. מען זוכט זיך אָנצוכאַפּן אין אַ לאַנדסמאַן.

שטאַרק דערשלאָגן, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, בין איך געגאַנגען

זוכן אַרבעט אויף די אַדרעסן, וואָס כ׳האָב אַראָפּגעשריבן אין אַ געוועלב פון שניידער־צודאַטן. אָבער אומעטום בין איך שוין געקומען צו שפּעט. מיד, צעבראָכן, האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די שמאָלע געסלעך און פּאַסאַזשן, פול באַזעצטע מיט היימישע יידישע געזינדלעך. אויפן לעצטן אַדרעס האָט מען מיך באַגעגנט גאַנץ פריינדלעך. „איך וואַרט אויף אייך פון אין דער פרי אָן. זעצט זיך שוין אַוועק. איך דאַרף מאָרגן ,ליווערן׳ (אָפּטראָגן די אַרבעט)". איך קווענקל זיך און שטעל אים אַ באַדינג — ער זאָל מיר נאָך היינט באַצאָלן פאַר מיין אַרבעט. „איך זע שוין, אַז איר זענט פון די חברימלעך... — ענטפערט מיר יענער — דאָ איז פּאַריז... דאָ וואַרפט מען אַוועק אַלע שטיק"... אָבער נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע שעה, באַצאָלט ער מיר אַפילו פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

אין דער „קולטור־ליגע" האָבן מיך די קאָמיוגישע טוער בערנאַרד (זיין אמתער נאָמען איז געווען יאַקאָב פריידקעס, געפאַלן אין שפּאַנישן בירגער־קריג) און בראָנקע ווייסבראָד, פריינדלעך באַגעגנט און מיר אָנגע־זאָגט, אַז אין „מאָפּר" איז שוין באַוווסט, אַז כ׳בין געקומען אַלס פּאָליט.־עמיגראַנט. בין איך געווען צופרידן, וואָס כ׳האָב שוין אַרבעט און וועל נישט דאַרפן אָנקומען צו געזעלשאַפטלעכער שטיצע.

איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין קאָמיוגישן ביוראָ און פאָרזיצער פון דער יוגנט־סעקציע ביי דער „קולטור־ליגע". בערנאַרד איז געווען פאַר־שטייער פון דער יוגנט. די אַ ביסל עלטערע פון אונדז חברטע בראָנקע האָט פאַרטרעטן דעם מ. אָ. י. (די ביוראָ, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער קאָמיוגישער אַרבעט צווישן די אויסלענדער), אונטער דער קאָנטראָל פון פאַריזער קאָמיטעט פון קאָמיוג. איך האָב אויך מיטגעאַרבעט אין דער סינדיקאַ־לער קאָמיסיע ביי די מענער־שניידער. אין דעם צווייג איז געווען זייער טויט. כאָטש אין אַלע קאָמיסיעס פון די פאַכן זענען טעטיק געווען מענטשן מיט יאָרנלאַנגער דערפאַרונג אין דער פּראָפ.־באַוועגונג אין פּוילן, האָבן מיר נישט געקענט שאַפן קיין מאַסן־באַוועגונג. געווירקט האָבן דאָ אַ ריי אויסערלעכע סיבות: די פּראָספּעריטי אין פראַנקרייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה; אַ טייל אַלטע און נייע עמיגראַנטן האָבן זיך אַרויסגערוקט אויף בעסערע און העכערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. דאָס האָט געשאַפן ביי פיל אַרבעטער אַ פּסיכיק פון „אַרויפאַרבעטן" זיך. פיל צענטראַלע שניידער־פירמעס האָבן ליקווידירט זייערע גרויסע שניידער־פאַבריקן און איבערגעגאַנגען צו היים־אַרבעט. דער לעבנס־ניוואָ, אין פאַרגלייך מיט די לענדער, פון וואַנען מ׳איז געקומען, איז דאָ געווען

אַ העכערער און אין די סעזאָנען איז מען דאָ געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, דאָס אַרבעטן פון שטיק, אָדער אויף שעהן, האָט אַרויסגערופן אַ דראַנג פון וועלן וואָס מער אַריינכאַפּן. דאָס האָט געגעבן אַ רעאַלע פּערספּעקטיוו פון גיכער און בעסער זיך איינאָרדענען און קענען אַראָפּ־ברענגען די משפּחות פון דער אַלטער היים. די מערסטע זענען געקומען, אָן רעכט אויף אַרבעט. די געפּאַר אַרויסגעשיקט צו ווערן פון לאַנד, נישט נאָר פאַר פּאָליטישער טעטיקייט, נאָר אויך אין עקאָנאָמישן גערעַנגל, — דאָס אַלץ זענען געווען די סיבות, וואָס האָבן געשטערט דער פּראָפ־באַוועגונג.

די יונגע יידישע יוגנט האָט זיך מאַסנווייז גרופּירט אַרום דער „קולטור־ליגע". די ביוראָ פון קאָמיוג איז געקומען צום אויספּיר, אַז מיט דער בעסטער קולטורעלער טעטיקייט, וועלן מיר לאַנג די יוגנט נישט קענען איינהאַלטן. פון אַ טייל יוגנט־סעקציעס האָט זיך אויספאָרמירט דער יידישער אַרבעטער־ספּאָרט־קלוב (יאַסק). ס'איז געזאַמלט געוואָרן געלט צו דינגען פאַר אים אַ באַזונדערן לאָקאַל. דער לינקער פראַנצייזישער ספּאָרט־קלוב האָט אויך אַ ביסל צוגעהאָלפן. אַלס פאָרשטייער פון ביוראָ איז צוגעטיילט געוואָרן חבר בערנאַרד. מיר האָבן געפירט די עקסקורסיעס און אויספלוגן צוזאַמען. שפּעטער איז דער „יאַסק" אַריבערגעוואַקסן די יוגנט־סעקציע. וועגן איין אויספלוג וויל איך דאָ דערציילן:

אַ גרויסע, פריילעכע, טומלדיקע גרופּע יוגנטלעכע זענען מיר געווען אין שטעטל בעלווי ביי פאַריז, וווּ דער באַרימטער גרויסער יידישער שרייבער שלום אַש האָט דעמאָלט געהאַט זיין ווילע. די פריילעכקייט, די געזאַנגען האָבן פאַרהילכט די גאַנצע געגנט. לויטן פאָרשלאַג פון טשאַפּ־טשינסקי (ז. שייקאָווסקי, אַרבעט איצט אין ייוו"א, אין ניו־יאָרק), איז אויפן אָרט באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע איינצולאַדן שלום אַשן אויף אַ שמועס מיט דער יוגנט. די שענסטע מיידלעך האָט מען געשיקט צו אים, זיי האָבן אָנגעקלאַפּט, געבעטן אים אַרויסצוקומען צו דער יוגנט. שלום אַש האָט זיך אַ ביסל געוואַקלט, ער איז אָבער דאָך אַרויסגעקומען. נאָך די באַגריסונגען, האָב איך גערעדט וועגן שלום אַשן, דעם שרייבער, וואָס האָט באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור מיט זיינע גרויסע ווערק; איך בין אָבער באַלד אַרויס מיט טענות. צו יענער צייט האָט שלום אַש באַקומען אַן אויסצייכענונג פון דער פּילסודסקי־רעגירונג. מיר האָבן אים געפרעגט, פאַר וואָס ער זעט נישט און באַשרייבט נישט די יידישע יוגנט און אַזעלכע העלדן, ווי באַטווין, ענגעל? שלום אַש האָט זיך אויפגערעגט

און געענטפערט: „איך זע אייך נישט און וויל אייך נישט זען... איך קען אייך נישט און וויל אייך נישט קענען"...

אין דער פּאַרטיי־ביוראָ זענען געווען אינערלעכע קאָנפליקטן מיט די חברים מאַלאַגאַ, וואַסערמאַן, וועלכע זענען געווען סעקטאַנטן. דער פּראָנ־צייזישער אינסטרוקטאָר פון מ. א. י. איז געשטאַנען אויף זייער זייט. געזיגט האָבן די נייע, ד. ה. די „גרינע". די יונגע, מוטיקע און ענערגישע אָרגאַניזאַטאָרן האָבן אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. די אַרבעטער־צייטונג האָט אָנגעהויבן דערשיינען יעדע וואָך, מיט אַ לעבעדיקן, אינטער־רעסאַנטן אינהאַלט. מען האָט אָרגאַניזירט אַ כאָר, אַ דראַמ.־קרייז; ס'איז באַנייט געוואָרן די טעטיקייט פון דער אינטערסינדיקאַלער קאָמיסיע, ד. ה. אַ צענטראַלע אָנפירערשאַפט פון אַלע יידישע סעקציעס. דאַן זענען געווען די ערשטע געלונגענע פּרוּוון פון לאָקאַלע שטרייקן ביי די שטריקער, וואָס איז געווען כמעט אויסשליסלעך אַ יידיש פאַך. ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע גרופּע פון יידישע שרייבער.

אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער אַרבעט, האָב איך פון ד'עסטוועגן נאָך אַלץ געפילט אַ גרויסע בענקשאַפט נאָכן שטורמישן קאָמיוגישן און פּאַרטיי־לעבן אין וואַרשע. אויך בערנאַרד האָט געפילט דאָס זעלבע, און ער איז טאַקע סוף 1930 צוריקגעפאָרן און נאָך אים — זיין חברטע בראָנקע. איך האָב וועגן צוריקפאָרן אַפילו נישט געקענט חלומען, ווייל פון וואַרשע האָט מען מיר מודיע געווען, אַז איך בין אויפן פּראָצעס, הינטער די אויגן, פאַרמשפּט געוואָרן אויף 5 יאָר תפיסה.

אָבער אויך דאָ, אין פּאַריז, בין איך אַרעסטירט געוואָרן צווישן אויס־לענדישע אַרבעטער און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין בעלגיע. די בריסעלער „רויטע הילף" האָט צו מיר אַרויסגעוויזן אַזאַ האַרציקע באַציִונג, אַז איך האָב זיך געגעבן דאָס וואָרט, ווען כ'וועל צוריקקומען קיין פּאַריז, וועל איך ווידמען אַלע מיינע כוחות דער דאָזיקער הילפס־אָרגאַניזאַציע. מיין פּרווו צו בלייבן אין בעלגיע האָט זיך נישט איינגעגעבן. די סימפּטאָמען פון קריזיס האָבן זיך שוין געלאָזט פילן, און צוזאַמען דערמיט — אַ פאַר־שטאַרקטער טעראָר קעגן די אויסלענדישע אַרבעטער. די פּאַרטיי אין בעלגיע איז אין אַלגעמיין געווען אַ שוואַכע. די יידישע קאָמוניסטן האָבן געהאַט אַ קאָסמאָפּאָליטישע טענדענץ. זיי זענען דער עיקר געווען אַקטיוו אין דער פּוילישער גרופּע. מיין קריטיק האָבן זיי אָפּגעוואָרפן. קריגן אַרבעט, פּאַפּירן, אָדער אַפילו אַ האָטעל, איז געווען זייער שווער. ס'איז

געווען ווינטער, קאַלט, רעגנדיק. די טעג שטופּט מען ווי ס׳איז אַדורך, אָבער ווו קריגט מען אַ נאַכטלעגער? כ׳האָב געפּרוווט זוכן גליק אין אַנטווערפּן, געווען דאָרט עטלעכע טעג ביי מיינס אַ באַקאַנטן פון וואַרשע, חבר קובאַ. ער האָט געהאַט דאָס גליק געשיקט צו ווערן דורך דער קאָמ. פּאַרטיי אין פּוילן לערנען אין ראַטנפאַרבאַנד, אין מערב־אוניווערסיטעט; געהערט לעקציעס וועגן דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון טראָצקין אַליין; אַנטיילגענומען אין דער באַרימטער טראָצקיסטישער סטודענטן־דעמאָנס־טראַציע אויפן רויטן פּלאַץ אין מאָסקווע. דערפאַר איז ער אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אוניווערסיטעט און צוריקגעשיקט געוואָרן קיין פּוילן. צו קיין אָנפירערישער אַרבעט האָט מען אים שוין נישט צוגעלאָזט, אָבער ער איז געבליבן אין דער פּאַרטיי, אין וואַרשע, און שפּעטער אויך אין בעלגיע. ער האָט זיך שוין דעמאָלט אַרומגעטראָגן מיט געוויסע ספקות, זיך באַצויגן מיט רעזערוו צו אַלעם. איך בין נאָך — אַזוי ווי מיין טאַטע, פאַרגלייבט אין רבונו של עולם — געווען אָרטאָדאָקסאַל, פול מיט פאַנאַטישן בטחון און אמונה.

קיין אַרבעט האָב איך אָבער אין אַנטווערפּן נישט געקענט געפינען. כדי נישט צו באַלעסטיקן מיין חבר, בין איך צוריקגעפאָרן קיין בריסל, אַנטיילגענומען אין אַן אַרבעטסלאָזע דעמאָנסטראַציע, אַרעסטירט געוואָרן, צוזאַמען מיט אַ חבר פון וואַרשע, דעם ברודער פון באַרימטן יידישן קינסטלער, אברהם גוטערמאַן. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אונדז, אַ גאַנצע גרופּע, געמשפּט אַלס וואַגאַבונדן, ווייל מיר האָבן בעתן אַרעסט נישט געהאַט קיין געלט ביי זיך און אויך נישט קיין באַשטימט וווין־אָרט. אַלע זענען מיר געווען אויסלענדער. צווישן אונדז זענען אַפילו געווען צוויי רוסישע „ווייסגוואַרדייער”. מ׳האָט אונדז פאַרמשפּט אויף 2 חדשים תפיסה און דערנאָך — אַרויסגעשיקט צו ווערן פון לאַנד. די ר׳עכטע האַנט פון יעדן אַרעסטאַנט צוגעשלאָסן צו דער לינקער האַנט פון אַ זשאַנדאַרם — אַזוי האָבן מיר געשפּאַנט פון געריכטס־זאַל צוריק אין טורמע. אין גאַנג האָבן מיר געשריגן: מיר זענען נישט קיין באַנדיטן! מיר ווילן אַרבעט! זעט אייער דעמאָקראַטיע! די טורמע, אַ ריזיקע געביידע, געבויט אין אַמע־ריקאַנער סטיל, קיילעכדיק, די טירן, אָפענע קראַטעס. איין וועכטער האָט אַכטונג געגעבן וואָס ס׳טוט זיך אין קאַמער און 2 האָבן באַדינט אַ גאַנצן שטאָק. אונדז האָט מען אַריינגעפירט אין אַ זייטיקן פליגל, פּאָר נישט גרויסע פאַרברעכער. דאָס איז געווען אַ לאַנגער זאַל מיט נידעריקע, אייזערנע שטיגן. אַ בעטל פאַר יעדן, אַ טאַבורעט, קאַלדרעס און אַפילו

ווייסע ליילעכער. שוין לאַנג בין איך נישט געשלאָפן אויף אַזאַ ריין, באַקוועם געלעגער. ס׳האָט זיך מיר אַפילו אויף אַ רגע אַ טראַכט געטאָן, אַז ס׳איז דאָ גאָרנישט אַזוי שלעכט צו בלייבן לענגער.

אין דער פרי, האָט מען זיך געוואַשן האַלב־נאַקעט, אויף אַ מיליטער־רישן שטייגער, דערנאָך אַ האַלבע שעה געמאַכט ספאָרט אויפן הויף, אָנגעפירט פון אַן אינסטרוקטאָר. דער זאַל, ווו מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט, איז ענלעך געווען צו אַ קינדער־שולע. דער וועכטער זיצט אויף אַ הויכער קאַטעדרע. אַז ער דאַרף אונדז עפּעס זאָגן, שרייבט ער עס אָן אויפן שוואַרצן ברעט. עס מוז זיין שטיל. מיר זענען געווען אַ 50 מאַן. 2 וועכטער האָבן זיך אַרומגעדרייט און געהיט די שטילקייט. פאַרן מינדסטן לאַכן, אָדער שעפטשען, פירט מען אָפּ אין קאַרצער. ס׳איז אויך געווען אַ שאַנק מיט ביכער, אָבער בלויז רעליגיעזע: טינט, פעדערס און פּאַפּיר אויף די טישן. עסן האָט מען אונדז געגעבן דריי מאָל אין טאָג, צו דער זעט. דעם גוטן טעם פונעם עסן האָב איך זיך שפּעטער דערמאָנט אין רוסלאַנד, אין די ווייטערדיקע יאָרן...

נאָכן אָפּזיצן די שטראָף, האָט מען אונדזער גרופּע געפירט אין אַ טורמע־וואַגאָן. (אין רוסלאַנד רופט מען די וואַגאָנען „סטאָליפּינסקי־וואַגאָן״, אויפן נאָמען פון רעאַקציאָנערן צאַרישן אינערן־מיניסטער), צו דער לוקסעמבורגער גרענעץ. די עטלעכע שעה פאַרן זענען געווען מער פיינלעך, ווי די צוויי חדשים טורמע. איך האָב זיך דעמאָלט נישט פאָרגע־שטעלט, אַז מיר וועט נאָך ווען עס איז אויסקומען אַזוי צו פאָרן טויזנטער קילאָמעטער, אין משך פון אַ סך וואָכן, אין פיל ערגערע באַדינגונגען. די בעלגישע זשאַנדאַרמען האָבן אונדז אָנגעוויזן ווי אַזוי אומבאַמערקט אַדורכצוגיין די גרענעץ. אָבער איך בין באַלד ווידער אַרעסטירט געוואָרן, און מ׳האָט מיך געצוווּנגען אונטערצושרייבן, אַז אין משך פון 24 שעה וועל איך פאַרלאָזן די פרייע שטאָט. בין איך נאָך דעם זעלבן טאָג — דורך מעץ, נאַנסי און פאַרשיידענע אומוועגן — צוריקגעקומען קיין פּאַריז.

אין פּאַריז, בין איך צוגעטיילט געוואָרן אין פּלענום פון דער „סור־סעקציע״, צו דער יוגנט. סעקרעטאַר פון דער יוגנט איז דעמאָלט געווען חבר מלך (קעניג). סעקרעטאַר פון דער „סור־סעקציע״ איז געווען דער געוו. מיטגליד פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי אין פּאַלעסטינע, חבר לייבאַ, אַ גוטער רעדנער און גוטער אָרגאַניזאַטאָר. (היינט — דער באַרימטער לייב דאָמב, אין פּוילן). שראַגער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער „קולטור־ליגע״, ווי אויך פאַר דער אַדמיניסטראַציע פון דער ציַיטונג. ער

האָט אָרגאַניזירט אַן אַפּאַראַט פון קאָלפּאָרטערן. אַ דאַנק שראַגערן האָט די צייטונג געקענט דערשיינען צוערשט 2 מאָל אַ וואָך און שפּעטער 3 מאָל אַ וואָך.

אין די יאָרן איז אין ראַטנפאַרבאַנד פּראָקלאַמירט געוואָרן דער „ענין" ביראָבידזשאַן, ווי אַ צוקונפטיקע יידישע רעפּובליק. מיר האָבן אין פּאַריז געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע „פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד". דער פּאָרזיצער איז געווען חבר שלום קאָנסול. פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרגאַניזאַציע און מיט־רעדאַקטאָר פון דער צייטונג — חבר אַבראַם, לויטן צונאָמען „אַבראַם קאָמאינטערן". געטריי מיין צוזאָג האָב איך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן און בויען די „רויטע הילף" לויט די אַראַנדיסמאַנען, אין די געדיכטע יידישע אַרבעטער־צענטערן, אויפן בעלוויל, אין 20סטן און אין 11טן. לויט די בונדישע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען, האָבן מיר צוערשט געשאַפן אַ „באַטווין־גרופּע", „לעקערט־גרופּע", „ענגעל־גרופּע", „ליוקסעמבורג־גרופּע". יעדע גרופּע האָט געהאַט איר אַקטיוו און אַ פּרעזידיום. די קאָנפערענץ פון די פּרעזידיומס האָט געשאַפן דעם קאָמיטעט פון אַראַנדיסמאַן. דערנאָך זענען געשאַפן געוואָרן אַזעלכע גרופּן אין 18טן אַראַנדיסמאַן, אין 3—4טן, אין 10טן. יידישע פאָלקס־מענטשן האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן צו העלפן די פּאָליט.־אַרעסטירטע אין פּוילן. מען האָט געזאַמלט געלט אין די יידישע קאַפע־הייזער און רעסטאָראַנען. יעדן זונטיק אין דער פרי איז מען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב. די פראַנצייזישע טוער פון דער „רויטער הילף" האָבן גאָרנישט געפונען קיין ווערטער אויסצודריקן זייער באַגייסטערונג פאַר אונדזער אַקטיוויטעט און פאַר די גרויסע געלט־סומעס, וועלכע מיר האָבן סיסטעמאַטיש יעדע וואָך אַריינגעטראָגן. אונדזער דעלעגאַציע אויפן לאַנד־צוזאַמענפאָר פון דער „רויטער הילף", אין 1932, אין צענטער פון 20סטן אַראַנדיסמאַן, אין „בעלווילאַז", איז שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרן, און מיר האָבן געמוזט אַרויפגיין צום פּרעזידיום־טיש, כדי אַלע זאָלן אונדז זען. איך האָב זיך אַזוי צונויפגעגאָסן מיט אָט דער מאַסן־אָרגאַניזאַציע, אַז אַנדערש ווי „משה פון דער רויטער הילף" האָט מיך קיינער נישט גערופן.

אונטערן פּסעוודאָנים „אַרטעק", בין איך אויך געווען דער פאָרשטייער פון די יידן אין צ.ק. פון דער „רויטער הילף". איך שטרייך עס אונטער, ווייל נאָר אַזוי האָבן מיר געקענט אויפהייבן אונדזערע ספּעציפישע פראַגן, וואָס זענען די גוטע און ערלעכע פראַנצייזישע חברים פרעמד געווען. אַזוי האָט די „רויטע הילף", צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציע פון בערנאַר לעקאַש, „די ליקאַ", געפירט אַ בשותפותדיקע אַקציע קעגן

פאַרשטאַרקטן אַנטיסעמיטיזם אין פוילן. צענדליקער אַרטיקלען זענען געדרוקט געוואָרן אין אונדזער צייטונג „רויטע הילף״, וועלכע עס האָבן געלייענט צענדליקער טויזנטער פראַנצויזן. ס׳איז פאָרגעקומען אַ מאַסן־מיטינג ווו עס זענען אַרויסגעטרעטן גרויסע פערזענלעכקייטן. פון אונדזער צד זענען אַרויסגעטרעטן עמיל בירא און דער אַלטער, ליבער שאַרל ראַפּאָפּאָרט. טויזנטער אויפרופן און ריזן־פּלאַקאַטן זענען צעקלעפּט געוואָרן אויף די גאַסן פון פּאַריז. ביי דער אַקציע האָבן מיר אויך אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף אין יידיש.

אַרויסגייענדיק איינמאָל פון סעקרעטאַריאַט פון דער „רויטער הילף״, האָט מען מיך אַרעסטירט. דאָס, וואָס מען האָט ביי מיר געפונען, איז געווען צו קאָמפּראָמיטירנדיק, אַז מיין טענה, אַז כ׳בין היינט נאָר־וואָס געקומען קיין פּאַריז, זאָל זיי איבערצייגן. מ׳האָט ביי מיר געפונען שליסלען פון דער דירה, פון סעקרעטאַר פון מיין פּאַרטיי־קעמערל, ווו איך האָב געגעבעכטיקט. דאָס איז געווען אַ יונגער אינטעליגענטער אַרבעטער, אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער „הומאַניטע״. זיין פרוי, אַן אַרבעטערין, געשטאַמט פון מאַרסייל. איך האָב אָפּגעזאָגט אָנצוגעבן דעם אַדרעס פון די שליסלען, און דאָס האָט אַזוי צעווילדעוועט מיין אויספאָרשער, אַז פון זיינעם אַ קלאַפּ, האָט מיר געפּלאַצט אַן אָדער אין דער נאָז, און דאָס בלוט האָט אַ שפּריץ געטאָן ווי פון אַ פאָנטאַן. דעם אַרויסגערופענעם דאָקטער האָט זיך קוים איינגעגעבן אָפּצושטעלן דעם בלוט־פלוס.

ווען כ׳בין צו־זיך געקומען, בין איך שוין געווען אויף אַ וואָקזאַל. מיין באַגלייטער, אַ גוטמוטיקער מענטש, האָט, קוקנדיק אויף מיין נעבעכדיקן אויסזען, געהאַט מיט מיר מיטלייד. „ביסט געקומען קיין פראַנקרייך — האָט ער מיר געזאָגט — האָסטו באַדאַרפט אין זינען האָבן נאָר 3 זאַכן: וויין, מיידלעך און סינעמאַ... רעוואָלוציעס קענען די פראַנצויזן אַליין מאַכן״...

ביי נאַכט זענען מיר אָנגעקומען צו דער גרענעץ־סטאַציע קיין בעלגיע. ער ווייזט מיר דעם וועג וווהין גיין, אָבער איך שפּרינג אַריבער אַ פּלויט, און גיי פונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג, צוריק קיין פראַנקרייך. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען, און בין איינגעשלאָפן. דעם ערשטן פויער, וועלכן איך האָב באַגעגנט, האָב איך געפרעגט אויף וואָסער טעריטאָריע איך געפין זיך? ווייזט זיך אַרויס, אַז איך דאַרף נאָך איבערשניידן אַ וועג, כדי צוריק צו זיין אין פראַנקרייך. אַ בילעט האָב איך גענומען צו אַ סטאַציע, טיפער אין לאַנד אַריין. כ׳בין געגאַנגען

צופוס. ס׳איז גראָד געפאַלן אַ שלאַקס־רעגן און איך בין אין גאַנצן דורכגעווייקט געוואָרן. אין נאָענטן שטעטל האָב איך זיך געקויפט אַ העמד, אַ בערעט, און צומאָרגנס בין איך ווידער געווען אין פּאַריז.

דער פּאַרטיי־קאָמיטעט פון 20סטן אַראַנדיסמאַן האָט זיך געוואָנדן צום צענטראַל־קאָמיטעט ער זאָל מיר העלפן זיך לעגאַליזירן, און אויב ס׳איז אוממעגלעך — מיך שיקן צייטווייליק קיין ראַטנפאַרבאַנד. קודם האָט מען מיך איבערגעפירט פון דער פּאַרטיי פון 20סטן אין 18טן אַראַנדיסמאַן, ווו כ׳בין שוין צוויי מאָל פאַרהאַלטן געוואָרן.

צו מיין גליק, אָדער אומגליק, בין איך צוגעטיילט געוואָרן צום קעמערל, ווו מאָריס טאָרעז איז גראָד געווען אָנוועזנד, ווען מיין פראַגע איז באַהאַנדלט געוואָרן, כאָטש ער פלעגט זעלטן קומען. צו יענער צייט איז געווען אַ באַשלוס, אַז די מיטגלידער פון צ. ק. געהערן צו געוויינלעכע קעמערלעך. צו זיין שבח, מוז מען צוגעבן, אַז זיין האַלטונג איז געווען אַ באמת פּאַלקסטימלעכע. ער האָט זיך נישט אויסגעטיילט און געפירט פונקט ווי יעדער מיטגליד. אויך די „סו־סעקציע" האָט אָנגענומען וועגן מיר אַן ענלעכן באַשלוס.

פּאַראַלעל מיט דער „רויטער הילף", האָבן מיר אָנגעהויבן צו שאַפן „פּאַטראָנאַטן", צוהילף די חברים, וואָס זיצן פאַרשפּאַרט אין די פּוילישע תפיסות. דאָס האָט געוועקט ביי די פשוטע יידן דעם סענטימענט פון לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם. מיר זענען דערגאַנגען צו מענטשן, גאַנץ ווייטע פון אונדז, דער עיקר מיטגלידער פון סאָסיעטעס. די ערשטע פאַראַנט־וואָרטלעכע פאַר די „פּאַטראָנאַטן" זענען געווען מוישל וויינמאַן און דער קליינער פּראָים. דער לעצטער איז אין וואַרשע געווען פאָרזיצער פון דער יוגנט־סעקציע אין טעקסטיל־פאַראיין, מיטגליד אין מוראַנאָווער ק. ד. אין פּעריאָד פון אינערלעכן פּאַרטיי־קאַמף איז ער געווען אַן אָנהענגער פון די „מערהייטלער". דאָס האָט אים דערווייטערט פון זיינע פריערדיקע פריינד. אין פּאַריז האָב איך זיך מיט אים זייער דערנענטערט. ער איז געווען אַ קלוגער און ערלעכער מענטש. „צו דער פּאַרטיי וויל איך נישט געהערן — האָט ער מיר געזאָגט — אָבער די הילפס־אָרגאַניזאַציעס וויל איך ווידמען מיין גאַנצע ענערגיע". ווען איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב אַ האָפענונג צו פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד, האָט ער צו מיר געזאָגט: „ביסט אַ גוטער קאַנדידאַט אַהין. וועסט האַלטן אין איין שרייען: ,זאָל לעבן די גענעראַל־ליניע!...' ביסט פון די יידן, וואָס האָבן געזאָגט

ביים באַרג סיני: נעשה ונשמע... דו שטאַמסט פון אַ טאַטן אַ חסיד, און איך בין — אַ משכּיל״...

(בעתן בירגער־קריג אין שפּאַניע, איז ער אַוועק אַהין אַלס פריי־וויליקער. נאָך דער מלחמה, איז ער אין אַ שווערער דעפּרעסיע באַגאַנגען זעלבסטמאָרד).

דער ווירטשאַפטלעכער שטילשטאַנד פון יענע יאָרן אין פראַנקרייך, האָט זיך דער עיקר אויסגעווירקט אויף דער לייכט־אינדוסטריע, אין וועלכער עס זענען געווען באַשעפטיקט דאָס רוב יידן. די „מאָרט־סעזאָנען״ זענען געוואָרן אַלץ לענגער. אַמשאַרפסטן האָבן עס געפילט די ביי־געקומענע עמיגראַנטן, אָן רעכט אויף וווינען און אויף אַרבעט. די זאַכלאַגע האָט זיי געשטויסן צו פאַרבינדן זיך נענטער מיט דער קאַמ־באַוועגונג. זיי האָבן אויך געשפּינט האָפענונגען, וועגן פאָרן צום „צויבער־לאַנד״, קיין רוסלאַנד, בפרט קיין ביראָבידזשאַן, וואָס איז אין יענע יאָרן ברייט פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס די צוקונפטיקע יידישע רעפּובליק ביים אַמור. 80 פּערזאָן זענען דורך אונדז געשיקט געוואָרן אַהין און הונדערטער האָבן זיך געריסן מיטצופאָרן. די יידישע באַפעל־קערונג אין פּאַריז האָט מיט געטריישאַפט און ליבע צושטייער געגעבן איינצוקויפן פאַרשיידענע מינים געצייג, און מכשירים, אַוועקצופירן קיין ביראָבידזשאַן.

די אַרבעטסלאָזיקייט אין לאַנד איז בכלל געשטיגן, אָבער די לאַגע פון די יידישע אַרבעטסלאָזע איז געווען אַ באַזונדערס שווערע. ווייל זיי האָבן נישט באַקומען אַפילו די מאָגערע אונטערשטיצונג, וואָס עס האָבן באַקומען די פראַנצייזישע אַרבעטסלאָזע. מיר האָבן געעפנט אַ קיך פאַר אַרבעטסלאָזע, אין אַ פּאַסאַזש פון 20סטן אַראָנדיסמאַן. העכער 100 אַרבעטסלאָזע זענען צוויי מאָל אַ טאָג געקומען עסן אין גאַנצן אומזיסט. אַ טייל פּראָדוקטן פלעגן מיר באַקומען ווי אַ געשאַנק פון יידישע בעקער, קצבים און קרעמער. דאָס, וואָס די אַרבעטסלאָזע, אָדער האַלב־אַרבעטסלאָזע, פלעגן צאָלן אין די אָוונטן, האָט געדעקט אונדזערע הוצאות. מיר האָבן אין דעם ווינטער אויך באַזוכט פאַרזאַמלונגען פון די סאָסיעטעס, געזאַמלט געלט פאַר די אַרבעטסלאָזע. אָט די אַקציע האָט אונדז מאָראַליש און פינאַנציעל געשטאַרקט.

אין זעלבן יאָר 1933 האָט די „סר־סעקציע״ באַשלאָסן צו מאַניפעס־

טירן אין אַ באַזונדערער גרופּע אין טראַדיציאָנעלן צוג צו דער קאָמונאַרן־וואַנט, וואָס פאַלט אויס אין חודש מאַי. אַ בונטע יידישע גרופּע האָט מאַרשירט צווישן דער פעלקער־משפחה פון אויסלענדישע אַרבעטער — שפּאַניער, איטאַליענער, פּאָליאַקן. די יידישע גרופּע האָט מאַרשירט, בראש מיט די יידישע קינדערלעך פון אונדזערע צוגאָב־שולן, ספּאָרט־קלוב „יאַסק", כאָר און דראַמקרייז. די גרויסע מאַסע יידישע אַרבעטער האָט מאַרשירט אין געשלאָסענע רייען. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג צווישן פראַנצייזישע פאָלקס־מענטשן, צווישן וועלכע ס'האָט זיך אויך געפונען אונדזער ליבער, אַלטער און שטענדיק יונגער שאַרל ראַפּאָפּאָרט. די גאַנצע עליטע פון דער פּאַרטיי, מיט טאָרעז און קאַשען, האָבן אויסגערופן: „זאָלן לעבן די יידישע אַרבעטער!" דאָס האַרץ איז אין יענע מינוטן אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד און שטאָלץ.

אָבער דאָס, וואָס איז אַזוי פאַרשטענדלעך געווען פאַר די פּראָגרעסיוון, האָט אַרויסגערופן אַ סך בייז בלוט ביי אַ טייל יידישע חברים, וועלכע זענען שטענדיק גענייגט צו פאַרלייקענען זיך אַליין. זיי האָבן די באַזונדערע קאָלאָנע אין מאַרשרוט צו דער קאָמונאַרן־וואַנט באַצייכנט ווי — „בונדיזם" און „נאַציאָנאַליזם"...

נאָך קנאַפּע 2 יאָר וווינען אין אַ בוידעם־צימערל, אויף אַן אייזערן בעטל, צוזאַמען מיט נאָך אַ 6—7 חברים, בין איך אַוועק וווינען צו מיינס אַ חברטע. אַ טייל פון מיינע מיטוווינערס, וואָס זענען דערנאָך אַלע אומגעקומען, וויל איך דאָ דערמאָנען. דער באַלעבאָס, אויף וועמענס נאָמען דאָס בוידעם־שטיבל איז געדונגען געוואָרן, איז געווען שלום קאָנסול, אַ בלאָנדער בחור מיט אַ געלאָקטער טשופּרינע, אַ האַרציקער חבר. ער איז געווען גרייט טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן. אַן אומרויִקע נשמה; אַרומגעוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך אין פראַנקרייך, כמעט שטענדיק אַרבעטסלאָז. זיין אַקטיווע אַרבעט אין פראַנצייזישן פּאַרטיי־קעמערל האָט אים נישט באַפרידיקט. אים איז בעסער געפעלן די טאָג־טעגלעכע קולטור־טעטיקייט און סינדיקאַלע אַרבעט אויף דער „יידישער גאַס".

ווען ס'איז פּאָפּולער געוואָרן די באַוועגונג פאַר ביראָבידזשאַן, איז ער געווען די נשמה פון דער אַרבעט. האָט פאַרשריבן קאַנדידאַטן אויף איבערוואַנדערונג. דערפאַר איז ער געקרוינט געוואָרן מיטן נאָמען — שלום „קאָנסול". אין שפּאַנישן בירגער־קריג האָט ער דערנאָך געקעמפט

אין די רייען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע. בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע, איז ער פון פּאַריז דעפּאָרטירט געוואָרן.

„שוואַרצער״ — אַזוי האָט מען גערופן דעם חבר מיטן שיינעם, געדיכטן קאָפּ האָר. בעת מיר זענען אַ מאָל ביידע געגאַנגען הונגעריקע צום קאָאָפּעראַטיוון אַרבעטער־רעסטאָראַן „בעלוויליאַז״, דאָרט טרעפן עמעצן, ווער ס׳זאָל באַצאָלן פאַר אונדז אַ מיטאָג, זאָגט ער צו מיר: „ווייסט וואָס, ווען מיר זאָלן אַוועקגעבן די גאַנצע ענערגיע, וואָס מיר גיבן אַוועק דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, צו ווערן רייך, וואָלטן מיר עס זיכער דערגרייכט. ער האָט אָבער, אין דער אמתן, נישט געזוכט קיין רייכקייט. אין שפּאַניע האָט ער געקעמפט אין דער באַטאַליאָן־קאַמפּאַניע, און איז צוריקגעקומען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אינוואַליד. מ׳האָט אים אַוועקגעשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד. צוריקקומענדיק נאָך דער מלחמה קיין וואַרשע, האָבן מיר זיינע מיטקעמפער דערציילט, אַז ער האָט זיך כסדר געבעטן ביי זיי, זיי זאָלן אים אַרויסנעמען פון „גן־עדן״. געשטאָרבן איז ער אין 1958.

אַברהם „קאָמאינטערן״ — דער נאָמען אַליין זאָגט שוין אַלץ וועגן זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט. אָנגעהויבן האָט ער אין וואַרשעווער טעקסטיל־פאַראיין. געווען אַ מיטגליד אין מוראַנאָווער ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער יוגנט, אין דער וואַרשעווער יידישער ביוראָ, געשיקט געוואָרן לערנען קיין מאָסקווע. נאָכן פאַרענדיקן דעם „מערב־אינסטיטוט״, האָט מען אים צוריק „אַריבערגעוואָרפן״ קיין וואַרשע, ווו ער האָט געאַרבעט אין דער יידישער יוגנט־ביוראָ. געווען אַ גוטער רעדנער, אויך פאַרמאָגט זשורנאַליסטישע פעיִקייטן. אין דער צייט פון אינערלעכן פּאַרטיי־קאַמף, האָט ער געהערט צו די „מערהייטלער״. דאָס האָט אים אַרויסגעשטויסן פון דער אָנפירערשאַפט. אין פּאַריז האָט ער ביי זיין פאַך נישט געקענט פאַרדינען. ער איז, אגב, געווען אַ קנאַפּער בעל־מלאכה. דערצו איז ער נאָך געווען זייער קורצזיכטיק, געטראָגן דיקע ברילן און געהאַט קראַנקע פיס. ער האָט געהערט צום מין פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן. געווען מיטרעדאַקטאָר אין דער „נייע פּרעסע״, מיטגליד אין דער „סר־סעקציע״, אַרויסגעטרעטן מיט רעפעראַטן און לעקציעס. בעתן בירגער־קריג אין שפּאַניע געקעמפט אין דער באַטאַליאָן־קאָמפּאַניע. זיין פראָנט־קאָמאַנדיר, באָרנשטיין, האָט מיר דערציילט: „כ׳האָב אים נישט איין מאָל געזאָגט: ,אברהם, נאָך וואָס ביסטו געקומען אַהער? ביסט דאָך אַ צעבראָכענער מענטש׳. ,יאָ — ענטפערט ער — פיזיש בין איך טאַקע נישט פעיִק צו

רעוואָלוציאָנערע טאַטן, אָבער מײַן האַרץ און נשמה האָבן מיר דיקטירט צו קומען אַהער קעמפן. אויך אברהם „קאָמאַינטערן" איז בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע אין פּאַריז דעפּאָרטירט געוואָרן.

אין אויגוסט 1933 האָב איך געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן ערשטן 5־יאָר־פּלאַן אין ראַטנפאַרבאַנד, אַנגעפּיקעוועט מיט ציפערן און סכעמעס. איך האָב זיך געפילט זייער געהויבן, ווייל דעם זעלבן טאָג איז אָנגעקומען די דערלויבעניש פאַר מיר צו פאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד. נאָכן רעפעראַט בין איך מיט מײַן חברטע אַהיימגעגאַנגען צופוס, דורך דער אַווענ‎י דע לאַ רעפּובליק, צו אונדזער קליין צימערל. איך האָב דאָרט געוווינט אומלעגאַל, נישט אײַנגעמאָלדן, אויפן חסד פון דער „קאָנסיערזשקע". זי איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי און אַפילו צוזאַמען מיט איר מאַן געוווינט מיט מיר אין איין קעמערל. ס׳איז געווען אַ שיינע אויגוסט־נאַכט. דאָס איז געווען די גליקלעכסטע צײַט פון אונדזער צוזאַמענלעבן. איך פאָר קיין ראַטנפאַרבאַנד! אַלץ אין מיר האָט געזונגען פאַר פרייד און גליק. „ס׳איז מיר איצט צו־גוט אַוועקצופאָרן קיין ראַטנפאַרבאַנד" — זאָג איך צו מײַן חברטע. זי האָט עס אפשר אויך געפילט, אָבער האָט עס נישט געקענט אויסדריקן אין קיין ווערטער.

צומאָרגנס האָב איך באַקומען אין סעקרעטאַריאַט פון צ. ק. פון דער „רויטער הילף" די קאָפּיע וועגן באַשלוס, אַז מען שיקט מיך קיין ראַטנ־פאַרבאַנד, אונטערגעשריבן פון מאָריס טאָרעז אַליין, אין יאָר 1932, און דעם ענטפער פון צ. ק. פון „מאָפּר" אין מאָסקווע וועגן זייער הסכמה, אונטערגעשריבן פון דער סטאַסאָוואַ, אין יולי 1933 יאָר. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען מיר צוגעשטעלט אַ פּאַס אַלס... פראַנצייזישער בירגער, פון עלזאַס־לאָטרינגען, אויפן נאָמען בלאָק; באַקומען אַ בילעט און אַ „פּאַראָל" צום פאָרשטייער פון דער „רויטער הילף" אויף דער גרענעץ־סטאַציע ביגאָסאָוואָ אין רוסלאַנד.

פאַר מײַן אָפּפאָרן האָט די סו־סעקציע אײַנגעאָרדנט פאַר מיר אַ געזעגענונגס־אָוונט. עס זענען געקומען עטלעכע צענדליק אַקטיוויסטן. פאָרזיצער פון אָוונט איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער סו־סעקציע, חבר שראַגער. אויפן אָוונט איז אויך געווען פאַרבעטן אַ גרופּע חברים פון דרום־אַמעריקע, בעת זייער צוריקרייזע פון ראַטנפאַרבאַנד. זייער פאָרשטייער האָט, צווישן זיינע שבחים פאַרן ראַטנפאַרבאַנד, פאַרבײַ־גייענדיק, עפּעס אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז — גייענדיק צום אָוונט,

האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז ער וואָלט מיך אפשר געדאַרפט עצהנען אָפּצוהאַלטן זיך, צייטווייליק צו פֿאָרן אַהין. ס׳איז מיר דעמאָלט אַפילו נישט איינגעפאַלן צו נעמען אין אַכט אַזעלכע רייד. צום שלוס האָט ער מיר געווונטשן אַ גליקלעכע צוקונפֿט, און דער עיקר — זיך נישט אַנטוישן... זיינע רייד האָבן געהאַט אַ מאָדנעם בייגעשמאַק.

מ׳האָט מיר צוגעשטעלט צוויי בריוו פֿון דער סו־סעקציע; איינעם צו דער אָנפֿירערין פֿון יידישן סעקטאָר, פֿון מערב־אוניווערסיטעט אין מאָסקווע, חברטע אסתר פרומקין, וועגן מיין קומען אַהין ווי אַ שילער; דער צווייטער בריוו איז געווען צום געוועזענעם סעקרעטאַר פֿון דער סו־סעקציע, חבר לייבאַ, וואָס האָט דעמאָלט געלערנט אין מערב־אוניווערסיטעט, וועגן העלפֿן מיר.

סוף אויגוסט 1933 האָב איך פֿאַרלאָזן פּאַריז, דאַן האָב איך ערשט דערפֿילט מיין טיפֿע בענקשאַפֿט צו דער שטאָט, ווו איך האָב פֿאַרבראַכט עטלעכע פֿון מיינע בעסטע יוגנט־יאָרן, אַ בענקשאַפֿט צו מיין חברטע, מיין כּלה, מיט וועלכער איך האָב זיך אַזוי פּלוצים צעשיידט — ווער ווייסט אויף ווי לאַנג?

קאַפּיטל זיבן

# צום לאַנד פון מיינע טרוימען

און אַט פאָר איך ווידער איבער דייטשלאַנד. אַלע מיטפאָרער אין וואַגאָן האָבן עפּעס אַ האָפּערדיקן אויסזען; אַלע באַגריסן זיך אויפן היטלערישן אופן. אויף אַלע סטאַציעס זעט מען מאַרשירנדיקע קינדער און יוגנטלעכע. באַוואָפנטע יונגען, מיט לענטעס און האַקנקרייצן אויף די אָרעמס, דיזשורירן. עס דערמאָנט די קינאָ־בילדער, וואָס איך האָב געזען, להבדיל, וועגן ערשטן פּעריאָד פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. מיט 4 יאָר צוריק האָב איך נאָך אויף די אָרעמע הייזער אין בערלין געזען פלאַטערן רויטע פענער. אַצינד פלאַטערן אויף די אָפּגעקראָכענע פאַרשטאָט־הייזער פענער מיט האַקנקרייצן.

פריִער האָב איך אין יעדן דייטשן אַרבעטער געזען אַ פּאָטענציעלן קאָמוניסט, אויף וועלכן מיר, די יידישע יוגנט אין פוילן, האָבן געלייגט אַזוי פיל האָפענונגען. אַצינד האָב איך אויף זייערע אַרבעטס־קליידער באַמערקט היטלערישע אָפּצייכנס. קוים עטלעכע חדשים, ווי די ברוינע היטלערישע פּעסט איז ביי דער מאַכט! זיי האָבן — מיט טעראָר און אַגיטאַציע — באַקומען 44 פּראָצענט שטימען. דאָס מיינט העכער 17 מיליאָן ווילער. אָבער 12 מיליאָן האָבן דאָך געשטימט קאָמוניסטיש און סאָציאַליסטיש. פאַר וואָס זשע זעט מען נישט זייער אַקטיוויקייט קעגן בלוטיקן פאַשיזם? ווי אַזוי קען מען אָננעמען די אָפּשאַצונג פון „קאָמאינטערן", אַז דייטשלאַנד איז נישט איטאַליע און אַז דאָ וועט דער פאַשיזם לאַנג נישט אָנהאַלטן. מען באַגריסט גאָר די דייטשע קאָמוניסטן פאַרן צוריקציִען זיך, אַן דעם מינדסטן קאַמף. האָבן מיר דאָך אַלע יאָרן געלערנט ביי לעגינען, אַז דער פאַרשפּילטער קאַמף אין 1905 האָט געשאַפן די באַזע פאַרן זיג אין 1917. ווי אַזוי קען מען איצט באַצייכענען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַלס „סאָציאַל־פאַשיסטן", ווען זיי זענען די זעלבע קרבנות ווי מיר פון פאַשיזם און ווילדן ראַסן־האַס, קעגן דער פיזישער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק?

ווען דעם אַלעם טראַכט איך, גייענדיק איבער די גאַסן פון די דייטשע שטעט. דאָס פאַרפאָלגט מיך, נאָך אַלץ, אויך ווען איך בין שוין אויף דער טעריטאָריע פון ליטע. איך בין אַזוי צעשטרייט, אַז איך בין אַריבערגעגאַנגען פון מיין 1טן קלאַס וואַגאָן אין 3טן קלאַס. צום גליק בין איך אַריין אין אַזאַ וואַגאָן, ווי די וואָס מ׳האָט געזען אויף דער ליניע וואַרשע—אָטוואָצק. יידן, יידענעס מיט זעק און פעק. מ׳פילט זיך היימיש. ווען וואָס מ׳זאָל נישט רעדן, קומט מען אַרויס אויף די געשעענישן אין דייטשלאַנד; מ׳רעדט אַז די אייגענע אַנטיסעמיטן אין ליטע זענען נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי חוצפהדיק, ווי אַצינד. נאָר יידן האָבן בטחון, אַז די וועלט וועט נישט דערלאָזן; און ווען איך זאָג זיי, אַז דער ראַטנפאַרבאַנד וועט נישט לאָזן דעם פאַשיזם אויפהייבן דעם קאָפּ, זע איך, אַז די יידן האָבן ווינציק גלויבן אין דעם. ווען איך דערצייל זיי, אַז איך קום פון פראַנקרייך און פאָר קיין ראַטנפאַרבאַנד, שפּרינגען זיי אויף פון די ערטער: „סטייטש, וואָס טוט איר? ס׳איז דאָך דאָרטן אַ שרעקלעכער הונגער!". איך זאָג, אַז ס׳איז ליגן, דאָס האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס, די ווייס־גוואַרדייער, אויסגעטראַכט. דאָ איז אויפגעשטאַנען אַ ייד מיט אַ ווייסער, צעפלאָשעטער באָרד, ער שלעפּט אַרויס אַ בריוו און ווייזט מיר: „אָט זעט דעם שטעמפּל פון דער רוסישער פּאָסט, פון כ׳רסאָנער געגנט. מיין שוועסטער שרייבט, אַז מען הונגערט... יונגערמאַן, שטייגט אָפּ אויף דער ערשטער באַן־סטאַציע, פאָרט צוריק. אין עטלעכע שעה אַרום וועט שוין זיין צו שפּעט"...

איך האָב אונטערגעשמייכלט, און ס׳איז מיר געווען אַ וווּנדער — אַזעלכע אָרעמע יידן, וווינען כמעט אַ שפּאַן פון ראַטנפאַרבאַנד און גלייבן אין אַזעלכע באָבע־מעשיות. אויף ווי ווייט די אַגיטאַציע ווירקט! אַפילו מיין שוואָגער אין פּאַריז, אַ סימפּאַטיקער, וואָס שטיצט מיט אַ ברייטער האַנט אונדזער באַוועגונג, האָט זיך אויך פאַר מיין אָפּפאָרן אַרויסגעכאַפּט, גאַנץ ערנסט: „עס, עס זיך אָן צו דער זעט... דאָרטן ווערסטו אוודאי אַלץ נישט האָבן"... דאָס עסן שפּילט ביי מיר נישט קיין גרויסע ראָלע, נישט צוליב דעם בין איך געוואָרן אַ קאָמוניסט. אַז ס׳וועט געשאַפן ווערן אַ געזעלשאַפטלעכער סיסטעם אין וועלכן אַלע פעלקער וועלן זיך קענען פריי, נאַציאָנאַל אויסלעבן, אָן מלחמות, אַז ס׳וועט אָפּגעשאַפן ווערן די עקאָנאָמישע אומגלייכקייט, וועט מען קענען אַרויסרייסן מיטן וואָרצל דעם ראַסן־האַס און דעם אַנטיסעמיטיזם — דאָס האָט אַמשטאַרקסטן געווירקט אויף מיין באַוווסטזיין. טאָג־טעגלעך האָב איך נאָכגעפאָלגט די

סאָוויעטישע פּרעסע, געשלונגען די נייע ליטעראַטור פון ראַטנפאַרבאַנד און הייליק געגלייבט אין׳ לעבינס ווערטער: „דער אַרבעטער וועט שאַפן אַזעלכע אַרבעטס־באַדינגונגען, פול מיט פרייד פון זיין באַוווסטזיין, אַז ער איז דער באַלעבאָס פון דעם. די סאָוויעטישע ווירטשאַפט וועט שאַפן אַזאַ שפע פון מאַטעריעלע רייכטימער, אַז דאָס וועט זיין אַן איבערצייגנ־דיקער פאַקטאָר פאַרן מערב־אייראָפּעיִשן פּראָלעטאַריאַט, אין דער העכער־קייט, בעסערקייט פון סאָציאַליסטישן ווירטשאַפט־סיסטעם״.

וואָס מער מיר דערנעטערן זיך צו דער גרענעץ, אַלץ לייַדיקער ווערן די וואַגאָנען. שפּעט אין אָוונט בלייבן בלויז דריי פּאַסאַזשירן. מיר שטייגן אויס אויף דער ערשטער סאָוויעטישער סטאַציע ביגאַסאָוואָ. אַ גרויסער, נאָך נישט פאַרענדיקטער וואַרט־זאַל, וואָס קען אויפנעמען הונדערטער פּאַסאַזשירן. ער איז שוואַך באַלויכטן. מיר שטעלן אַוועק דעם באַגאַזש צו דער גרענעץ־קאָנטראָל. איך בעט אַרויסרופן דעם פאַרשטייער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער „רויטער הילף״. מיין באַגאַזש ווערט נישט קאָנטראָלירט. אַ מיליטער־מאַן שטעלט זיך פאָר מיר פאָר, ווי דער פאַרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע. איך גיב אים איבער דעם „פּאַראָל״. ער קאָנטראָלירט מיין וואַליזקע גאַנץ אויבנאויפיק. איך לייג אויף דעם קיין אַכט נישט. מיך אינטערעסירן די לאָזונגען אויף די ווענט. איך בין פאַרכאַפּט פון די ריזן־לאָזונגען אין דייטש און פראַנצייזיש, וואָס באַגריסן דעם מערב־אייראָפּעיִשן פּראָלעטאַריאַט. אַ פּראָזשעקטאָר באַלייכט די פיר גרויסע פאָרטרעטן: מאַרקס, ענגעלס, לענין, סטאַלין. איך האָב טרערן אין די אויגן פון פרייד.

גאַנץ פּראָזאַיִש, נישט פאַרשטייענדיק, זעט אויס, מיינע געפילן, הייסט מיר דער מיליטער־מאַן נעמען מיינע וואַליזקעס, זיי צושליסן, האַלטן מיט זיך און גוט אַכטונג געבן אויף זיי. מען ברענגט מיר אַריין אַ גאַנצע אָפּגעפּרעגלטע הון מיט עטלעכע ווייסע בולקעלעך; מען הייסט מיר עסן און דעם רעשט נעמען מיט זיך, ווייל קיין מאָסקווע וועל איך ערשט אָנקומען אויפן צווייטן טאָג. ער גיט מיר אַ בילעט אין אַ שלאָף־וואַגאָן, ערשטע קלאַס, און 300 רובל. איך קווענקל זיך, ווייל נישט נעמען אַזוי פיל. קלאַפּט ער מיר גוטמוטיק איבער דער פּלייצע און זאָגט: „חבר, אַזוי דאַרף מען!״ און רוקט מיר אונטער אַ פּאַפּירל אונ־טערצושרייבן. „מ... — טראַכט איך — מען באַרגט מיר טאַקע אויס, אָבער...״ ווו זענט איר, יידן, פון וואַגאָן? אָט זעט דעם „שרעקלעכן

הונגער פון דעם סאָוויעטישן לאַנד״... מיין מאַמע, געדענק איך, האָט מיט אַ דרויבע אַ גאַנצן שבת געפּראַוועט... טויט־מיד, פון אַזוי פיל איינדרוקן, בין איך אָפּגעשלאָפן די גאַנצע נאַכט אין באַקוועמען שלאָף־וואַגאָן.

אויפגעמאַכט אין דער פרי די אויגן, טרעף איך אין מיין וואַגאָן דריי פּאַסאַזשירן, צוויי מענער און אַ פרוי, אַלע האַלב־מיליטעריש געקליידעט. לויט זייערע געמיטלעכע שמועסן, פאַרשטיי איך, אַז דאָס זענען ווירטשאַפטלעכע אָנפירער. דווקא די שטאַרק־אויסדריקלעכע מע־נערישקייט פון דער פרוי געפעלט מיר. אָט דאָס — זאָג איך זיך — איז די סאָוויעטישע פרוי! נישט די צעקראָכענע דאַמע פון די קאַפּי־טאַליסטישע לענדער. אַזוי האָט מען איבערדערצויגן די שיינע „אַננאַ קאַרעניגאַ״! אָט איז די לעבעדיקע, שיינע קאַטיאַ פון לידיאַ סייפולינאַ. אַצינד האָט זי אויסגעביטן איר ביקס אויף אַ טעקע!...

ווי פשוט איך בין נישט אָנגעטאָן, טייל איך זיך פון דעסטוועגן אויס מיט מיין „אויסלענדישקייט״. זיי זענען מיט מיר זייער העפלעך, זענען מיך מכבד מיט פּרוכטן. עס קומען מיר אויפן זכרון בערנאַרד שאָוס ווערטער, אַז מ׳האָט אים אַזוי אָנגעשראָקן, אַז אין רוסלאַנד איז גאָרנישט דאָ, אַז דאָס אַלץ, וואָס ער האָט מיטגענומען, האָט ער אַרויסגעוואָרפן דורכן וואַגאָן־פענצטער. איך כאַפּ זיך איצט, אַז הלוואי וואָלט איך יאָ מיטגענומען, וואָלט איך געהאַט מיט וואָס מכבד צו זיין מיינע ליבלעכע מיטפאָרער...

מיר דערנענטערן זיך צו מאָסקווע, די רומפולע סאָוויעטישע הויפּט־שטאָט. דורכן פענצטער זע איך קליינע דאָרפישע הייזקעס, באַדעקטע מיט שטרוי. ס׳איז אַ שיינער סעפּטעמבער־טאָג. די זון גלעט אַזוי אָנגענעם. ס׳דערמאָנט מיר אין מיין שטעטל, ווען ס׳שמעקט אין האַרבסט מיט צעאַקערטער ערד, צום ווינטער־פאַרזיי. מען רייסט די זאַפטיקע עפּל, באַרן, פלוימען, אַפילו די קליינע באַרעלעך, וואָס וואַקסן אויף די ביימער, הפקר, ביים טייך. די פּויערים אַרום דרעשן די תבואה, סקירדעווען דאָס שטרוי און היי; גראָבן אויס די צוקער־בוראַקעס, קאַרטאָפל, קרויט...

און דאָ, אויפן מאָסקווער וואָקזאַל, זע איך פּויערים, פרויען, קינדער, אָפּגעריסענע, שמוציקע. זיי זיצן אויף דער ערד. די געוואַלדן און געשרייען פון וויינענדיקע קינדער פאַרטויבן די אויערן. מאַמעס, מיט אַנטבלויזטע, אויסגעדאַרטע ברוסטן פאַרשטופּן די מיילכלעך פון די קינדער. די מיליץ שטופּט, שטויסט, מיט אכזריות, די, וואָס זענען צעלייגט

אויפן מיטן פּלאַץ, וואָס פירט אין שטאָט אַריין. ס'מאַכט דעם איינדרוק, ווי דאָס וואָלטן געווען „ביעזשענצעס" (פּליטים). ווער זענען זיי? וווהין פאָרן זיי? אין אַזאַ צייט, ווען עס ברענט די אַרבעט אויפן דאָרף? און זייער אויסזען! און דאָס — שוין לאַנג נאָכן זיגרייכן פאַרענדיקן דעם ערשטן 5־יאָר־פּלאַן!

איך דערמאָן זיך: נאָך דעם ווי מיר האָבן באַקומען די סכעמעס, די ציפערן מיט די רעזולטאַטן פון ערשטן 5־יאָר־פּלאַן איז צו מיר געקומען מיין חבר פּסח קאָן (לעכטער), אַ מיטאַרבעטער פון אונדזער צייטונג. מיט ברען און היץ האָט ער מיר געזאָגט: „וואָס טויג מיר הויך־פּאָליטיק, אָט זענען פּשוטע ציפערן, וואָס לייגן אַלע אונדזערע קעגנער אויף די „לאָפּאַטקעס" — הונדערט־פּראָצענטיקע קאָלעקטיוויזאַציע, אָפּגע־שאַפן די „מיעזשעס" (גרענעצן) פון די קליינע שטיקלעך פעלד, מיט די קריגערייען און בלוטיקע געשלעגן צווישן די פּויערים. אַנשטאָט די מאָגערע פערדלעך — טראַקטאָרן און קאָמביינען, אויף גרויסע שטחים. ווי גליקלעך עס דאַרף איצט לעבן די סאָוויעטישע באַפעלקערונג! און ביי אונדז אין פראַנקרייך — שטילשטאַנד אין דער אינדוסטריע. קיין איין אַרבעטער, אַפילו ווען ער אַרבעט, קען זיך נישט דערלויבן צו עסן צוויי מאָל אין טאָג אַ שטיקל פלייש... אַן אַרבעטסלאָזער באַקומט 11 פראַנק שטיצע אַ טאָג. דאָ דאַרף מען שפּאָרן אויפן „שוואַרצן טאָג". און דאָרט, אין ראַטנפאַרבאַנד, זענען אַלע פאַרזיכערט מיט אַרבעט"...

אַזוי טראַכטנדיק, האָב איך זיך דערוואַרט ביז ס'איז געקומען די חברטע לאָרענץ, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרשטייער פון צ. ק. פון „מאָפּר", די פאַרטרעטערין פון דער חברטע סטאַסאָוואַ. זי האָט מיך אויפגע־נומען. זי באַציט זיך האַרציק, אַנטשולדיקט זיך פאַר וואָס דער פראַנ־צייזישער פאַרשטייער האָט מיך נישט אויפגענומען, ער איז אַוועק אין אַ דעלעגאַציע איבערן לאַנד. זי פירט מיך אַוועק אין אַ צימער אין דעם גרויסן שיינעם האָטעל „מאָסקוואַ", געבויט בעתן ערשטן 5־יאָר־פּלאַן, לאָזט מיר איבער טאַלאָנען אויף אַ וואָך צו פרישטיקן אין האָטעל, מיטאָגן און אָוונט־ברויט אין הויז פאַר פּאָליט.־עמיגראַנטן, אין „דוואָר־צאָווע פּאַלע". איך באַוווּנדער די מאָדערנע איינריכטונג און באַדינונג. איך קוק אַרויס אויף דער שיינער פּאַנאָראַמע דורכן פענצטער.

אין געררוימען צימער וווינען מיט מיר נאָך 2 חברים, איינער פון דרום־אַמעריקע, דער צווייטער פון איראַן. זיי זענען שוין צוויי חדשים אין לאַנד, געקומען לערנען אין פּאַרטיי־שולעס. דער איראַנער איז

אַ באַרעדעוודיקער. מ׳האָט אים געוואָלט אָננעמען אויף אַ 3־יאָריקן קורס, איז ער נישט מסכּים, ווייל דעמאָלט וואָלט ער געדאַרפט אָראָפּנעמען זיין פרוי, און דאָס וויל ער נישט. דאָ וועט איר זיין שווער צוצופּאַסן זיך צום טאָג־טעגלעכן לעבן.

אין זוניקן פרימאָרגן כאַפּ איך זיך אויף אַ פריידיקער. דאָס צימער איז פאַרגאָסן מיט זון. דער ראַדיאָ שפּילט. דער טומל פון דער גאַס דערגייט נישט אַהער. ס׳איז אַזוי לייכט צו אָטעמען. אַזעלכע ווייטע האָריזאָנטן! אָט איז מאָסקווע מיט אירע 1600 צערקוועס. אירע אַמאָליקע הערשער האָבן געוואָרפן אַ שרעק נישט נאָר אויף די אונטערטאַנען, נאָר אויך אויף די שכנים. און אָט קוקן אַצינד מיליאָנען מענטשן מיט האָפענונג צום קרעמל. זיי גלייבן אין דער דערלייזונג, וואָס ער וועט ברענגען.

ביים פרישטיק שלינגט מען מיט נייגעריקייט די אויסלענדישע קאָמוניסטישע פּרעסע. די מערסטע איינוווינער פון האָטעל זענען דער עיקר אויסלענדישע דעלעגאַציעס, אָדער הויכע פּאַרטיי־ און מלוכה־פונקציאָנערן. זיי קומען אויף וויכטיקע באַראַטונגען אין צענטער. פּאָליט.־עמיגראַנטן באַקומען אַ צימער אין אויסנאַמפאַלן — אַזוי דערקלערט מיר מיין איראַנישער שכן. איך האָב עס אַוודאי זוכה געווען צוליב מיין פּראַנצייזישן פּאַס. דאָס באַשטעטיקט אויך מיין שוועסטער, וואָס האָט מיך אין דעם פרימאָרגן אָפּגעוואַרט.

שוין 6 יאָר האָב איך זיך מיט איר נישט געזען. פאַר דער צייט איז זי העכער 3 יאָר אָפּגעזעסן אין די פּוילישע טורמעס, אין זאַמאָשטש, לובלין, לענטשיץ. אַרויס פון טורמע אַ טויט־קראַנקע אויפן מאָגן, נאָך אַ שווערן 6־טאָגיקן הונגער־שטרייק, האָט זי די פּאַרטיי געשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד. שוין באַלד אַ יאָר ווי זי איז דאָ. זי זעט אויס אויסגע־מאַטערט, אירע דיקע קליידער שטאַמען נאָך פון פּוילן. זי טראָגט אַ פּאָר שווערע רוסישע ווינטער־שיך. איך האָב זיך געפרייט וואָס כ׳האָב געפּאָלגט מיין פרוי און מיטגענומען עפּעס פאַר מיין שוועסטער. איך האָב איר געגעבן אַ פּאָר לייכטע האַלבע שיך, געקויפט כמעט פאַרן גאַנצן געלט, וואָס איך האָב באַקומען אויף דער גרענעץ־סטאַציע. איך פרעג זי וויפל טעג אַרבעטס־לוין מאַכט עס אויס? זי ענטפערט, אַז דאָס פאַרדינט זי אין משך פון — גאַנצע פיר וואָכן...

— פאַר וואָס אַזאַ נידעריקער לוין? — בין איך פאַרוווּנדערט.

— מיין לוין איז אַ דורכשניטלעכער. איך אַרבעט אויפן זאַוואָד

שאַריקאַ־פּאָדשיפּניק, אויפן נאָמען פון קאַגאַנאָוויטשן. מיר באַקומען די טעגלעכע ברויט־נאָרמע 800 גראַם. אין דער צייט ווען די אַרבעטער פון דער לייכט־אינדוסטריע, שניידער, שוסטער א. אַנד. באַקומען בלויז 400 גראַם, טייל מאָל 600 גראַם. אין די מאַגאַזינען, צו וועלכע מיר געהערן, באַקומען מיר קליינע נאָרמעס צוקער, גרויפּן, בוימל און אַנדערע פּראָדוקטן. אין געוויסע בראַנזשעס זענען נישט שטענדיק פאַראַן די פּראָדוקטן, לויט די פּולע נאָרמעס. און אַז דער חודש גייט אַוועק, זענען די טאַלאָנען, אויף וועלכע מ׳האָט גאָרנישט באַקומען, בטל.

— און ווי איז מיט קליידונג?

— די פּאַרטיי־קאָמיטעטן און די פּראָפ.־קאָמיטעטן — דאָס זענען נאָר אָפיציעלע נעמען. פאַקטיש איז דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַטאָר און דער פּראָפ.־אָרגאַניזאַטאָר,ביידע באַשטימטע פון העכערע פּאַרטיי־אינסטאַנצן, נישט פון דער באַזע. זיי טיילן פון צייט צו צייט אויס די אַרבעטער, וואָס צייכענען זיך אויס מיט הויכער פּראָדוקטיוויטעט, אָדער קליינע דערפינדונגען, טאַלאָנען אויף אַ קאָסטיום, אויף אַ פּאָר שיך, אָדער שיקן אין אָפּרו־הייזער, הייל־אַנשטאַלטן. און אַז מ׳איז מיט אַלע קליינע טאָג־טעגלעכע באַדערפעניש אָפּהענגיק פון דעם, שאַפט זיך אַ באַזע פאַר חניפה. מען טוט אַלץ מ׳זאָל נושא חן זיין. אין די פאַבריקן זענען פאַראַן אַ גרויסע צאָל א. ט. ר. (אינזשעניר־טעכניקער). צו זיי געהערן די אַלע, וואָס אַרבעטן נישט דירעקט ביי פיזישער אַרבעט, ווי ביוראָ־אָנגעשטעלטע, קאָנטראָלערן, בריגאַדירן. זייערע נאָרמעס זענען העכערע. ס׳דערגייט שוין אַזוי ווייט, אַז זיי עסן מיטאָג אין אַ באַזונדערן זאַל, פון אַ באַזונדערער קוואַליטעט. יעדער וויל דערגיין צו דעם דאָזיקן שיכט. אָבער אויך זיי זענען פונאַנדערגעטיילט אויף מיטעלע און הויכע און גאָר הויכע.

— און וואָס איז עס אַזוינס דער מאַגאַזין, אין וועלכן מיר האָבן געקויפט?

— דאָס זענען רעגירונגס־מאַגאַזינען, וווּ מען פאַרקויפט אָן טאַלאָנען, און צו גאָר הויכע פּרייזן. קיין שום ערלעכער אַרבעטער קען דאָ נישט קויפן, אויסער אין ספּעציעלע אויסנאַמספאַלן. ווען מ׳איז געצוווּנגען, פאַרקויפט מען אַ טייל פּראָדוקטן אויפן שוואַרצן מאַרק, כדי צו האָבן געלט. די מאַגאַזינען דאַרפן דינען דעם קאַמף קעגן שוואַרצן מאַרק. אָבער דאָס נישט צושטעלן קיין סחורה און דער אונטערשייד פון די פּרייזן, פאַרשאַרפן נאָך מער די שפּעקולאַציע און שוואַרצן האַנדל.

איך שפּאַציר מיט מיין שוועסטער. מיר גייען אַריין אין אַ גרויס געשעפט, פול מיט סחורות פון גוטער קוואַליטעט. דאָס זענען מלוכה־מאַגאַזינען, ווו מען קען פאַר סאָוויעטיש געלט נישט קויפן. דאָ גילטן ווערטפולע מעטאַלן: גאָלד, זילבער, אָדער בריליאַנטן און אויסלענדישע וואַלוטע. די פרייזן זענען דאָ דווקא זייער נידעריקע, ווי פאַרן קריג. די מלוכה האָט לאַנגע יאָרן געפירט אַ ביטערן קאַמף קעגן די פּריוואַטע הענדלער, דורך קאָנפיסקאַציעס און אַרעסטן פון די, וואָס האָבן אויסבאַ־האַלטן און נישט צוגעשטעלט דער מלוכה זייער גאָלד. דערביי זענען געווען פיל אומשולדיקע קרבנות. ס'איז גענוג געווען אַן אַנאָנים בריוול, אַז ביי דעם און דעם איז פאַראַן גאָלד, אַז ער זאָל אַרעסטירט ווערן. מיט דעם גאָלד האָט מען אויסגעברייטערט די אינוועסטיציעס אין ריזיקע בויונגען און איינגעקויפט מאַשינען אין אויסלאַנד. דאָס איז געלעגן אין די אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק. אָבער אַ גאַנץ לאַנד קען מען דאָך מיט טעראָר און מאָראַלישער אויפקלערונג נישט איבערצייגן מיט אַ מאָל. זענען געשאַפן געוואָרן אָט די „טאָרגסין"־מאַגאַזינען. מענטשן ברענגען פריייוויליק זייערע חתונה־רינגלעך, ציין־קאָראָנעס, די באַהאַלטענע צאַ־רישע גאָלדענע 5־רובלשטיק. אַנדערע באַקומען פון אויסלאַנד שטיצע דורך די מאַגאַזינען. אָבער נישט ווייניק שפּעקולאַציע און שוואַרץ־האַנדלעריי קומט פאָר אַרום די דאָזיקע מאַגאַזינען.

ווי אַ פרומער ייִד, וואָס קומט קיין ארץ־ישראל, גייט ער צום כותל המערבי, אַזוי בין איך קודם געגאַנגען צום רויטן פּלאַץ, געשטעלט זיך אין אַ לאַנגער ריי צום לענין־מאַוזאָליי, צו זען דעם באַלזאַמירטן שעפער און פייער־זייל פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דאָ, אין דער טיפער שטילקייט, אַרום זיין אָרון, דערמאָן איך זיך שטעלן פון זיינע ווערק, וואָס מיר האָבן געקנעלט אין די קרייזלעך: „מלוכה און רעוואָלוציע": „די בורזשואַזיע שאַפט איר אַפּאַראַט פון פאָלק און באַמיט זיך אים אָפּצופרעמדן פון פאָלק". „דריי באַדינגונגען זענען נייטיק, כדי באַאַמטע זאָלן נישט ווערן קיין ביוראָקראַטן: 1. שטענדיקע מעגלעכקייט אין איבערוויילן, אין אַלע צייטן. 2. אַ גלייכן געהאַלט פון אַ דורכשניטלעכן אַרבעטער. 3. דער אָנטייל פון אַלעמען אין דער קאָנטראָל".

צי זענען אָט די גרונט־געדאַנקען רעאַליזירט?

באַלד ביי דער ערשטער באַגעגעניש זאָגט מיר מיין שוועסטער:

— פאַרגאַפ זיך נישט, קוק נישט צופיל אויפן קרעמל. זיי פון אים

וואָס ווייטער, ווייל דו קענסט נאָך אַרויסרופן אַ חשד. מיט דיין שכן פון האָטעל שמועס ווינציקער, בכלל, הער און — זאָג נישט דיין מיינונג...

אויפן גרויסן פּלאַץ, ווו עס שטייט דער ניי־אויפגעבויטער פּאַלאַץ, דאָס זיך־אָרט פון דער ראַטנפאַרבאַנדישער צענטראַלע פון די פּראָפ. פאַראיינען און דער פּראָפאינטערן קומען און גייען אָן אויפהער באַזוכער, אָדער מיטאַרבעטער. זיי זענען האַלב, אָדער גאַנץ מיליטעריש געקליידעט. כמעט ביי אַלע — אַ צופרידענער, שמייכלענדיקער אויסזען. איך פיל זיך אויך דאָ ווי אַ נאָענטער מחותן. דאָ זיצט דער אַמאָליקער סעקרעטאַר פון די יידישע היטל־מאַכער אין פּאַריז, לאָזאָווסקי, איצט גענעראַל־סעקרעטאַר פון פּראָפאינטערן. פון דאַנען ציען זיך אומגעזעענע פעדים צו דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט. די אַרומיקע הייזער זעען אויס נעבעכדיק. אין איינעם פון אַזאַ הויז וווינט מיין פעטער וועלוול, מיין מאַמעס ברודער. אין סאַמע פלאַקער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז זיין פולק געשטאַנען אין מאָסקווער ראַיאָן. ער איז פאַר־וווּנדעט געוואָרן, און אַזוי איז ער שוין דאָ פאַרבליבן.

קאַפּיטל אַכט

# מיט אָפענע אויגן...

אַ לאַנגער, פינצטערער קאָרידאָר און אַן אַ שיעור טירן. ביי יעדער טיר — אַ פאַרקאָפּטשעטע „קעראָסינקע". מענטשן קאָכן דאָ זייער וועטשערע. אין פּעטערס צימער — אַ פענצטער צו אַ טונקעלן הויף. 4 אייזערנע בעטלעך, אָפּגעטיילט פון די שכנותדיקע צימערן מיט ברעטער, אָדער מיט אַ שאַנק. מיין פּעטער, מיט אַן אויסגעמוטשעט, געל פּנים, זיצט מיט זיינע צוויי יינגלעך ביי אַן אַלטן צעריסענעם סידור און לערנט מיט זיי.

— פּעטער — פרעג איך — ס'טייטש ?...

— משהלע — זאָגט ער — איך וויל, אַז זיי זאָלן וויסן, אַז זיי זענען יידישע קינדער. אַז זיי זענען יידן — דערמאָנען זיי גאַנץ אָפט די שכנישע קינדער.

— איז דאָך בעסער זיי זאָלן גיין אין אַ יידישער שולע. דאָרט לערנט מען דאָך ליטעראַטור, געשיכטע. וואָס וועט ער וויסן פונעם סידור ?

— ביסט אפשר גערעכט, אָבער די יידישע גויים, וואָס זענען דאָ אַ סך אין מאָסקווע און זאָרגן פאַר דער וועלטלעכער יידישקייט פון די אָרעמע, אונטערגייענדיקע יידישע שטעטלעך, דאַרפן דאָס נישט. זיי האַלטן מסתמא אַז דאָ, אין מאָסקווע, קען מען זיך באַגיין אָן אַזעלכע שולן...

— ווו איז די מומע ?

— זי אַרבעט איצט אין דער צווייטער סמענע (שיכט). אַ מאַשינערין אין אַ שניידער־פאַבריק. איך בין אַ נאַכט־וועכטער אין אַ פאַבריק...

— פאַר וואָס איז עפּעס דאָס צימער אַרומגענומען ווי מיט אַ הינער־שטייג ?

— ס'איז אַן אַלטע מעשה. נאָכן דעמאָביליזירן זיך, האָב איך באַקומען אַ גרויסע שטוב אין סאַמע צענטער, ווו אַ ייד האָט אַמאָל קיין פּוס

נישט געטאָרט שטעלן. עטלעכע יאָר האָב איך דאָרט געוווינט, עס זענען ביי מיר געבוירן געוואָרן די צוויי קינדער. איז געקומען דער „ראַיאָני זשיל־פּלאַשטשאַד״, דער ראַיאָנער אָרגאַן פאַר וווינונג־צוטיילונג, און איינגעפונען אַז איך פאַרנעם צופיל פּלאַץ, און אַרויסגעגעבן אַן אָרדער אויף מיינער אַ האַלבער שטוב. בין איך געלאָפן און געפּאַכעט מיטן קוויטל — ס׳טייטש, מיר זענען פיר פּערזאָן און די נייע שכנים זענען צוויי פּערזאָן. איז מען איינגעגאַנגען מיר צו געבן צוויי חלקים. מיט 2 יאָר צוריק, ווען די בויונגען פון די פאַבריקן האָבן זיך פאַרגרעסערט און מען האָט ווייטער גענומען אַריינשטופּן מענטשן, האָט מען מיר אויף צייטווייליק אַריינגעשיקט אַ בחור, אַ גאַנצע „שישקע״ אין זיין פאַבריק. דערווייל האָט ער שוין אַ ווייב, און זיין הויז, וואָס די פאַבריק בויט, איז נאָך נישט פאַרטיק. האָט מען דערווייל געמאַכט אַ ווענטל. און אָט די בעטלעך, וואָס דו זעסט — מיין נישט, אַז איך האַלט דאָ קוואַרטיראַנטן. מיין פרוי האָט אַ ברודער אין אַ קליין שטעטל, האָט ער געוואָלט אָנקומען לערנען אין אַ „ראבפאק״ (אַרבעטער־אוניווערסיטעט, ביי אַ גרויסן זאַוואָד), האָט מען אים אַראָפּגענומען אַהער. ביי טאָג אַרבעט ער און ביי נאַכט לערנט ער, ביז ער וועט באַקומען אַן אָרט אין אַ צוזאַמענוווינונג. און אָט איז דיין שוועסטער — זי וועט דאָך נישט שלאָפן אויף דער גאַס...

וואָס פאַראַ גוטן כאַראַקטער, טראַכט איך, דער מענטש האָט, און זיינע צוויי געהאָרכזאַמע יינגלעך. (איינער פון זיי איז געפאַלן ביים פאַרטיידיקן קיעוו אין 1941). אברהם רייזען האָט געזונגען — „אַ געזינד זאַלבע אַכט און בעטן נאָר צוויי״... איך שעם זיך אַליין פאַר דער גרויסער אָרעמקייט. און פאַר מיין נאַיווקייט, אַז מען דאַרף קיין ראַטנ־פאַרבאַנד גאָרנישט מיטנעמען, האָב איך טאַקע נישט געהאַט גאָרנישט זיי צו געבן אַ מתנה פון שיינעם פּאַריז.

אין אַ ריזיקן פּאַלאַץ פון אַן אַדעליקער פאַמיליע, די מיטגרינדער פון דער שטאָט מאָסקווע, האָט זיך געפונען דאָס הויז פון די פּאָליט־עמיגראַנטן. עטלעכע הונדערט האָבן זיי דאָ געוווינט, ביז מ׳האָט זיי ווי ס׳איז איינגעאָרדנט. אין מיין צייט זענען דאָרט די מערסטע געווען פּאָליט.־עמיגראַנטן פון דייטשלאַנד. ס׳זענען אויך געווען בולגאַרן, יוגאָ־סלאַוון, מיט גאַנצע פאַמיליעס. פיל פון פוילן, יוגנטלעכע, די מערסטע יידן. די ריזיקע קעלערן, די געוועזענע סקלאַדן און קיך פאַר דער דינער־שאַפט, איז אויך אַצינד אויסגענוצט געוואָרן פאַר פּראָדוקטן. נאָר די,

וואָס האָבן דאָ געוווינט מיט זייערע פאַמיליעס, האָבן געהאַט דאָס רעכט צו באַקומען זייער פּראָדוקטן־נאַרמע צו זיך אין צימער. לויטן ניוואָ פון גאַנצן לאַנד, איז דאָס עסן געווען נישט שלעכט, אָבער נישט פאַר אויסלענדער. זיי האָבן אין דער שטיל געמורמלט און פּראָטעסטירט.

מ׳האָט מיר איבערגעגעבן בסוד־סודות, אַז עס זענען שוין פאָרגע־קומען אַרעסטן צווישן די אויסלענדער, באַזונדערס צווישן די דייטשן. טעראָר און מורא האָט דאָרט געהערשט פון ערשטן טאָג אָן, פון מיין אָנקומען. פון די באַדינער האָב איך געהערט: „וואַרט, וואַרט, איר וועט נאָך וועגן דעם עסן חלומען״... פאַרשטייער פון פראַנצייזישן צ. ק. איז געווען אַנדריי מאַרטי. איך האָב אַ סך מאָל געזען דעם העלד, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן מאַטראָסן־אויפשטאַנד אויפן שוואַרצן ים, ווען דער פראַנ־צייזישער פלאָט איז געקומען צוהילף דער ווייסער גוואַרדיע. איך האָב אַליין אָנטיילגענומען אין דער דעמאָנסטראַציע אין פּאַריז, ווען מ׳האָט אים באַפרייט פון טורמע, ווען ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט אין 13טן אַראָנדיסמאַן. ס׳איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע איבערלעבונג אויפגענומען צו ווערן דורך אים. מיט זיין איינשטימיקייט, האָט מיר די צ. ק. וו. ד. אַרויסגעגעבן אַ „פּראָפּוסק״ (איינגאַנגס־רעכט). אָבער נאָכן באַקענען זיך מיט מיין ביאָגראַפיע, לויט דער אַנקעטע, האָט מיר די סעקרעטאַרין פּלוצים געמאָלדן, אַז ער האָט נישט קיין צייט מיך אויפ־צונעמען. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך, גאַנץ צופעליק, אין צ. ק. פון „מאָפּר״ געטראָפן דעם סעקרעטאַר פון דער פּאַריזער „רויטער הילף״, עמיל בירא. ער איז געקומען מיט אַן אַרבעטער־דעלעגאַציע. איך האָב אים געבעטן ער זאָל אָנפרעגן ביי אַנדריי מאַרטי, צי האָב איך אַ פּערס־פּעקטיוו אָנצוקומען לערנען, צי זאָל איך אָנקומען אויף אַ צוגריי־טונגס־קורס; אויב נישט, וועל איך גיין אַרבעטן; אַז דאָס אַרומגיין פוסט און פּאַס ווירקט אויף מיר מאָראַליש זייער שלעכט.

— האָסט מיך געטראָפן אין אַ פּאַסיקן מאָמענט — זאָגט ער — איך האָב היינט ביי מיטאָג אַ ראַנדעוווּ מיט אַנדריי מאַרטי, קום אויך צו.

איך בין צוגעגאַנגען. דאָס ערשטע מאָל זע איך אַנדריי מאַרטי אַזוי נאָענט. אַ שטרענג פּנים, בייז. כ׳האָב דעם איינדרוק, אַז ער איז שיקלדיק, געשטופּלט. נישטאָ ביי אים די גאַסטפריינדלעכקייט פון דורכשניטלעכן פראַנצויז. מיר דוכט זיך אויך, אַז מיין אָנוועזנהייט האָט אויף אים שלעכט געווירקט. שטעל איך זיך אויף און זאָג, אַז איך גיי, כ׳וויל נישט פאַרשפּעטיקן דאָס מיטאָג־עסן.

— ווו עסטו? — פרעגט מיך עמיל בירא.

— אין הויז פון פּאָליט.־עמיגראַנטן.

אויף דעם גיט מאַרטי אַ מאַך מיט דער האַנט:

— סע דע קאַשאַנערי לאַבאַ... (דאָרט איז אַ חזיריש עסן..)

הייסט עס, אַז די גאַר גרויסע פּאַרטיי־פירער ווייסן יאָ וועגן דער פּאַקטישער עקאָנאָמישער לאַגע פון פאָלק. און כ׳האָב זיך דערמאָנט אויפן אָרט, ווי מיט עטלעכע חדשים צוריק, אויף אַ גרויסן מיטינג אין זאַל בולאַ, ווו ער, מאַרטי, איז אַרויסגעטרעטן צוזאַמען מיטן אַלטן מאַרסעל קאַשען, נאָך אַ לענגערער רייזע אין ראַטנפאַרבאַנד; ס׳האָט דאַן פאַר־כאַפּט דאָס ווייך־האַרציקע קול פון מאַרסעל קאַשען, וועלכער האָט נאָך געשטאַמט פון יענעם שיינעם גרויסן דור פון זשיל געד און זשאַן זשאָרעס. מיר האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין זכרון זיינע ווערטער: „ביי אונדז איז נויט, אָבער דאָרט לעבט דער אַרבעטער רייך. ביי אונדז איז די אַרבעט אַ פאַרדעקטע שקלאַפעריי, דאָרט איז די אַרבעט פריי”. דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין מאָמענט, ווען אַלע האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דעמאָלט איז נאָך ערגער געווען ווי היינט. פרעגט זיך: דער דערפאַרענער פירער מאַרסעל קאַשען — האָט ער גאָרנישט געזען? איך, דער פּשוטער אַרבע־טער, ביים אַראָפּשטעלן דעם ערשטן טראָט דאָ, האָב יאָ באַלד דערזען די גרויסע נויט. קען מען אָננעמען, אַז מאַרסעל קאַשען האָט באַוווסט־זיניק געזאָגט ליגן? מ׳קען עס נאָך אפשר גלייבן אויף מאַרטין, וואָס אַ דאַנק זייער באַוווסטזיניקן ליגן זאָגן, האַלטן זיך אַזעלכע ווי ער אויף הויכע פּאַרטיי־פּאָזיציעס. צי האָט מען פאַר די קאַשענס, אַנרי באַרביס א. אַנד. טאַקע געקענט שאַפן אַזאַ אַטמאָספער, וואָס האָט פאַר זיי אַלץ פאַרשטעלט?

אויפן אַנדערן טאָג נאָכן צוזאַמענטרעף, האָט מען מיך אַרויסגערופן צום צ. ק. פון „מאָפּר”. צום ערשטן מאָל האָב איך געזען די גענעראַל־סעקרעטאַרין, די סטאַסאָוואַ. צו מיין דערשטוינונג, איז דאָרט אויך געזעסן אַנדריי מאַרטי. מ׳האָט ביי מיר אָפּגענומען דעם פראַנצייזישן פּאַס, מיר געגעבן אַ קוויטל צום מאָסקווער סאָוויעט, אַרויסצובאַקומען אַ רוסישן פּאַס. מ׳האָט ביי מיר געפרעגט, וואָס פאַראַ נאָמען און פאַמיליע איך וויל איצט אָנגעבן אין רוסישן פּאַס? דער איידעלער, אינטעליגענטער אויסזען פון דער סטאַסאָוואַ האָט אַרויסגערופן ביי מיר דרך־ארץ און צוטרוי. זי האָט מיך אויך געפרעגט, צי איך האָב זיך מיט עפּעס פאַרקלאָגט פאַרן חבר בירא. „ניין — האָב איך געזאָגט — ס׳איז נישטאָ קיין גרונט

פערזענלעך זיך צו באַקלאָגן. איך האָב אים בלויז געבעטן, אַז אַזוי ווי ער קען מיך שוין עטלעכע יאָר פון געמיינזאַמער אַרבעט, זאָל ער אינטערוועניר ן, אויב מעגלעך, כ׳זאָל קענען אָנקומען אויפן יידישן סעקטאָר אין מערב־אוניווערסיטעט; אויב נישט — זאָל מען מיך שיקן אַרבעטן״.

— מען וועט דיך קודם שיקן אָפּרוען זיך, און שפּעטער וועט מען זען... — האָט מיר די סטאַסאָווא געענטפערט.

אַנדריי מאַרטי האָט זיך דערביי מיט קיין איין וואָרט נישט אָפּגערופן; אַפילו ביים געזעגענען זיך, האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין שום פריינדשאַפט. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָט מען ביי אַלע פּאָליט.־עמיגראַנטן צוגענומען די אויסלענדישע פּעסער. צווישן די יידישע פּאָליט.־עמיגראַנטן האָט זיך געהאַט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער שוואַרצער אַבא האָט ביי אַ חבר גענומען זיין פּאַס, כדי צו דערלייזן זיין ענין אין דער פּוילישער סעקציע פון „קאָמאינטערן״, און איז מיט דעם פּאַס אַליין אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד. קיין באַווייזן זענען נישט געווען, אָבער ס׳האָט זיך געלייגט אויפן שכל, ווייל די פּוילישע פּאַרטיי־אָנפירונג איז שוין דעמאָלט געווען פון דער מינדערהייט. דער שוואַרצער אבא האָט געלערנט אין אַ הויכער פּאַרטיי־שולע צוזאַמען מיט חבר סענדער, פון די מאָלער, צוזאַמען מיטן ווייסן אַבא. וואָלטן זיי געדאַרפט צוריקשיקן אַ טוער פאַר דער יידישער גאַס, וואָלטן זיי געשיקט איינעם פון זיי, אָבער נישט דעם שוואַרצן אַבאן, אַ פירער פון דער מערהייט־פראַקציע, זייער באַליבט ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט, דער פירער פון קאָמבונד, אָנפירער פון דער צענטראַלער יידישער ביוראָ און פאַרזיצער פון וואַרשעווער טעקסטיל־פאַראיין. אין וואַרשע איז ער, נאָך זיין אומקערן זיך, נישט געווען אין איינקלאַנג מיט דער ליניע. ער האָט דאָרט געשאַפן אַ פראַקציע, וואָס האָט זיך גערופן „די אַביסטן״. די פּאַרטיי האָט אים אַרונטערגעריסן. אַפילו אויף זיין לוויה האָט די פּאַרטיי גערופן נישט צו גיין. דאָך האָבן עטלעכע טויזנט וואַרשעווער יידישע אַרבעטער אים באַגלייט אויף זיין לעצטן וועג. סענדער און דער ווייסער אַבא האָבן געטיילט דעם גורל פון אַ סך אַנדערע פּוילישע קאָמוניסטן — דערשאָסן געוואָרן, אָדער אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

דעם סענטימענט צו אַ לאַנדסמאַן דערפילט מען באַזונדער אין דער פרעמד. אויך אין מאָסקווע, ווו ס׳האָבן דעמאָלט געלעבט אַ גענוג גרויסע

צאָל זאַמאָשטשער איז געווען אַ נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ לאַנדסמאַנ־שאַפט. כאָטש ס׳איז געווען אַ גרויסע געפאַר, האָבן מיר זיך געטראָפן אין קליינע גרופּעס, געהאָלפן זיך מיט אַן עצה, אַ מאָל מיט פּראָטעקציע, געביטן זיך מיט אַ טאַלאָן. אייניקע זאַמאָשטשער האָבן געאַרבעט אין גרויסע זאַוואָדן, אַנדערע האָבן זיך, אַ דאַנק זייער בילדונג, אַרויפגעאַרבעט אויף אַ העכערן שטאַפּל. די לעצטע זענען טאַקע מאַטעריעל געווען בעסער איינגעאָרדנט. אָבער דער גלויבן איז ביי זיי אַלעמען שוין געווען איינגעבראָכן. נאָר מיט גאָר נאָענטע האָבן זיי זיך דערלויבט צו רעדן אַן אָפן וואָרט.

חבר איטשע שיף האָט אַליין איבערגעלעבט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע. צוריקקומענדיק קיין פּוילן, איז ער געווען פון די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער האָט איבערגעריסן מיט זיין גאַנצער משפחה, מיטן יידן, דעם שוחט, און אָנגעהויבן זיך לערנען ביי עטלעכע און צוואַנציק יאָר שניידעריי. געווען סעקרעטאַר פון שניידער־פאַראיין, פאָרזיצער פון ראַט פון אַלע פּראָפ.־פאַראיינען אין שטאָט און מיטגליד אין לובלינער ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. אין 1927 האָט אים די פּאַרטיי געשיקט לערנען אין ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט פאַרענדיקט די הויכשול; אָבער אַנשטאָט אין אַ לערן־אַנשטאַלט, האָט מען אים געשיקט אויפן דאָרף. שוין צוויי יאָר ווי ער האָט געאַרבעט אין דער פּאָליט.־אָפּטיילונג פון אַ גרויסער טראַקטאָרן־סטאַציע, וואָס באַדינט אַ ראַיאָן, גרעסער ווי דער גאַנצער לובלינער קרייז. איך האָב זיך זייער געפרייט אים צו באַגעגענען אין מאָסקווע.

— וואָס מיינסטו — זאָגט ער צו מיר — עס איז אַ קונץ צו זיין אַ קאָמוניסט אין אויסלאַנד? אָט דאָ, ביי אונדז, איז שווערער צו אַגיטירן פאַרן קאָמוניזם, ווען מענטשן זענען געשוואָלן פון הונגער...

— צי איז דער הונגער אַ רעזולטאַט פון אַ נאַטור־קאַטאַסטראָפע? — האָב איך געפרעגט.

— ניין, דאָס איז די רעוואָלוציע אויפן דאָרף. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט קיין סך בלוט נישט פאַרגאָסן. מ׳האָט בלויז געענטפערט מיט „רויטן טעראָר״ דער קאָנטער־רעוואָלוציע, ווי ס׳לערנט אונדז לענין.

— קעגן וועמען זשע האָט מען באַדאַרפט, נאָכן באַפעסטיקן די פּאָליטישע אוןווירטשאַפטלעכע מאַכט, מיט דער אונטערשטיצונג און בונד מיט די מיטעלערע און אָרעמע פּויערים, פירן אַ בלוטיקן קאַמף?

— מ׳האָט געדאַרפט צעברעכן דעם ריזיקן ווירטשאַפטלעכן כוח פון

די פּריוואַט־אייגנטימערישע אינסטינקטן פון פּויערטום. זיי זענען 60 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

— האָבן דאָך די קאָמונעס און סאָווכאָזן, געשאַפן און געבוירן צוזאַמען מיט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אויף די מיליאָנען העקטאַר קאָנפיסקירטער ערד, מיט מאָדערנער טעכניק, וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן פון באַאַרבעטן די ערד, באַדאַרפט דינען אַלס איבערצייגנדיקער פאַקטאָר, מיט דער עפעקטיווקייט פון קאָלעקטיוון, מעכאַניזירטן אַרבעטס סיסטעם?

— די פּאַרטיי האָט זיך נישט געקענט פאַרלאָזן אויף דעם לאַנג־דויערנדיקן פּראָצעס. זי האָט געמוזט אינדוסטריאַליזירן דאָס לאַנד אין געציילטע יאָרן, דאָס, וואָס ס'האָט ביים קאַפּיטאַליזם געדויערט זייער לאַנג. מיר געפינען זיך אין אַ קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג. דער „נעפּ" האָט געהאַט אַ באַזונדערס גרויסע באַזע אויפן דאָרף. די ווירטשאַפטלעכע זעלבסט־איניציאַטיוו, די געוואַלדיקע צוגעבונדנקייט, אַרבעטסזאַמקייט פון רוסישן פּויערטום אויף זיין אייגן שטיקל ערד, האָט געשאַפן אין דאָרף אַ שיכט פון „קולאַקעס". און יעדער ווירטשאַפטלעכער כוח מוז זיך פריער אָדער שפּעטער פאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישן כוח.

איז געקומען די פּאַרטיי און מאָביליזירט טויזנטער שטאָטישע, מיט שטאַרקע כאַראַקטערן, אומבייגזאַמע, מיט דער מיטהילף פון דער פּאַרטיי און מלוכה־אַפּאַראַט, רעאַליזירט די לאָזונג: „ליקווידירן די קולאַקעס אַלס קלאַס", הונדערט־פּראָצענטיקע קאָלעקטיוויזאַציע. אָבער קיינער לאָזט זיך נישט פרייוויליק ליקווידירן. נו, פאַלן קרבנות. אומבאַשרייבלעכע מענטשלעכע טראַגעדיעס. דערביי איז אויך ליקווידירט געוואָרן דער טויטער און לעבעדיקער אינווענטאַר, וואָס די מעכאַניזאַציע האָט נישט געקענט אַזוי גיך פאַרבייטן. און די עקאָנאָמישע קאָנסעקווענצן דערפון פילט דאָס גאַנצע לאַנד.

פון דער ווייטנס איז גאַנץ גרינג מסכים צו זיין אויף די מיליאָנען קרבנות און טראַגעדיעס, אָבער שווער איז ווען מען דאַרף עס אַליין דורכפירן און גלייכצייטיק — אַגיטירן פאַרן סאָציאַליזם. דערפאַר איז דאָ שווערער צו זיין אַ קאָמוניסט ווי אין אויסלאַנד, באַזונדערס ביי דעם, וואָס אַ קאָמוניסט זיין מיינט נישט בלויז האָבן אין קעשענע אַ פּאַרטיי־קאַרטע, נאָר אויך — נשמה און האַרץ.

זיין פרוי, אַ פּאַרטיי־חברטע, פון וואַרשע, רייסט איבער אונדזער שמועס:

— איר זענט דאָ נישט אין וואַרשע און נישט אין פּאַריז... ווענט האָבן אויערן...

די פרוי מיטן קינד לעבן אין מאָסקווע, העכער טויזנט קילאָמעטער ווייט פון מאַן. פאַר וואָס? זי אַרבעט אין אַ זאַוואָד, און ווער וויל עס פרייוויליק אויסבייטן מאָסקווע אויף אַ פאַרוואָרפן דאָרף?

— אויסער דעם — זאָגט זי — האָפט מיין חבר, אַז מען וועט אים באַפרייען פון דער פּאָליט.־אָפּטיילונג און ער וועט צוריקקומען קיין מאָסקווע. דערפאַר מוז מען איינהאַלטן דאָס צימער...

איך געזעגן זיך מיט מיין חבר און געזעגלשאָפטלעכן דערציִער מיט אומעט אין האַרצן. זייענדיק אין זאַמאָשטש איז ער געווען פול מיט גלויבן, אַז ער וועט אַרבעטן אין אַ לערן־אַנשטאַלט, דערציען יוגנט צו יושר און גערעכטיקייט. ווער וואָלט זיך עס געקענט פאָרשטעלן, אַז אין 4 יאָר אַרום וועט ער ווערן אַזוי מערדערלעך אומגעבראַכט ערגעץ ווו אין אַ פינצטערן קעלער פון דער נ. ק. וו. ד.? אין יוני 1937 האָט מען אים אַרעסטירט און שפּעטער אויך די פרוי און דאָס קינד צוגענומען. די נ. ק. וו. ד. האָט מיטן וואָרצל אַרויסגעריסן די פשוטע, ערלעכע משפחה שיף.

דוד פידלער, וועמען די יוגנט האָט גערופן „דער אַלטער", איז דער־צויגן געוואָרן אין אַן אַסימילירטער היים. אַלס סטודענט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין פּ. פּ. ס. אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905. אין 1907 אַרעסטירט געוואָרן, געווען אויף פאַרשיקונג אין סיביר, צוריקגעקומען קיין זאַמאָשטש, געשאַפן די לינקע פּ. פּ. ס. אין 1918, געווען אין דער אָנפירערשאַפט ביים אָרגאַניזירן דעם רויטן אויפשטאַנד, צוזאַמען מיט דער ס. ד. ק. פּ. ל. נאָכן דערשטיקן דעם אויפשטאַנד אַרעסטירט געוואָרן. עס איז אים געלונגען זיך אַרויסצודרייען. אין 1920 איז ער ווידער אַרעסטירט געוואָרן. אין דער צייט איז זיין פרוי אַוועק קיין אַמעריקע, זי האָט אים נישט געוואָלט פאַרשטיין. אין 1923 האָט מען אים באַפרייט. ער האָט געאַרבעט אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג ביי די פּ. פּ. ס. ווידער געהאָלפן אויפשטעלן די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין זאַמאָשטש. דאָס האָט אים דערנענטערט צו דער יידישער יוגנט. ער האָט געהאַלטן לעקציעס וועגן סאָציאַליזם, נאַטורוויסנשאַפט, פיזיק, פּוילישע ליטעראַטור. אין 1925 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן, געווען פאָרזיצער פון דער לינקער פראַקציע. אין 1926, נאָך דער פּילסודסקי־איבערקערעניש, איז ער ווידער געווען אין געפאַר אַרעסטירט

צו ווערן. ער איז דאַן איבערגעגאַנגען צו אומלעגאַלער טעטיקייט, געווען מיטגליד אין צ. ק. פון דער ק. פּ. פון מערב־אוקראַינע.

צו מיר האָט ער געהאַט אַ פאָטערלעכע באַציִונג. אין די יאָרן, ווען איך האָב געלעבט אין וואַרשע, פלעגט ער מיך שטענדיק אָפּזוכן, מיך אַריינפירן אין אַ רייכן יידישן רעסטאָראַן און ביי יעדער געלעגנהייט אויסדריקן זיין פרייד, וואָס כ׳בין נאָך אויף דער פריי. ער האָט געאַרבעט אויפן סאַמע געפערלעכסטן אָפּשניט. ווייל די פּאַרטיי אין אוקראַינע איז אויסגעשטאַנען דעם גרעסטן טעראָר. אין מאָסקווע האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך.

אַנשטאָט אַ זיידע, איז ער אויף דער עלטער קוים געווען אַ טאַטע. די פרוי און חברטע איז אַ סך יאָרן געווען זיינע אַ העלפערין אין דער אומלעגאַלער פּאַרטיי־אַרבעט. אַ צייט איז זי געווען די פאָרשטייערין פון פּאַרטיי־קאָמיטעט ביי דער יוגנט און געאַרבעט אין מיניסטעריום פאַר פּלאַנירונג. דאָ האָט ער געאַרבעט אויפן ווירטשאַפטלעכן און אַדמיניס־טראַטיוון געביט אין אינסטיטוט פון מאַרקס־ענגעלס־לענין־סטאַלין. זיי האָבן ביידע געהאַט די מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זייערע פעיִקייטן, טאַלאַנט, מיט טיפן גלויבן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג. מאַטעריעל איז זייער לאַגע, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע, געווען אַ פּיל בעסערע. זי האָט געזען פאַר זיך אַ ליכטיקע צוקונפט, ווי זשעראָמסקיס העלד אין „ערב פרילינג״. זי האָט אויך געפונען אַ געוויסע טעאָרעטישע באַרעכטי־קונג פאַרן פאַרגוואַלדיקן דעם לענינישן פרינציפּ — גלייכער געהאַלט פאַרן אַפּאַראַט מיטן דורכשניטלעכן לוין־אַרבעטער. (לענין: „מלוכה און רעוואָלוציע״).

דעם לעצטן מאָל, ווען כ׳האָב זיי באַזוכט, האָב איך געטראָפן ביי זיי אַ גאַסט. דאָס איז געווען סקריפּאַ, דער קאָמוניסטישער סיים־דעפּוטאַט אין פוילן, אויסגעוויילט אין זאַמאָשטשער ראַיאָן אויף דער אוקראַינישער ליסטע „סעלראָב״ (דאָרפישער אַרבעטער). איך האָב אים גוט געקענט פון זיינע אַרויסטרעטונגען אויף די פויערים־מיטינגען. איצט איז ער געווען אַ מיטאַרבעטער פון מאַרקס־ענגעלס־לענין־סטאַלין־אינסטיטוט. איך האָב דאָרט זיך אויך געטראָפן מיט דער פרויס ברודער, ירחמיאל גאָרטנקרויט. פיזיש איז ער געווען אַ קאַליקע, אָבער אַ קאָפּ האָט ער געהאַט פון אַ גאון. זיינע עלטערן זענען געווען זיכער, אַז ער וואַקסט אַ גדול בישראל. אָבער שוין אין אָנהייב 1920 געפינט ער דעם וועג צום קאָמיוג. כדי אים נישט צו דעקאָנספּירירן, באַפעלט אים די פּאַרטיי נישט

אַראָפּצוואַרפּן זיין קאַפּאָטע מיטן יידישן היטל. פון דעסטוועגן איז ער אַריינגעפאַלן.

פאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסער וווּנדער און פרייד אים צו טרעפן אין הויז פון זיין שוועסטער. אָבער דווקא זיין באַזוך האָט גורם געווען אַ געדריקטע שטימונג. ער איז מאָביליזירט געווען אַלס פּאַרטיי־טוער און האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אין אַ ראַיאָן־צייטונג. דער ראַיאָן האָט דורכגעפירט די קאָלעקטיוויזאַציע אויף גאַנצע 100 פּראָצענט. ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען אים באַפרייט פון דער אַרבעט און דער־לויבט צו פאָרן קיין מאָסקווע. אָבער אַנשטאָט ווענדן זיך צום ראַיאָן־קאָמיטעט וועגן אַן אַנדער אַרבעט, האָט ער — אָפּגעטראָגן זיין פּאַרטיי־בילעט; און דערמיט — געשטעלט אין געפאַר נישט נאָר זיך אַליין, נאָר אויך אַלע זיינע נאָענטע. אַ פּראַקטישער מענטש קען זען אין דעם נאָר אַן אַקט פון משוגעת — אַזוי דערקלערט זיין שוועסטער. סקריפּאַ און פידלער האַלטן, אַז עס איז אַ דאָן קיכאָטישער שריט. ירחמיאל, האָט זיך דאָן רויק אויפגעשטעלט, זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיין אייזערנעם שטע־קעלע, און גאַנץ געלאַסן דערקלערט:

— איך האָב אָפּגעגעבן דאָס פּאַרטיי־ביכל, ווייל איך וויל נישט טראָגן די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אָט דעם שרעקלעכן פאַרברעכן פון דער בלוטיקער קאָלעקטיוויזאַציע. איך וויל נישט זיין פון פּריווילעגירטע אונטערדריקער. איך וויל געהערן צו די אונטערדריקטע!...

— דו ווילסט זיך שלאָגן מיט ווינט־מילן... ביסט געווען און בלייבן אַ ישיבה־בחור...

זיין ווייטערדיקער גורל: נישט באַקומען די מינדסטע אַרבעט; נישט זייענדיק אָנגעהעריק צו אַ באַשטימטן אַרבעטס־פּלאַץ, האָט ער נישט באַקומען די ברויט־קאַרטע. אין 1934 האָט מען אים אַרעסטירט. דערנאָך, אין דעם כאַאָס פון קיראָוו־מאָרד, איז ער דערשאָסן געוואָרן. אַזוי איז אומגעקומען דער פיזיש־שוואַכער מענטש מיטן גרויסן מענטשלעכן האַרץ.

אין 1936 איז סקריפּאַ אויך אַרעסטירט געוואָרן, באַשולדיקט אין אוקראַאינישן נאַציאָנאַליזם, און מ׳האָט אים אומגעבראַכט. אָנהייב 1937 האָט מען פידלערן אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי, און אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט. די פרוי איז זיך מיט אים פונאַנדערגעגאַנגען. צי האָט דאָס צימער, צעטיילט אויף צוויי העלפטן, מיטגעווירקט צו דער משפּחה־טראַגעדיע? אין אַ יוני־נאַכט אין 1937 האָט די נ. ק. וו. ד. אָנגעקלאַפּט אין טיר. זי איז זיכער געווען אַז מען מיינט נישט איר. זי איז פון דער



איטשע שיף (רעכטס)
פאַרזיצער פון ראַט פון אַלע פראָפ. פאַראייניגען אין זאַמאָשטש
אַרעסטירט אין רוסלאַנד, 1937, און אומגעקומען.

ירחמיאל גאָרטנקרויט (לינקס)
אָנפירער פון דער פאַרטיי־בילדונג אין זאַמאָשטש
אַרעסטירט אין מאָסקווע, 1934, ביי דער קיראָוו־פּראָוואָקאַציע,
דערשאָסן געוואָרן אין 1935.

פאַרטיי נישט אויסגעשלאָסן געוואָרן, פאַרקערט, אין דער אַרבעט איז זי נאָך העכער געשטיגן. זי האָט געענטפערט: „ער וווינט אין אַנדערן צימער". „ניין — האָבן זיי געזאָגט — ער וועט נאָך וואַרטן, ער וועט נישט אַנטלויפן... נאָך דיר זענען מיר געקומען"...

און זיי האָבן זי מיטגענומען מיטן קינד.

מיין חבר בראָמבערג פון בילגאָריי האָט מיר דערנאָך, אין וואַרשע שוין, דערציילט, ווי אַזוי זי איז אומגעקומען אין לאַגער קניאַזשי פּאָרגאָסט, אין קאָמי ס. ס. ר.

אין צוויי חדשים אַרום האָט מען פידלערן אַרעסטירט און אומגע־בראַכט. נישט די צאַרישע „אָכראַנע", נישט די פּוילישע דעפענסיווע האָבן באַגאַנגען דעם גרויזאַמען פאַרברעכן פון אומברענגען דעם גרויסן אידעאַליסט. דאָס האָט אָפּגעטאָן די „סאָציאַליסטישע" בלוט־דורשטיקע נ. ק. וו. ד.

די דירה פון אונדזער חבר שלמה רויטמאַן איז געווען אין מאָסקווע דאָס אינדזעלע, ווו די זאַמאָשטשער פלעגן זיך צונויפקומען און זיך

אַראָפּרעדן פון האַרצן. אַרום האָט געהערשט גלייכגילטיקייט, אומצוטרוי פון איינעם צום אַנדערן און חניפה צו יעדן „קנעפּל״. דאָ האָט מען פריי גערעדט, האַרציק געלאַכט און טייל מאָל פאַרגעסן אין די צרות. שלמה רויטמאַן איז געקומען צו דער פאַרטיי אין רייפן עלטער. אין 1925 איז ער געווען ראַטמאַן פון דער לינקער פראַקציע אין זאַמאָשטשער שטאָט־ראָט. אין 1926 האָט אים די פאַרטיי, אויף דער רעקאָמענדאַציע פון פידלערן, אַראָפּגעבערענגט קיין וואַרשע, באַזאָרגט אים מיט אַ דירה אין אַ רייכער געגנט און איינגעאָרדנט דאָרט אַן אומלעגאַלע דרוקערײַ. זיין שיינע פרוי, אַ טאָכטער פון אַ בירגערלעכער משפחה, האָט גאַנץ לייכט געשפּילט די ראָלע פון אַ „בורזשואַזער גראַנד־דאַמע״. שלמה איז שטענדיק געווען פאַרמאַכט, נישט צו צ׳זען קיין איבעריקע אויפמערק־זאַמקייט. ער פלעגט זיך אַ מאָל אַראָפּכאַפּן אויף וואָלינסקי, צו זאַמאָש־טשער לאַנדסלייט, אָפּצואָטעמען און העלפן די חברים מיט אַ פּאָר גראָשן, ווייל זיי זענען כמעט אַלע מאָל געווען אַרבעטסלאָז. נאָכן דורכפאַל פון דער דרוקעריי, האָט אים די פאַרטיי אַוועקגעשיקט קיין מאָסקווע. דאָרט האָט ער געאַרבעט אין אַ דרוקעריי פון „קאָמאינטערן״, געווען „צוגע־פעסטיקט״ צו באַקומען פראָדוקטן לויט דער נאָרמע אין די מאַגאַזינען פון די אַלטע באָלשעוויקעס. דערפאַר האָבן זיי אויך אין מאָסקווע געקענט העלפן אַ זאַמאָשטשער חבר.

ביי אים האָב איך געטראָפן חברים, וואָס כ׳האָב זיי יאָרן לאַנג נישט געזען, ווי אַנשל העלפמאַן, געוועזענער אָרגאַניזאַטאָר און פאַרזיצער פון לעדער־פאַראיין; יאַנקל מיטלפונקט, סעקרעטאַר פון די האַנדלס־אָנגע־שטעלטע; איציק אויצער, פאַרזיצער פון האָלץ־פאַראיין; צווייַ יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער פאַרטיי־אַרבעט, שוין נאָך מיין אַוועקפאָרן. זיי האָבן געאַרבעט אין זאַוואָדן און געגלייבט הייליק אין קאָמוניזם. זיי האָבן שטאַרק געגלייבט, אַז דער צ. ק. וועט זיך אַרומקוקן און עס וועט זיך ענדערן; אַז ביי אַ ראַטנמאַכט אין פוילן, וואָס וועט זיכער קומען וועט מען אויסמיידן די אַלע פעלערן. אָבער אין 1937 האָט מען זיי אַלע אַרעסטירט און זיי זענען אומגעקומען אין די שקלאַפן־לאַגערן.

איך האָב אויך געהאַט דאָס גליק אָנטיילצונעמען אין אַ מאַניפעסטאַציע אויפן רויטן פּלאַץ. מיר, אַ גרופּע פּאָליט.־עמיגראַנטן, האָבן געהאַט דעם כבוד צוגעטיילט צו ווערן צו אַ קאָלאָנע, וואָס האָט מאַרשירט אין דער ערשטער ריי פאַרן לענין־מאַווזאָליי. אויפן פּלאַץ האָבן מאַרשירט 5—6 קאָלאָנעס אין

דער ברייט. איך האָב אויפגעכאַפּט די בליקן פון די, וואָס זענען געשטאַנען אויף דער טריבונע, פון וועלכע ס׳איז אָפּהענגיק דער גורל פון מיליאָנען מענטשן. זיי זענען געשטאַנען מיליטעריש־שטרענג מיט פאַרהאַרטעוועטע פּנימער — סטאַלין, קאַגאַנאָוויטש, אָרד׳שעניקידזע, זשדאַנאָוו. איין געמיט־לעך, מענטשלעך פּנים איז געווען צווישן זיי — דער אַלטער קאַלינין. דאָ זענען געווען אינסצעניזירטע בופעטן, וווּ מען האָט פאַרקויפט (כאָטש דער עולם האָט געשר׳יגן, אַז „מען גיט") פאַרשיידענע זיסוואַרגן און געטראַנקען. דאָס אַלץ איז אין מאָסקווע נישט געווען צו געפינען. די יוגנט האָט געזונגען און געטאַנצט רוסישע נאַציאָנאַלע טענץ. פאַרן אַריינמאַרשירן אויפן פּלאַץ, באַדעקט מיט אַ ים פאָרטרעטן פון סטאַלינען און פון די אַנדערע גרויסע, באַזונדערס קאַגאַנאָוויטש און וואָראָשילאָוו, באַרקלעפּט מיט פּלאַקאַטן, וואָס ראַפּאָרטירן און דאַנקען דער פּאַרטיי־אָנפירונג פאַר די גרויסע סאָציאַליסטישע דערגרייכונגען פון די פאַבריקן און זאַוואָדן — ווערט אַלץ געבראַכט אין שטרענגער אָרדענונג. די אָרדענער לויפן אַרום צעטומלט פון דער געוואַלדיקער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס ליגט אויף זיי. פון אַלע זייטן טראָגט זיך די קאָמאַנדע: „הויך די קעפּ", „די פּנימער געוואָנדן צו דער טריבונע", „פריילעך באַגעגענען אונדזערע פירער", „קיין איין סעקונדע זיך נישט פאַרהאַלטן, מיליטערישע טריט", „טוט איינער אַכטונג אויפן אַנדערן".

די גרויסע צאָל הויך־שפּרעכער, די אויסגעשרייען, לאָזונגען, מיליטערישע אָרקעסטערס, מאַכן אַן אַזאַ טומל, אַז מען האָט דעם איינדרוק פון אמתן פאָלקס־ענטוזיאַזם. ס׳איז אָבער גענוג אַריבערצושפּרייזן אויף דער אַנדערער זייט פּלאַץ, כדי צו זען אַ מרה־שחורהדיקע וואָכעדיקייט אויף אַלע פּנימער. צי קען אַן אמתער פאָלקס־ענטוזיאַזם אין איין אויגנבליק זיך אויסלעשן? איך בין געווען אויף אַ מיטינג אין פּאַריז, נאָך אַ יום־טוב, ס׳האָבן גערעדט מאָריס טאָרעז, זשאַק דיקלאָ, און אַנדערע. די הערצער ביי אַלעמען האָבן זיך אָנגעצונדן פון ענטוזיאַזם. אין פּאַריז איז עס געווען אמתער, נישט געפעלשטער ענטוזיאַזם!

איך האָב אויך זיך באַטייליקט, צוזאַמען מיט אַנדערע פּאָליט.־עמיגראַנטן, אין אַ פּראָפּאַגאַנדע־טור איבער מאָסקווער פאַבריקן. איך האָב געוואָלט באַזוכן אַ שניידעריי, אָדער שיך־פאַבריק. אָבער די קליין־אינדוסטריע איז נישט געווען פון גרויסן יחוס, נישט פּלאַנירט אין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע־טור. מיר האָבן באַגריסט די אַרבעטער פון די אונטערנע־מונגען, און אויך די רוסישע חברים האָבן גערעדט. מיר האָבן גערעדט

אין אַן אויסלענדישער שפּראַך, און ס'האָט געהייסן, אַז זיי זעצן איבער אונדזערע באַגריסונגען, דערציילן וועגן אָרעמען לעבן אין די קאַפּיטאַ־ליסטישע לענדער און וועגן זייער גליקלעך לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד...

מיך מיט נאָך עטלעכע חברים, פון די אַמעריקאַנער לענדער, האָט מען אַרויסגעשיקט אין אַן אָפּרו־הויז אויף גאַנצע 6 וואָכן. אין דער זעלבער צייט האָט אַ רוסישער אַרבעטער זיך געדאַרפט געפינען אין אַ ספּעציעל־פּריווילעגירטער לאַגע, מ'זאָל אים שיקן כאָטש אויף 15 טעג אָפּרו. אין אָפּרו־הויז האָט מען באַקומען עסן צו דער זעט. ס'איז דאָרט באַזונדערס געפירט געוואָרן אַ ברייטע קולטור־אויפקלערערישע אַרבעט, וועגן די סאָציאַלע דערגרייכונגען פון די אַרבעטער און פויערים אין ראַטנ־פאַרבאַנד, נישט נאָר אין פאַרגלייך מיט די צאַרישע צייטן, נאָר אויך — אַפילו מיט די פאַרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. צי עס איז געווען געוווג איבערצייגנדיק פאַר די עטלעכע הונדערט רוסישע אַרבעטער און פויערים, ווייס איך נישט. נאָר אַז דאָס האָט פּלוצים אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט צווישן אונדז — דאָס איז זיכער. מיט יעדן, מיט וועלכן מיר האָבן פאַרפירט אַ שמועס, האָט ער גערעדט, ווי ער וואָלט געווען דער אָפיציעלער פאַרשטייער פון דער רעגירונג; כאָטש זיי זענען געווען נישט מער, ווי אָנפירער פון נידעריקן גראַד אין די פאַבריקן און אין דער אַדמיניסטראַציע; אַ קליינע צאָל אַרבעטער, וואָס האָט זיך אויס־געצייכנט מיט אַ העכערער אַרבעטס־פּראָדוקטיוויטעט.

נאָך פאַרן ענדיקן זיך פון די 6 וואָכן, בין איך צוריקגעפאָרן קיין מאָסקווע, כדי וואָס גיכער צו גיין אַרבעטן.

אין מאָסקווע האָב איך אָבער נישט געקענט בלייבן, ווייל ס'איז נישט געווען ווו צו וווינען. מ'האָט מיר פאַרגעלייגט צו פאָרן אין די נייע אינדוסטריעלע ראַיאָנען. איך האָב אָבער געוואָלט פאָרן דאָרט, ווו ס'לעבן יידן. וועגן ביראָבידזשאַן האָט שוין נישט געקענט זיין קיין רייד. אין דער קורצער צייט פון מיין זיין דאָרט, האָב איך שוין געהאַט באַגעגנט צענדליקער, וואָס זענען צוריקגעקומען פון ביראָבידזשאַן. צווישן זיי — עטלעכע פון פאַריז. איך האָב זיי געקענט ווי ערלעכע אַרבעטס־מענטשן, ווי די סטאָליערס גאָדל און מאַקס מעלמאַן. מאַקס איז געווען אַמאָל אַן אַק־טיוועך טוער אין וואַרשעווער האָלץ־פאַראיין; אַזוי אויך די לעדער־אַרבע־טער פרידמאַן און קיווקע, דער אינזשעניר יאָסל קאָהן און פיל אַנדערע, וועמענס נעמען ס'איז מיר איצט שווער זיך צו דערמאָנען. מיכאַיל קאַלינין, אַ האַרציקער מענטש, האָט אָנערקענט די גרויסע שוועריקייטן

זייערע פון נישט קענען דאָרט פאַרבלייבן, ביי ממש אוממענטשלעכע באַדינגונגען. די, ביי וועלכע די פעסער זענען נאָך געווען גילטיק, איז דערלויבט געוואָרן צוריקצופאָרן אין זייערע לענדער. די מיט נישט־גילטיקע פעסער, האָט מען איינגעאָרדנט אין אַ צוזאַמענווינונג אין מאָסקווע, און ביי אַרבעט. אין פּאַריז וואָלט איך געקוקט קרום אויף אַזעלכע „קליינבירגער״, וואָס האָבן זיך דערשראָקן פאַר שוועריקייטן... חבר שמעון דימאַנטשטיין, פאָרשטייער פון העכסטן סאָוויעט, האָט זיך באַמיט צו באַקומען פאַר זיי די צוזאַמענווינונג. ס׳רוב זענען זיי געווען פון אַרגענטינע. מענטשן, צוגעוווינט צו שווערער פיזישער אַרבעט. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פון זיין פּיאָנערן, אָבער אַזעלכע אוממענטשלעכע באַדינגונגען, נישט צו האָבן אַ שטיקל שוואַרץ ברויט צו דער זעט, שוין אָפּגערעדט וועגן אַ ביסל מילך פאַר אַ קינד, האָבן זיי זיך נישט פאָרגעשטעלט. די מאַשינען, צו אינסטאַלירן די צוגעזאָגטע פאַבריקן, וואָס דער „דזשאָינט״, „געזערד״ און „איקאָר״ האָבן געשיקט פון אויסלאַנד, זענען קיין ביראָבידזשאַן קיין מאָל נישט דערגאַנגען. (אגב, אַ חבר האָט מיר שפּעטער אין לאַגער דערציילט, אַז ווען ער האָט געאַרבעט אַלס אינסטרוקטאָר אין איוואַנאָוואָ־וואָזנאָסענסק, זענען דאָרט גאַנצע צעכן געווען אינסטאַלירט מיט מאַשינען מיט יידישע אויפשריפטן: „פאַר ביראָבידזשאַן, ,דזשאָינט׳, ,איקאָר׳״)...

דער עיקר איז אָבער געווען די מאָראַלישע געפאַלנקייט, דאָס נישט אָנערקענען, אַז דו ביסט אַ בויער, אַ שעפער פון אייגענעם גורל. דאָס געפיל, אַז מ׳וויל דיך פאַרוואַנדלען אין אַ שרייפל פון אַ פרעמדער מאַשין. דעם גלויבן פון די יידישע האַרעפּאַשניקעס, אַז זיי וועלן האָבן אַן אייגענעם יידישן נאַציאָנאַלן סאָוויעטישן ראַיאָן, האָט מען דאָ אָנגערופן אַלס — נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם. נישט לאַנג האָט געדויערט, און ס׳האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די אַכזריותדיקע פּויסט.

נאָכן פייערלעכן אונטערשרייבן דעם דעקרעט צו פאַרוואַנדלען ביראָבידזשאַן אין אַ יידישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן און נאָך דער באַרימטער רעדע פון קאַלינינען, וועלכע האָט ממש אַרויסגערופן טרערן פון פרייד ביי מיליאָנען יידן אין דער גאַנצער וועלט (אויסער ביי די סאָוויעטישע יידן, ווייל נאָך זייער דערפאַרונג אין די סטעפּעס פון כערסאָן און קרימער ראַיאָנען, האָבן זיי געוווּסט, אַז די שיינע רייד וועלן נישט רעאַליזירט ווערן), איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע אויף דער ראַיאָנער פּאַרטיי־קאָנפערענץ צווישן פאָרזיצער פון יידישן אויטאָנאָמען נאַציאָ־

נאַלן ראַיאָן, פּראָפ. ליבערבערג, געוועזענעם דירעקטאָר פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין קיעוו, מיטן ערשטן פּאַרטיי־סעקרעטאַר, כאַווקין. דער לעצטער איז פריער געווען נאַטשאַלניק פון דער מיליץ אין סמאָלענסק. האָט אים דאָרט עמעצער צווישן אַנדערס צוגעוואָרפן:



י. גרינבוים (רעכטס)
פאָרזיצער פון האַלץ־פאַראיין אין זאַמאָשטש
אַרעסטירט, 1937, אין בירָאבידזשאַן און אומגעקומען.

יאַנקל מיטלפּונקט (לינקס)
סעקרעטאַר פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין זאַמאָשטש
אַרעסטירט, 1937, אין מאָסקווע און אומגעקומען

— דו, כאַווקין, קענסט אומעטום זיין אַ נאַטשאַלניק פון מיליץ, אָבער ליבערבערג קען נאָר אין אַ יידישן ראַיאָן זיין פאָרזיצער...

דער גאַנצער ענין האָט אויסגעזען ווי אַן אָפענע דעמאָנסטראַציע פון יידישן נאַציאָנאַליזם. קלאָר, אַז די גאַנצע סאָוויעטישע אימפּעריע איז דורך דעם געשטעלט געוואָרן אין געפאַר... האָט מען טאַקע אין אַ קורצער צייט אַרום אַרעסטירט קודם די יידישע אינטעליגענץ פון בירָאבידזשאַן, בראש מיט ליבערבערגן און הובערמאַנען, וועלכער איז לאַנגע יאָרן געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר יידישער אַרבעט אין קיעוו. דאָס

ווייטערדיקע איז זיך שוין פאַרלאָפן אין יאָר 1937. דעמאָלט האָט מען שוין אַלע געקומענע פון אויסלאַנד אַרעסטירט.

איך וויל בלויז דערמאָנען די נעמען פון מיינע זאַמאָשטשער חברים, וואָס זענען אומגעקומען: יאָסל גרינבוים, לאַנגיאָריקער פאָרזיצער פון די פראָפ.־פאַראיינען, יאָסעלע בראַנד, פאָרזיצער פון דער יוגנט־סעקציע ביים האָלץ־פאַראיין, פייגע און ישראלקע האַנטוועריקער.



**יאָסעלע בראַנד**
אַרעסטירט, 1937, אין ביראָבידזשאַן און אומגעקומען

קאַפּיטל ניין

# פון מאָסקווע קיין קיעוו

נאָך אַן אינטערוועניץ פון פראַנצייזישן פּאַרשטייער ביים צ. ק. פון „מאַפּר", האָב איך ענדלעך באַקומען אַ באַשטימונג אַריבערצופאָרן קיין קיעוו. באַוואָפנט מיט אַ באַשטימונג פון „מאַפּר", אַז מען דאַרף מיר צוטיילן אַ וווינונג, אַרבעט, בין איך אָנגעקומען קיין קיעוו און בין דאָרט גלייך אַוועק אין דער אָפּטיילונג פון „מאַפּר".

די ערשטע פּאָר חדשים בין איך אין קיעוו, ווי אין מאָסקווע, אַרויס־געטרעטן אויף פּראָפּאַגאַנדע־מיטינגען אין די פאַבריקן. דאָ האָב איך פּאָרט אויסגעפּועלט צו באַזוכן פאַבריקן פון דער קליין־אינדוסטריע. איך האָב זיך צוגעקוקט און צוגעהערט צו די יידישע אַרבעטער; אָבער אַלע האָבן זיי גערעדט רוסיש. האָב איך זיך ווידער געמוזט באַגנוגענען מיט מיין אויסגעלערנטער באַגריסונג, כאָטש די צונג האָט געביסן צו רעדן אַ יידיש וואָרט.

די פאַבריקן זענען שוין געווען אַ פּראָדוקט פון ערשטן 5־יאָר־פּלאַן. די אַרבעטער גרייסן זיך דערמיט און דערציילן, אַז זיי האָבן חדשים לאַנג, אַפילו אין זייערע אָפּרו־טעג, געאַרבעט צו 3, 4 שעה איבער־שעהן, אָן געהאַלט, בייַם בויען זייער פאַבריק. אַ שטאַרקן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט די צוויי ריזיקע פאַבריקן מיט עטלעכע טויזנט אַרבעטער — די טריקאָטאַזש־פאַבריק „ראָזאַ לוקסעמבורג" און די שניידער־פאַבריק אויפן נאָמען פון מאַקסים גאָרקי. גרויסע, ליכטיקע זאַלן, ברייטע פענצטער, פאַרגאָסן מיט אַזוי פיל ליכט. איך האָב זיך דערביי דערמאָנט אין די פינצטערע, שמוציקע וואַרשטאַטלעך, ווו עס אַרבעטן יידישע אַרבעטער ביי אָט די פאַכן אין פּוילן און אין פראַנקרייך. ביי די פאַבריקן זענען דאָ קינדער־יאַסלעס. יעדער שטאָק האָט אַ מעדיצינישן פּונקט, אַן עס־זאַל, וואָס איז גלייכצייטיק אויך אַ זאַל פאַר פאַרזאַמלונגען און אַ ספּאָרט־פּלאַץ. מיט איין וואָרט — אַ פאַבריק פון אַ סאָציאַליסטישער מלוכה. אין דער פאַבריק בין איך אָנגעקומען אַרבעטן.

די אויסערלעכע עפעקטן ווערן אָבער בלאַסער, אין ליכט פון דער אמתער לאַגע פון די אַרבעטער. די פּראָדוקציע, וואָס מ׳האָט אויסגעאַרבעט, איז געווען פון אַ זייער נידעריקער קוואַליטעט. די אַרבעט, פונאַנדער־געטיילט אין גאָר קליינע אָפּעראַציעס, גייט אין אַ קייט־סיסטעם. ס׳האָט זיך נישט געפאָדערט קיין הויכע קוואַליפיקאַציעס. און די אַרבעטער האָבן טאַקע געהאַט גאַנץ נידעריקע קאַטעגאָריעס, לויטן הייך פון לוין, וואָס זיי האָבן באַקומען. די אַרבעט איז געווען פונאַנדערגעטיילט אויף 8 „ראַזריאַדן״. דער לוין פון יעדער קאַטעגאָריע איז אָפּהענגיק אין וואָסער אינדוסטריע מען אַרבעט, און אין וואָסער זאָנע מען געפינט זיך. דער קלענסטער לוין איז געווען אין דער לייכט־אינדוסטריע, גאָר באַזונ־דערס — אין דער שניידער־אינדוסטריע. די מערהייט האָט געאַרבעט אויפן 4טן און 5טן „ראַזריאַד״. אַ קליינע שיכט מער קוואַליפיצירטע אַרבעטער האָבן געהערט צום 6טן. דער טאָג־לוין פון אויסגעאַרבעטע גאַנצע 100 פּראָצענט פון דער נאָרמע פון 6טן „ראַזריאַד״ איז געווען 6 רובל. די קויף־קראַפט פון אָט דער סומע איז געווען — 7 קילאָ שוואַרץ ברויט אויפן „קאָמערץ״־פּרייז. אויסער דער קאַרטע פון באַשפּייזונג, אויפן „שוואַרצן״ מאַרק האָט מען פאַר דעם געלט אַפילו קיין 500 גראַם אויך נישט געקענט באַקומען.

די אַרבעטער האָבן באַקומען 600 גראַם ברויט אַ טאָג. דאָס מיטאָג אין דער פאַבריק איז באַשטאַנען פון אַ שיטערער זופּ. מערסטנס פון קרויט, און צוויי לעפל קאַשע (האָבער־גרויפּן, אָדער הירזש). מ׳האָט אויך געהאַט אַ קאַרטע צו באַקומען יעדן חודש פאָלגנדע פּראָדוקטן: 1200 גראַם צוקער, 2 קילאָ גרויפּן, מאַקאַראָנען, פיש, בוימל. יעדע פאַבריק איז געווען פאַרבונדן מיט אַ באַזונדערן מאַגאַזין. נישט רעגלמעסיק און זייער זעלטן האָט אַ שניידער־אַרבעטער באַקומען אָט דעם מינימום פּראָדוקטן, וואָס איז אים פאָרמעל געקומען.

די פאַבריק האָט געאַרבעט גאַנצע 24 שעה אין מעת לעת, אין 3 שיכטן. דער רו־טאָג איז נישט געווען קיין אַלגעמיינער. דער סיסטעם פון אַרבעט — איז נישט געווען קיין שוויץ־סיסטעם ווי אין די אַמעריקאַנער שאַפּן. פון דעסטוועגן איז די אַרבעט געווען אַ געיאָגטע, איין אַרבעטער האָט נאָכגעיאָגט דעם אַנדערן. אַ גאַנצער אַפּאַראַט מענטשן, וואָס האָבן נישט גענומען קיין דירעקטן אָנטייל אין דער פּראָדוקציע, ווי ברויגאַדירן, נאַטשאַלניקעס פון אַגרעגאַטן, פון די שיכטן, פון די צעכן, צו דעם פאַרטיי־סעקרעטאַרן, פּראָפ.־אָרגאַניזאַטאָרן, סעקרעטאַרן פון

קאָמיוג. זיי אַלע האָבן באַקומען אַ חודש־לוין, און אַפילו פּראָצענטער און פּרעמיעס, אויב דער פּראָדוקציע־פּלאַן איז איבערגעשטיגן געוואָרן. בכלל איז זייער גאַנצע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קאַריערע געווען אָפּהענגיק פון אויספירן און איבערשטייגן די פּראָדוקציע־פּלענער. גאַנצע נעכט און גאַנצע טעג האָבן זיי די אַרבעטער אַריינגערוישט אין די אויערן: „דאַוואַי! דאַוואַי!...״ (גיב, גיב).

אַזוי איז עס געווען אין גאַנצן לאַנד. אין יעדן אָפּצווייג איז געשאַפן געוואָרן דער אַזוי גערופענער „לגאָטע־סיסטעם״, וואָס מ׳האָט געגעבן דעם מער רירעוודיקן אַרבעטער. ש׳לעכט איז געווען די, וואָס זענען פון דער נאַטור געווען לאַנגזאַמע, אַפילו זייער געוויסנהאַפטע. זיי האָבן נישט געקאָנט נאָכיאָגן די גרויסע נאָרמעס. מ׳האָט פון זיי געלאַכט און געחוזקט אויף די פאַרזאַמלונגען, און אין די וואַנט־צייטונגען. טראַגיש איז געווען דער גורל פון אַן אַרבעטער, וועלכן מ׳האָט פאַרדעכטיקט, אַז ער פילט נישט אויס די נאָרמע צוליב בייזוויליקייט, אָדער צוליב פּאָליטישער קעגנערשאַפט. כאָטש אַ געוויסער טייל אַרבעטער האָט איבערגעשטיגן די נאָרמעס, און דערמיט געהעכערט זייער לוין, האָט מען באַלד דערביי אָוועקגעשטעלט „נאָרמיראָווטשיקעס״, מיט זייגערס אין די הענט, נאָכ־צוקאָנטראָלירן.

דעם חודש־לוין האָט מען אויסגעצאָלט אין צוויי ראַטעס, אָבער גאָר זעלטן צו דער באַשטימטער צייט. „באַנק דיענגי ניע דאַיוט״ — האָבן זיי געטענהט. די שטייערן, וואָס מען האָט אַראָפּגערעכנט, זענען רעלאַטיוו געווען קליינע, אָבער אַ שווערע לאַסט, איז געווען די פרייוויליקע חודש־באַשטייערונג פון דעם יאָר־לוין פאַר די מלוכה־אָבליגאַציעס („זאַיאָם״). צום אונטערשרייבן די אָבליגאַציעס, איז מאָביליזירט געוואָרן דער גאַנצער פּאַרטייִשער און אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט. מ׳האָט אינספּירירט אַזאַ שטורעם, אַז אין געציילטע שעהן איז עס הונדערט־פּראָצענטיק דורכגע־פירט געוואָרן. ווײַ איז געווען צו דעם, וואָס האָט אונטערגעקרעכצט, אָדער געמאַכט אַ פּרווו אָפּצודינגען אַ צוויי־וואָכנדיקן לוין. ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען עס אים דערמאָנט.

דער צענטער פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן איז געוואָרן דער אַרבעטס־פּלאַץ. אויסערלעך האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז מיליאָנען נעמען אָנטייל אין ברויזנדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ווען מ׳האָט מיר געשיקט אַרבעטן אין דער פאַבריק, האָט דער סעקרעטאַר פון קיעווער „מאָפּר״ מיך גלייך געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך

פאַר דער „מאָפּר”־אַרבעט, און איבערגעשיקט די באַשטימונג צום סעק־רעטאַר פון פאַרטיי־קאָמיטעט. מאָמענטאַל האָט ער צוגעשיקט אינסטרוק־ציעס אין אַלע פאַרטייִישע און צעכן־אָרגאַנען און פּראָפ. אָרגאַנען פון אַלע 3 שיכטן. מיט זייער הילף, האָב איך אומעטום אַדורכגעפירט פאַר־זאַמלונגען וועגן שרעקלעכן טעראָר אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און בוכשטעבלעך זענען אַלע געוואָרן מיטגלידער פון דער אינטער־נאַציאָנאַלער „רויטער הילף”.

אַרויסגייענדיק איין מאָל פון אַזאַ פאַרזאַמלונג, אין דער באַגלייטונג פון אַן עלטערן יידישן אַרבעטער, האָב איך געלויבט די פּאָליטישע רייפקייט פון די מאַסן אַרבעטער, וואָס פיל פון זיי זענען נישט לאַנג געקומען פון פאַרוואָרפענע שטעטלעך און דערפער. ווען מיר זענען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג פון דער פאַבריק, זאָגט מיר מיין באַגלייטער, גאַנץ גלייכגילטיק:

— יונגערמאַן, נעמט אייך נישט אַזוי איבער... מ׳האָט אַזוי פיל מיטגלידס־קאַרטן אין קעשענע, וועט זיין נאָך איינע...

ווען כ׳בין אָנגעקומען אַרבעטן אין צעך ווי אַ געוויינלעכער אַרבעטער, האָבן פיל פון מיינע אַרבעטס־שכנים מיך באַדויערט. אַנדערע האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ „צעדרייטן”, „מסתמא פעלט אים אַ קלעפּקע אין קאָפּ”.. געקומען פון פּאַריז און אַוועקגעזעצט זיך אין „קאָנווייער” נייען! אַנ־דערע האָבן זיך אויסגעדריקט מיט איראָניע: „ניטשעוואָ” (נישקשה)... ער וועט לאַנג נישט אַרבעטן... ער איז דאָ אַ פּאַרטיינער”...

דאָס איינציקע, וואָס האָט מיך אויסגעטיילט, איז געווען מיין גאַנץ געוויינלעך אָרעמע, אָבער אויסלענדישע קליידונג. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט מיך דעריבער דער, אָדער יענער אַ טאַפּ טאָן: „אַזעלכע הויזן, אַזאַ העמד!...”

כ׳האָב געוואָלט וואָס גיכער די פּאָר שמאַטעס צו צערייסן, ווייל איך אויסערלעך כאָטש ווערן אַ טייל פון דער גרויסער פאַבריקס־מאַסע. צוגלייך מיט אַלע, האָב איך באַקומען פון פאַבריקס־קאָמיטעט די ברויט־קאַרטע און טאַלאָנען צו עסן אין קיך. אָבער ווען איך האָב גענומען דעם מיטאָג — אַ ביסל זופּ און צוויי לעפל קרויט, אַנשטאָט פלייש — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיינע טאַלאָנען זענען פּריווילעגירטע, איך האָב געהאַט רעכט צו עסן אין באַזונדערן זאַל, ווו עס עסט די אַדמיניסטראַציע און די פאַבריק־אָנפירערשאַפט. א.ט.ר. (אינזשעניר־טעכנישער פּערסאָנאַל).

ווען כ׳האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דער פּריווילעגיע, האָב איך געהערט פון אַלע זייטן: „אָט טשודאַק״ (אַ יאָלד)...

באַלד דעם אַנדערן טאָג ביים קומען צו דער אַרבעט, האָב איך דערפילט די טויט־שרעק פון אַלע, חלילה, נישט צו פאַרשפּעטיקן. די פאַבריק איז געווען ווייט פון צענטער, אויף דערומעיעווקע (אין אַ פאָר־שטאָט), און די מערסטע אַרבעטער האָבן געוווינט אין אַמאָליקן יידישן ראַיאָן, אויף פּאָדאָל.

די געזעצן זענען באמת געווען דראַקאָנישע. פאַר דריי מאָל פאַר־שפּעטיקן צו דער אַרבעט, האָט די אַדמיניסטראַציע פון דער פאַבריק געהאַט דאָס רעכט איבערצוגעבן אין געריכט; ס׳האָט געדראָט מיט אַ יאָר צוואַנגס־לאַגער. טיף באַליידיקנדיק איז געווען פאַר מיר די פּראָ־צעדור, וואָס פלעגט זיך טאָג־טעגלעך איבערחזרן ביים אַהיימגיין פון דער אַרבעט; די פאַבריקס־היטער, באַוואָפנט מיט ביקסן, האָבן יעדן איינעם באַזוכט.

איין מאָל רופט מיך אַ היטער אַרויס פון דער אַרבעט. דער נאַטשאַל־ניק פון אַגרעגאַט האָט זיך קעגנגעשטעלט, אַז ער קען מיך נישט אָפּלאָזן, ער האָט נישט ווער ס׳זאָל מיך פאַרטרעטן. דער וועכטער זאָגט אים אָבער, אַז דאָס רופט מען מיך אין דער ספּעץ־אָפּטיילונג. איך האָב נאָך דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען די שרעק — גערופן צו ווערן אין דער ספּעץ־אָפּטיילונג! אין שיינעם, גרויסן פאַרטיי־קאַבינעט, אין דער אָנ־וועזנהייט פון פאַרטיי־סעקרעטאַר און פאַראַנטוואָרטלעכן פון דער אָפּטיי־לונג ביי דער פאַבריק, האָט מיר אַ שליח פון נ. ק. וו. ד. איבערגעלייענט אַ בריוו פון „קאָמאינטערן״, פראַנצייזישע סעקציע, אַז עס איז קאָנטראָ־לירט געוואָרן מיין אָנגעהעריקייט צו דער ק. פּ. פּ. און ס׳איז באַשטעטיקט געוואָרן מיין איבערגיין צו דער אַלפאַרבאַנדישער ק. פּ. ב. נאָך צוליב דער רייניקונג אין דער פאַרטיי, איז דער אויפנעם צייטווייליק אָפּגעלייגט. איך האָב אָבער דאָס רעכט, ביזן באַקומען דעם פאַרטיי־בילעט, אָנטייל־צונעמען אין דער פאַרטיי־טעטיקייט, אָן רעכט צו וויילן און אויסגע־וויילט צו ווערן. נאָכן אונטערשרייבן, אַז כ׳האָב אויסגעהערט דעם באַשלוס, האָט דער נ. ק. וו. ד.־פאַרשטייער אים איבערגעגעבן דעם סעקרעטאַר.

מיט נישט ווייניק אינערלעכער פרייד און שטאָלץ — נישט געקוקט אויף אַלע ספקות, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט אַריינגעכאַפּט אין מיר — האָב איך בייגעוווינט די ערשטע פאַרמאַכטע פאַרטיי־פאַרזאַמלונג. עפּעס

אַ קלייניקייט, געהערן צו דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, די שעפּערין פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע!

נאָך דעם האָט מען מיך איבערגעשיקט אַרבעטן אין דער פאַבריק פון אינדיווידועלן געניי, אַן אָפּטיילונג פון דער גרויסער גאָרקי־פאַבריק. די פאַבריק האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטאָט און האָט געדאַרפט באַדינען די שטאָטישע באַפעלקערונג, מיט אַ העכערער פּראָדוקציע־קוואַליטעט. 5 מאַגאַזינען האָבן אָנגענומען אַרבעט. דער גאַנצער אַרבעטס־פּערסאָנאַל, צוזאַמען מיט דער אַדמיניסטראַציע, איז באַשטאַנען פון 600 פּערזאָן. עס האָבן עקזיסטירט אַ ריי קלענערע אַרטעלן, וואָס האָבן אויך אויסגעפירט די אַרבעט, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע סחורה; און קיין פרייער פאַרקויף פון שטאָפן איז דעמאָלט נישט געווען. די פאַבריק איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געאַרבעט מיט אייגענע שטאָפן, און אויב מען נעמט נאָך אין אַכט די „געשוואָלענע" אַדמיניס־טראַציע און די באַדינונג, איז עס געווען ווי אַ טראָפּן אין ים פאַר אַזאַ גרויסער שטאָט ווי קיעוו. די טאַלאָנען צו באַשטעלן עפּעס זענען פונאַנ־דערגעטיילט געוואָרן דורך דער האַנדלס־אָפּטיילונג ביים שטאָט־ראַט און אַ טייל — דורכן שטאָטישן ראַט ביי די פּראָפ. פאַראיינען. קלאָר, אַז דער עיקר פון אונדזער קליענטעלע זענען געווען „אַפּאַראַטשיקעס".

דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז מען דאַרף זיין וואַכזאַם, ווייל אַ גרויסער טייל פון די, וואָס אַרבעטן דאָרט, איז אַ פרעמ־דער עלעמענט. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אין וואָס קען זיך אויסדריקן די פרעמדקייט פון די פּשוטע שניידער־אַרבעטער? די אָנפירנדיקע קאַדרן זענען פּאַרטיי־מיטגלידער. האָב איך דאָס טאַקע נישט געקענט באַנעמען.

אַ קורצע צייט דערנאָך, ווען כ'האָב זיך באַקענט מיט די מענטשן, איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן. די מערסטע זענען געווען פּאַכלייט, וואָס ביזן אָפּשאַפן פון „נעפּ", האָבן זיי געאַרבעט פאַר זיך, אָדער זענען געווען היים־אַרבעטער (קוסטאַרן). די עטלעכע און דרייסיק צושניידער זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט זעלבשטענדיקע שניידער־פירמעס. ס'זענען אויך געווען אַרבעטער פון דער פּראָווינץ, גוטע בעלי־מלאכות. די שטעטל'עך זענען עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַרבן, צוזאַמען מיטן דורותדיקן יידישן לעבנס־שטייגער, זענען זיי דעריבער פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער גרויסער שטאָט אַריין. 90 פּראָצענט פון זיי זענען געווען יידן, די אומגאַנגס־שפּראַך איז דאָ געווען — יידיש, אָבער די אָפיציעלע

שפּראַך, פון דער קלענסטער באַראַטונג ביז אַ פאַרזאַמלונג — רוסיש.

מען האָט מיך באַלד, אויף אַ פאַרזאַמלונג פון ביידע שיכטן, אויס־געוויילט אין פאַבריק־קאָמיטעט, כאָטש די מענטשן האָבן מיך צום ערשטן מאָל געזען. אַלץ גייט לויט דער איינשטעלונג: „נישטאָ וואָס צו טראַכטן. די אָנפירער ווייסן בעסער”. דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי, צוזאַמען מיט זיין אַפּאַראַט זענען באַפרייט פון אַרבעט. דאָס איז דער סאַמע אויטאָריטאַטיווער אָרגאַן פון דער מאַכט. נאָכן דירעקטאָר פון דער פאַבריק קומט דער פאַרזיצער פון פאַבריק־קאָמיטעט, דער קולטור־טוער, וואָס פירט אָן מיט דער פאַרטיי־בילדונג. און די רעדנער אויף פּאָליטישע מיטינגען ביי געוויסע אַקציעס. ער לייענט פאַר דעם לייט־אַרטיקל פון דער „פּראַוודאַ”; ווי אַ שאָטן, דרייט ער זיך אַרום אין אַ לאַנגן שינעל, מיט אַ ציוויל־היטל אויפן קאָפּ. ער מיינט, אַז ער איז אַ רואה ואינו נראה. ער הערט אונטער. ער איז אָבער נישט דער איינציקער פון דער ספּעץ־אָפּטיילונג, וואָס אַלע האָבן זיך באַמיט אים אויסצומיידן. ער אונטערליגט נישט דער קאָנטראָל פון דער העכסטער פאַבריק־אַדמיניסטראַציע, אַפילו נישט פון דער פאַרטיי, נאָר דירעקט דער נ. ק. וו. ד.

ס׳איז אויך געווען אַ ביבליאָטעק, און כאָטש לייענער — גאַנץ קנאַפּ. די ביבליאָטעקאַרין איז גלייכצייטיק געווען די רעדאַקטאָרין פון דער וואַנט־צייטונג. קיין יוגנט איז דאָ כמעט נישט געווען, ווייל דער יחוס פון אַרבעט איז אַזוי אַרונטערגעריסן, די לוינען — נידעריקע, די נאָרמעס אויף שפּייז — קליינע, אַ סך קלענער ווי ביי די אַרבעטער פון דער שווער־אינדוסטריע, אָדער אַפילו קלענער פון דער סאַמע מינימאַלס־טער אַרבעט אין אַ קאַנצעלאַריע.

כדי אויסצופירן מיין אויפגאַבע, צוהילף דעם פאַרזיצער פון פאַבריק־קאָמיטעט און קולטור־טוער, בין איך געווען צוגעטיילט אין דער גרופּע, וואָס האָט געאַרבעט אינדיווידועל, און צוגעגרייט צו דער ערשטער מאָס. די מערסטע אין דער גרופּע זענען געווען הויך־קוואַליפיצירטע. זיי האָבן אויסגעפירט די באַשטעלונגען אינדיווידועל. אַ טייל פון זיי עלטערע, אָדער קראַנקע, וואָס האָבן זיך נישט געקענט צופּאַסן צום ריטעם פון קאָלעקטיווער אַרבעט. פאַר אָט דער אַרבעט האָט מען געצאָלט לויטן העכסטן „ראַזריאַד”, 10 רובל און 40 קאָפּיקעס, פאַר 100 פּראָצענט אויספירן די טאָג־נאָרמע.

דער פּראָפ. קאָמיטעט איז פאַרוואָרפן מיט אַ סך אַדמיניסטראַטיווע,

אָבער נוצלעכע אַרבעט. אַלע געזונטהייטס־ און סאַניטאַרע באַדינגונגען זענען אונטער זיין קאָנטראָל — קינדער־גערטנער, יאַסלעס, סאַנאַטאָריעס און אָפרו־הייזער. אָן דער אונטערשריפט פון פראָפ. קאָמיטעט, ווערט קיין געלט נישט אויסגעצאָלט. די קראַנקן־ליסטע־קאָנטראָל פון דער פאַבריק־קיך, צי די צאָל פּראָדוקטן, וואָס ווערט צוגעטיילט, ווערט ריכטיק אַרויסגעגעבן; זיי העלפן מיט שאַפן בעסערע וווינונגס־באַדינ־גונגען, קויפן פלעצער אין טעאַטערס, טיילן אויס מיטאָגן מיט הנחות, אָדער אין גאַנצן אומזיסט, פאַר שול־קינדער, גיבן אַרויס אויסשטייער פאַר ניי־געבוירענע קינדער, אָרגאַניזירן הילפס־קאַסעס און גיבן אַרויס טאַלאָנען אויף וועש, שיך, האָלץ, קוילן א. אַ. וו.

אָבער די הויפּט־ראָל און הויפּט־אויפגאַבע, וואָס די פראָפ. פאַראייניגן האָבן געהאַט, און וואָלטן געדאַרפט צו האָבן — איר קעמפערישע ראָל — איז צו פאַרטיידיקן די לוינען און אַרבעטס־נאָרמעס. דווקא דאָס ליגט אָבער נישט אין איר קאָמפּעטענץ, אַפילו נישט אין דער קאָמפּעטענץ פון די פאַבריק־דירעקציעס. דאָס ווערט גראַד פלאַנירט און באַשטימט פון דער מלוכה. אַפילו דאָס, וואָס ליגט אין זייער קאָמפּעטענץ, קענען זיי נישט פאָדערן, נאָר מוזן — בעטן. און יעדע דערגרייכונג איז שטענדיק אָפּהענגיק פון גוטן, אָדער שלעכטן ווילן פון דער פאַבריק־דירעקציע, און פון דער פעיִקייט און געשיקטקייט צו קענען אַרויסרייסן ביי די העכערע אינסטאַנצן, ווי מיניסטעריומס, שטאָט־ראַטן א. אַ. וו. אַ צאָל ערטער אויף קוראַציע אין אָפרו־הייזער. די צאָל ערטער באַקומט מען נישט לויט דער צאָל קראַנקע, נאָר פראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. עס איז אויך אָפּהענגיק פון דעם, צי דער קאָלעקטיוו האָט אויסגעפירט דעם פלאַן און וואָס איז די באַציונג פון די געבערס צום קאָלעקטיוו. דער זעלבער סיסטעם הערשט אין דער פאַבריק גופא. די דילעמע איז תמיד וועמען געבן דאָס, אָדער יענץ? דעם פאַרטיי־מיטגליד? דער נאַטשאַלניק? דעם בריגאַדיר? דעם, וואָס אַרבעט שנעל? א. אַ. וו.

די פאַבריקס־קאָמיטעטן, פאַרטיי־קאָמיטעטן טראָגן נישט קיין פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר די מיטגלידער פון זייערע קאָלעקטיוון. זיי דאַרפן בלויז ווילגעפעלן אין די אויגן פון די העכערע אינסטאַנצן און זייערע דירעקטאָרן. דערפאַר פאַרוואַנדלען זיי זיך אין אַ טייל פון דער אַדמי־ניסטראַציע. זייער הויפּט־אויפגאַבע איז מאָביליזירן די מאַסן אויסצופילן די אַרבעטס־פּלענער.

אין אַ דורכשניטלעכער שניידער־פירמע אין פּאַריז, ווו די טעגלעכע פּראָדוקציע איז פילפאַרביקער און פון אַ העכערער קוואַליטעט, איז צען מאָל גרעסער אין פּראָדוקטיוויטעט, ביי אַ צענט־חלק פון אַדמיניסטראַ־טיוון אַפּאַראַט!

גאָר באַזונדערס טרויעריק איז מיר געוואָרן, ווען כ׳האָב געמאַכט אַ פּאַראַלעל מיט די לוינען פון די אַממערסטן עקספּלואַטירטע, עמיגראַנטן אין פראַנקרייך, די טויזנטער שניידער, היים־אַרבעטער. ס׳איז מיר געווען אַ בושה פאַר מיינע קאָמוניסטישע איבערצייגונגען! דער געדאַנק, אַז די זיבן מאָגערע קי פרעסן אויף די זיבן פעטע קי, איז דאָ געקומען בולט צום אויסדרוק.

ווי אַ וויכער טראָגט זיך די ידיעה איבער דעם לאַנגן גרויסן צעך, ווו 8 בריגאַדעס אַרבעטן אויס דאַמען־ און מענער־קליידונג: „דער דירעקטאָר דאַרף אָנקומען אַ ליאַדע מינוט״. אונדזערע נאַטשאַלניקעס זענען דענערווירט. זיי לויפן פון איין אָפּטיילונג אין דער צווייטער. זיי באַזאָרגן אַלע זאָלן האָבן גענוג אַרבעט, מ׳זאָל חלילה, נישט זיצן ליידיק. די בריגאַדירן זענען וואַכזאַם. זיי האַלטן אויג אויף זייערע בריגאַדעס. זיי הענגען איבער און קלייבן אויס די שיינע און מער געלונגענע שטיקלעך אַרבעט און שטעלן זיי אַרויס פון פאָרנט. די נישט־געלונגענע באַגראָבט מען פון הינטן. די אַרבעטער ביי די מאַשינען דריקן פעסטער אויף די פעדאַלן. די פרעסער קלאַפּן שטאַרקער מיט די פּרעסאייזנס. און אַפילו די „יחסנים״, די מעכאַניקער און עלעקטריקער (וועלכע חברן זיך נישט מיט די שניידער, זייער אַרבעט שמעקט דאָך שוין מיט גרויס־אינדוסטריע!), זאָרגן מער ווי געוויינלעך, אַז די מאַשינען, מאָטאָרן און עלעקטרישע אייזנס זאָלן גוט פונקציאָנירן.

און אָט דערהערט זיך אַן אויסגעשריי: „וניעמאַניע״! (אַכטונג!). די אַרבעטער גראָבן נאָך מער אַריין זייערע קעפּ אין דער אַרבעט. אָט גייט דער דירעקטאָר, אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער כאָפּטע מחבלים. לויט דער נאָענטקייט פון די באַגלייטער צום דירעקטאָר, קען מען לייכט אָפּשאַצן זייערע ראַלעס און ראַנגעס אין פאַבריק. דער דירעקטאָר באַזוכט יעדע בריגאַדע, גיט אַ טאַפּ, אַ גלעט, און לויט דעם קען מען אויך דערקענען, צי ער אַליין איז פון פאַך, אָדער כאָטש אַ זון פון אַ שניידער. גליקלעך איז דער בריגאַדיר, וועמען ער האָט געשענקט אַ שמייכל, אָדער אַ פריינדלעך וואָרט.

די אַרבעטער באַציִען זיך צו זיי פיינטלעך, נישט־פאַרגינעריש.

דאָס איז די כאַראַקטעריסטישע באַציִונג פון אָרעמע און באַוואוּסטע צו רייכע, באַזונדערס — צו אויפגעקומענע גבירים. עפנטלעך קומט די פּיינט־שאַפט צום אויסדרוק ווען עס ווערט עמעצער פון די „גדולים" באַזייטיקט פון זיין אַרבעט, דאַן דערלעבן זיי אַ נקמה און זענען זייער צופרידן. מען רעדט נאָך שפּעטער וועגן דעם און מען דערציילט עס איבער מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. אַז איך פלעג אין אַזאַ פאַל אַ פרעג טאָן: „וואָס איז די גדולה? אפשר דאַרף מען גאָר האָבן מיטלייד? אפשר האָט מען אים, חלילה, אַרעסטירט און די קינדער זענען געבליבן יתומים"... איז דער ענטפער געווען: „דער טייוול מיט זיי... זיי האָבן זיך געגנוג אָנגעפרעסן"...

אייטער דעם גרויסן אונטערשייד אין די לוינען, די פאַרשיידענע פאָנדן פאַר דער דירעקציע, כסדרדיקע פרעמיעס פאַר אויספילן פּלענער, פילפאַכיק בעסערע באַשפּייזונג אין פאַבריק און פאַר דער פאַמיליע, קומט נאָך צו אַ 4־וואָכנדיקער אורלויב (אין דער צייט ווען דער אַרבעטער באַקומט נאָר 12 אַרבעטס־טעג), מיט קור־ערטער, אין דער ערשטער ריי, פאַר זיך און משפּחה (אַפילו ווען זיי זענען נישט קראַנק). דאָס אַלץ און זייער אומאויפהערלעכער קאַמף קעגן די פּרוּוון פון די אַרבעטער צו העכערן די אַרבעטס־לוינען, און די באַמיִונגען צו העכערן די נאָרמעס — איז די באַזע, אויף וועלכער ס'וואַקסט די שנאה. כדי צו מילדערן די פיינטשאַפט, און טאַקע פאַרקלענערן די פּראָדוקציע־קאָסטן ווערן אַקטיוויזירט אַלע מיטלען פון פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, וועלכע פאַרטומלען און פּרוּוון פאַרטויבן ספקות.

דער ווילן צו פאַרדינען מער און דער דראַנג זיך אַרויפצודראַפּען אויף אַ העכערן עקאָנאָמישן שטאַפּל — באַוועגט די אַרבעטער זיי זאָלן אַריבערשטייגן די אָנגענומענע נאָרמעס און טאַקע פאַרדינען מער.

די שנעלע, פלינקע, מער אינטעליגענטע און פאַכמעניש־געשיקטע אַר־בעטער, זענען מער אָנגעזען, און לשם פּראָפּאַגאַנדע — באַצייט מען זיך צו זיי מיט מער כבוד. זיי פאַרדינען מער, ווערן געקעכלט, באַקומען בעסערע מיטאָגן און אַ גרעסערע צאָל פּראָדוקטן. זיי זענען די ערשטע אין די פּרעזידיומס. זייערע פּאָרטרעטן הענגען אויף די ווענט אין די פאַבריקן, אין שטאָט־גערטנער. זיי ווערן געקרוינט, ווי די בעסטע סאָוויעטישע פּאַטריאָטן. מען שיקט זיי לערנען און זיי ווערן אינסטרוקטאָרן און בריגאַדירן.

פּונקט ווי די נייע, יונגע בורזשואַזיע פאַרשפּרייט די לעגענדעס וועגן די מיליאָנערן וואָס זענען געווען ייִנגלווייז צייטונגס־פאַרקויפער,

און זענען אויסגעוואַקסן — אַ פאָרד, אַ ראָקפעלער, אַזוי ווערן דאָ געשאַפן לעגענדאַרע העלדן, ווי איזאַטאָוו, מאַריאַ דעמטשענקאָ, סטאַכאַנאָוו. פון פשוטע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע, אָדער לאַנדווירטשאַפט, זענען זיי דערהויבן געוואָרן צו די העכסטע שטאַפּלען פון דער געזעלשאַפט.

מיט אַט די סימבאָלן האָט מען אַנטוויקלט די מעכטיקע קאַמפּאַניעס, וואָס האָבן זיך אויסגעווירקט נישט נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד גופא, נאָר ווייט אויסער זיינע גרענעצן. אין פּראַקטישן, רעאַלן לעבן האָט עס טאַקע געבראַכט דערצו, אַז פיל האָבן איבערגעשטיגן די נאָרמעס און די דירעקציע איז באַלד געווען געצווונגען זיי צו רעווידירן, און פאַרשטענדלעך, העכערן, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ באַשטימטן פאָנד אויפן אַרבעטס־לוין און האָבן נישט געהאַט קיין רעכט אים אַריבערצושטייגן. די באַנק האַלט אַ גוטע קאָנטראָל. אויב עס זענען פאַראַן צופיל אַדמיניסטראַטיווע אָנגעשטעלטע, מער ווי ס'איז פּלאַנירט, ווערן זיי באַלוינט אויפן חשבון פון די אַרבעטער.

די אַרבעטער פון מיין גרופּע האָבן מיר דערציילט, אַז פריער, פאַר מיין אָנקומען אַהער, איז די נאָרמע געווען צוויי מאָסן, פאַר וועלכע מ'האָט באַקומען 10 רובל מיט 40 קאָפּיקעס. האָבן געציילטע אָנגעהויבן מאַכן 2 מיט אַ האַלבע, און איינער האָט אַפילו דערצויגן ביז 3, האָט מען מיט אים געמאַכט אַ גאַנצן צימעס. אין מיין צייט איז שוין די געוויינלעכע נאָרמע געווען 3. אין 1937, פאַרן פאַרלאָזן קיעוו, איז די נאָרמע דערגאַנגען צו 5 מאָסן, און אַלץ — פאַר די זעלבע 10 רובל מיט 40 קאָפּיקעס. מענטשן האָבן אָנגעהויבן דערגרייכן אויך 6 נאָרמעס. ווי אַזוי האָט זיך עס אָבער אויסגעווירקט אויף דער קוואַליטעט? אַ בעקער־אַרבעטער, אַן עמיגראַנט, אַ געוועזענער מיטגליד פון לאָדזשער בעקער־פאַראיין אויפן באַלוט, האָט מיר דערציילט:

— כדי דאָס ברויט זאָל אַרויסקומען גוט, איז אָנגענומען, אַז פון 100 קילאָ מעל דאַרף זיך באַקומען 140 קילאָ ברויט. אויב דאָס מעל איז גאָר טרוקן באַקומט מען אַ 5 קילאָ מער. אָבער אַז די נאָרמע איז געווען 50 אויף 100 און דאָס מעל איז פון אַ שלעכטער קוואַליטעט, געמישט מיט קוקורודזע און סאָיע (און נאַטשאַלסטווע וויל דאָך לעבן), גיסט מען צו נאָך וואַסער און מען ציט אַרויס נאָך גאַנצע 60 קילאָ אויף די 100 קילאָ מעל. דאָס ברויט האָט מען שוין אין דעם פאַל נישט געקענט אויסאַרבעטן אויף ברעטער, נאָר אין אַ שיטערן צושטאַנד, געגאָסן אין פאָרמעס. איז ביי די בעקער אַרומגעגאַנגען אַזאַ ווערטל „דו ווייסט פאַר

וואָס עס פעלט אויס מעל? — ווייל מען דאַרף דאָך צומישן צום ברויט"...

די אַליינהערשער אין די פאַבריקן, די דירעקטאָרן, פאַרטיי־סעקרע־טאָרן, נאַטשאַלניקעס, זענען אָבער נעבעכדיק, חניפהדיק. ווען זיי שטייען פאַר העכערע אינסטאַנצן. זיי לעבן אויך אין כסדרדיקער שרעק, נישט צו פאַרלירן זייער פּריווילעגירטע פּאָזיציע. כדי אָנצוהאַלטן זייערע פּאָזיציעס זענען זיי גרייט צו גיין איבער טויטע, שוין אָפּגערעדט פון פּראָוואָקאַציע — דאָס איז דער „בכבודיקסטער" און „אָרנטלעכסטער" מיטל צו באַפעסטיקן די פּאָזיציעס.

גלייכצייטיק זענען זיי אָבער געצוווּנגען צו גיין אויף די געפער־לעכסטע פּאָזיציעס און פילן זיך שטענדיק ווי פּאָטענציעלע אַרעסטירטע. כדי אויסצופילן די פּלענער, מוז מען אויך האָבן רוי־שטאָף, מאַשינען און דעטאַלן צו מאַשינען. כאָטש עס אַרבעט אַ פּלאַניר־קאָמיטעט, ווו אַלץ ווערט כלומרשט פאָראויסגעזען, מוז מען נאָך האָבן אַ באַשטע־טיקונג פון מיניסטעריום, און אויספּועלן ביי אים די געהעריקע אָנווייַ־זונגען, און ס'דאַרף זיין אויך דער ווילן דאָס דורכצופירן. אַ סך מאָל האָט זיך טאַקע באַקומען אַזאַ לאַגע: ס'זענען דאָ שטאָפּן, איז נישטאָ קיין אונטערשלאַק, אָדער שטייף־לייוונט. אַזוי ווערט איבערגעריסן די אַרבעט, וואָס מען קען שוין דערנאָך נישט אָניאָגן. אין די פאַלן זענען געווען פאָרגרייטער, וועלכע מ'האָט גערופן אונטערשטופּער, „טאָלטשאַק". זיי האָבן געהאַט די אויפגאַבע אָנצוקומען צו די דירעקטאָרן און אויסבעטן ביי זיי, וואָס די פאַבריק האָט געדאַרפט האָבן.

אָנצוקומען צו אַזאַ איינעם איז גאָרנישט געווען אַזוי פּשוט. ער דאַרף ווערן אויפגענומען; מען דאַרף, אַז די סעקרעטאַרקעס, וואָס זיצן אין פאָדערשטן צימער, זאָלן אַריינלאָזן צו אים. פון די טענות, אַז די פאַבריק מוז עס שוין האָבן, ווערן זיי נישט נתפּעל. זיי הערן זיך גענוג אָן די אַלע טענות. ביזן היינטיקן טאָג ווירקט אַזוי דער סיסטעם פון פּלאַנירונג.

אויפן 23סטן קאָנגרעס פון דער פאַרטיי, אין 1966, איז אַרויסגעטרעטן דער באַקאַנטער שרייבער מ. שאָלאָכאָוו און האָט דערציילט וועגן דעם, אַז מען האָט געדאַרפט האָבן ברעטער פאַר שטאַלן אין ראָסטאָווער ראַיאָן, האָט מען געהאַלטן אין איין שיקן דעלעגאַציעס צו פאַרשיידענע דירעק־טאָרן, לעגאַלע און נישט לעגאַלע. מען האָט אַפילו דערצו אויסגענוצט אים אַליין, צו פּראָטעקציע ביים מיניסטער, וואָס איז זיינס אַ חבר, און דער מיניסטער איז דאָך געבליבן גערעכט אין זיין טענה, אַז לויטן

פלאַן האָט שוין ראַסטאָוו באַקומען איר צאָל ברעטער. אָבער — וואָס זענען שולדיק די קעלבלעך, וועלכע שטייען אין רעגן, אָדער פרירן אין דרויסן אין די פרעסט? — האָט געפרעגט שאָלאָכאָוו.

די דירעקטאָרן, אין מורא צו שטעלן אַזעלכע פראַגן, האָבן געמוזט גיין אויף פאַרשיידענע מיסברויכן. דערפאַר איז טאַקע אַזוי פּאָפּולער ביים פאָלק, דער טרויעריקער און קאָמישער שמועס צווישן אַ דירעקטאָר און אַן אַלטן, דערפאַרענעם בוכהאַלטער ביים אַנקומען אויף אַרבעט:

— וויפל איז 2 מאָל 2?

דער בוכהאַלטער באַליידיקט זיך טאַקע פון דעם וויץ, אָבער ס'איז דאָך פאַרט דער דירעקטאָר, ענטפערט ער: 2 מאָל 2 איז, פאַרשטייט זיך — 4... ווערט שוין דער בוכהאַלטער נישט אויפגענומען צו דער אַרבעט. קומט ער צו אַ צווייטן און אַ דריטן דירעקטאָר און עס חזרט זיך אַלץ איבער, מיט פראַגעס און ענטפערס, ביז ער פאַלט אויף אַן המצאה און ענטפערט:

— צוויי מאָל צוויי איז... וויפל דער דירעקטאָר באַדאַרף...

אָט דער איז דער בעסטער בוכהאַלטער. ווייל בכדי צו דעקן און קענען אויסקאָמבינירן די גרויסע מיסברויכן, קומען טאַקע פאַר גרויסע און קליינע גנבות.

איין מאָל האָבן די באַוואָפנטע היטער ביים צעך, בעתן אַהיימגיין, רעווידירט די אַרבעטער און געפונען ביי אַן אַרבעטערין 8 קנעפּ. מ'האָט די פרוי פאַרהאַלטן, געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, און דערביי האָט מען איר צוגערעכנט אַזוי פיל גנבות אין דער פאַבריק, אַז די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך אויפגעשטעלט. אויפן פּראָטאָקאָל האָבן זיך אונטערגעשריבן דער נאַטשאַלניק פון די היטער און דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַטאָר פון צעך. איך האָב אויך באַדאַרפט אונטערשרייבן אין נאָמען פון פאַב. קאָמיטעט. אָבער ביי מיין אונטערשריפט, האָב איך צוגעגעבן אַ באַמערקונג, אַז איך האָב „געזען" 8 קנעפּ. פאַר דער חוצפה האָט דער נאַטשאַלניק אויף מיר געגעבן אַזאַ היקע, פּונקט ווי איך אַליין וואָלט צוגעהאָלפן צו דער גנבה.

מיר זענען מיטגעפאָרן צו איר אין וווינונג, אין אַ פאַרשטאָט פון קיעוו, סאָלאָמינקע, איבערגעדרייט דאָס גאַנצע אָרעמע שטיבל און — גאָרנישט מער געפונען. די פרוי האָט געוויינט, אַז זי האָט געוואָלט קויפן ביי אירס אַ שכנה אַ ביסל מילך פאַר אירע צוויי קראַנקע קינדער. האָט מען אַרויסגערופן די מיליץ, כדי צו זוכן ביי דער שכנה, וואָס

פֿאַרקויפֿט מילך. יענע האָט אָבער אָפּגעלייקנט און געטענהט, אַז זי פֿאַרקויפֿט קיין מאָל נישט קיין מילך. די אויסגעדאַרטע ציג גיט קוים אַ ביסל מילך צו פֿאַרווייסן דאָס וואַרעמע וואַסער, פֿאַר אירע אייגענע קינדער.

צום גליק איז דער בעל־הבית פֿון דער ציג געווען אַן אָנגעזעענער „אודאַרניק", אַ טאַקער אין דעפּאָ ביי די גרויסע רעדער פֿון לאָקאָמאָטיוון. זיין פֿאָטאָגראַפֿיע שיינט אַראָפּ פֿון די ווענט פֿון אַ סך באַן־אונטער־נעמונגען — האָט מען זיך באַגנוגנט מיט דער דערקלערונג פֿון אייגנ־טימער פֿון דער ציג. דעם אַנדערן טאָג האָט זיך אין אונדזער פֿאַבריק געטאָן חושך. אַלע פֿאַרזאַמלונגען זענען פֿאַרהילכט געוואָרן מיטן געשריי: „מען גנבעט און מען גנבעט". אין איין בריגאַדע האָבן געפֿעלט פּלייצעס פֿון אָנצוגן, אין אַן אַנדערער — אַרבל. און איך — האָב זיך מער נישט געפֿילט באַליידיקט, ווי ווען מ'האָט מיך באַזוכט ביים אַרויס־גאַנג פֿון פֿאַבריק, אין די ערשטע טעג, נאָר איך האָב זיך גאָר אַליין באַזוכט. איידער כ'בין צוגעגאַנגען צום טויער — אפשר האָט מיר עמעצער אונטערגעוואָרפֿן אַ קלעצל פֿאָדעם, צי עפּעס אַנדערש? איך בין געווען ממש קרענקלעך עמפּפֿינדלעך, גענוי ווי מענטשן, וואָס פּרובירן עטלעכע מאָל די טיר, נאָך דעם ווי זיי האָבן זי פֿאַרשלאָסן. יעדן מאָל ביים אַרויסגיין פֿון פֿאַבריק, האָט מיר דאָס האַרץ געקלאַפּט, ווי בעת אַ רעוויזיע אין דער פּוילישער דעפֿענסיווע.

אין עטלעכע טעג אַרום איז פֿאָרגעקומען אַ „פּאָקאַזאַטלנע" געריכט אין עס־זאַל, וואָס האָט אויך געדינט פֿאַר אַ קלוב. עס זענען געקומען דער פּראָקוראָר און אַ פֿאָרזיצער פֿון די געריכטס־אָרגאַנען, צוויי בייזי־צער און צוויי „אודאַרניקעס" פֿון אונדזער פֿאַבריק. איך, אַלס אויסלענ־דישער קאָמוניסט, האָב אויך געדאַרפֿט אַרויסטרעטן אַלס ציוויל־מאָנער פֿון דער געזעלשאַפֿט.

איך האָב גערעדט יידיש, און געזאָגט: „מיר דאַרפֿן איצט פּילפּאַכיקער אָפּהיטן די יסודות פֿון דער אַלטער מאָראַל, ווו די פֿרוי איז אין איר יוגנט דערצויגן געוואָרן אין איר היים מיטן „לא תגנוב". די אָרעמע פֿרוי האָט בשעת מעשה אויסגעבראָכן מיט אַ היסטערישן געוויין, און געשריען: „דערשיסט מיך! איך שעם זיך פֿאַר מיין פֿרומען, דערמאָרדעטן טאַטן". פֿיל פֿון די אָנוועזנדיקע האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן. אויך מיך האָבן די טרערן געשטיקט אין האַלדז. איך בין געווען זיכער, אַז מען וועט זי באַשטראָפֿן מיטן אַראָפּרעכענען 20—25 פּראָצענט פֿון איר לוין

אין פאַרלויף פון אַ געוויסער צייט, אָבער, צו מיין שטוינונג, האָט דער פּראָקוראָר גאַנץ רויק אויסגערעכנט אַלע גנבות, וואָס מ׳האָט ביי איר נישט געפונען, און געפּאָדערט אַ שטראָף פון 5 יאָר לאַגער. דער פאָר־זיצער פון געריכט האָט פאַרגעלייגט 4 יאָר. און אַזוי האָט מען אַ מאַמע פון צוויי קליינע קינדער אַוועקגעפירט אויף 4 יאָר אין לאַגער.

ביי נאַכט האָב איך זיך געוואָרפן אין אַנגסטן און געטראַכט וועגן גורל פון דער אָרעמער מאַמען, וועלכע איז צעשיידט געוואָרן פון אירע צוויי קליינע קינדער צוליב... 8 קנעפּ. איך האָב זיך אַליין געמאַכט פאָרווורפן פאַר מיין ווייכהאַרציקייט, געפּרווווט באַרעכטיקן די אַלטע טעזע, אַז „רעוואָלוציעס מאַכט מען נישט מיט קיין ווייסע הענטשקעס״, מיט ווייכקייט דערציט מען נישט קיין מענטשן זיי זאָלן הייליק האַלטן געזעלשאַפטלעך אייגנטום. אָבער אין מיר האָט כסדר געשריגן אַ קול: „ניין און נאָך אַ מאָל ניין! דאָס איז נישט דער וועג, צו פאָכען אויף רעכטס און לינקס מיט — לאַגערן!...״

געשלאָפן בין איך נאָך אַלץ אין דער צוזאַמענוווינונג אין דער גאַרקי־פאַבריק. אַזעלכע וווינונגס־באַדינגונגען זענען פאַר מיר נישט געווען קיין נייעס, בפרט, אייגענע חברים מיט אַ בשותפותדיקער אידייע, וואָס שאַפט פאַמיליאַרע אינטימקייט. אָבער דאָס איז געווען אַ צוזאַמענ־לויף, ווי אין אַ קאַזאַרמע. מיינע מיטוווינער האָבן געוווּסט אַז איך בין אַ פאַרטיי־חבר, און דאָס האָט באַלד געשאַפן אַרום מיר אַ וואַנט פון אומצוטרוי. מיין פאָדערונג ביים קאָמענדאַנט פון דער צוזאַמענוווינונג, מ׳זאָל אויפלעבן דאָס אָפּגעטיילטע לענין־ווינקל אַלס אַ שטיקל קלוב, ווו ס׳זאָל זיין אַ שאַך, אַ זשורנאַל, אַ צייטונג (נישט צו רויכערן), האָט אַרויסגערופן צו מיר דעם חשד, ווי צו אַ „פּרעמדן״. דער קאָמענדאַנט האָט שוין געזען אין מיר אַ קאָנקורענט. ער איז געווען אַן אינוואַליד, און — ווי ער האָט מיר דערציילט — אַ פאַרטיזאַן פון בירגער־קריג. זיין פיינטשאַפט צו מיר האָט ער אָפן אויסגעדריקט, ווען ער פלעגט זיין שיכור, און שיכור איז ער געווען גאַנץ אָפט: „געקומען צו פאָרן פון טשאָרט זאַקוליטשקע׳ (פון דער טייוול ווייסט ווו) און וויל דאָ קאָמאַנ־דעווען״.. — פלעגט ער שרייען.

זיין אויפגאַבע איז אויך געווען אָפּצוהיטן, אַז פרעמדע זאָלן נישט אַריינקומען נעכטיקן, באַזונדערס פרויען. אָבער פאַר אַ קליינִיקייט, האָט מען געקענט ביי אים פועלן, ער זאָל זיך מאַכן נישט־זעענדיק. מיט

אַ ליילעך, אָדער מיט צוויי איבער־רעקלעך האָט מען זיך פאַרהאַנגען פון די שכנותדיקע בעטלעך. מערסטנס זענען עס געווען אייגענע פרויען, געזעצלעכע, אָדער בערך געזעצלעכע. דיביידע זיך אָנגעהעריקע האָבן געהאָפט צו באַקומען ווען אַ צימער, כדי צוזאַמען קענען בויען אַ פאַמיליע־לעבן. אָבער ביז דער אידעאַל וועט פאַרווירקלעכט ווערן, קען מען דאָך קיין ליבע־דראַנג מיט קיין ברעטער נישט פאַרשטעלן... די אַרומיקע האָבן אָבער דערויף אויסגעגאָסן זייער צאָרן מיט ניבול־פה, און איינער האָט דעם אַנדערן איבערגעשטיגן.

איך פלעג יעדע פרייע מינוט אויסנוצן צו זיין אין ביוראָ, וואָס פאַרטיילט וווינונגס־פּלעצער („זשיל פלאָשטשאַד״), אָבער די מחנות מענטשן, וואָס האָבן תמיד באַלאַגערט די ביוראָ מיט פולע טעקעס רעזאָלוציעס, באַרעכטיקטע צו באַקומען אַ שטיקל מקום־מנוחה, האָבן מיך פשוט אַנטוואָפנט און אַריינגעבראַכט אין אַ ספק, צי איך וועל זיך נאָך אַ מאָל דערשלאָגן צו עפּעס. 16 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע איז נאָך דער הויפּט־מקור פאַר דירות געווען — געשטאָרבענע, אַרעסטירטע, אַרויסגעשיקטע פון קיעוו, אָדער — פון אומאויפהערלעכן פאַרקלענערן דעם וווינונגס־שטח. אַ גאַנצער שטאַב אינספּעקטאָרן האָט געהאַלטן אין איין נאָכקאָנטראָלירן, צי דער אָנגעגעבענער שטח פון די הויז־פאַר־וואַלטער איז אַ ריכטיקער. און נישט ווינציק שוואַרץ־האַנדל איז דערביי אָנגעגאַנגען. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין אויף דער ליסטע פון באַרעכטיקטע צו אַ וווינונג. ס'איז דאָרט אָבער געווען אונטערגעשטראָכן, אַז כ'וועל די וווינונג באַקומען, נאָר ווען איך אַליין וועל ערגעץ ווו אָנווייזן אויף אַ פרייען שטח. דער פאַרטיי־ און פאַבריקס־קאָמיטעט האָבן זיך פאַרפליכטעט מיר צו העלפן. זיי זענען אַלע געווען מיטגלידער אין הויז־קאָמיטעטן. און אָט האָט אַ חברטע געפועלט ביי איר הויז־פאַרוואַלטער, מיר צו געבן אַ צימער, וואָס האָט זיך באַפרייט. זי האָט מורא געהאַט עס איבערצוגעבן דעם אינספּעקטאָר. מיט פיל שוועריקייטן איז מען אָנגעקומען צום סאַמע דירעקטאָר פון ביוראָ. ער האָט די פרוי אַהיים געשיקט און איך האָב ביז דער סאַמע שפּעטער שעה געוואַרט אויף אַן אינספּעקטאָר מיטן „נאַריאַד״, כדי צו באַקומען דאָס צוגעזאָגטע צימער. זעענדיק דאָס צימער, האָב איך באַמערקט, אַז ס'איז נישט דאָס, וואָס זי האָט מיר אָפּגעמשלט. איך האָב אָבער נאָך אַלץ נישט געקענט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז מ'האָט מיך אָפּגענאַרט.

צומאָרגנס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מ'האָט מיך טאַקע אָפּגענאַרט.

די פרוי האָט זיך נישט געקענט באַרויִקן. אין דעם צימער, וואָס זי האָט אָנגעגעבן, האָט מען אין מיטן נאַכט אַריינגעזעצט אַ צווייטע משפּחה. מיט דער הילף פון פּאַרטיי־סעקרעטאַר און מיטן הויפּט־סעקרעטאַר פון „מאָפּר", האָט מען זיך, נאָך צוויי וואָכן קלינגען, דערשלאָגן צום פּאָרזי־צער פון קיעווער שטאָט־ראַט. ער האָט געגעבן אַן אָנווייזונג, אַז דער דירעקטאָר פון ביוראָ מוז מיך אויפנעמען און אויפקלערן דעם ענין. און אָט אַזוי האָט ער אויפגעקלערט דעם ענין:

— דו ביסט דאָך אַ קאָמוניסט?

— יאָ.

— דער מענטש, וואָס האָט פאַרנומען דעם צימער, איז אַ קאָמאַנדיר, וואָס האָט אָנטיילגענומען ערשט נישט לאַנג אין די קאַמפן ביי דער אָזערע כאַסאַן. איצט האָט מען אים געשיקט קיין קיעוו. ער איז מיט אַ פאַמיליע, אַ פרוי מיט 3 קינדער. דיין פרוי איז דאָך נאָך אין פּאַריז. אַז זי וועט קומען, וועט מען דיר בייטן דאָס צימער.

דעם אויסגעטראַכטן תירוץ האָב איך אָנגענומען פאַר גוט געלט. אָבער אַלע האָבן מיך געהאַלטן פאַר אַ נאַיוון, אָדער גאָר פאַר אַ „יאָלד". דעם צוזאָג האָט מען קיין מאָל נישט געהאַלטן. מיין פרוי איז געקומען, אַ זון איז ביי מיר געבוירן געוואָרן און מיר האָבן נאָך אַלץ געוווינט אין דעם האַלב־פינצטערן צימערל, וואָס איז געווען אַ טייל פון אַ 3־צימערדיקער וווינונג, ווו עס האָבן שוין געוווינט 2 פאַמיליעס מיט 4 קינדער, און אַ בשותפותדיקע קיך. מיין צימערל האָט אַמאָל געדינט פאַר אַ קעכין, אָדער צו האַלטן אַלטע זאַכן. אַן אויוון פון אַ קוואַדראַט מעטער, וואָס האָט באַדאַרפט באַהייצן די אַנדערע צימערן, האָט זיך געפונען אין מיין צימערל פון 3 קוואַדראַט־מעטער. כדי אַריינצוגיין צו מיר אין צימער, האָבן מיר געמוזט דורכגיין דעם שכנס צימער. אַזוי האָבן געוווינט מיליאָנען אַרבעטנדיקע, אַפילו נאָך אין יאָר 1957, פאַר מיין אָפּפאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד.

נאָך ערגער איז געווען מיט דער געוווינהייט פון גנבענען, שווינדלען און ליגנס זאָגן. שוין אין די ערשטע עטלעכע חדשים פון מיין זיין אין לאַנד, האָט מען מיך פיל מאָל אָפּגענאַרט. באַלד אויף דער גרענעץ, ווען איך האָב זיך אַזוי באַגייסטערט פאַרקוקט אויף די פּאָרטרעטן פון מאַרקס און סטאַלין, האָט דער נ.ק.וו.ד.־קאָמאַנדיר, ווען איך האָב אָפּגעגעבן דעם פּאַרטיי־פּאַראָל, מיר דערוווייל לייכטער געמאַכט מיין געווּג לייכטע וואַליזקע. אין וועג, האָט זיך דאָס גלעזל און די ווייזערס

פון מיין קעשענע־זייגער צעבראָכן. אין די יאָרן, וואָס איך האָב אים געטראָגן האָב איך זיך אַזוי צוגעוווינט צום קלאַפּן פון זייגער, ווי אַ מין פּולס. בין איך אַרומגעלאָפן איבער אַלע קאָאָפּעראַטיוון און זייגער־ווערקשטאַטן אין מאָסקווע, און אומעטום — דער זעלבער ענטפער: „אַזאַ גלעזל? אַזעלכע ווייזערס? שוין לאַנג נישטאָ!...״

האָב איך זיך פאַרקלאָגט וועגן דעם פאַר אַ פּאָליט.־עמיגראַנט, וועלכן כ'האָב נאָך געקענט פון פּוילן. ער איז שוין געווען אין מאָסקווע העכער אַ יאָר צייט. האָט ער געלערנט מיט מיר אַ פּרשה רש״י, אַז אין די קאָאָפּעראַטיווע ווערקשטאַטן איז טאַקע נישטאָ, אָבער ביי יידן, פּריוואַטע זייגער־מאַכערס, איז יאָ פאַראַן. וויל איך מיט אים צוגיין צו אַזאַ איינעם. דאָס נישט! אַז מיר וועלן קומען אין צווייען, וועט ער מורא האָבן. פאַר אים האָט ער נישט קיין מורא. בין איך גרייט עובר צו זיין אויף אַ לאַוו און שטיצן דעם „פּריוואַט־קאַפּיטאַל״...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען דעם חבר אַוועקגעשיקט פון מאָסקווע אויף אַרבעט, און מיט אים איז אויך מיין זייגער נעלם געוואָרן. ערשט אין יאָר 1949, ס'הייסט אין 6 יאָר אַרום, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו קויפן אַן אַנדערן זייגער. ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, האָט מען ביי מיר אויסגענאַרט אַ גאָלדענע טינט־פעדער. „ניין! — האָב איך ביי זיך באַשלאָסן — מער וועל איך זיך שוין נישט לאָזן״...

אין דער פאַבריק־אָפּטיילונג בין איך צוגעטיילט געוואָרן צו דער אָפּטיילונג פון סאָציאַלע־ און שטייגער־פּראָבלעמען. וויפל בויט און צרות איך האָב זיך צוגעזען אין אונדזער קליינעם קאָלעקטיוו. איך האָב באַזוכט אַ סך אַרבעטער אין זייערע וווינונגען. מיין צימערל, וואָס כ'האָב קוים מיט צרות באַקומען צוגעטיילט, איז געווען אַ „פּאַלאַץ״ אין פאַרגלייך מיט די פינצטערע נאַסע קעלערס. נאָר אין די אָרעמסטע געגנט פון סמאָטשע, קראָכמאַלנע, אין וואַרשע, האָט מען עפּעס ענלעכס געקענט זען. אַממערסטן האָבן דאָ געוווינט שניידערס, געקומענע פון עקאָנאָמיש־רויִנירטע שטעטלעך. מיר האָבן זיי געטרייסט מיט — האָפענונג.

די אַקטן נאָך יעדן באַזוך האָבן מיר אַוועקגעשיקט אין שטאָט־ראָט, כדי מען זאָל זיי אויפנעמען אויף די ליסטעס, צו פאַרבעסערן, ווי נישט איז, זייערע אוממענטשלעכע וווינונגס־באַדינגונגען. צי איז זייער ריי ווען עס איז דערגאַנגען? בעת מיין זיין אין קיעוו האָב איך קיין מאָל נישט געהערט דערפון. די צאָל קראַנקע, אין גיכער פון טובערקולאָז, איז געווען

גאַר אַ גרויסע. די דאָקטוירין, וואָס האָט געאַרבעט ביי אונדז אין מעד.־פונקט, אויך אַ פּאָליט.־עמיגראַנטקע, די פרוי פון דערשאָסענעם אין רוסלאַנד פּוילישן רעוואָלוציאָנערן פּאָעט וואַנדורסקי, האָט אַלץ געטאָן צו מילדערן די באַדינגונגען. זי איז אָבער געווען אומבאַהאָלפן. בלויז קאָכן וואַסער און אַרויסגעבן עס צו די פּאַטיענציאַלע קראַנקע, אין באַזונדערע כּלים — דאָס האָט זי געקענט. אָבער דערגרייכן אַ האַלבן ליטער מילך אַ טאָג דורך דער פאַבריק — דאָס איז צו יענער צייט געווען אומדערגרייכבאַר.

אויף דער קליינער צאָל ערטער, וואָס די פאַבריק האָט באַקומען אויף קוראַציע אויף 4 אָדער 2 וואָכן אין אָפּרו־הייזער, האָט אין דער ערשטער ריי געלייגט די האַנט די נאַטשאַלסטווע. נאָר ווען ס׳איז געווען אַן אָרט אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָזע אין קיעווער ראַיאָן, אין סאָסנאָווקע, האָט מען יאָ געקענט באַקומען פאַר אַ פּשוטן קראַנקן, ווייל די אָנפירער האָבן נישט געוואָלט פאָרן אַהין. זיי האָבן מורא געהאַט אָנצושטעקן זיך...

עטלעכע הונדערט קינדער זענען געווען אין אונדזער קאָלעקטיוו אין שול־עלטער. אַ דערגרייכונג איז עס געווען, ווען די אָנפירערין פון אונדזער פאַבריק־קאָמיטעט, אַן ענערגישע פרוי, און דערצו נאָך אַ פרוי פון אַ נאַטשאַלניק, וואָס עס איז אויך נישט פון קיין קליינער וויכטיקייט, איז געלונגען „אַרויסצורייסן״ אַ דריטל טאַלאָנען אויף מיטאָג עסן פאַר די שול־קינדער. ווי אַזוי דאָס פונאַנדערצוטיילן, איז געווען זייער אַ שווערע דילעמע.

אויף אַ וואַל־פאַרזאַמלונג פון לעונינסקי ראַיאָנעם סאָוויעט, צו וועלכן אונדזער פאַבריק האָט געהערט, איז פונקט געקומען די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן שול־וועזן און קינדער־באַשפייזונג. איך בין אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע, און געזאָגט, אַז אויב מיר לעבן איצט דורך שווערקייטן צוליב דער סאָציאַליסטישער בויונג, איז עס גאַנץ נאָרמאַל, ווייל מיר אַרבעטן פאַר דער צוקונפט; אָבער אונדזערע קינדער, וועלכע זענען שוין אַ טייל פון דער צוקונפט, דאַרפן מיר נישט אונטערשיידן, צווישן אַ קינד פון געזעלשאַפטלעכע אָנפירער און אַ קינד פון „אודאַרניקעס״. אַלע דאַרפן באַקומען מיטאָגן אין דער שולע. האָט מען מיך געגומען „וואָשן״, אַז דאָס איז פּשוט „אוראַווניליאָווקע״, אַ פאַלשע טעאָריע, און, אַז דאָס איז „יאַוונער״ טראָצקיזם... אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן פאַר דעם עטיקעט און פאַר מיין גורל. די פאַרזיצערין פון פאַבריק־קאָמיטעט און די סעקרעטאַרין פון פאַרטיי־קאָמיטעט, אַן אויטאָריטעטער

מענטש אין קיעוו, געווען דעלעגאַטין צום 17טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָבן מיך גענומען אונטער זייער שוץ. זיי האָבן מיך פּאַרטיידיקט, אַז מען האָט מיך נישט גוט פאַרשטאַנען, ווייל איך האָב גערעדט יידיש, און מ׳האָט מיינע רייד נישט גאַנץ גענוי איבערגעזעצט.

נאָך דעם אַלעמען, בין איך געווען זייער דערדריקט און אין אַזאַ געמיט בין איך געגאַנגען באַזוכן מיין יוגנט־חבר ישראל גאַרפינקעל. ער איז שוין געווען אין ראַטנפאַרבאַנד פון יאָר 1926, האָט דורכגעמאַכט אַ פאַרטיי־שולע, און געווען דער צווייטער סעקרעטאַר ביי די האַנדלס־אָרגאַניזאַציעס אין קיעווער ראַיאָן. דאָס איז געווען איינע פון די „פעסטסטע״ פּאָזיציעס. ער האָט זיך גאַנץ גוט אַריינגעפּאַסט אין די דאָזיקע באַדינ־גונגען, באַזונדערס פלינק מיטגעמאַכט דעם פּרינציפּ: „נעם און טייל״ — ס׳הייסט — „לעבן און לאָזן לעבן״... פון צייט צו צייט פלעגט ער מיר אויך עפּעס אַריינוואַרפן, באַזונדערס דעם ערשטן ווינטער — אַ 2 פורלעך האָלץ, אַלטע קעסטלעך. אויף אַזעלכע זאַכן זענען געווען אַ סך בעלנים, ווייל כ׳איז געווען געשאַצט מיט גאָלד.

ער האָט באַלד דערקענט, אַז עפּעס איז מיט מיר געשען. האָט ער מיך באַרויִקט: „דעם חברהמאַן קען איך (געמיינט דעם פאַרשטייער פון בילדונגס־וועזן). נישט איין מאָל האָב איך אים געגעבן אַ קוויטעלע צום סקלאַד. זאָרג זיך נישט, איך וועל זיך מיט אים טרעפן און מיר וועלן ,פאַרטרינקען׳ די גאַנצע מעשה״...

כדי די קיכן ביי די פאַבריקן זאָלן האָבן אַן אייגענעם רעזערוו פון פּראָדוקטן, ווי קרויט, קאַרטאָפל א. אַ. וו. האָט יעדע פאַבריק געהאַט אַן אַזוי גערופענע הילפס־ווירטשאַפט („פּאָדסאָבנאַיע כאָזאַיסטוואָ״). אויך אונדזער פאַבריק האָט געהאַט אַ שטיקל ווירטשאַפט. כדי צו לינדערן די אַטמאָספער אַרום מיר אין דער פאַבריק, בין איך פרייוויליק, מיט נאָך עטלעכע אַרבעטער, אַוועקגעפאָרן אויפן דאָרף העלפן אין דער פאַרזיי־אַרבעט. אונדזער ווירטשאַפט האָט זיך געפונען אין אַ געוועזענעם כוטאָר (ישוב), וואָס איז אַמאָל געווען אַן אַגראַר־ווירטשאַפט, לויטן מוסטער פון די מערב־אייראָפּעיִשע פערמעס. געווען באַקאַנט ווי די סטאָליפּינסקער דאָרפס־רעפאָרם, וואָס זייער ציל איז געווען צו שאַפן אויפן דאָרף אַ מיטל־קלאַס, לויטן היינטיקן סאָוויעטישן באַגריף — אַ קולאַקנטום. די ווירטשאַפטן זענען געווען ווייט פון די גרויסע דערפער, און די מאַכט־אָרגאַנען איז שווער געווען זיי צו קאָנטראָלירן. זענען זיי טאַקע געווען די לעצטע

פעסטונגען, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם קאָלכאָזישן סיסטעם אין פעריאָד פון דער מאַסן־קאָלעקטיוויזאַציע אין די יאָרן 32—1929. די, וואָס זענען נישט אַרעסטירט געוואָרן, האָט מען אַריבערגעפירט אין די דערפער און אַ סך הייזער, שטאַלן, תבואה־שפּייכלערס, האָט מען צעשטערט.

די ווירטשאַפט פון אונדזער פאַבריק איז באַשטאַנען פון גערטנעריי. די פעלדער האָבן געהערט צום שכנותדיקן קאָלכאָז. כאָטש די פרילינג־זון האָט שוין גוט געוואַרעמט, האָט זי נישט פאַרשענערט די לאַנדשאַפט מיט די קליינע, איינגעזונקענע כאַטעס, געדעקט מיט שטרוי, די קליינע פענצ־טערלעך, אַפילו נישט באַפּוצטע, ווי געוויינלעך, מיט פאַפירענע פאָרהענג־לעך, די רעגנס און שנייען האָבן שוין לאַנג געהאַט אַראָפּגעשווענקט דעם ווייסן קאַלך פון די הייזער. זעלטן — אַ בוים פאַר אַ הויז; אַפילו בלומען־טעפּלעך אויף די פענצטער אויך ווינציק. און דאָס איז אַ דאָרף אין אוקראַינע. מען זעט נישט ווי עס טריקענען זיך די מילך־קרוגן און טעפּ אויף די פּלויטלעך. מען הערט אַפילו נישט קיין בילן פון דאָרפס־הינט. נאָר די געביידעס פון דאָרפס־ראַט און די קינדער־שולע טיילן זיך אויס הינטער די אָפּגעווייסטע ביימער. די צאָל מענער אין דאָרף איז פּראָ־פּאָרציאָנעל אַ גאָר קליינע, באַזונדערס פון דערוואַקסענע און מיטליאָריקע.

די לעצטע צוויי ווינטערן, 1932-33, האָבן געקאָסט דעם דאָרף אַ סך לעבנס. חוץ די אַרעסטן, זענען פּיל אומגעקומען פאַר שטעלן אַ ווידער־שטאַנד קעגן דער קאָלעקטיוויזאַציע. די פרויען אין דאָרף זענען געווען מער שטאַנדהאַפטיק, און זיך נישט קעגנגעשטעלט די דראַקאָנישע געזעצן, טראַכטנדיק צו היטן די קינדער. דערפאַר זעט מען דאָ אומעטום פרויען, אַפילו אויף דער שווערסטער פיזישער אַרבעט, וואָס ווערט געוויינלעך אויסגעפירט דורך מענער. דאָס זענען נישט געווען די געזונטע, שיינע דאָרפס־פרויען. זייערע פּנימער — שוואַרץ, אָפּגעברענט, פון ווינטן און קעלטן. אין פאַרגלייך מיט דער אָרעמקייט אין דאָרף, איז שוין די שטאָט געווען אַ גן־עדן.

די גאַנצע 10 טעג, אין דאָרף, האָב איך געוויסנהאַפט אויסגעפירט אַלע אַרבעטן. איך האָב עס אַלץ נישט געקענט באַנעמען. אין געדאַנק בין איך געווען ווייט פון דאַנען — אין פּאַריז, ביי מיין ליבער פרוי־חברטע. פונקט ווי ס׳מאַכט מיר זינגען דאָס האַרץ פון פרייד און דער־וואַרטונג, אַזוי דערדריקט עס מיך ביז משוגעת: וואָס טוט מען? אַראָפּ־נעמען זי אַהער, אין די שווערע, ביטערע באַדינגונגען? איז עס נישט קיין עגאָיזם? זי וועט עס דאָך אַפילו נישט פאַרשטיין. דירעקט אין מיינע בריוו האָב איך איר געמאַכט אַן אָנדייטונג וועגן די שוועריקייטן;

עס באַקומט זיך אָבער ביי איר, אַז איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַ קליינבירגער... ווען דער סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קעמערל, צו וועלכן ס'האָט אויך געהערט מיין פרוי, אין פּאַריז, אַ פראַנצויז, האָט געמאַכט זיין חתונה־רייזע אין רוסלאַנד, און האָט, זייענדיק אין קיעוו מיך געוואָלט באַזוכן, האָב איך אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט אים. כ'האָב נישט געוואָלט ער זאָל אָנקוקן מיין דירה, מ'שטיינסגעזאָגט, ווי אויך נישט די דירה פון מיין שכן, דורך וועלכער איך גיי דורך; ס'זאָל אויף אים נישט מאַכן קיין שווערן איינדרוק. איך האָב אַפילו מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט אים אין האָטעל „אינטוריסט", ווו ער איז איינגעשטאַנען. ער איז דאָך אַן אויסלענדער! און יעדער אויסלענדער איז אַ פּאָטענציעלער שפּיאָן... די סאָוויעטישע בירגער דרייען אַוועק דעם קאָפּ, ווען זיי גייען דורך פאַרן „אינטוריסט", ווייל דאָ שוויבלט און גריבלט מיט נ.ק.וו.ד. כאָטש עס ווילט זיך זייער אַ קוק טאָן אויפן שיינעם, רחבות־דיקן האָטעל און אויף די אויסגעפּוצטע מענטשן.

ווען כ'האָב דאָך באַשלאָסן אים צו באַזוכן און אים געטראָפן אין וואָרט־זאַל, האָב איך צוליב פּאָרזיכטיקייט מיטגענומען אַ שומר, די סעקרעטאַרין פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. אויך זי, די הייליקע, וואָס איז געווען אויף דעם 17טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, האָט מורא געהאַט; און כ'בין זיכער, אַז זי האָט זיך פריער אָנגעפרעגט ביי די געהעריקע אָרגאַנען ווי צו האַנדלען. קען עס עמעצער פון אויסלאַנד פאַרשטיין?

מיט וועמען מען שמועסט, מיט אַן אַרבעטער, אָדער פּויער, דערציילן זיי, אַז אין די יאָרן 1924—27 איז געווען אַ שפע פון פּראָדוקטן, אַז די פּראָדוקטיוויטעט פון דער לאַנדווירטשאַפט איז געווען פילפאַך העכער, כאָטש מען האָט ווינציק באַנוצט מאַשינען. אַלע האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער רעאַלער לוין פון די אַרבעטער איז אין די לעצטע יאָרן צענפאַכיק געפאַלן. באַווייזט דאָך דאָס לעבן, די ריכטיקייט פון בוכאַרינס טעאָריע, אַז אַ רייך פּויערטום אין דעם ריזיקן לאַנד מיט אַזאַ גרויסן רעזערוו פון נישט־באַאַרבעטער ערד, וועט רייך מאַכן די סאָוויעטישע מלוכה. אָט ווי דאָס לעבן נעמט נקמה אין די אַלע מיט געוואַלט אַרויפגעצוווּנגענע טעאָריעס! דאָרט, ווו אַלץ ווערט קאָלעקטיוויזירט, פאַרגעזעלשאַפט־לעכט, זענען מענטשן אַזעלכע אינדיווידואַליסטן! דאָ, ווו איינער ווענדט זיך צום אַנדערן מיטן וואָרט „חבר", איז פאַראַן אַזוי ווייניק אמתע חבר'ישקייט, אַזוי ווינציק צוטרוי. נישטאָ דאָ קיין קלאַסן, אָבער ווי ריזיק איז די סאָציאַלע דיפערענצירונג! נישט ווינציקער ווי אין עקסטרעמסטן

קאַפּיטאַליסטישן לאַנד. אמת, דאָ איז דעם יחידס פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּאָזיציע נישט אַזוי פּאַרזיכערט, ווי פונעם אייגנטימער פון אַ פאַבריק, אָדער פון אַ באַנק־דירעקטאָר און מלוכה־אָנגעשטעלטע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דאָ קענען פיל פאַקטאָרן ווירקן, אַז איינער זאָל איבער נאַכט פאַרביטן ווערן דורך אַ צווייטן. אָבער דאָס ענדערט דאָך נישט דעם גרונט פון דער סאָציאַלער דיפערענצירונג. און וואָס גרעסער און שאַרפער ס׳איז דער אונטערשייד צווישן די געזעלשאַפטלעכע שיכטן, מוז זיין שטאַרקער דער אונטערדריקונגס־אַפּאַראַט, צי מ׳וויל עס אָדער מ׳וויל עס נישט.

אָט די אַלע פּראָבלעמען לאָזן מיך נישט רוען, ליגנדיק אין די נעכט אויף מיין געלעגער אין דאָרף.

אומגעקערט זיך אין שטאָט אַריין, האָב איך זיך געוואָנדן צום צ.ק. פון „מאָפּר״, און אויך צום פראַנצייזישן פאַרשטייער, וועגן שיקן אַ דער־לויבעניש פאַר מיין פרוי, זי זאָל קומען קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווי אויך וועגן די רעכט צו באַקומען פּראָדוקטן פון „אינסנאַב״ ד. ה. די פאַרמאַכטע מאַגאַזינען, וואָס האָבן באַזאָרגט מיט שפּייז די אויסלענדישע איינגעלאַדענע ספּעציאַליסטן, קיין ראַטנפאַרבאַנד. אויך אַ טייל פון די פּאָליט.־עמיגראַנטן, געקומענע פון די רייכע בורזשואַזע לענדער, ווי אַמעריקע, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און פראַנקרייך, האָבן געהאַט רעכט צו באַקומען פּראָדוקטן פון „אינסנאַב״. פאַר מיר פערזענלעך, האָב איך נישט געוואָלט אויסנוצן די אומיושרדיקע רעכט, אָבער פאַר מיין פרוי בין איך געווען געצוווּנגען עס צו טאָן.

אין מיין פאַבריק איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג. די גאַנצע פאַבריק איז געווען באַהאָנגען מיט רויטע פענער און מיט ריזן־פּלאַקאַטן — דאָס האָט מען באַגריסט דעם נייעם ערשטן פּאַרטיי־סעקרעטאַר, אויסגעוויילט פון אונדזערע אוקראַאינישע קאַדרן. די פּלאַקאַטן האָבן אַראָפּגעשריגן מיט באַגריסונגען פאַר דער קלוגער סטאַלינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. לויט דער ערנסטקייט פון מיינע אַלטע אַרבעטס־שכנים, באַמערק איך, אַז די געשעעניש האָט אָנגערירט די טיף־באַהאַלטענע נאַציאָנאַלע סטרונע, כאָטש זיי האָבן פונקט אַזוי פיינט אַ יידישן באַלעבאָס, ווי אַן אוקראַאינישן. די פאַרזאַמלונג איז אַ יום־טובדיקע. דער נייער סעקרעטאַר איז געקומען, אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן שטאַב, אַפילו מיטן דירעקטאָר פון דער פאַבריק, אים צו באַקענען מיט אונדזער קאָלעקטיוו, וואָס איז אַן אָפּטיי־

לונג פון דער גרויסער גאַרקי־פאַבריק. אַלע רעדנער האָבן געלויבט דעם נייעם סעקרעטאַר, וועלכער שטאַמט פון די אוקראַינישע קאַדרן; די קלוגע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטשן געלויבט. ס'האָט זיך געפירט ווי אויף די מאַסן־מיטינגען.

מיין אינטערנאַציאָנאַלער געוויסן האָט נישט אויסגעהאַלטן און איך האָב געפרעגט: כ'פאַרשטיי נישט, פאַר וואָס פרייען מיר זיך, וואָס דער נייער סעקרעטאַר איז פון אונדזערע אוקראַינישע קאַדרן? און די הונ־דערטער טויזנטער יידן, רוסן, טאַטאַרן, וואָס וווינען דורות־לאַנג אויף דער אוקראַינישער ערד, וועלכע האָבן געקעמפט צוזאַמען מיט אוקראַינער קעגן די באַנדעס פון פּעטלוראַ און ווייסע פּאָליאַקן, זענען דען נישט קיין „אונדזעריקע"? און איר אַלע דאָ, אַנווזנדיקע, (90 פּראָצענט יידן), וואָס בויען די סאָציאַליסטישע שניידער־אינדוסטריע — צו וועלכע קאַדרן דאַרף מען אייך צורעכענען? איר זענט נישט אונדזערע? דאָס אונטערשטרייכן, אַז מ'האָט אויסגעוויילט „נאַשי אוקראַינסקי קאַדרי" שמעקט מיט נאַציאָנאַל־שאָוויניזם, איז ווייט פון לעניניסטישן אינטער־נאַציאָנאַלן גייסט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי...

וואָס יעדער האָט געפילט טיף אין האַרצן, איז מיר שווער געווען צו וויסן. נאָר אַלע רעדנער נאָך מיר האָבן איך דערמיט געגעבן אַ גוט געווער קעגן מיר. אַלע האָבן געזאָגט, אַז איך בין נאָך צו ווינציק אין ראַטנפאַרבאַנד, כ'דאַרף נאָך אַ סך לערנען, צו פאַרשטיין די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק... דער דירעקטאָר איז אַרויסגעטרעטן קעגן דעם פאַראַנט־וואָרטלעכן פאַר פּאַרטיי־בילדונג און אים געמוסרט: ווי אַזוי האָט ער עס צוגעלאָזט, אַז איך זאָל לייענען לעקציעס אין יידיש אין די 2 קרייזן פון די „מיטפילנדיקע" („סאָטשוסטווישי") די „קורצע געשיכטע פון וו. ק. פּ. ב."?

מ'האָט מיך טאַקע נאָך דעם באַפרייט פון דער „באַגרוזקע". מיין גליק איז נאָך געווען, וואָס פאָרמעל בין איך נישט געווען קיין פּאַרטיי־מיטגליד, ווייל כ'האָב נאָך נישט געהאַט דעם אָפיציעלן פּאַרטיי־בילעט; און אויך דאָס, וואָס כ'האָב נישט געהערט צו דער פּוילישער, נאָר צו דער אויטאָריטאַטיווער פראַנצייזישער פּאַרטיי.

נאָך דעם האָב איך זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז איך וועל קיין מאָל מער נישט אַרויסטרעטן. אָבער, געהאַלטן דאָס וואָרט האָב איך פּונקט אַזוי ווי יענער שיכור, וואָס קען נישט מוותר זיין אויפן גלעזל...

קאַפּיטל צען

# יידישע פּראָבלעמען

אין אַ געוויסן פּעריאָד איז געווען אַ טיילוויייזער איבעררייס אין שטאָפּן־צוטיילונג, און ס׳האָט אויך געפעלט עלעקטרישע קראַפט; האָט מען דעריבער נישט געקענט אויספירן דעם פּלאַן. צום סוף פון קוואַרטל האָט מען אָנגעהויבן שטורעמען, אויסצופילן וואָס ס׳האָט געפעלט און מען האָט זונטיק באַשטימט אַלס אַרבעטס־טאָג, אַ „סובאָטניק״. טראָץ דער מיינונג פון עקאָנאָמיסט, וואָס האָט אָנגעגעבן ציפערן, אַז ס׳איז אוממעגלעך צו דעריאָגן און אויספילן דעם פּלאַן, האָט זיך שפּעטער פּאָרט אַרויסגעוויזן. אַז מ׳האָט דעם פּלאַן נישט נאָר אויסגעפילט, נאָר אַפילו איבערגעשטיגן. ווי תמיד אין אַזאַ פאַל, איז בלויז די דירעקציע פּרעמירט געוואָרן!

ווי אַ מיטגליד פון פאַבריקס־קאָמיטעט, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט נאָכצוקאָנטראָלירן ווי אַזוי אָט דער „נס״ איז געשען. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צאָלמעסיק איז טאַקע דער פּלאַן נישט דערגרייכט געוואָרן, עס איז אָבער דערגרייכט געוואָרן דער פינאַנציעלער ווערט פון דער אויסגעאַרבעטער פּראָדוקציע. אויף מאַנטלען פון אַ נידעריקער קוואַליטעט האָט מען אַרויפגענייט פוטערנע קעלנער. וועגן זיי האָט זיך אָן אַרבעטער אויסגעדריקט, אַז זיי פּאַסן זיך פּונקט ווי אויף אַ חזיר אַ שטריימל... אַז ווינטער, ווען ס׳וועלן זיין באַשטעלונגען, וועלן די קעלנער נישט זיין. אָבער דאַן וועט מען שוין געפינען אַ קרבן, אויף אים אַרויפצוואַרפן די שולד. מען וועט אין דער שטיל אָרגאַניזירן „סובאָטניקעס״, מען וועט צוריק אַראָפּנעמען די קעלנער און באַנוצן זיי, צו וואָס זיי זענען באַשטימט...

כאָטש איך האָב זיך שוין געהאַט איבערצייגט, אַז אויף אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג הערשט די זעלבע אַטמאָספער — פון בלינדער געהאָרכזאַמקייט, נישט נאָר אין פּאָליטישע פראַגן, נאָר אויך אין פּשוטע אינער־

לעכע פאַבריקס־פּראַגן, בין איך דאָך אַרויסגעטרעטן און אונטערגע־שטראָכן, אַז דאָס הייסט פּאַקטיש אָפּנאַרערײַ און שווינדל. מײַן אַרויס־טריט האָט אַרויסגערופן גרויס צאָרן, ווײַל נאָר העכערע אינסטאַנצן האָבן רעכט צו קריטיקירן. דער דירעקטאָר האָט טאַקע באַלד אויפן אָרט דערקלערט, אַז איך רײַס אַרונטער דאָס געזעץ פון דער פּאַרטיי און ר'עגירונג וועגן „יעדינאַ נאַטשאַלאַ", ד. ה. די רעכט פון איינצלנעם אָנפירער. באַלד צומאָרגנס האָט ער מיך אַראָפּגענומען פון דער גרופּע, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט אינדיווידועל און געהאַט פרײַהייט פון באַוועגן זיך אין דער פאַבריק. מ'האָט מיך געשטעלט אַרבעטן אין אַ בריגאַדע אויף אונטערפּרעסן, אַן אַרבעט פון אַ נידעריקער קאַטעגאָריע מיט 3—4 רובל קלענערן פאַרדינסט אין אַן אַרבעטס־טאָג.

אַז שניידערס געהערן באַזונדערס צו דער משפּחה פון פרײַלעכע קבצנים, האָט שוין אונדזער שלום־עליכם אַזוי האַרציק באַשריבן און מיטגעלאַכט מיט זיי. האָט זיך טאַקע אין פאַבריק אָן אויפהער געהערט דאָס אונטערזינגען און אונטערברומען, אין דעם גרויסן גערויש פון פינף צענדליק עלעקטרישע ניי־מאַשינען. מ'האָט געזונגען איין ליד נאָכן אַנדערן, אַ רוסיש ליד, אַ יידיש ליד, אַן אוקראַיניש ליד. טייל מאָל פאַרגעסט זיך ווער, און הייבט אָן ציִען אַ מתיקותדיק, טרויעריק חזניש שטיקל. דער גרויסער טומל שלינגט אַלץ איין.

אַפילו אין דער „קורילקע" (רויכער־צימער), ווו מען טרעפט זיך מיט פאַרשיידענע בריגאַדעס, הערט מען אַ וויץ, אַ ביסל רכילות און געלעכטער. אָבער לעצטנס מיידט מען עס אויס, מען באַמיט זיך נישט צו טרעפן זיך. עס פילט זיך אין דער לופט, אַז עפּעס וועט געשען.

די „סמענע" (שיכט) האָט זיך פאַרענדיקט. אַלע ווילן וואָס גיכער זײַן ביי זיך אין דער היים. אָבער די היטער לאָז'ן נישט אַרויס. די צווייטע אַרבעטער־שיכט קומט אָן. אין צעך ווערט געדיכט און ענג. די אַדמיניס־טראַציע איז אין פולן קאָמפּלעט, די פאַרטיי־סעקרעטאַרין — אין באַגליי־טונג פון אַן נ. ק. וו. ד.-אָפיציר.

דער פאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדיסט הייבט אָן שטורעמען. (עס איז פונקט געוועזן די צײַט, ווען אַ געוויסער קוילן־גרעבער אַזאָטאָוו האָט באַוויזן ניסים און אַליין אויסגעגראָבן אַזוי פיל קוילן, ווי הונדערט אַנדערע צוזאַמען). אין אַלע פאַבריקן און זאַוואָדן איז געשאַפן געוואָרן אַרום דעם ביישפּיל אַ באַוועגונג. ווי דער שטייגער, איז אונדזער פאַבריק

נישט געווען קיין אויסנאַם. ביי דער געלעגנהייט פרעגט איין אַרבעטער אַ צווייטן מיט איראָניע:

— האָסטו זיך שוין פאַרשריבן אין דער אידיאַטאָור־באַוועגונג?

און אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן. ס׳טייטש, ווי וואַגט מען אַזאַ הייליקע באַוועגונג אָנרופן „אידיאַטאָוו״? צום אומגליק, האָט עס געהערט די סעקרעטאַרין פון קאָמיוג און האָט גלייך וועגן דעם איבער־געגעבן דאָרט, וווּ מען דאַרף. און באַלד ווערט גערופן אַ שטורמישער מיטינג, צוליב דעם נישט־פּאָרזיכטיקן וואָרט פון אַן אַרבעטער. און מען שטורעמט:

— מען דאַרף מיטן וואָרצל אויסרייסן די פאַרברעכערישע האַנט, וואָס וואַגט זיך אויפצוהייבן קעגן דער זיגרייכער סאָציאַליסטישער אינדוסטריע.

אַז די באַשולדיקונג איז געווען געבייט מיט פאַלשע שטעך פון פּראָוואָקאַציע, איז פאַר יעדן קלאָר געווען. ווייל ווען ער וואָלט עס אַפילו געזאָגט, וואָלט ער עס נישט געוואָגט זאָגן אין דער אָנוועזנהייט פון דער קאָמסאָמאָלסקער „רביצין״. איך באַקום באַלד אַ צעטעלע פון דער פּאַרטיי־סעקרעטאַרין, אַז איך דאַרף און מוז אַרויסטרעטן.

איך וויל נישט אַרויסטרעטן. דער קאָפּ ווערט ביי מיר צעשפּרונגען. איין געדאַנק יאָגט דעם אַנדערן, ווי אַזוי פאָרמולירט מען דעם געדאַנק? ווי אַזוי מאַכט מען עס, אַז דער „וואָלף זאָל זיין זאַט און דאָס שעפּעלע זאָל בלייבן גאַנץ״. זיי, די אָנפירער, איז עס לייכט. זיי רעדן אָפּ און גייען אַוועק; איך בלייב אָבער מיט די מענטשן צוזאַמען. אַפילו מאָראַליש באַרעכטיקט מען זיי. ס׳איז זייער פּרנסה! אָבער איך בין אַן אַרבעטער, עס מיין ברויט מיטן שווייס פון מיין פּנים. קיין אונטערלעקער וויל איך נישט זיין, און אַריינגעצויגן ווערן אומדירעקט אין אָט דער פּראָוואָקאַציע, וויל איך אוודאי נישט!

(מיין פּערזענלעך לעבן האָט זיך דערווייל געענדערט צום בעסערן. מיין פרוי איז, נאָך אַלע שוועריקייטן, געקומען און אַלץ איז ביי מיר יום־טובדיק. אָבער די דאגות לאָזן נישט רוען...)

איך מוז רעדן. מיין האַרץ קלאַפּט פאַר שרעק. (אין רוסיש איז זייער פּאָפּולער דאָס שפּריכוואָרטל: „די צונג דיינע — דער שונא דיינער״)... שוין צוויי מאָל זיך „אויסגעגליטשט״. און דאָ איז נאָך אָנוועזנדיק דער פאָרשטייער פון דער העכסטער מאַכט, פאַר וועמען יעדער איינער ציטערט. זיי האָבן אַליין זיך ליב אָנצורופן מיטן אַלטן שרעק־וואָרט:

„טשעקיסטן". מיין מוח אַרבעט גיך, ווי אַזוי אַרויסקריכן פון דער אומ־גליקלעכער לאַגע. אַ גליקלעכער געדאַנק איז מיר איינגעפאַלן: מען דאַרף זיך באַהאַלטן אונטער אונדזער באַליבטן און ביי זיי כשרן שלום עליכם. זיינע שניידער־טיפּן, וואָס זענען אַזוי פּאָפּולער פון דעם ספּעק־טאַקל „דאָס גרויסע געווינס"; און איך פיר דורך אַ פּאַראַלעל — ביי זיי, ביי די אַמאָליקע שניידערס, יידן, איז אַלץ געווען שוואַרץ, זייער האָפענונג געבויט אויף זייפן־בלאָזן. ביי אונדז איז אַלץ ראָז, אונדזער האָפענונג איז געבויט אויף פעסטע יסודות פון אונדזער סאָוויעטן־מאַכט, אונטער דער פירונג א. אַ. וו. אָבער דאָך איז פאַרבליבן איין געמיינ־זאַמער כאַראַקטער־שטריך ביי די יידישע שניידער — זיי האָבן ליב אַ זמרל, אַ געלעכטער און אַ שפּאַס. גאַנץ מעגלעך, אַז ער האָט געמאַכט אַ שפּאַס אָן וועלכער ס'איז כוונה. און אַזוי ווי אין יעדן שפּאַס איז פאַראַן אַ שטיקל אמת, און זייענדיק אַ גאָר הויך קוואַליפיצירטער אַרבעטער, האָט זיך ביי אים אויסגעבילדעט אַן איבערגעטריבענע מיינונג, פאַרגלייכנדיק דעם שניידער צו אַ קינסטלער, ווי ער האָט זיך אַ סך מאָל אויסגעדריקט, אַז מען דאַרף אויסגלייכן די דעפעקטן, פאַרריכטן זיי, שענער מאַכן די מענטשלעכע פיגור; און ווען ער קוקט אויף די מאַרינאַרקעס, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין דער 20־פּערזאָניקער ברי־גאַדע, פאַרמאַכט ער די אויגן, ווייל ער שעמט זיך פאַר די שטאָפן און פאַר די מענטשן, וואָס וועלן זיי טראָגן.

איך האָב געענדיקט מיין צוגעגרייטע רעדע מיט אַ רוף, נישט פונאַנ־דערצובלאָזן דעם ענין, נישט מאַכן פון אַ פליג אַן העלפאַנד, נאָר אויפהייבן די קוואַליטעט, און זאָל יעדער פאַר זיך זען דעם סאָוויעטישן מענטש, וואָס וועט טראָגן די פון אים אויסגעאַרבעטע אָנצוגן.

אָבער ליידער... די צוויי אַרבעטער, וועגן וועלכע מ'האָט גערעדט אַזוי פיל אויפן שטורמישן מיטינג, האָב איך מער פאַר מיינע אויגן נישט געזען, און קיינער האָט אַפילו זייער נאָמען מער נישט דערמאָנט...

וויפל שולן און בתי־מדרשים זענען נאָך פאַרבליבן אין יאָר 1934 אין קיעוו? ס'איז נישט געווען קיין שום סיבה איך זאָל וועגן דעם טראַכטן. די רעליגיעזע געפילן ביי פיל פון גאַנץ גרויסן יידישן קאָלעק־טיוו אין דער פאַבריק, זענען געווען טיף באַהאַלטן. איך האָב נאָר באַוווּנדערט ווי אַזוי זיי געדענקען דעם נישט־געשריבענעם און נישט־געדרוקטן יידישן לוח. איך האָב זיך פשוט פאַרשעמט, ווען אַן אויפרוימע־

רין אין מיין פֿאַבריק, אַן אוקראַאינישע פֿרוי, האָט מיר אין אַ געוויסן טאָג אַ זאָג געטאָן: „ווייסט גאָרנישט? היינט איז דאָך יום כּיפּור״... איך האָב זי פֿאַרוווּנדערט געפֿרעגט:

— פֿון וואַנען ווייסטו?

— גיב אַ קוק אין די קעסטלעך פֿון אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן אין רויכער־צימער...

און באמת, די קעסטלעך מיט זאַמד זענען געווען ריין, נישטאָ די געוויינלעכע רעשטלעך פֿון אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן... ביים קלונג אויף מיטאָג־עסן, ווען עס איז געוויינלעך געווען אַ שטופּעניש און אַ יאָגעניש, כּדי וואָס גיכער אָנצוקומען אין קיך, צו פֿאַרכאַפּן אַן אָרט — איז היינט רויִק. די מערסטע זענען געבליבן אויף זייער אָרט אין דער פֿאַבריק. מען שטופּט זיך נישט. מען עסט נישט היינט! די עלטערע יידישע אַרבעטער — באַמערק איך — זענען היינט די גרעסטע יחסנים. זיי טיילן זייערע טאַבאַק־פּושקעלעך און גיבן אַלעמען צו שמעקן. אַ טיפֿער דרך ארץ האָט מיך אַרומגענומען פֿאַר אָט די מענטשן — אמתע מאַראַנען.

אַמבולטסטן איז עס געקומען צום אויסדרוק, ווען מ׳האָט געזאַמלט אונטערשריפֿטן צו פֿאַרמאַכן די איינציקע שול אויף בעסאַראַבקע (בראָדסקי־שול אין קיעוו)). דער אופֿן ווי די ליסטעס זענען געווען צונויפֿגע־שטעלט, איז שוין געווען אַ פּראָוואָקאַטאָרישער און האָט פּסיכאָלאָגיש צוגעגרייט, אַז מענטשן זאָלן מורא האָבן נישט אונטערצושרייבן.

מ׳האָט באַדאַרפֿט אָנגעבן: פֿאַמיליע־נאָמען, אַדרעס, ווו און ווען געבוירן. יעדער האָט זיך אַליין באַדאַרפֿט אונטערשרייבן. אַזוי אַרום האָט מען לייכט געקענט קאָנטראָלירן ווער ס׳האָט זיך נישט אונטער־געשריבן, און דאָס איז פֿאַרבליבן אַלס אַ דאָקומענט קעגן אַזאַ איינעם.

נאָכן קאָנטראָלירן אַלע ליסטעס, לויט די אַרבעטס־פּלעצער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָר איין איינציקער האָט זיך נישט אונטערגע־שריבן, און דאָס האָט אַרויסגערופֿן צאָרן אין דער גאַנצער פּאַרטיי־פּאַראַפּיע, פּונקט ווי די גאַנצע רוסישע אימפּעריע וואָלט, חלילה, געשטאַנען אין געפֿאַר.

אין מיטן דער אַרבעט האָט מען אים אַרויסגערופֿן צום פּאַרטיי־סעקרעטאַר, צוזאַמען מיט זיין בריגאַדיר.

— ווי אַזוי האָסטו געוואַגט דאָס צו טאָן? — האָט דער פּאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדיסט גענומען ליאַרעמען. — אַ דאַנק דער סאָוויעטן־מאַכט איז

דיין זון דער הויפּט־דיריגענט פון אָרקעסטער אין אָפּערע, ווו אַ ייד האָט קיין מאָל נישט געקענט אָנקומען.

— עס איז נישט קיין געשאַנק — האָט דער ייד געענטפערט — עס קומט אונדז! מיר האָבן אַ סך בלוט פאַרגאָסן און מיר זענען אַלע גלייכע שותּפים. אַ דאַנק דער סאָוויעטן־מאַכט איז אַ הויזן־שניידער אַ גלייכער באַלעבאָס אין דער שול פון גרויסן יידישן צוקער־פאַבריקאַנט און ער גרייסט זיך מיטן „דיעדושקאַ" קאַלינין... ער מוז זיכער נישט וויסן וואָס אייך איז דאָ איינגעפאַלן...

דעם צוזאָג צו עפענען אַ יידישן קלוב אין דער פאַרמאַכטער שול, האָט מען אויך נישט געהאַלטן. און ס'איז טאַקע נישט געווען קיין נויט־ווענדיקייט, ווייל דער עקזיסטירנדיקער קלוב אויף דער הויפּט־גאַס אין קיעוו, קרעשטשאַטיק, האָט סיי־ווי געפּוסטעוועט. ער איז געשטאַנען נישט באַהייצט. מ'האָט דאָרט קיין גוזעלשאַפטלעכע אַרבעט נישט געפירט. נאָר ווען אין בופעט פון קלוב פלעגן זיך באַווייזן אַ ביסל „פּריאַניקעס" (קיכלעך פון קוקורודזע־מעל), אָדער פּאַווידלע, פלעגט אויך פלוצים קומען אַן עולם און אין עטלעכע סעקונדעס האָט מען אַלץ צעכאַפּט. עפּעס מער האָט מען נישט געהאָט צו פאַראינטערעסירן דעם עולם.

מ'איז געווען יונג אין יאָרן און אַלט אין גייסט. מען האָט געבענקט נאָך די אַמאָליקע יאָרן אין אונדזערע שטעטלעך, ווען ס'האָט געברויזט מיט יידישער קולטור־טעטיקייט און מיט פיל גלויבן אין דער אייגענער באַניייונג. דער „אַמאָל" איז בסך הכל געווען — די יאָרן 1920—1929. איצט איז נאָר געבליבן אַ גרויסער פּאַסאַד מיט אַ סך געצאָלטע פּראָפע־סיאָנאַלן, וואָס אַרבעטן פאַר דער יידישער קולטור. אין קיעוו איז זייער צאָל געווען נאָך אפשר מער ווי די געצאָלטע רבנים אין אַלע יידישע קהילות אין גאַנץ אוקראַינע. הינטער דעם פּאַסאַד איז אָבער פּוסט, נישטאָ קיין באַזע אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן, ווייל די עיקר־באַזע, פאַר קולטור־אַרבעט — נאַציאָנאַל אין דער פאָרעם, סאָציאַליסטיש אין איר אינהאַלט — איז די טעריטאָריעלע קאָנצענטרירטקייט. די קליינע שטעטלעך אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, מיט אַ יידישער מערהייט, זענען עקאָנאָמיש רויִנירט און גייען אונטער. די יידן אין די אָנפירנדיקע קרייזן פרייען זיך, אַז — „מיטן ברודיקן וואַסער פון די צעהויקערטע און צעקרימטע שטעטלעך" (פון וואַנען זיי אַליין זענען אַרויסגעוואַקסן), וועט ביסלעכווייז די יידיש־וועלטלעכע קולטור פאַרשווינדן; אַז זיי קענען מער נישט וואַרטן אויף קיין נאָכוווקס. דער פּרוּוו צו שאַפן

ייִדישע קאָנצענטרירטע ישובים, באַזירטע אויף לאַנדווירטשאַפט, אין קרים, אין כערסאָנער געגנטן, איז געווען פול מיט שטערונגען. די רעאַ־ליזירונג פון די אַלע פּלענער האָט באַוויזן, אַז מען פאַרשמעלערט לאַנג־זאַם דעם ייִדישן כאַראַקטער פון דער קאָלאָניזאַציע אין אַלע היניזיכטן. איצט וויל מען זיך אַליין אָפּנאַרן, מיט דער האָפענונג אויף ביראָבידזשאַן, וואָס רופט אַרויס אַ סך באַגייסטערונג ביי ייִדן אין... אויסלאַנד. אָבער דאָ פילט מען בלויז אומצוטרוי ביי פּשוטע ייִדן אין אוקראַינע. פּאַראינ־טעריסירט זענען נאָר די פּראָפעסיאָנאַלע טוער, וואָס האָפן מיט דעם צו ראַטעווען די אונטערגייענדיקע שיף...

אין קיִעוו האָבן דעמאָלט אַ קורצע צייט געוווינט צוויי ייִדישע שריי־בער פון אַמעריקע, קלמן מאַרמאָר און אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ. ביידע האָבן געאַרבעט אין קיִעווער ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט ביי דער אוקראַינישער אַקאַדעמיע. זיי זענען געקומען אַהער אויף עטלעכע יאָר, אויסצופירן וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. זיי האָבן טייער געהאַלטן ביי זיך זייערע אַמעריקאַנער פּעסער. נאָכן אַרויסגעבן די ביכער, אויף וועלכע זיי אַרבעטן, האָבן זיי געזאָלט זיך אומקערן קיין אַמעריקע, פאָרצוזעצן זייער קאָמוניסטישע טעטיקייט. געוווינט האָבן זיי ביים אינסטיטוט, צווישן די שיינע ווילעס, ווו עס וווינען גאָר הויכע פּאַרטיי־ און מלוכה־פירער. עקאָנאָמיש זענען זיי אויך געווען אין אַ פּריווילעגירטער לאַגע, אַפילו אין פאַרגלייך מיט אַנדערע פּראָפעסאָרן און דירעקטאָרן פון אינסטיטוט.

איך האָב געשמועסט מיט זיי וועגן דער פּאָקטישער לאַגע פון אַרבעטס־מענטש. באַזונדערס האָב איך געהאַט צוטרוי צום איידעלן, ערלעכן קלמן מאַרמאָר. ער איז געקומען צופאָרן פון אַמעריקע מיט 3 גרויסע קאַסטנס אָנגעזאַמלטע מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון דער ייִדישער רעוואָ־לוציאָנערער פּאָעזיע. ער האָט פיל יאָרן געהאָרעוועט אויף דעם. זיין האָפענונג איז געווען, אַז דאָ וועט ער עס קענען אַרויסגעבן. אָבער דאָ האָט ער זיך איבערצייגט, אַז ס'איז גאַנץ ווייט דערפון, אַז זיין אַרבעט זאָל דערזען די ליכטיקע שיין און אַז ער וועט אַפילו נישט קענען צוריקפירן די עטלעכע בענדער וואָס זענען שוין גרייט צום דרוק. ביידע האָבן גוט געפילט, קלמן מאַרמאָר און אַלעקסאַנדער פּאָמעראַנץ, אַז דער ייִדישער קולטור־באָדן שאָקלט זיך דאָ. אין קורצן זענען זיי טאַקע צוריק אַהיימגע־פאָרן. קלמן מאַרמאָר האָט נאָך באַוויזן בייצוזיין ביים פּאָגראָמירן און פאַרמאַכן דורך דער נ. ק. וו. ד. דעם ייִדישן אינסטיטוט. מען האָט

אַרעסטירט אַלע מיטאַרבעטער און — אויס מיט דער גאַנצער יידישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט.

איך בין געווען זיכער, אַז אומקערנדיק זיך קיין אַמעריקע, וועלן זיי אויסנוצן זייער גאַנצן איינפלוס קעגן דער געפאַר, וואָס הענגט אין ראַטנ־פאַרבאַנד איבער דער גאַנצער יידישער קולטור און אירע שעפער, ווי בכלל אויף יידן, וואָס האָבן ליב דאָס יידישע וואָרט. איך האָב אומזיסט געהאָפט, אַז זיי וועלן שרייבן וועגן דעם, אַז מלוכה־רעכט, אָן איין אָרגאַניזאַציאָנעלע, דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע, וואָס זאָל אָנפירן און זאָרגן פאַר דער יידישער קולטור, האָט נישט קיין גרונט.

דאָס פאַרשטייען דאָ אַלע, וואָס האָבן אַ וואַרעמע באַציונג צו אונדזער פאָלקס־קולטור. מען ווייסט אָבער אויך, אַז אין אויסדריקן די באַציונג, שטעקט אַ געפאַר באַשולדיקט צו ווערן אין — בונדיזם, נאַציאָנאַליזם, און דאָס שמעקט מיט לאַנגע יאָרן טורמע.

יעדער איז אָפּהענגיק פון זיין „כאזאין", באַלעבאָס. די יידישע צייטונג איז אונטער אפּוטרופּסות פון דער אוקראַאינישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, און זיי לייגן שוין דעם שטעמפּל אויף דער קליינער, נעבעכדיקער יידישער צייטונג. מען באַמיט זיך דעריבער צו געפעלן ווערן. פון אַפּאַראַט איז אָפּהענגיק די צייטונג און אירע מיטאַרבעטער. אַזאַ לאַגע איז אין אַלע אינסטיטוציעס, וואָס פירן כלומרשט אַליין אָן מיט יידישער קולטור־אַרבעט.

אַ טוער פון יידישן כאָר אין אוקראַאינע דיריגירט פון שייניגען, האָט מיר איין מאָל דערציילט, אַז ווען מען גייט באַשטעטיקן דעם איינרעפּע־טירטן פּראָגראַם, איז מען אין גאַנצן אָפּהענגיק פון אוקראַאינישן אָנפירער, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע כאָרן. כדי צו זיין זיכער, אַז די יידישע לידער זענען כשר, — ווייל אַליין פאַרשטייט ער נישט קיין יידיש — שטרייכט ער זיי פּשוט אויס, און דער יידישער כאָר זינגט 90 פּראָצענט אוקראַאינישע, רוסישע און גרוזינישע לידער.

אין קיעוו האָט עקזיסטירט אַ ביבליאָטעק א. נ. פון אַלטן רעוואָלוציאָ־נערן אַרבעטער־דיכטער מאָריס ווינטשעווסקי. ס'זענען געווען גאָר ווייניק לייענער, דער עיקר עלטערע לייט, אָדער וויסנשאַפטלער, וואָס אַרבעטן איבער יידישער ליטעראַטור־פאָרשונג. די ביכער־קאַטאַלאָגן זענען כסדר איבערגעשריבן געוואָרן. די צאָל „כשרע" ביכער — אַלץ קלענער. לייענער האָבן פּשוט מורא צו קומען נעמען אַ בוך. ווער קען דען וויסן, צי דאָס בוך, וואָס איז היינט כשר, וועט מאָרגן נישט זיין טריף? און דאָ בלייבט

אין ביבליאָטעק אַ דאָקומענט, אַז די און די האָבן דאָס בוך געלייענט; אַז מען וויל, קען מען זיך אַלע מאָל צוטשעפּען...

אין יאָר 1935 האָט מען אָפיציעל אָפּגעשאַפן דעם קאַרטן־סיסטעם אויף ברויט און אויף אַנדערע פּראָדוקטן. די פּרייזן אָן קאַרטן זענען באַדייטנד העכער געווען ווי אויף די קאַרטן. די דיפערענץ פון דער העכערונג האָט מען געגעבן אויסשליסלעך אויף ברויט. ס'איז לייכטער געוואָרן ביים באַקומען פּראָדוקטן. אָבער דער רעאַלער אַרבעטס־לוין האָט זיך פּראַקטיש פאַרקלענערט, כאָטש פאַר די אַרבעטער פון דער לייכט־אינדוסטריע, באַזונדערס פאַר אונדז שניידער, וואָס האָבן די נאָרמאַלע פּראָדוקטן זעלטן געקענט באַקומען אין דער פולער מאָס, איז געקומען אַ פאַרלייכטערונג.

פאַר אַ ריי אַרטיקלען, מיט קאָנקרעטע פּראַקטישע פאָרשלאָגן, — וועגן דער געהעכערטער פּראָדוקטיוויטעט און טיילווייז פאַרקלענערטע אויסגאָבן, אויף עלעקטריע, למשל, וואָס איך האָב אָנגעשריבן פאַר דער פאַבריקס־צייטונג — האָב איך נושא־חן געווען ביי דער דירעקציע. מ'האָט מיר צוגעטיילט צו די פאָרגעשריטענע פאַבריקס־אַרבעטער. כ'בין כסדר געווילט געוואָרן אין דעלעגאַציעס צו די שטאָט־קאָנפערענצן צווישן די „פאָרגע־שריטענע". צי די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָבן געהאַט אַ סך נוצן פון די צוזאַמענטרעפן, בין איך שטאַרק אין ספק, אָבער אונדזערע דעלעגאַטן האָט מען אויף די צוזאַמענטרעפן געגעבן אַזוי פיל צו עסן און טרינקען, וואָס אַ סך פון די אָנוועזנדע האָבן עס אין זייער לעבן נישט געזען. איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין דעם הונגעריקן לאַנד קען מען געבן אַזוי פיל עסן...

כ'בין אויך פּרעמירט געוואָרן מיט אַ חודש סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע, און דער עיקר — אַרויפגעדראַפּעט זיך אויף אַ העכערן סאָציאַלן שטאַפּל. מ'האָט מיך אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט אין דער גרופּע און כ'בין באַשטימט געוואָרן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן צעך פון רעטושן. דאָ האָב איך געהאַט אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט די צושניידער און מיט הונדערטער קליענטן, ביי וועלכע מ'האָט באַדאַרפט אויסבעסערן די דעפעקטן ביים אָפּגעבן פאַרטיקע באַשטעלונגען. מיין חודש־געהאַלט איז געווען כמעט טאָפּלט ווי פריער. און פון דעסטוועגן איז אונדז, אפילו ביי אַ גרויסער שפּאָרזאַמקייט, שווער געווען צו פאַרבינדן איין עק מיטן אַנדערן. אַ סך מאָל, ביזן באַקומען דעם לוין, פלעג איך מוזן לויפן צו דער אַרבעט, נישט האָבנדיק קיין פאַר קאָפּיקעס אויף אַ טראַמוויי־בילעט.

מען פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז אין

די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פֿאָדערן מיר אָפּצושאַפֿן נאַכט־שיכט־אַרבעט פֿאַר די בעקערס; און דאָ, אין נאָמען פֿון שיינעם, ערלעכן סאָציאַליסטישן אידעאַל, מוזן פֿרויען אַרבעטן ביי נאַכט. נאָר שוואַנגערע פֿרויען, אָדער די, וואָס זויגן זייערע קינדער, זענען באַפֿרייט פֿון נאַכט־אַרבעט. עס איז אויך נישט געווען קיין איינהייטלעכער רו־טאָג. די פֿאַבריק האָט געאַרבעט אָן איבעררייס. דאָס נישט קענען האָבן צוזאַמען דעם רו־טאָג, נעמט שוין אַוועק די גאַנצע פֿרייד פֿון פֿאַמיליען־לעבן. ס'האָט זיך געשאַפֿן אַזאַ לאַגע, אַז פֿרויען, וואָס האָבן געהאַט פֿאַמיליעס, איז שווער געווען צו אַרבעטן אין דער פֿאַבריק. ווען ס'איז געשאַפֿן געוואָרן די יורידישע קאָמיסיע פֿון צוויי שכנותדיקע פֿאַבריקן (די „גאָרקי" און „לוקסעמבורג" פֿאַבריקן), כדי אויפֿצוזוכן די מענער וואָס צאָלן נישט קיין אַלימענטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ווייט גרעסטע טייל פֿון די פֿרויען זענען ביי די לעבעדיקע מענער — אַלמנות...

מיטן פֿרייער מאַכן דעם מלוכה־האַנדל פֿאַר אַרטיקלען פֿון ערשטן געברויך, וואָלט זיך פֿאַקטיש געפֿאָדערט צו פֿאַרהונדערט־פֿאַכיקן די האַנדלס־נעץ. ס'איז אָבער נישט געווען גענוג סחורות צו באַפֿרידיקן די גרויסע באַדערפֿעניש פֿון דער באַפֿעלקערונג. דאָס האָט מסתמא מיטגעווירקט, אַז מען זאָל די האַנדלס־נעץ בלויז טיילווייז פֿאַרגרעסערן, דער עיקר אין די גרויסע צענטראַלע שטעט ווי מאָסקווע, לענינגראַד, קיעוו א. אַנד. אַזוי, אַז אַלע סחורות באַזונדערס די פֿון ערשטן געברויך, האָבן ווייטער אויסגעפֿעלט. די זאַכלאַגע, פֿאַרשטייט זיך, שאַפֿט די אָביעקטיווע באַדינגונגען, אַז דער מלוכה־האַנדל זאָל זיין די באַזע פֿון פֿאַלשקייט, אָפּנאַרעריי און שפּעקולאַציע, אויפֿן חשבון פֿון מאַסן־קויפֿער און ס'העלפֿט נישט וואָס מען קעמפֿט קעגן דעם מיט געזעצן און מען זשאַלעוועט נישט קיין טורמע פֿאַר די, וואָס פֿאַלן אַריין.

די גאַנצע נעץ פֿון קאָנטראָל און איבער־קאָנטראָל העלפֿט נישט. אַ קליין מאַגאַזינדל פֿון אַ 2—3 פֿאַרקויפֿער און שוין ווערט אַוועקגעשטעלט אַ דירעקטאָר. די ראַיאָנע האַנדלס־אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע די מאַגאַזינען געהערן, אונטערליגן דער קאָנטראָל פֿון דער פֿינאַנץ אָפּטיילונג; און די פֿינאַנץ־אָפּטיילונג ווערט קאָנטראָלירט פֿון דער ראַיאָנער מיליץ, און איר ספּעציעלע אָפּטיילונג. זי רופֿט זיך „א. ב. כ." דאָס הייסט אַן אָרגאַן, וואָס קעמפֿט קעגן שפּעקולאַציע און אָפּנאַרעריי אין האַנדל.

די אַלע אינסטיטוציעס פֿאַרגרעסערן נאָר דעם פּרייז פֿון די פּראָדוקטן. ס'איז קלאָר, אַז די גרעסטע צאָל מיליציאָנערן און די הויכע טורמע־

שטראָפן וועלן גאָר נישט העלפן ביי דעם סיסטעם פון האַנדל. אין די אומ־שטענדן זענען די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, אין בעסערע עקאָנאָמישע באַדינ־גונגען, ווי דער אַרבעטער, שוין אָפּגערעדט פון פויערטום. דערפאַר איז אַזוי פּאָפּולער ביים פאָלק דאָס ווערטל: „זאַקאָנטשיל אַגראָנאָם, ראָבאָ־טאַיעט פּראָדאַווצאָם״. (פאַרענדיקט אַלס אַגראָנאָם און אַרבעט אַלס פאַר־קויפער). די זעלבע לאַגע איז געווען אין האַנדל ביז מיין אָפּפאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד, אין יאָר 1957.

אַ סך צייט און מי האָבן מיך געקאָסט די אָנשטרענגונגען צו געפינען אַרבעט פאַר מיין פרוי.

מיין פרוי האָט פון איר פריער יוגנט אָן געאַרבעט ביי טעקסטיל און שטריקעריי. זי האָט געמאַכט אַ פּרווו צו אַרבעטן אין דער גרויסער טריקאָטאַזש־פאַבריק אויפן נאָמען פון „ראָזאַ לוקסעמבורג״. די פאַבריק האָט געאַרבעט אין דריי שיכטן, אַ גאַנצן מעת־לעת.

דערנאָך האָב איך געזוכט פאַר איר אַ באַשעפטיקונג אין סאָוויעטישן האַנדל.

איך און מיין פרוי האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג, וועגן די גליטשיקע וועגן און אַקראָבאַטישע פעיקייטן וואָס מ׳דאַרף פאַרמאָגן, כדי צו קענען אַרבעטן אין סאָוויעטישן האַנדל. און ווען מ׳האָט געעפנט אין קיעוו אַ ריי מוסטער־מאַגאַזינען פון גרויס־שטאָטישן פאַרנעם, האָב איך מיט דער הילף פון מיינס אַ חבר, אַ פאַרטיי־טוער אין דער האַנדלס־נעץ, איינגעאָרדנט אַרבעטן מיין פרוי אין אַזאַ מאַגאַזין. אויך אין פאַריז האָט זי דעם לעצטן יאָר געאַרבעט אַלס פאַרקויפערין.

ווען די אַרבעטער פון מיין צעך האָבן באַמערקט, אַז מיין פרוי אַרבעט דאָרט האָבן זיי אונטערגעשטראָכן מיט פולער זיכערקייט: „אַהאַ, משה, איצט וועט דיך שוין דיין פרוי קענען שפייזן״...

— ווי אַזוי? — פרעג איך — איר לוין איז קוים אַ העלפט פון דעם, וואָס איך פאַרדין...

שמייכלען זיי אונטער: „לוין־שמוין... נישט דאָס דעצידירט דאָרט״...

אָבער נאָך אַ קורצער צייט, נישט צוגעווינט צו אַזאַ אופן אַרבעטן, האָט זיך מיין פרוי באַפרייט פון דעם „שמאַלץ־גרוב״, און איבערגעגאַנגען אַרבעטן אין אַ שיך־פאַבריק.

ווען די פּראָדוקציע פון אונדזער פאַבריק איז איבערגעגאַנגען צום שטאָטישן פרייען האַנדל, האָבן טויזנטער מענטשן באַלאַגערט די עטלעכע

פונקטן, ווו מ׳האָט אָנגענומען באַשטעלונגען. גאָר קליין איז אָבער געווען די צאָל גליקלעכע, וואָס האָבן געקענט באַשטעלן אַ מלבוש. די פאַבריק האָט נישט באַקומען צוגעטיילט מער קיין שטאָפן ווי פריער. טיילווייז האָבן די באַלעבאַטים, אַפילו די, וואָס האָבן געאַרבעט דירעקט ביים אָננעמען באַשטעלונגען, געזאָרגט פאַר זייער פערזענלעכן נוצן, אַז אַ גרויסער טייל פון די שטאָפן, באַזונדערס פון בעסערער קוואַליטעט, זאָלן שוין זיין באַשטעלט פריער, איידער די מענטשן פון די רייען, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען גאַנצע נעכט, זענען אַריין באַשטעלן. אין דער זעלבער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ כסדרדיקער קאַמף קעגן שפעקולאַציע: מען האָט נישט נאָר געקעמפט קעגן דעם אינערלעכן אַפּאַראַט, נאָר אויך קעגן די מענטשן, וואָס פלעגן באַשטעלן נישט פאַר זיך, נאָר פאַרן שוואַרצן מאַרק. פאַרשטענדלעך, אַז דער קאַמף האָט נישט געקענט זיין דערפאָלגרייך, ביז ס׳וועט נישט זיין געננוג סחורות פאַר אַלע. די לעצטע עקאָנאָמישע פּראָצעסן באַווייזן דאָס גאַנץ בולט. דאָס איינציקע נוצן פון די פּראָצעסן איז — די אַרמיי פון ביליקע אַרבעטס־שקלאַפן אין דער מעכטיקער אינדוסטריע, וואָס הייסט — אַרבעטס־לאַגערן.

קאַפּיטל עלף

# מיין ערשטער אַרעסט

ווען ס'האָט זיך פון מיינע פּאַריזער חלומות, צו דערגרייכן דעם יידישן סעקטאָר ביי דער מאָסקווער „מיירעווקע”, אויסגעלאָזט אַ בוידעם, האָב איך געטראַכט, אַז איך וועל אפשר אויף אַ לאַנגזאַמען, נאָרמאַלן וועג, ווי יעדער סאָוויעטישער בירגער, דערגרייכן די שול־באַנק. אָבער אין פּראַקטישן לעבן האָט זיך עס אַרויסגעוויזן נישט אַזוי פּשוט. די פּאַך־שולע איז שוין נישט געווען פאַר מיין עלטער. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער יידישער אַרבעט אין קיעווער ראַיאָן, ברוך הובערמאַן (אין יאָר 1937 דערשאָסן געוואָרן אין ביראָבידזשאַן), האָט מיך רעקאָמענדירט כ'זאָל אַנקומען אויפן צוגרייטונגס־קורס אין יידישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. אָבער ווען צום נייעם לערן־יאָר 1934 האָבן זיך אָנגעהויבן די עקזאַמענס, האָט מען דעם יידישן סעקטאָר ביים אינסטיטוט, חלילה נישט פאַרמאַכט, נאָר... פאַראייניקט מיטן אָדעסער, און נאָר די סטודענטן פון 3טן און 4טן קורס האָט מען פאַרזיכערט מיט וווינונגען אין אָדעס. די איבעריקע האָבן געדאַרפט אַריבערגיין אין אוקראַאינישן, אָדער רוסישן סעקטאָר, אויב עס איז געווען ביי זיי אַ פרייער פּלאַץ. באין ברירה, האָב איך אָנגעהויבן לערנען אין דעם איין און איינציקן לערן־אַנשטאַלט אין קיעוו, מיט דער יידישער אונטעררעכט־שפּראַך אין מאַשינען־בוי־טעכניקום, ווו מען האָט געלערנט אין די אָוונטן. די מערסטע שילער זענען געווען יונגנטלעכע, וואָס האָבן געאַרבעט אין מעטאַלורגישע זאַוואָדן.

אינעם ערשטן קורס האָב איך געטראָפן צוויי פאַרשפּעטיקטע, ד. ה. עלטערע פון די איבעריקע, לויט די יאָרן. דאָס האָט מיך צו זיי דערנענטערט. אונדזער פריינדשאַפט האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן אויף אונדזערע משפּחות. דער ערשטער, יאַנקל, האָט געהאַט אַ גרויסע משפּחה. אין יאָר 1923 האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס שטעטל טשערנאָביל. 3 ברידער און 2 שוועסטער, זענען זיי אַוועק אויף ערד־אַרבעט אין די קאָלאָניעס פון די

כערסאָנער סטעפּעס. מיט בלוט און שווייס האָבן זיי דאָרט באַארבעט די רויערד. אָן דערפאַרונג, אָן געוווינהייט צו ערד־אַרבעט, האָבן זיי דאָך אַרויסבאַקומען אַ ביסל תבואה. די רוסישע שכנים זענען געקומען צו רייטן, און געחוזקט פון די דאָרע, מאָגערע זאַנגען. די מערסטע יידישע קאָלאָניסטן האָבן דאָס ערשטע יאָר געווינטערט אין די דורך זיי אַליין אויפגעבויטע זעמליאַנקעס אין הונגער און קעלט. אָבער די יידישע עקשנות האָט גובר געווען. דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט” און דער „איקאָר” האָבן אויך צוגעהאָלפן איינשאַפן מאַשינען. די משפחה האָט אַראָפּגעברענגט די אַלטע טאַטע־מאַמע, און במשך פון 5 יאָר איז זייער קאָלאָניע געוואָרן איינע פון די בעסטע אין דער גאַנצער געגנט. אַז אַ יידישער שרייבער איז געקומען באַוווּנדערן די יידישע ערד־אַרבעטער, זענען זיי באַזוכט געוואָרן די ערשטע. צווישן זייערע געסט איז אויך געווען פּרץ הירשביין. זיי האָבן געהאַט אַ סך עופות, נישט וויסנדיק אַליין זייער צאָל. אַזוי מער־וויניקער, איז געווען ביי אַלע יידישע קאָלאָניסטן ביז די יאָרן 30—1929. ווען מ׳האָט אָנגעהויבן דורכפירן די קאָלעקטיוויזאַציע, האָט מען אַלע יידישע קאָלאָניסטן פאַררעכנט פאַר קולאַקן. און ס׳האָבן זיך אָנגערוקט די שווערע הונגער־יאָרן 1931—1932.

איצט האָבן זיי שוין געוווינט אין שטאָט, צוויי פאַמיליעס, אין אַ האַלב־פינצטערער קעלער־שטוב. יאַנקל, וועלכער איז זיינער צייט אַרומגע־פאָרן איבער די רוסישע שכנותדיקע דערפער אַלס אינסטרוקטאָר פון ווייַנטרויבן־צוכט, האָט איצט געאַרבעט אַלס טאָקער אין אַ מעטאַל־פאַבריק. די דאָרפישע ברייטקייטן האָט ער פאַרביטן אויף אַ פינצטערן, רוישיקן צעך. דער אַלטער טאַטע פלעגט זיצן פון אין דער פרי אָן, ווי זיין אַלטע געוווינהייט, און זאָגן תהילים. די מאַמע, אַ קליינע, איינגעדאַרטע יידענע, איז געזעסן גאַנצע טעג ביים שוואַרצן, פאַררויכערטן קיכעלע.

מיין חבר האָט מיר דערציילט ווי עס איז אַדורך זיין יוגנט. מ׳האָט געמעגט טאַנצן און זינגען ביז האַלבער נאַכט, אָבער פאַר טאָג זענען שוין אַלע געווען ביי זייער אַרבעט, אַפילו די אַלטע לייט האָבן געאַרבעט אין דער ווירטשאַפט. זיי פלעגן האָדעווען עופות און צוטראָגן הונדערטער שאָקן אייער דער מלוכה אויף דער קאָנטע פון פלייש־פאַרגרייטונג. דערנאָך זענען די אַלטע געוואָרן איבעריק, נישט געווען פאַר זיי קיין אַרבעט. „עט — מאַכט דער אַלטער מיט דער האַנט — אַ שיינער חלום געווען... אונדזער ווירטשאַפט, אונדזערע קי”... און וויינט. זיינע טרערן גיסן זיך אויף די אַלטע, געלע בלעטער פון דעם ספר.

## מיין ערשטער אַרעסט

אַ צווייטער חבר, ישראל, פון זעלבן שטעטל, אַ הויכער, אַ ברייטבייניקער, אָבער איינגעבויגן, איז פריער געווען אַ יונגער קאָמיוגיסט, איבערגעגעבן מיט לייב־און־לעבן, געקעמפט קעגן באַנדיטן, אַרומגעפאָרן איבער שטעט און דערפער צונויפנעמען היימלאָזע קינדער פון די פּאָגראָמירטע ראַיאָנען, געגרינדעט אַ יתומים־הויז, אָנגעפירט מיטן הויז און גלייכצייטיק געלערנט אין „פּעדאַגאָגישן טעכניקום". ביי דער שאַרפער פּאַרטיי־דיסקוסיע איז ער „געשטרויכלט" געוואָרן און געשטימט פאַר דער טראָצקיסטישער רעזאָלוציע. אין 1926 האָט מען אים אַרעסטירט און פאַרשיקט מיט אַ גרופּע טראַצקיסטן. דאָרט איז ער געווען צוזאַמען מיט אַזעלכע פּערזענלעכקייטן, ווי פּיאַטאַקאָוו. ער האָט מיר דערציילט, אַז זיי האָבן דאָרט, איין מאָל באַקומען אַ מיטטיילונג פון בוכאַרינען, אַז ער האָט עס באַאַרבעט דעם פּראָגראַם צום קאָמאינטערן, און אַז סטאַלין וועט אים לייענען ווי דער פּראָפעסער...

אין יאָר 1930 האָט מען אים, מיט נאָך אַנדערע באַפרייט, און מאַנואילסקי האָט זיי אויפגענומען און געזאָגט, אַז זיי זענען באַגנעדיקט און רעכענען זיך פון איצט אָן אַלס גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. אָבער... נישט אין זיין שטעטל, און נישט אין קיין אַנדערער שטאָט האָט מען אים נישט צוגעלאָזט צו קיין שום אַרבעט, אויך נישט אין קיין לערן־אַנשטאַלט. ער האָט געמוזט אַוועק אַרבעטן אַלס טרעגער פון קוילן. געוווינט אין אַ קעמערל פון אַרבעטס־געצייג. זיין שוועסטער האָט מורא געהאַט אים אַפילו איבער דער שוועל צו לאָזן, עס זאָל חלילה נישט שאָדן איר משפחה. זיין טאַטע, אַ געוועזענער לערער, האָט באַקומען אַ נערוון־שאָק, און פאַרלוירן דאָס לשון און די מאַמע איז פּאַראַליזירט געוואָרן. דער זון האָט זיי גענומען צו זיך, אין זיין קעמערל. ער איז געווען אַ האַרציקער חבר, אַ פּאָעטישע נשמה. אין יאָר 1934, נאָכן מאָרד איבער קיראָוון, האָט מען אים ביי נאַכט אַרעסטירט. פון דעם טאָג אָן האָט קיינער מער פון אים נישט געהערט. אַזוי האָט מען נקמה גענומען אין אַן ערלעכן מענטש פאַרן שטימען פאַר דער רעזאָלוציע פון טראָצקין, אין עלטער פון 18—19 יאָר.

קורץ נאָך מיין אָנהייבן לערנען אין טעכניקום, בין איך צום ערשטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן. פון מיין אַרבעטס־פּלאַץ ביזן טעכניקום האָב איך געמוזט דורכגיין אַ גאַס, ווו ס'האָבן זיך געפונען עטלעכע גרויסע מלוכה־אַנשטאַלטן. אין די 25 מינוט, וואָס איך האָב געהאַט, נאָכן ענדיקן דעם אַרבעטס־טאָג ביזן אָנהייב פון די לעקציעס, האָב איך נישט געהאַט קיין

צייט זיך אַרומצוקוקן, צי דאָס זענען געביידעס פון קאַזאַרמעס, אָדער פון נ. ק. וו. ד. צי ווינען דאָרט סתם „גרויסע" מענטשן. איין מאָל האָט מיך אָפּגעשטעלט אַ ציוויל־געקליידעטער מענטש, זיך לעגיטימירט און מיך אַריינגעפירט אין איינער פון די געביידעס. ער האָט אויסגעשריבן פאַר מיר אַ „פּראָפּוסק", צוגענומען ביי מיר אַלע דאָקומענטן און מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן וואַרט־זאַל. ער האָט מיר דערקלערט, אַז באַלד וועט מען מיר אויפקלערן. „וואָס איז דאָ אויפצוקלערן? — האָב איך זיך אָנגערופן — איך גיי אויף דער לעקציע. איך אַרבעט דאָ און דאָ". אָבער ער לאָזט מיך איבער אַליין. נישטאָ צו וועמען צו רעדן. איך זיץ. די שעהן ציען זיך פּאַמעלעך. ס'איז שוין 6—7, ס'איז שוין 12—2—3. איך פיל, אַז פון אויפרעגונג ווערט מיר דאָס בלוט קאַליע. פון די שפּיץ פינגער ביזן קאָפּ ווערט ביי מיר אַן אויסשיטונג, ס'בריט און שטעכט.

אין די עטלעכע שעה האָבן זיך אָנגעקליבן ביי אַ 40 מענטשן, אַלע — טויט־דערשראָקן, יעדער פאַרטראַכט און פאַרזאָרגט. כ'בין אין מיין לעבן שוין געווען פיל מאָל אַרעסטירט. ס'איז פאַר מיר געווען נאַטירלעך, נאָרמאַל צו ווערן אַרעסטירט. אָבער אין ראַטנפאַרבאַנד? און וועמען — מיך? פאַר וועלכע זינד?

ערשט האַלב־פיר פאַר טאָג רופט מען מיך צום אויספאָרשער. ער עפנט אַ פּאַפּקע און — עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. דאָרט ליגט שוין אַ פּעקל פון אַ 10 בלעטלעך. עס הייבט זיך אָן צוערשט די אַנקעטע: ווו געבוירן? ווען? טאַטע, זיידע, מאַמע, באָבע? מיט וואָס האָבן זיי זיך פאַרנומען? ווען בין איך געקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד? ווי אַזוי געקומען? פאַרענדיקט מיט מיר, הייבט זיך אָן אַ סדרה — מיט מיין פרוי. פון וואַנען זאָל איך געדענקען ווי איר מאַמע האָט געהייסן אויפן מיידלשן נאָמען? און אַז איך ווייס פאָרט נישט, הייבט אָן דער אויספאָרשער שיטן מיט ניבול־פּה. ער מוסרט מיך: „דו ווינסט מיט אַ פרוי און ווייסט נישט ווער איר פאַמיליע איז?" ווען ער מישט אויף אַ פּאַפּקע און דערזעט, אַז איך בין אַ קאָמוניסט, געקומען פון פראַנקרייך, באַרויִקט ער זיך אַ ביסל. עס ליגט דאָרט אַ פּאַפּירל פון צ. ק. פון „מאָפּר". אַ כאַראַקטעריסטיק פון סעקרעטאַר פון פּאַרטיי־קאָמיטעט, פון ספּעץ־אָפּטיילונג און פון הויז־פאַרוואַלטער. ער שטעלט זיך אָפּ אויפן אַקט פון דעם, וואָס האָט מיך פאַרהאַלטן ביי דער געביידע פון נ. ק. וו. ד. ער שרייבט — אַז איך בין געשטאַנען און זיך איינגעקוקט אין דער געביידע. איך ווייז אים אָן, אַז 5 מינוט פאַרן פאַרהאַלטן מיך, בין איך נאָך געווען ביי דער אַרבעט; און אפשר האָב איך

דורכגייענדיק גאַנץ צופעליק אַ קוק געטאָן אויף דער געביידע, און האָב אַפילו נישט באַמערקט וואָס פאַראַ געביידע דאָס איז, אין געאייל נישט צו פאַרשפּעטיקן די לעקציעס. ער האָט אַלץ, וואָס איך האָב דערקלערט, פּינקטלעך פאַרשריבן, מיר געגעבן אונטערצושרייבן אַ פּאַפּיר, אַז איך טאָר קיינעם נישט דערציילן, אַז איך בין געווען פאַרהאַלטן, אַפילו נישט מיין אייגענער פרוי, אויב נישט דראָט מיר צו פאַרלירן 3 יאָר פון מיין פרייהייט.

נישט טויט, נישט לעבעדיק, בין איך אַהיים געקומען. מיין פרוי איז קוים עטלעכע חדשים געווען אין ראַטנפאַרבאַנד. איך האָב איר דווקא יאָ דערציילט דעם פאַל, ווייל זי האָט נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן. אַז אַזוינס זאָל געשען, האָט זי זיך בשום אופן נישט געקענט פאָרשטעלן.

די פאַרטיי־רייניקונג האָט זיך פאַרענדיקט. דאָס גאַנצע לאַנד, באַזונדערס די שטאָטישע באַפעלקערונג, האָט געהאָפט, אַז די געשפּאַנטע אַטמאָספער אויף די פאַרזאַמלונגען אין די פאַבריקן, זאַוואָדן, וועט זיך איינשטילן, ס׳וועט ווערן אַ ביסל רויִקער. איך האָב אויך געוואַרט אויפן גליקלעכן מאָמענט, ווייל פון דעם איז אָפּהענגיק געווען כ׳זאָל קריגן מיין פאַרטיי־בילעט. אַ דאַנק אָט דעם ביכעלע קען זיך ענדערן מיין סיטואַציע.

פּראָפעסאָר מאַקס עריק, וועלכן איך האָב באַקענט דורך קלמן מאַרמאָר און א. פאָמעראַנץ, האָט מיר צוגעזאָגט אַנצונעמען אויף טעכנישער אַרבעט אין דער יידיש־וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע. פון דאָרט וועט מיר זיין לייכטער אַנצוקומען לערנען אַלס ביבליאָטעקאַר. דער פאָרשלאַג איז מיר געווען זייער צום האַרצן. אויך דער דירעקטאָר פון אינסטיטוט ג. גאָראָכאָוו האָט מסכים געווען אויף מיין קאַנדידאַטור, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען כ׳וועל באַקומען מיין פאַרטיי־ביכל.

אויפן פּלענום פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט אָבער סטאַלין גראָד דעמאָלט דערקלערט, אַז צווישן די אויסלענדישע קאָמוניסטן, וואָס זענען איצט מיטגלידער פון וו. ק. פּ. (ב.) איז דער טראָצקיזם נאָך ווייט נישט אויסגעוואָרצלט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע „טשיסטקע״; ס׳האָט געהייסן — קאָנטראָל פון פאַרטיי־דאָקומענטן. ביי אַלע אויסלענדישע קאָמוניסטן איז די שטימונג געווען אַ דערדריקטע און דערשלאָגענע. יעדער איינער איז ביי זיך געווען זיכער, אַז נישט אים מיינט מען; ווייל ער איז דאָך קיין מאָל קיין טראָצקיסט נישט געווען. מען דאַרף אָבער זיין פאָרזיכטיק

און וואַכזאַם אַפּילו אין באַצוג צום בעסטן חבר. ווי אַזוי האָט זיך דאָס פּראַקטיש אויסגעווירקט אין די באַציונגען צווישן חברים?

איך וויל דערציילן וועגן באַגעגענישן מיט אַ חבר. אין דעם ערשטן ווינטער טרעף איך זיך אויף דער גאַס אין קיעוו, פּנים אל פּנים, מיט אַן אָפיציר פון דער רויטער אַרמיי. ער קוקט מיר שאַרף אָן. איך זע, אַז דער מענטש קען מיך. איך גיי זיך אָבער ווייטער און טראַכט, אַז ער האָט אפשר אַ טעות. ווי קום איך, אַז אָפיצירן זאָלן מיך קענען? ער יאָגט מיך אָבער אָן און פרעגט מיך: „דו ביסט משה פון זאַמאָשטש?" ערשט איצט האָב איך אים דערקענט. דאָס איז געווען סאַלאָמאָן, פון מענער־מאַגאַזין־קעמערל, פון וואַרשע.

נאָך אין מיין צייט אין וואַרשע, האָט מען אים צוגעצויגן צו דער צענטראַלער טעכניק. אימפּאָנירט האָט אַוודאי זיין אויסערלעכער שלאַנקער און געזונטער אויסזען. אין פּאַריז שוין, האָב איך געהערט, אַז ער האָט אין צאָפּאָט אָפּגעשיקט אויף יענער וועלט אַ הויכן פּאַרטיי־פונקציאָנאַר, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר. דערפאַר האָט מען אים געשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד, וווּ ער לערנט זיך אין אַן אָפיצירן־שול. ביי אונדז איז אַ גדולה, אַ פרייד. ער וויל וויסן גענוי וועגן דעם, וועגן יענעם. אַזאַ באַגעגעניש דאַרף מען „באַגיסן". זענען מיר אַריינגעגאַנגען אין אַ קנייפּע. ער האָט געשטעלט 200 גראַם בראָנפן. איך האָב געמיינט, אַז נאָכן באַנעצן די ליפּן, וועט זיין עפּעס צו פאַרבייסן. דערווייל גיסט מען נאָך אַ מאָל אָן די טיי־גלעזער. איך זאָג צו אים: „וואָס, ביסט משוגע? מ'טאָר נישט אַזוי; ס'איז דאָך נישט קיין סאָדע־וואַסער". אָבער אַ סאָוויעטישער אָפיציר, מיט זיין גדלות, דאַרף קענען אויסטרינקען. „אויף דעם האָט מען געדאַרפט מאַכן אַ רעוואָלוציע, אַז אַ סאָוויעטישער אָפיציר זאָל קענען אויסטרינקען? די צאַרישע אָפיצירן האָבן נישט ערגער געקענט זשליאָקען" — האָב איך געזאָגט.

ער גיט מיר זיין אַדרעס. איך האָב נאָך דעמאָלט קיין אייגענעם אַדרעס נישט פאַרמאָגט. האָב איך אים נאָר געזאָגט ווו איך אַרבעט. „דו קענסט זיך אויף מיר פאַררופן — זאָגט ער — די גרויסע קענען מיך דאָ. אַ שאָד וואָס איך מוז איצט אַוועקפאָרן אין אַ „קאָמאַנדיראָווקע", איך ווייס יאָ ווו מען דאַרף אָנקלאַפּן, אַז דו זאָלסט באַקומען אַ שטיקל וווינונג".

פונקט אין צוויי יאָר אַרום, אַרויסגייענדיק איין מאָל פון דער אַרבעט, קומט מיר סאַלאָמאָן אַנטקעגן. וואָס הערט זיך? ער דערציילט מיר, אַז ער איז די גאַנצע צייט נישט געווען אין קיעוו. איצט האָט ער אויך נישט

קיין צייט. „דאָס וויכטיקסטע — זאָגט ער — צערייס דעם אַדרעס, וואָס איך האָב דיר געגעבן". ער וויל דערבײַ וויסן, צי איך האָב זיך נישט ערגעץ ווו פאַררופן אויף אים. איך באַרויִק אים, אַז איך נייטיק זיך נישט אין קיינעם. און איך דאַרף זיך נישט פאַררופן אויף קיינעם. איך בין געקומען פון אַ לעגאַלער פּאַרטיי אין פראַנקרייך, און די אָנפירערשאַפט איז די זעלבע ווי פריער — טאָרעז איז געבליבן טאָרעז.

— אַלזאָ, דו קענסט מיך נישט און איך קען דיך נישט... — זאָגט ער.

— אַוודאי, ווי זאָלסטו מיך קענען? אין וואַרשע בין איך געווען אַ שטיקל קאַפּראַל, און דו — אַ פּראָסטער סאָלדאַט. הייַנט ביסטו אַן אָפיציר און איך בין אַפילו נישט קיין סאָלדאַט...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. איך האָב געזען, אַז ס'איז ביי אים נישט געווען, נישט קיין גדלות און נישט קיין זעלבסטזיכערקייט. אָנגעטאָן איז ער געווען אין דעם זעלבן שיינעם אויסגעפּאַסטן שינעל מיט די גלאַנ־ציקע אָפיצירן־קנעפּ. „גלייב מיר, משה — האָט ער צולעצט צוגעוואָרפן — אַז ס'איז נישט דאָס"...

אין דעם פּעריאָד האָט מען פאַרמאַכט דאָס פּוילישע טעאַטער און דעם פּוילישן קלוב אין קיעוו. אַ ריי מענטשן זענען אַרעסטירט געוואָרן, צווישן זיי — אויך דער דירעקטאָר און פּאַרטיי־סעקרעטאַר. זיי זענען ביידע געווען פון באַרימטן „שווינטאָ־יורע"־פּראָצעס. דאָס איז געווען דער ערשטער קאָמוניסטישער פּראָצעס אין פּוילן, נאָך אַ דורכגעפאַלענער קאָנפערענץ אין לעמבערג, אין דער קירכע „שווינטאָ־יורע". אויך צווישן די מיטאַרבעטער פון דער פּוילישער צייטונג אין מאָסקווע זענען געווען גרויסע אַרעסטן. דער באַרימטער לאָדזשער פּוילישער פּאָעט גאָנטאַר וואַנדורסקי און דער לאָדזשער פירער פון די פרײַדענקער, מאַרעק גינזבורג, זענען אַרעסטירט געוואָרן. אין פראַנקרייך איז דער לעצטער געווען אין דער אָנפירונג פון דער פּוילישער סעקציע. די אַלע, וואָס האָבן געקענט מאַרעקן, האָבן געוווסט, אַז ער איז אַן ערלעכער, איבערגעגעבענער חבר. מ'האָט אויף אים אויסגעטראַכט, אַז ער האָט זיך מודה געווען, ער זאָל כלומרשט האָבן מיטגעאַרבעט מיטן פּוילישן קאָנסול אין מאָסקווע. שפּעטער, אויפן פּראָצעס, וואָס זיין פרוי האָט בייגעוווינט, האָט זיך אויפגעקלערט, ווי אַזוי די פּראָוואָקאַציע איז אָרגאַניזירט געוואָרן. מ'האָט אים גלייך פון דער אַרבעט אַרויסגערופן אין דער נ. ק. וו. ד. און אים דערקלערט: „מיר ווייסן אַז דו ביסט אַן ערלעכער מענטש און אַ גוטער קאָמוניסט. מיר דאַרפן אָבער האָבן קאָמפּראָמיטירנדיקן מאַטעריאַל קעגן דעם פּוילישן קאָנסול.

טאָ שרייב אונטער, אַז דו האָסט מיט אים צוזאַמענגעאַרבעט. דו וועסט גיין אַהיים און אים וועט מען אַרויסשיקן". ער האָט אונטערגעשריבן, אָבער אַנשטאָט אַהיים, האָט מען אים אָפּגעשיקט אין טורמע אַריין. ער איז אָפּגעקומען מיט אַ „דזעטסקי סראָק" (אַ קינדער אורטייל) — בלויז 5 יאָר. זיין פרוי וועלכע האָט געאַרבעט אין אַפּאַראַט פון מיניסטעריום, האָט מען געלאָזן אויפן פּאָסטן. אין יאָר 1937, ווען מ'האָט גענומען „כל הנערים", האָט מען זי אויך געגעבן 10 יאָר און צוגענומען ביי זיי דאָס קינד!

מיר האָט דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער פאַבריק דערקלערט, אַז אויף פּאַרמאַכטע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען קען איך נישט צוגעלאָזט ווערן. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין גאַנצע 10 יאָר אין דער פּאַרטיי, נאָר אָן אַ פּאַרטיי־בילעט, האָט ער עס נישט געקענט פאַרשטיין. „אָן אַ בילעט — דאָס קען נישט זיין", האָט ער געענטפערט.

דער בילעט, וואָס איז בלויז אַ צייכן, אַ סימבאָל פון אָנגעהעריקייט צו אַן אידעאָלאָגישער באַוועגונג, האָט זיך דאָ פשוט פאַרוואַנדלט אין אַ פּרנסה־ביכל. אַזאַ געמיינקייט און נידערטרעכטיקייט ווערט פאָרגעזעצט ביזן היינטיקן טאָג.

קאַפּיטל צוועלף

# אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן

דער בירגער־קריג אין שפּאַניע און דאָס אַנטשטיין פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס, האָט אויפגעוועקט די האָפענונג ביי אַ סך פּאָליטישע עמיגראַנטן. פיל האָבן זיך געווענדט צו זייערע סעקציעס אין קאָמאינטערן, מען זאָל זיי שיקן אַלס פרייוויליקע. טיף אין האַרצן האָבן זיי געטראַכט: בעסער שטאַרבן אין קאַמף, איידער לעבן אין כסדרדיקער מורא, אַרעסטירט צו ווערן פון „אייגענע". פּטור ווערן פון מינדערווערט־קאָמפּלעקס, וואָס מ'האָט אונדז אָנגעוואָרפן, אַז מיר זענען געקומען צו אַ גרייטער רעוואָלוציע.

דאָס האָט פיל פון אונדז באַוויגן זיך צו ווענדן מ'זאָל אונדז שיקן קיין שפּאַניע. אויך איך האָב זיך געווענדט. מיר איז באַוווסט נאָר איין פאַל, ווען מ'האָט זיך אָפּגערופן אויף אַזאַ ווענדונג — מיינער אַ חבר, אַ געוועזענער סעקרעטאַר פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע אין זאַמאָשטש. אין מאָסקווע האָט ער געאַרבעט אין אַ מעטאַל־זאַוואָד. ער האָט זיך גערופן יאַנקל מיטלפּונקט. נאָך אַלע פאָרמאַליטעטן, האָט מען אים געהייסן זיין גרייט, ער האָט זיך אָבער דערוואַרט... ביז מ'איז געקומען אים אַרעסטירן. ער איז אומגעקומען אין אַ לאַגער. אויך זיין פרוי איז אָפּגעווען אין אַ לאַגער 8 יאָר. איצט לעבט זי אין וואַרשע.

מיין פאַמיליע האָט אין־צווישן־צייט זיך פאַרגרעסערט. ס'איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן אַ זון. אָבער צוזאַמען מיט דער פרייד און נחת, האָט זיך פאַרגרעסערט די טאָג־טעגלעכע זאָרג פון פּרנסה. די מילך און קאַשע, וואָס די ספּעציעלע קינדער־קיך האָט אַרויסגעגעבן פאַר ניי־געבוירענע קינדער, האָט צוגענומען 30—35 פּראָצענט פון מיין חודש־לוין. די הויכע פרייזן פון „מאַרק", די גרויסע שוועריקייטן ביים איינקויפן, זענען צו לאַסט געפאַלן אויף מיינע פּלייצעס; כאָטש מיין לוין איז געווען מער ווי טאָפּלט פון דורכשניטלעכן לוין, איז מיר אַלץ אוממעגלעך געווען

דורכצוקומען. ס׳איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַז אַלע אַרבעטן־צו נאָכן שווערן אַרבעטס־טאָג, אין דער היים, אָדער ביי קליענטן, נאָך אַ 5—6 שעה. ס׳איז טאַקע נישט געווען געזעצלעך. אַז מ׳האָט איינעם געכאַפּט ביי דער האַנט, האָט ער „אַריינגעכאַפּט" ביז 5 יאָר לאַגער. אָבער דאָס לעבן איז שטאַרקער פון געזעצן. אויסער אַלעם, איז עס געווען אַן עקאָנאָמישע נויטווענדיקייט. די מלוכה־אונטערנעמונגען האָבן נישט געקענט באַקומען די באַדערפענישן. די גרויסע אַפּאַראַטן און דער גרויסער ריווח, וואָס די מלוכה האָט אַרויסגעצויגן פון די אונטערנעמונגען, האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דער בעל־מלאכה האָט אַפילו געקענט זיין קאָנקורענץ־פעיק. און אויב ער האָט נישט גענומען ביליקער, האָט ער וויניקסטנס געקענט מאַכן די אַרבעט צו דער צייט, און פון אַ בעסערער קוואַליטעט.

איך האָב אויף דעם וועג נישט געקענט גיין. אין מיין 3־מעטערדיק, האַלב־פינצטער צימערל איז נישט געווען ווו אַוועקצושטעלן דאָס קינדער־בעטל, שוין אָפּגערעדט, אַז איך האָב נישט געהאַט קיין ניי־מאַשין. הונדערטער מאָל איז מיר אַליין אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן קעגן אַרבעט אין דער היים, ווייל דאָס פאַרקלענערט די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט אין פאַבריק. מ׳האָט מיך געקענט אַלס קאָמוניסט, און קיינער וואָלט מיר אַפילו נישט געוואַגט פאָרצולייגן כ׳זאָל אַרבעטן אומלעגאַל.

די היימישע זאָרגן זענען אָבער פאַרבלאַסט געוואָרן אַנטקעגן די גרויסע זאָרגן, אַרום דעם וואָס ס׳קומט פאָר אין לאַנד. נאָך די אַרעסטן פון סאָכאַצקי און לאַנצוצקי, געוועזענע סיים־דעפּוטאַטן אין פּוילן וועלכע מ׳האָט באַשולדיקט, אַז זיי זענען געווען פּראָוואָקאַטאָרן, און אַז מיטן דאָזיקן ציל זענען זיי אַריינגעטרעטן אין דער פּאַרטיי — איז די מורא נאָך מער אויסגעוואַקסן. ס׳האָט זיך דאַן באַוויזן אַן אַרטיקל אין זשורנאַל פון קאָמאינטערן קעגן יידישן סיים־דעפּוטאַט פון פּוילן, יחיאל ראָזענבערג, אַז ער האָט געזאָלט ווערן דער פּוילישער דאָריאָ. מענטשן, וואָס האָבן געקענט די פאַרהעלטענישן אין פּוילן, האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פּשוטער בלבול. ווייל אויב די פּוילישע רעאַקציע וואָלט געזוכט אַ דאָריאָ, צו דעמאָראַליזירן די פּאַרטיי, וואָלט זי נישט אַרויסגערוקט קיין ייד. ראָזענבערג, אַן אויסגעפּרוווטער אַרבעטער־טוער, איז יאָרן געזעסן אין תפיסה. ווען ער איז געווען אַ קורצע צייט אויף דער פריי, איז ער געווען סעקרעטאַר פון פאַרשיידענע פאַראיינען אין לאָדזש, ביז ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין סיים. ער איז געווען דרייסט, קעמפעריש און באַליבט. ס׳האָט מיר שטאַרק וויי געטאָן, ווייל כ׳האָב אינסטינקטיוו גע־

פילט, אַז דאָס איז אַ בלוטיקער מאָראַלישער אָנגריף אויף דורות מוטיקע קעמפער פון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

נאָך די גרויסע אַרעסטן אין מאָסקווע און די אינסצעניזירטע פּראָצעסן, איז איבערן גאַנצן לאַנד דורכגעגאַנגען אַ בלוטיקער קרייץ־צוג. דאָס פיינלעכסטע איז געווען, וואָס מ'האָט נישט געוווסט און נישט געקענט פאַרשטיין קעגן וועמען פירט זיך די „מלחמה״? ווער איז אַ פיינד פון פאָלק״ און ווער איז אַ „פריינד״? אין קיעוו איז אַרעסטירט געוואָרן די גאַנצע מלוכה־אָנפירערשאַפט, מיטן פּרעמיער בראש. במשך פון צוויי חדשים האָט מען דריי מאָל געביטן דעם פּאַרטיי־און מלוכה־אַפּאַראַט, און די באַזייטיקטע אַרעסטירט. צווישן די אַלע, איז איינער געווען באַזונדערס זייער באַליבט. דאָס איז געווען דער צווייטער סעקרעטאַר פון דער אוקראַאינישער פּאַרטיי פּאַוועל פּאָסטישעוו. אַ פּשוטער פאָלקס־מענטש, וועמען די פירערשאַפט האָט נישט פאַרגאָסן דאָס האַרץ מיט שמאַלץ. אין די ראַמען פון זיינע מעגלעכקייטן, האָט ער געזאָרגט פאַר די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג. נישט איין דירעקטאָר פון אַ פאַבריק, אָדער פאָרזיצער פון אַ קאָלכאָז, האָט געציטערט, אַז פּאַוועל פּאָסטישעוו זאָל ווען אומגעריכט באַזוכן, זיין אַרבעטער־קיך, און זיינע אַנדערע אַנשטאַלטן. לויט זיין איניציאַטיוו און אויפפאָדערונג, האָט מען אין אַלע הייזער אויסגעטיילט איין צימער פאַר אַ הויז־קלוב פאַר קינדער. מען האָט אויך — לויט זיינע אָנווייזונגען — באַדאַרפט איינאָרדענען קינדער־פלעצער צו פאַרברענגען נאָך דער שולע. עס זענען נאָך אַלץ נישט געווען גענוג שול־געביידעס, כמעט אַלע קינדער האָבן געלערנט אין צוויי, און אין פיל פאַלן אין דריי שיכטן. די ערשטע שיכט שילער פלעגט אַהיים קומען 1 אַזייגער ביי טאָג, בעת די מאַמעס האָבן נאָך געאַרבעט און די קינדער זענען געווען אָן יעדער אויפזיכט. פּאָסטישעוו האָט אויך אַנולירט דעם פאַרבאָט אויפן טראַדיציאָנעלן יאָלקע־בוים, באַזייטיקט זיין רעליגיעזע שאַלעכץ און פאַרוואַנדלט דעם ניי־יאָר אין אַ יום־טוב פאַר קינדער. אין ראַטנפאַרבאַנד איז עס געווען אַ זייער געוואַגטער און דרייסטער שריט; ווייל צו יענער צייט האָט מען געקענט באַצאָלן מיטן לעבן נאָר בלויז פאַרן אויפהייבן די פראַגע. ער האָט זיך אויך באַמיט צו פאַרשענערן די שטאָט קיעוו.

מיין חבר גאָרפינקעל האָט מיר דערציילט, אַז פּאָסטישעוו האָט איין מאָל 2 אַזייגער ביי נאַכט אַרויסגערופן צו זיך אין קאַבינעט די פּאַרטיי־און ווירטשאַפט־דירעקטאָרן פון שטאָטישן האַנדל און זיי געפרעגט: „פאַר וואָס שטעלט איר נישט אויף אַ קאַפע אויפן מיכאַילאָווסקי בערגל? דאָס

ווען דאָך פֿאַרשענערן די שטאָט, מענטשן וועלן האָבן אַ ביסל פֿאַרגעניגן אויסצוטרינקען אַ גלאָז טיי און שפּיגלען זיך אין דעם שיינעם דניעפּער, וואָס פֿליסט אַנטקעגן". אויך די דירעקציע פֿון מיין פֿאַבריק האָט ער אַרויסגערופֿן און זיי באַמערקט, פֿאַר וואָס זיי טראַכטן נישט, אַז מען דאַרף אין קיעוו עפֿענען אַ ספּעציעלן מאַגאַזין פֿון קינדער־קליידער.

די אַרעסטן האָבן אָנגעוואָרפֿן אַזאַ פּחד אויף מענטשן, אַז אַפֿילו פֿריינד און קרובים האָבן מורא געהאַט זיך טרעפֿן צווישן זיך. אויך די פּערזענלעכע פּאָסט־קאָרעספּאָנדענץ אין לאַנד־מאַסשטאַב האָט זיך פֿאַרקלענערט. איך פּערזענלעך האָב אויפֿגעהערט צו באַקומען בריוו פֿון פֿריינד און באַקאַנטע. אַפֿילו צו מיין שוועסטער, וועלכע האָט געוווינט אין מאָסקווע, האָב איך אויפֿגעהערט צו שרייבן, שוין אָפּגערעדט וועגן שיקן בריוו צו דער מאַמען אין פּוילן, אָדער צו דער משפּחה אין פֿראַנקרייך. די טעגלעכע פֿאַרזאַמלונגען אין די פֿאַבריקן, זענען דורכגעפֿירט געוואָרן מיט איין פּזמון: „היט זיך, זיי וואַכזאַם, דער שונא זיצט נעבן דיר! דו דאַרפֿסט און מוזט אים אויפֿדעקן, אַז נישט וועסטו אַליין טראָגן די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט".

די וואָס האָבן יאָרן לאַנג געאַרבעט צוזאַמען, האָבן זיך געשעמט קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. מ'האָט אַזוי שטאַרק אַריינגעקלאַפּט די צביעותדיקע לאָזונגען אין מוח, אַז יעדער איינער פֿאַר זיך האָט נישט ווילנדיק אָנגעהויבן טראַכטן: אפֿשר איז טאַקע מיין אַרבעטס־שכן דער שונא?... אין אונדזער פֿאַבריק האָט געאַרבעט אַ צושניידער, אַ דייטש, געבוירן אין רוסלאַנד. ער איז געווען זיין גאַנץ לעבן אַ לוין־אַרבעטער און קיין מאָל נישט געהאַט קיין פּריוואַטע אַטעליע. אים און נאָך אַ ווינער פּראָנט־קעמפּער האָט מען אַרעסטירט באַלד אין אָנהייב.

זיי האָבן געוווּסט אַז איך קום פֿון פּאַריז, און האָבן מיט מיר פֿאַרפֿירט שמועסן וועגן פּאַריזער שניידעריי. אָבער איך האָב זיך שטענדיק באַמיט זיי אויסצומיידן. איך האָב געדענקט מיין דערפֿאַרונג פֿון הויז פֿאַר פּאָלי־טישע עמיגראַנטן אין מאָסקווע.

אין חודש יוני זענען דערשאָסן געוואָרן די באַוווּסטע מיליטערישע פֿירער: גאַמאַרניק, טוכאַטשעווסקי, יאַקיר א. אַנד. עס איז אַרעסטירט געוואָרן מיין נאָענטער חבר און פֿריינד פּייוול בערלינער (באַטשקין). די פֿאַמיליע איז געווען באַפֿריינדעט מיט מיין פֿרוי נאָך פֿון לאָדזש. ער איז געווען אַן אַרבעטער אין אַ זאָקן־פֿאַבריק. אָנהייב 20קער יאָרן איז ער געווען אַ מיטגליד פֿון יוגנט־בונד „צוקונפֿט". שפּעטער איז ער געוואָרן

אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. אַ פּעיִקער, איבערגעגעבענער מענטש, מיט איינגעבוירענער אינטעליגענץ, האָט ער זיך גאַנץ גיך אַרויסגערוקט אין דער לאָדזשער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אָנגעפירט מיטן יידישן פריידענקער־פאַרבאַנד, געווען רעדאַקציע מיטגליד פון דער צייטונג פון



פּייוול בערלינער
זשורנאַליסט און אַרבעטער־טוער אין לאָדזש
פון 1932 מיטגעאַרבעט אין דער קיעווער יידישער צייטונג
אַרעסטירט, 1937, און אומגעבראַכט געוואָרן

דער אָרגאַניזאַציע, געהאַלטן רעפעראַטן אין שטעט און שטעטלעך אין גאַנץ פּוילן אַמטירט ווי אַ פּאַרטיי־פונקציאָנאַר, געווען, פאַרשטייט זיך, עטלעכע מאָל אַרעסטירט. דערנאָך האָט מען אים אַוועקגעשיקט לערנען קיין ראַטנפאַרבאַנד. נאָכן פאַרענדיקן אַ פּאַרטיי־שולע אין קיעוו, ווי אַ פּעיִקער זשורנאַליסט, געאַרבעט אין דער אָרטיקער יידישער צייטונג.

אין זעלבן אָוונט, ווען זיין פרוי איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל מיטן ניי־געבוירענעם קינד, איז מען געקומען אים אַרעסטירן. אַלע פריינד און

באַקאַנטע האָבן שוין מורא געהאַט קומען צו דער פרוי. אָבער איך און מיין פרוי האָבן ריזיקירט און געגאַנגען זי באַזוכן.

זי, בערלינערס פרוי, פאַרשטייט אין וואָסער סכנה מיר קריכן דאָ אַריין און בעט זיך ביי מיר, כ׳זאָל מער נישט קומען. נאָך דער אַרבעט וואַרט זי מיך אָפּ, זי דאַרף זיך פאַר עמעצן אַראָפּרעדן פון האַרצן. זי דערציילט מיר, אַז זי זיצט גאַנצע נעכט און שרייבט בריוו צו דימיטראָוון, צו סטאַלינען און צו אַנדערע פירער. זי האָט נאָך פון קיינעם קיין ענטפער נישט באַקומען. פון מאַן האָט זי מער גאָרנישט געהערט. ער איז מסתמא דערשאָסן געוואָרן גלייך ביי דער אויספאָרשונג. אויך זי האָט מען געשלעפּט אויף אויספאָרשונגען, צוזאַמען מיט די צוויי קינדער. מ׳האָט זי אָבער נישט אַרעסטירט.

היינט לעבט זי אין וואַרשע, איין טאָכטער אירע — אין ישראל.

אין זעלבן חודש האָט מען אויך אַרעסטירט מיינע צוויי באַקאַנטע חברים, זאָנענבערג אַ זשורנאַליסט אין דער קיעווער יידישער צייטונג, און דעם אַלטן פּרעסמאַן. דער ערשטער איז נאָך אין אָנהייב 20קער יאָרן געקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד, פון אַ שטעטל ביי לאָדזש. פּאָליטיש אויסגעשולט, איז ער געווען קאָרעספּאָנדענט (ראַבקאָר) אין דער פּרעסע און אויסגעוואַקסן אַ פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט. אַ באַשיידענער, ערלעכער מענטש, און זיך באַגנוגנט מיט אַ מינימום. זיין פרוי פלעגט זיך אָפּט באַקלאָגן אויף אים: „וואָס קען זיין גוט, אַז ער איז נאָך אַפילו נישט דערגאַנגען צו די השגות פון באַנטשע שווייג... אַז עס איז דאָ אַ ביסל פּאָווידלע אין שטוב, צו באַשמירן דאָס שוואַרצע ברויט, איז שוין ביי אים אַ יום־טוב״.

פּרעסמאַן איז לאַנגע יאָרן געווען אַ מיטגליד אין אומלעגאַלן „בונד״ אין לאָדזש. בעת דער שפּאַלטונג איז ער אַריבער צום „קאָמבונד״. שפּעטער איז ער מיט דער גאַנצער גרופּע פון אַלעקסאַנדער מינץ אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער איז געווען מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון לאָדזשער טעקסטיל־פאַראיין און פאָרזיצער פון די זאָקן־אַרבעטער. ער איז געקומען אַהער אַלס פּאָליט. עמיגראַנט און מיטגליד פון ק.פּ.ב. ער האָט געאַרבעט אין קיעוו אין אַ טעקסטיל־פאַבריק, געווען אינסטרוקטאָר פון זיין פאַך און געלערנט יוגנטלעכע באַהערשן די מלאכה.

אַ טאָג פאַר זיין אַרעסט איז געקומען צו אים זיין זון אויף אָפּרו. דער זון איז געווען אַ בוי־אַרבעטער און אַ באַרימטער סטאַכאַנאָוויעץ אין זיין פאַך. ביי דער זעלבער געלעגנהייט, איז אויך דער זון אַרעסטירט געוואָרן. ביידע זענען זיי אומגעקומען אין די ווייטע לאַגערן פון קאָלימאַ.

מיין יוגנט חבר אין דער פּאַרטיי אין זאַמאָשטש ישראל גאַרפינקעל (גאַפּמאַן) האָט לויט אַן עצה פון זיינע פריינד, זיך געווענדט, מען זאָל אים באַפרייען פון זיין אָנפירנדיקער אויפגאַבע און שיקן אַרבעטן אין אַ סקלאַד. די ביטע אַראָפּצונעמען אים אַלס אָנפירער איז באַוויליקט געוואָרן, מ׳האָט אים אָבער נישט געשיקט צו פּשוטער אַרבעט. אַנשטאָט דעם, האָט דער ראַיאָן־קאָמיטעט ביי אים אָפּגענומען דעם פּאַרטיי־בילעט. די חברים האָבן אים געטרייסט: „ס׳וועט אַדורך די בהלה, וועט דער צוטרוי צו דיר זיין, ווי פריער״. אָבער ער האָט שוין געוווּסט, אַז ווען מ׳נעמט אָפּ דעם פּאַרטיי־בילעט, איז מען שוין אויף דער ליסטע אַרעסטירט צו ווערן. יעדער שאָרך ביי נאַכט וועקט אים אויף. אָט קומט מען שוין נאָך אים. יעדער, וואָס פילט זיך אומשולדיק, טראַכט, אַז אפשר וועט אים דאָך דאָס אומגליק מיידן. ער קען זיך אָבער אין שטוב קיין אָרט נישט געפינען. מיט זיינע פריערדיקע חברים האָט ער מורא אויסצורעדן אַ וואָרט. ער רעדט נאָר מיט מיר. גאַנצע אָוונטן זיצן מיר און שמועסן: ווו איז דער קאָמאינטערן? ווייסט דען נישט דימיטראָוו וואָס דאָ קומט פאָר? אין דייטשלאַנד האָט ער אַרויסגעוויזן אַזוי פיל מוט און העלדישקייט, פאַר וואָס זשע שווייגט ער דאָ? ער איז מיר מקנא: „ביסט געבליבן אַן אַרבעטער. ביסט געקומען פון אַ לעגאַלער פּאַרטיי. אַנדערש איז מיט די וואָס קומען פון אַן אומלעגאַלער פּאַרטיי. כאָטש מען האָט נישט קיין פאַרבינדונג מיט דער פּאַרטיי אין פּוילן, איז מען דאָך מיט־פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זינד פון די פּאַרטיי־פירער״.

אין יענע טעג, ווען מ׳האָט די אויסלענדישע קאָמוניסטן מאַסנווייז אַרעסטירט, רופט מען מיך אַרויס אין קיעווער שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר פון מיין פאַבריק. דאָס האַרץ האָט ביי מיר אַ ציטער געטאָן, ווען כ׳בין אַריין אין קאַבינעט און געטראָפן דאָרט אַ פאָרשטייער פון ג. פּ. או. מ׳האָט מיך אָבער פריינדלעך אויפגענומען און איבערגעלייענט פאַר מיר אַ בריוו פון דער פראַנצייזישער סעקציע ביים קאָמאינטערן, אַז דער אויפנעם אין דער רוסישער פּאַרטיי האָט זיך אָנגע־הויבן און דער צ. ק. האָט באַשטעטיקט מיין קאַנדידאַטור אַלס מיטגליד פון דער רוסישער קאָמ. פּאַרטיי.

דאָס איז געווען אין יולי 1939.

פאַר מיר איז עס געווען אַ קליינער שטראַל פון האָפענונג. איך נאַר זיך אַליין, אַז מיך וועט דאָס אומגליק אויסמיידן. אָבער די אומאויפהער־לעכע אַרעסטן יעדן טאָג, נאָך די גרויסע פּראָצעסן, דערדריקן דאָס געמיט. אָט האָט מען פאַרמאַכט דעם צענטראַל „געזערד״ אין מאָסקווע

און אַרעסטירט די טוער. אַלע אָנגעשטעלטע פון „געזערד״ איבערן לאַנד זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן. איך בין אין קיעוו געווען אַ מיטגליד אין קרייז־קאָמיטעט פון „געזערד״, אַלס פאָרשטייער פון אונדזער שניידער־פאַבריק. עטלעכע חדשים האָב איך קיין קאָרעספּאָנדענץ נישט געפירט מיט קיינעם פון מיינע חברים און משפחה. פּלוצלונג האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו מיט אַ פרעמדן און אומבאַקאַנטן נאָמען און צוריק־אַדרעס. לייענענדיק דעם בריוו, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז צוליב פאָרזיכטיקייט, איז נישט אָנגעגעבן געוואָרן דער ריכטיקער אַדרעס און נאָמען. דאָס איז געווען אַ בריוו פון מיין חבר פון דער וואַרשעווער יוגנט, משה גוטערמאַן. ער איז געווען מיט מיר אין איין קעמערל אין פּאַריז, אין 20סטן אַראָנדיסמאַן. ער שרייבט מיר, אַז ליאָווּאַ, (דאָס איז לייזער יוניסגאַרטן, אַ יוגנטלעכער פון זאַמאָשטש, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט מיין שוועסטער אין איין זאַוואָד,) האָט אים איבערגעגעבן, אַז מ'האָט אַרעסטירט מיין שוועסטער. אויפן מיטינג פון דער יוגנט פון צעך, ווו זי האָט געאַרבעט, האָט מען דערקלערט: „זעט ווי די פּוילישע שפּיאָנען זענען פאַלש און כיטרע. זיי אַרבעטן כלומרשט פּראָדוקטיוו און איבערגעגעבן. זיי זענען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו. (זי איז געווען אַ מיטגליד פון קאָמיוגישן קאָמיטעט). דאָס אַלץ טוען זיי, כדי צו פאַרדעקן זייערע פאַרברעכנס״... דאָס האַרץ האָט געבלוטיקט און געווייטיקט. מיין שוועסטער איז דאָך מיט לייב־און־לעבן געווען איבערגעגעבן דער באַוועגונג; יאָרן זיך אָפּגעוואַלגערט אין די פּוילישע תפיסות פון זאַמאָשטש, לובלין, לענטשיץ און דורכגעמאַכט אַ 6 טאָגיקן בלוטיקן הונגער־שטרייק אין לובלין. אַ פּיזיש צעבראָכענע, האָט מען זי, נאָכן אָפּזיצן דעם אורטייל, געשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד. אויסטראַכטן אויף איר אַזאַ פאַרברעכערישן בלבול?!

אויך לייזער יוניסגאַרטן, אַ זון פון גדליה בעקער, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער „ציש״אָ״ (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע) אין זאַמאָשטש. אַלס גימנאַזיע־שילער האָט ער שוין געפירט אַ קאָמוניסטישע טעטיקייט. אויך ער איז אַרעסטירט געוואָרן און איז דער־נאָך אומגעקומען אין אַ שקלאַפן־לאַגער.

אין דעם בריוו האָט מיר מיין חבר אויך דערציילט וועגן זיך. ער האָט געאַרבעט אין אַ פאַראַשוטן־זאַוואָד, דערגרייכט דעם טיטל מייסטער, אָנגעפירט מיט אַ גרופּע פון 50 אַרבעטערינס, געגאַסן פון פולער אָנערקע־נונג; אַריינגעלייגט זיין גאַנצע נשמה אין דער אַרבעט, שטאַלץ געווען וואָס

ער העלפט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד פון אַלע פעלקער, און אונדז, יידן בתוכם. רופט אים אַרויס דער דירעקטאָר, אַ גענעראַל פון פינלענדישער אָפשטאַמונג, און הייסט אים גאַר אָנשרייבן




לייזער יוניסגאַרטן (רעכטס)
פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער צענטראַלער יידישער שול־אָרג. אין זאַמאָשטש,
טוער ביי דער שול־יוגנט
אַרעסטירט, 1937, אין מאָסקווע און אומגעקומען

חיימעק הערצבערג (לינקס)
טוער ביי דער שול־יוגנט אין זאַמאָשטש
אַרעסטירט, 1937, אין גאָרקי און אומגעקומען

אַ ביטע, אַז ער בעט מ׳זאָל אים באַפרייען פון דער אַרבעט. פאַר וואָס? פאַר ווען? „ס׳איז אַזאַ אינסטרוקציע פון מיניסטער, אַז די אַלע, וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אין אויסלאַנד, זאָלן מער נישט אַרבעטן אין דער קריגס־אינדוסטריע". מען טוט אים נאָך דערמיט אַ טובה, ווייל מען אָנערקענט, אַז ער איז אַן ערלעכער אַרבעטער און מען עצהט אים אָנצושרייבן די

ביטע. ווייל אַז ער גייט אַליין אַוועק פרייוויליק פון דער אַרבעט, איז אים גרינגער אָנצוקומען אויף אַן אַנדערער אַרבעט. ער בעט אָבער מען זאָל אים לאָזן, ווייל ווען ער גייט אַוועק פרייוויליק פון דער אַרבעט מוז ער באַפרייען דאָס צימער, ווו ער וווינט, און ער האָט דאָך אַ קינד פון אַ חודש. וווהין זשע זאָל ער גיין?

אויפן אַנדערן טאָג איז שוין געהאַנגען אַ באַפעל, אַז ער ווערט באַפרייט פון דער אַרבעט. דערנעבן — אַ באַפעל, אַז אַ צווייטער ווערט צוגענומען אויף זיין אָרט. די 50 מיידלעך, וועלכע זענען געווען אונטער זיין אָנפירונג, האָבן אָנגעשריבן אַ קאָלעקטיווע ווענדונג, אַז איין באַפעל איז סותר דעם צווייטן, און זיי בעטן, אַז מען זאָל לאָזן ביי דער אַרבעט גוטערמאַנען. דאָס האָט אַרויסגערופן אַזאַ ווילדן צאָרן ביי דער דירעקציע, אַז מאָמענטאַל האָט דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר געשיקט צוויי באַוואָפנטע היטער פון זאַוואָד, כדי צו נעמען גוטערמאַנען אין פּאַרטיי־קאַבינעט. און דאָ איז ער אַרויס מיט אַ ווילדן אָנפאַל: דו ווייסט וואָס עס הייסט אַזוינס אַ קאָלעקטיווע ווענדונג? דאָס איז אַן אָרגאַניזירטע זאַך! זיי זענען דאָרפס־מיידלעך, זיי ווייסן דאָס נישט, אָבער דו ווייסט יאָ וואָס דאָס איז! דאָס איז פונקט ווי אָרגאַניזירן אַ שטרייק. אין אַ מיליטערישן זאַוואָד באַקומט מען דערפאַר טויט־שטראָף. מ׳האָט אַלע מיידלעך אַרויסגערופן און געפאָרשט ביי זיי, צי ער האָט נישט קיין שייכות מיט דער ווענדונג. גאַנצע דריי חדשים האָט ער נישט געאַרבעט, געהאַלטן גרייט אַ זעקל מיט געטריקנטע סוכאַרעס, און זיך צוגעהערט יעדע נאַכט צום מינדסטן שאָרך. דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, אַז אָט קומט מען אים שוין נעמען.

מיטן ברייט־באַרימטן לייבאַ דאָמב, שפּעטערדיקער העלד פון אַנטי־נאַצי־קאַמף אין פראַנקרייך, פלעגט ער זיך טרעפן יעדע וואָך, כדי צו וויסן איינער וועגן צווייטן, צי מען איז נאָך אויף דער פריי. דאָמב האָט פאַרענדיקט אין מאָסקווע דעם מערב־אינסטיטוט און געאַרבעט אין „עמעס". דעם לערן־אַנשטאַלט האָט מען פאַרמאַכט און אַלע שילער, צוזאַמען מיטן דירעקטאָר, אסתר פרומקינא, אַרעסטירט. ער האָט מיר דערציילט וועגן שרעקלעכן איינדרוק, וואָס עס האָט אויף אים געמאַכט אַ קורצע מיט־טיילונג, אין דער ראַיאָן־צייטונג פון טושינאַ (אַ פאָרשטאָט פון מאָסקווע), אַז אַ רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל האָט געמשפּט דעם דירעקטאָר פון פאַראַשוטן־זאַוואָד, דעם דירעקטאָר פון די קאַדרן און דעם ערשטן פּאַרטיי־סעקרעטאַר, דער זעלבער, וואָס האָט מיט 3 חדשים צוריק געדראָט גוטערמאַנען מיט טויט־שטראָף. זיי אַלע האָבן זיך „מודה געווען" אין

קאָנטר־רעוואָלוציע און זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. ס׳איז געשען אַ נס, וואָס ער האָט שוין דאָרט נישט געאַרבעט. גוטערמאַן האָט שוין באַלד אָנגעהויבן גלייבן אין ניסים.

אין יענער צייט זענען אויך פאַרגעקומען אַרעסטן צווישן די קורסאַנטן פון דער מאָסקווער יידישער טעאַטער־שולע, אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פון מיכאָעלס. איינער פון די אַרעסטירטע — דער טאַלאַנטפולער אַרטיסט פון דער דראַמאַטישער סטודיע ביים ספּאָרט־קלוב „פּראָמיען״ אין וואַרשע, מאירקע שוכמאַכער.

אין אויגוסט 1937 האָט מען מיך אַרויסגערופן צו מיליטערישע איבונגען. איך בין געווען צופרידן פטור צו ווערן, כאָטש אויף אַ חודש, פון דער שרעקלעכער אַטמאָספער. לויטן מאָביליזאַציע־צעטל פון מיין ביכל, האָב איך זיך צוגעשטעלט צום פּאָליטישן־קאָמיסאַר פון פראָזשעקטאָרן־פּולק פון



דראַמאַטישער קרייז ביים ספּאָרט־קלוב „פּראָמיען״ אין וואַרשע

דער ערשטער פון לינקס — מאירקע שוכמאַכער
פאָרזיצער פון פּראָפ. קאָמיטעט אין דער יידישער טעאַטער־שולע אין מאָסקווע, אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פון מיכאָעלס.
אַרעסטירט, 1937, און אומגעקומען.

קיעווער ראַיאָן. אָבער מען האָט מיך דאָרט נישט אָנגענומען און צוריק־געשיקט אין מאָביליזאַציע־פּונקט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הונדערטער האָט מען אין די פּולקן נישט אויפגענומען. אַנשטאָט מיליטערישע איבונגען, האָט מען אונדז אויסגענוצט צו פאַרשיידענע שוואַרצע אַרבעטן. מיך האָט מען געשיקט פונאַנדערטראָגן מאָביליזיר־קאַרטן. אַנדערע האָבן געהאַקט האָלץ ביי אָפיצירן אין זייערע פּריוואַטע וווינונגען, אָדער אין מיליטערישע אינסטיטוציעס. איך האָב געטראַכט: וויפל געלט און נוצלעכע פּראָדוקטיווע אַרבעטסצייט גייט דאָ פאַרלוירן. ווייל פאַר דער צייט פון די כלומרשטע איבונגען באַקומט מען דעם לוין אין די אונטערנעמונגען, ווו מען אַרבעט.

שפּעטער שוין אין טורמע, האָב איך ערשט געקענט זען וואָסער פּאָגראָם מען האָט געמאַכט אויף די מיליטער־קאַדרן; די פּולקן זענען אין יענעם פּעריאָד פּשוט געווען דעזאָרגאַניזירט, און אומפעיִק אויפצונעמען נייע מענטשן. איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, קען איך ערשט אָפּשאַצן דעם מוראדיקן פאַרברעכן, וואָס מ׳איז באַגאַנגען, נישט נאָר קעגן די סאָוויעטישע פעלקער, נאָר קעגן אַ האַלבער וועלט. דאָס האָט זיך אויך באַשטעטיקט אין די ערשטע יאָרן פון דער מלחמה קעגן נאַציזם. אוקראַינע, אויף דער דירעקטער גרענעץ פון וואָקסנדיקן פאַשיזם, איז מען פּאַקטיש געווען אָנט־וואָפנט. געגנוג צו דערמאָנען דעם סטראַטעג און איבערגעגעבענעם מענטש, יונה יאַקיר, וועלכן זיי האָבן אין 1937 ליקווידירט. ער איז פאַרביטן גע־וואָרן דורכן אַנטיסעמיט און פאַררעטער וולאַסאָוו, וועלכער האָט ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיך געשטעלט צום דינסט פון היטלערן. אָבער אין 1937 איז אָט דער פאַררעטער געווען דער וואָרטזאָגער אין דער אַרמיי, דער פריידיקער פאַר מאַרקסיזם, לעניניזם... סטאַליניזם, קעגן די גאַמאַר־ניקס, סאַפּאָזשניקאָווס און יאַקירס.

קאַפּיטל דרייצן

# מיין צווייטער אַרעסט

דעם 25סטן אויגוסט ביי נאַכט האָב איך דערהערט שווערע, באַטשוועטקעטע שטיוול גייען אויף די שטיגן. דער געדאַנק און די אויערן זענען אָנגעשטרענגט. איך האָב געהערט, ווי זיי גייען צום פערטן שטאָק. אַ האַסטיקער קלונג אין מיין טיר. איך וועק אויף מיין פרוי: „לאָמיר זיך געזעגענען, מען איז, דאַכט זיך, געקומען נאָך מיר". איך אייל זיך אָבער נישט צו עפענען. איך הער די שטימע פון הויז־וועכטער און נאָך אַנדערע שטימען. מען רעדט הויך, מען פאָרעט זיך אין פאָרצימער, אָבער צו מיר קלאַפּט מען נישט אָן. זיי גייען אַוועק. ס'ווערט שטיל. איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט. אין די אויערן האָט געקלונגען אַ פערז פון יידיש־סאָוויעטישן פּאָעט איזי כאַריק, פון זיין בוך „קיילעכדיקע וואָכן". איך האָב עס מיט 2 חדשים צוריק פאַרניכטעט, באַלד נאָך זיין אַרעסט:

„ווער גייט, ווער קומט אין מיטן דער נאַכט?
ווער האָט די טירן און פענצטער באַוואַכט?
ווער האָט צעטרייסלט די נעכטיקע רו?
ג. פּ. או! ג. פּ. או! ג. פּ. או!

אָבער אין דער צווייטער נאַכט האָט מען שוין מיין צימער נישט אויסגעמיטן. 4 באַוואָפנטע, צוויי מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן אין די הענט, האָבן אַכטונג געגעבן אויף מיין יעדער באַוועגונג. 2 אַנדערע האָבן געזוכט. יעדעס בוך האָבן זיי דורכגעבלעטערט. 2 זעק מיט יידישע ביכער, האָבן זיי צוגענומען, אין דעם די ווערק פון לעניגען און סטאַלינען, איבערזעצט אַלע אויף יידיש פון אסתר פרומקין. דער אייבציקער, וואָס האָט פּראָטעסטירט מיט וויינען, בעתן אַוועקנעמען מיך פון דער היים, איז געוועזן מיין 8־חדשימדיקער זון. דאָס קינד האָט זיך דערשראָקן פאַר די פרעמדע, נישט געבעטענע געסט. מיין פרוי האָט פון דער איבערלעבונג באַקומען אַ נערוון־אַטאַק.

אין גרויסן זאַל פון דער נ. ק. וו. ד. זענען שוין געשטאַנען אַרום 40 מענטשן מיט די פּנימער צו דער וואַנט. דאָס איז מסתמא געווען די „גערעטעניש" פון דער היינטיקער נאַכט. אין די עטלעכע מינוטן, ביז מ'האָט מיך נאָך אַ מאָל באַזוכט, צוגענומען דעם פּאַסיק פון די הויזן, און די בענדלעך פון די שיך (כ'זאָל זיך, חלילה, נישט אויפהענגען), האָב איך נאָך באַוויזן צו זען אַ שרעקלעכע סצענע, ווי מען האָט מיט גרויזאַמער ברוטאַליטעט אַרויסגעריסן ביי אַ יונגער פרוי אַ קינד פון די הענט. זי האָט געשריגן, געוויינט — „ס'איז אַ קינד, וואָס זויגט נאָך די ברוסט... דאָס קינד מוז זיין מיט מיר"... זיי האָבן געשריגן צו איר: „דו בליאַד" (הור) דיין מאַן האָט מען דערשאָסן און דו וועסט פאָרן צו די ווייסע בערן"! (סיביר)...

אין פאַרמאַכטע, שוואַרצע מאַשינען, וואָס דאָס פאָלק האָט גערופן „די שוואַרצע וואָראָנעס" — האָט מען פונאַנדערגעפירט אַלע פאַרהאַלטענע אין די טורמעס. מיך האָט מען געפירט אין דער אַלטער צאַרישער טורמע, לוקיאַנאָווקאַ. אין לאַנגן, פינצטערן טורמע־קאָרידאָר חזרט זיך איבער די זעלבע פּראָצעדור: אין ביידע זייטן פון קאָרידאָר שטייען אַרעסטירטע, מיט די פּנימער צו דער וואַנט, אַלע האַלטן די הענט אויף די הויזן, זיי זאָלן נישט אַראָפּפאַלן. פאַר עובר זיין עפּעס, האָט געדראָט קאַרצער. די טעמפּע, פאַרביסענע פּנימער פון די וועכטער אין שוואַרצע מונדירן, קוקן אויף יעדער מינדעסטער באַוועגונג. מען היט זיך די וועכטער זאָלן נישט דערזען אַ באַוועגונג, ווען מ'כאַפּט אונטער די הויזן, זיי זאָלן זיך נישט אַראָפּגליטשן. אַ טויטע שטילקייט. אַ טרויעריקער אָפּקלאַנג, הערט זיך נאָר ביים אויפשליסן די טירן פון די קאַמערן, און פון די באַטשוועקעטע שטיוול פון די וועכטער. פון צייט צו צייט — אַ גראָבע זידלעריי.

וויפל שעה בין איך אַזוי אָפּגעשטאַנען? אַן אייביקייט מסתמא! אין די אויערן האָט מיר געקלונגען דאָס געוויין פון מיין ליב קינד, און איך האָב אין זיך געבעטן אַז דאָס זאָל מיך כסדר באַגלייטן. אפשר וועט דאָס מיר געבן מוט צו קעמפן פאַרן ביסל לעבן. אָבער וואָס וועט זיין מיט זיי, מיט מיין פרוי און קינד? אין שטוב איז נאָר געבליבן 14 רובל, אַפילו אָפּשניידן אַ שטיקל ברויט מיטצונעמען מיט זיך, איז מיר אַ שאָד געווען. ווי אַ מענטש, וואָס איז שוין געזעסן אין טורמעס, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז כ'מוז מיטנעמען מיט זיך מיינע שניידערישע אַרבעטס־געצייג, אַ נאָדל מיט אַ פינגערהוט פאַרשטעקט אין אַ שטיקל ברויט. דאָס שטיקל ברויט

האָבן זיי צעשניטן אויף דריי שטיקלעך. די געצייג האָבן זיי דערווייל אין ברויט נישט געפונען.

פון די לעצטע חדשים, ווייס איך, אַז פרויען, וואָס זייערע מענער זענען אַרעסטירט, לאָזט מען דערווייל נישט צו צו קיין שום אַרבעט. זאָל מען זי כאָטש נישט אַרעסטירן, זאָל כאָטש בלייבן די האָפענונג, אַז דאָס קינד וועט עמעצן פון אונדז איבערלעבן, און ס׳וועט בלייבן אַ זכר פון עטלעכע גליקלעכע יאָרן פון אונדזער צוזאַמענלעבן.

שטייענדיק אַזוי מיטן פנים צו דער וואַנט און טראַכטנדיק מיינע טרויעריקע מחשבות, דערהער איך, אַז אין קאָרידאָר קומט עפעס פאָר. דאָס האָט איינער פון די אַרעסטירטע געפרווט פּראָטעסטירן קעגן אָפּגאָלן אים דעם קאָפּ. „דוראַק״ — האָט מען צו אים געשריגן „סלעדסוועניקי״ די געפאָרשטע זענען אויף דער פריי, דאָ זענען אַלע שוין פאַרמשפּטע״. איך האָב געטראַכט: זאָלן זיי מיר שוין אַפילו דעם קאָפּ אַראָפּנעמען, אַבי איך זאָל זיך שוין קענען אָוועקזעצן אויף אַ 5 מינוט. ענדלעך האָב איך זיך דערוואַרט. צוויי פּאָר געזונטע הענט האָבן מיך ווי מיט צוואַנגען, איבערגעדרייט און אַוועקגעזעצט. דער דריטער האָט מיט אַ מאַשינקע אָפּגעשוירן מיינע האָר פון קאָפּ. די אַרבעט האָבן אויסגעפירט אַרעסטירטע, די אַזוי גערופענע „ביטאָוויקי״, ד. ה. גנבים, באַנדיטן און אַנדערע אונטער־וועלט־פאַרשוינען. זיי בילדן אין די טורמעס און אין די לאַגערן די „אַריסטאָקראַטיע״. זיי אַרבעטן און טוען עס ברוטאַל מיט צופרידנקייט. מען פילט אַז זיי האָבן פאַרגעניגן, וואָס זיי קענען זיך אין אונדז נוקם זיין. כ׳האָב אויסגענוצט אַ מאָמענט, צו כאַפּן אַ בליק אויפן לאַנגן טורמע־קאָרידאָר. ס׳שטייען נאָך מענטשן ביי די ווענט. לויט דער קליידונג — אַ סך מיליטערלייט. נאָך דער „עקזעקוציע״ פון אָפּשערן, וואָס אַנטשפּרעכט כלומרשט די היגיענע און דערנידעריקט, אָבער, צעברעכט מאָראַליש, שטופּט מען אונדז אַריין אין אַ קאַמער.

אין קאַמער איז געווען אַזוי פינצטער, אַז די ערשטע פּאָר מינוט האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז כ׳בין דאָ איינער אַליין. ווען מיינע אויגן האָבן זיך צוגעוווינט צו דער פינצטערניש, האָב איך דערזען, אַז דאָס איז אַ ריזיק גרויסע קאַמער, אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן וועלכע זיצן אויף דער צעמענטענער פּאָדלאָגע. די, וואָס זענען אַריין די ערשטע, זיצן ביי די ווענט. זיי האָבן די פּריווילעגיע אָנצושפּאַרן די פּלייצע אָן דער וואַנט. מיט עטלעכע שעה צוריק האָט מען זיי אַלע אַרויסגענומען פון זייערע וואַרעמע בעטן. איצט זענען אַלע ווי שטומע. קיינער פּרווט אַפילו נישט

אַ שעפּטשע טאָן מיטן שכן. נאָר פון צייט צו צייט הערט זיך אַן אַרויסגע־ריסענער קרעכץ. יעדער איינער מיינט, אַז ער געפינט זיך דאָ על פּי טעות. אָט־אָט וועט זיך עפענען די טיר און מען וועט אים אַרויסרופן און הייסן גיין אַהיים...

די שווערע טיר שליסט זיך אויף און מ׳הערט אַ קאָמאַנדע: „אַכטונג, אויפשטיין"! דאָס זענען אַריינגעקומען 2 וועכטער מיט אַן עלטסטן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָצעדור פון ציילן. צוליב דער גרויסער צאָל מענטשן און צוליב דער ענגשאַפט — אויך צוליבן גרויסן „רעכנמייסטער־שאַפט" שטימט עפּעס נישט דאָס ציילן. וויפל ער האָט נישט געציילט, האָט עס אַלץ נישט געשטימט. דערנאָך האָט ער געגעבן אַ לעקציע וועגן דער טורמע־דיסציפּלין און געזאָגט, אַז דאָס איז אַ צייטווייליקע קאַמער, ביי דער נ. ק. וו. ד. דערנאָך וועט מען אונדז צעשיקן אין קאַמערן. לויט אונ־דזערע „דיעלעס" (באַשולדיקונג), און דערפאַר קומט אונדז נישט פאַר דעם מעת־לעת קיין טורמע־פּאַיאָק.

דאָ איז פאַרשוווּנדן די מחיצה צווישן טאָג און נאַכט. עס קלינגען נאָר אָן אויפהער די שליסלען ביים „קלוטשניק", עפענענדיק און שליסנדיק די שווערע טירן, ביים אַרויסרופן אויף נאַכט־אויספאָרשונגען און ביים צוריק אַריינשטופּן די דערשראָקענע, צעטומלטע מענטשן.

יעדער אַרויסגערופענער ווערט באַגלייט מיט אַן עלטסטן און מיט: „אַכטונג, אויפמערקזאַם"! וווּהין רופט מען אַרויס די מענטשן? אפשר אויף דער פריי, אפשר איבערצופירן אין אַן אַנדער קאַמער? צי אויף אַן אויספאָרשונג? מיר אַלע שטרענגען אָן די אויערן, נישט דורכצולאָזן דעם אויסגערופענעם נאָמען. וווּהין מען זאָל נישט רופן, איז יעדער גרייט אַרויס־צוגיין פון דעם פינצטערן קבר. און אַז דער אַרויסגערופענער גייט אַוועק, ווערט גערוימער אויסצוגלייכן די גלידער. מען טרעט אין דער פינצטער איינער דעם אַנדערן אויף די פיס. די נערוון זענען אָנגעצויגן, צערייצט. מען לאָזט אויס דעם צאָרן אויפן שכן. קיין שום מיטגעפיל. מען שטויסט זיך, מען זידלט זיך גראָב, מיט די ערגסטע זידל־ווערטער און מ׳פּאַטשט זיך אַפילו.

נאָר מיט צוויי־דריי טעג צוריק האָבן נאָך די אַלע געהערט צו דער עליטע פון דער נייער סאָוויעטישער געזעלשאַפט, פּאַרטיי־טוער, דירעקטאָרן, קאָמאַנדירן פון דער אינדוסטריע און האַנדל, הויכע מיליטער־לייט. אַ טייל מיט העכערער בילדונג. אָבער דאָ ווערט דאָס מענטשלעכע שנעל פאַר־שוווּנדן. דער פיזיש שוואַכערער איז דאָ דער ערשטער קרבן. אויך איך

בין געווען אַזאַ קרבן און אָפּט געהערט ווי מען טיטולירט מיר „לויז, וואַנץ“, ביסט נישט ביי דיין מאַמען אין ווייגאַרטן... נישט ביי דיין ווייב אין בעט“...

איין מאָל איז איינער אויף מיר אַרויפגעפאַלן, אַ שלאָפנדיקער. ער האָט געוויגן אפשר צוויי מאָל אַזוי פיל ווי איך. כ׳האָב געפילט, אַז איך ווער דערשטיקט אונטער זיין משא, האָב איך אים אויפגעוועקט אָן זידלערייען (איך האָב זיך נאָך דאַן נישט באַנוצט מיט די רוסישע זידל־ווערטער). כאַפּט ער זיך אויף און פרעגט מיך: „דו ביסט נישט קיין רוסישער?“ „ניין“ — ענטפער איך — איך בין אַ ייד“... „וואָס, יידן אַרעסטירט מען אויך?“... — פרעגט ער כלומרשט פאַרחידושט.

האָב איך דאָך שוין געזען, וואָס פאַר אַ שכן איך האָב. קיין חזקה אויף קיין אָרט האָט קיינער נישט. מען מוז זיך דאָך אויפשטעלן, בייטן די פּאָזיציע, צוגיין צו די „פּאַראַשע“ — און צוריק צום אָרט קען מען שוין נישט צוריק קומען. נישטאָ קיין ביסל לופט צו אָטעמען. מען קען דערשטיקט ווערן נאָר פון מענטשלעכן שווייס און פון די שלעכטע ריחות. אויך קיין פּיצל פּאַפּיר איז אין קאַמער נישט צוגעלאָזט געוואָרן. האָט מען צעריסן די קליידער און די אונטערוועש. גאָר ביטער איז געווען פאַר די, וואָס האָבן געליטן פון מאָגן. זיי זענען געזעסן באַגנט ביי די „פּאַראַשעס“, כדי נישט דאַרפן שטופן זיך.

ענדלעך האָב איך שוין דערלעבט מ׳זאָל אויסרופן מיין נאָמען. אין קאָרידאָר זענען מיר געווען אַ 40 מענטשן, צעבראָכענע, צעקוועטשטע שמוציקע און באַוואַקסענע, קוים געהאַלטן זיך אויף די פיס. די וועכטער האָבן אונדז אַרומגערינגלט און אַרויסגעפירט אויפן טורמע־הויף. די זון האָט פּלוצים פאַרבלענדט די אויגן. אָפּגעוווינט פון טאָג־ליכט, האָבן די מענטשן אינסטינקטיוו זיך פאַרשטעלט די אויגן. דאָס איז שוין אָבער געווען אַ פאַרלעצונג — דאָ דאַרף מען האַלטן די הענט פון הינטן. מיט אַ ווילדן כעס האָבן זיך די וועכטער געוואָרפן אויף אונדז, און מערדערלעך געשלאָגן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געפונען אונטער דער האַנט, מיט די אייזערנע שליסלען, מיט די פּריקלאַדן פון די ביקסן, מיט די רעוואָלווערן. איינער אין מיין ריי איז אַוועקגעפאַלן פון די קלעפּ. האָט אים אַ וועכטער צוריק אויפגעשטעלט ווי אַ בינטל שטרוי, מיט אַ צינישער באַמערקונג: „פּאַדלאַ פּרידורייאַוועטסיאַ“.

די קאָמאַנדירן, וואָס זענען זיך אין דער בהלה צונויפגעלאָפן, האָבן אָנשטאָט באַרויקן די ווילד־געוואָרענע טורמע־וועכטער, געשריגן: קאָנטר־

רעוואָלוציאָנערן! שפּיאָנען! דאָס איז אייך נישט פּוילן, נישט דייטשלאַנד, דאָ איז אַ סאָוויעטישע טורמע!"... דאָס האָרץ האָט געבלוטיקט און געוויינט, נישט אַזוי פון די קלעפּ, נאָר פון די סאָוויעטישע אָפּצייכע־נונגען, וואָס די שלעגער האָבן געטראָגן אויף די לאַצן. ווי לאַנג איז עס ווי איך האָב געזען אָט די דאָזיקע ווי דעם אַוואַנגאַרד און בין גרייט געווען זיי האַלדזן און קושן ווי וועלט־באַפרייער?

ענדלעך האָט מען אונדז געפירט אין באָד אַריין. דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע אינקוויזיציע, וואָס הייסט „סאַניטאַרנאַיאַ אָבראַבאָטקאַ". מיט אַ מאַשינקע, וואָס מען נעמט אַראָפּ די האָר פון קאָפּ, ראַזירט מען אונדז אָן זייף. זיי זענען אונדז געטריי, זיי באַנוצן נישט קיין ראַזיר־מעסער, מ'זאָל פון פאַרצווייפלונג נישט אַרויסרייסן דאָס מעסער און זיך אַליין איבערשניידן דעם האַלדז. די אַרבעט פירן אויס די קרימינעלע פאַרברעכער. זיי האָבן פון דעם אַ סאַדיסטיש פאַרגעניגן. זיי רייסן שטיקער הויט פון פּנים, פון אונטערן אָרעם, אָדער ביים געשלעכט־אָרגאַן. מענטשן שרייען פון ווייטיק, אָבער ווער הערט זיי? די אַרבעט ווערט אַדורכגעפירט דורך 3 געזונטע ספּעציעל צוגעקליבענע סאַדיסטן. צוויי האַלטן דעם מענטש און דער דריטער פירט אויס די אַרבעט. איך האָב געקריצט מיט די ציין פון ווייטיק, יעדעס מאָל, ווען מ'האָט מיר אָפּגעשונדן אַ שטיק הויט. און ווען כ'האָב נישט געשריגן, האָב איך זוכה געווען צו הערן „ליבלעכע" ווערטער — „ער איז נאָך יונג, ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו „באַפרייען דאָס פאָלק"... איך האָב אויך געהערט אויף מיין אַדרעס די באַליבטסטע און פּאָפּולערסטע פראַזע פון אַלע עלטערע אַרעסטאַנטן — „וועסט לעבן, נאָר צו קיין באַציונגען מיט פרויען וועסטו קיין חשק נישט האָבן"...

אין צווישן צייט, ביז מען האָט געבראַכט אונדזערע זאַכן, וואָס זענען שוין אין די עטלעכע טעג גוט פאַרלייזיקט געוואָרן, האָבן מיר באַוויזן צו כאַפּן אַ שמועס צווישן זיך. די גרעסטע טייל פון דער גרופּע זענען געווען פּאָליטישע עמיגראַנטן. די הי־געבוירענע, האָבן געהאַט צו טאָן, דירעקט, אָדער אומדירעקט, מיט אויסלאַנד. עטלעכע האָבן געאַרבעט אין „אינטוריסט", אין האַנדלס־פּלאַט, געווען אַפילו קאָמאַנדירן פון דער גרענעץ־נ. ק. וו. ד. און מיליטערלייט. איינער אַ קענער פון נ. ק. וו. ד. האָט אָפּגעשאַצט, אַז מיר אַלע וועלן וואַרשיינלעך באַשולדיקט ווערן לויט דער „סטאַטיאַ" שפּיאָנאַזש; און דערפאַר איז די באַציונג צו אונדז, דער רעזשים און דאָס אָפּהיטן אונדז — אַ ספּעציעלע. ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז עס געווען אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג. מ'האָט אונדז טאַקע

אַוועקגעפּירט אין ספּעץ־קאָרידאָר און פונאַנדערגעטיילט אין די קאַמערן.

די קאַמער, אין וועלכער איך בין אַריינגעפאַלן, איז געווען אַ גרויסע. פון ביידע זייטן צו 6 שמאָלע בעטן און צוויי פענצטער פאַרהאַמערטע מיט אייזערנע קאַלפּאַקן. בלויז פון דער הייך איז אַריינגעדרונגען אַ ביסל ליכט. כאָטש ס'איז געווען דער 3טער שטאָק, האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַז מיר זענען אין אַ קעלער. נאָרמאַל האָבן דאָ געדאַרפט זיין 12 מענטשן, אָבער איך בין שוין דאָ געווען דער 24סטער. איך האָב דעריבער געהאַט דאָס גליק צו באַקומען אַ האַלב בעט. די שפּעטערדיקע, וואָס מען האָט אַריינגעשטופּט, האָבן דאָס „גליק" שוין נישט געהאַט. אָבער אין פאַרגלייך מיט דער צייטווייליקער קאַמער פון פריער, איז דאָ באמת געווען אַ גן־עדן. איך בין געווען צופרידן מיטן צופאַל וואָס איך האָב דאָ געפונען אַ באַקאַנטן, וועמענס פרוי האָט געאַרבעט אין פּאַרטיי־קאָמיטעט פון מיין שניידער־פאַבריק. איך האָב אים איבערגעגעבן אַ דערמוטיקנדיקן גרוס פון איר.

אויך מיין חבר שולץ, וועלכן איך האָב דאָ געטראָפן, אַ פּאָליטישער עמיגראַנט פון הרוביעשאָוו, האָב איך אַ לענגערע צייט נישט געהאַט געזען. נאָך זיין פאַרענדיקן די קיעווער פּאַרטיי־שולע פאַר קאַדרן אויף אַרבעט אין דאָרף, האָט מען אים געשיקט אין קיעווער ראַיאָן. איך דערוויס זיך, אַז שוין העכער צוויי חדשים, ווי ער איז אַרעסטירט. ער איז שוין אַ סך שעהן געווען אויף אויספאַרשונג. זיין דערפאַרונג האָט מיר טאַקע זייער פיל געלערנט ווי אַזוי זיך צו האַלטן. אַלע פּאָליט.־עמיגראַנטן ווערן באַשולדיקט, לויטן שטראָף־קאָדעקס 58, פונקט 6, אין שפּיאָנאַזש. קיין וועזנטלעכן מאַטעריאַל, אָדער כאָטש מסירות, האָבן זיי נישט. זיי נייטיקן זיך אַפילו נישט אין דעם, ווייל מיר זענען אַלע אַרעסטירט לויט אַן אָנווייזונג פון מאָסקווע. בעת דער אויספאַרשונג, הערט מען דעם זעלבן פזמון ביי אַלעמען: „ווער האָט דיך ווערבירט? וועמען האָסטו ווערבירט און ביי וועלכע אומשטענדן"?

ביטער איז דעם, וועמען מען נעמט גלייך פון שטוב אויף אַן אויס־פאָרשונג. פון אַזאַ איינעם מאַכן זיי, וואָס זיי ווילן. זיי נוצן אויס די נאַיוויטעט און דעם גלויבן, וואָס יענער האָט צו דער נ. ק. וו. ד.־אינסטיטוציע, וועלכע סטאַלין האָט גערופן: „דער בעסטער באַוואָפנטער אָטריאַד פון דער פּאַרטיי". זיי פאַרפּלאָנטערן אים מיט אַזעלכע נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע זאַכן, וואָס מ'קען זיך גאָרנישט פאָר־שטעלן. דער סוף איז, אַז פּאָליטיש באַוווסט:יניקע און פעיִקע מענטשן,

שיקט מען גלייך אַוועק אויף יענער וועלט און פּשוטערע שיקט מען אין די לאַגערן.

וואָס מער עס געלינגט דער נ. ק. וו. ד. אויסצוזוכן נישט־עקזיסטירנדיקע קאָנטר־רעוואָלוציע, אַלץ מער וואַקסט איר אָנזען. זיי „ראַטעווען" די ראַטנ־מאַכט. יעדער נ.ק.וו.ד.יסט באַמיט זיך וואָס מער פאַרפּלאָנטערן די אומגליקלעכע אַרעסטירטע. ער טוט עס צוליב זיינע עגאָיסטישע אינטערעסן. ער איז דאָן אַ גוטער „אַרבעטער", באַקומט אַ העכערן לוין, אַ העכערן טשין, אויסצייכענונגען, אַ בעסערע דירה און פאַרשיידענע פּרעמיעס. ווען זיי וואָלטן געקענט יעדן פון אונדז נעמען גלייך פון שטוב, וואָלטן זיי עס געטאָן, אָבער די אַרעסטן זענען אַזעלכע מאַסנווייזע, אַז עס איז אוממעגלעך צו איזאָלירן די מאַסע פאַר דער אויספאָרשונג. אויף יעדן פון אונדז ווערן אויסגעטיילט פּלאַנירטע שעהן, וויפל ס׳דאַרף דויערן די אויספאָרשונג. וואָס מער די פריערדיקע באַשעפטיקונג איז געווען פאַראַנטוואָרטלעכער, אַלץ מער שעהן באַקומט דער אויספאָרשער צו זיין דיספּאָזיציע. ער האָט אַזוי אַרום גענוג צייט צו מוטשען די אַרעסטאַנטן.

אַלע מיטלען זענען כשר — צו ברענגען דערצו, דעם באַשולדיקטן, אַז ער זאָל אונטערשרייבן די באַשולדיקונג. די אויספאָרשער באַמיען זיך צו פאַרפּלאָנטערן דערביי וואָס מער זייטיקע מענטשן. וואָס מער עס געלינגט אים איז ער אַ בעסערער „אַרבעטער", ממש אַ סטאַכאַנאָוויעץ. דער אמת גופא און דער נוצן פון דער ראַטנמאַכט, האָט פאַר אים קיין שום ווערט נישט. מ׳דאַרף געדענקען אַז נישט דער אויספאָרשער און אַפילו נישט די, וואָס שטייען העכער פון אים, האָבן אַרויסגעגעבן די אַרעסט־מאַנדאַטן. די אויספאָרשער באַזיצן נישט דעם כוח, אַפילו לויט די רעזולטאַטן פון דער אויספאָרשונג, צו באַפרייען עמעצן. זיי טאָרן גאָר נישט אויסגעפינען, אַז דער אַרעסטירטער איז אומשולדיק. זייער טרויעריקע פליכט איז נאָר וואָס מער פאַרפּלאָנטערן, צעמישן און צווינגען דעם אַרעסטירטן ער זאָל נאָר אונטערשרייבן וועגן פאַרברעכנס פון וועלכע ער האָט קיין שום אָנונג נישט. דער אויספאָרשער ווייסט זייער גוט, אַז דאָס אַלץ איז ליגן, ער טוט זיך אָבער זיינס; ער צווינגט מיט אַלע מיטלען אונטערצושרייבן די ליגנס. מען דאַרף זייער פיל כוח זיך צו קענען האַלטן ווערדיק און זיך בשום אופן נישט לאָזן אַריינציען אין דער פינצטערער נעץ. אַחוץ דעם פּונקט שפּיאָנאַזש, טשעפּען זיי נאָך, געוויינלעך, צו דעם פּונקט 10 — אַגיטאַציע, און דעם פּונקט 11 — אָרגאַניזאַציע.

די אַלע פון פּוילישן סעקטאָר האָט מען צוגעטשעפּעט די באַשולדיקונג,

אַז זיי זענען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיטן פּ. אָ. וו. (פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע). מ'האָט זיי אָנגערופן הונדערטער נעמען, וועגן וועלכע זיי האָבן קיין מאָל נישט געהערט, אַז זיי זענען כלומרשט געשטאַנען מיט זיי אין פאַרבינדונג. מ'האָט זיי געמוטשעט גאַנצע נעכט. די אויס־פאָרשער, האָבן זיך געטוישט גאַנץ אָפט און יעדער איינער פון זיי האָט ביים אָנפאַנגען זיין „אַרבעט" קודם כל געשלאָגן אָן רחמנות, כדי מ'זאָל אים, חלילה, נישט חושד זיין אין ווייכקייט. מיין אויספאָרשער זעט באַלד איין, אַז ער וועט האָבן מיט מיר אַ לאַנגע אַרבעט, ווייל איך בין אַ פאַבריק־אַרבעטער, געוועזן אַן אַקטיווער פאַרטיי־טוער אין פוילן און פראַנקרייך און אויך עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן אין פוילן, בעלגיע און פראַנקרייך.

אַ חודש צייט בין איך געווען מיט מיין חבר פון הרוביעשאָוו צוזאַמען. אין מיטן נאַכט האָט מען אים איין מאָל אַרויסגערופן פון קאַמער, און מער האָבן מיר זיך שוין נישט באַגעגנט.

אין קאַמער האָב איך זיך נענטער באַקאַנט מיטן חבר רעאַט. אַן עלטערער מענטש און אַלטער באָלשעוויק, פאָרזיצער פון דער „געזעלשאַפט פון אַלטע באָלשעוויקעס" אין אוקראַינע, דער ערשטער פאָרזיצער פון דער אוקראַינישער רעגירונג אין 1918. צוזאַמען מיט פּיעטראָווסקין געווען דער פאָרשטייער פון העכסטן סאָוויעט אין אוקראַינע. אין 1930 האָט מען אים געשיקט צו געוויינלעכער אַרבעט. ביזן אַרעסט איז ער געווען מיטגליד אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער אוקראַינישער פּאַרטיי, און פאָרזיצער פון „רויטן קרייץ", אַליין אַן אוקראַינער און זיין פרוי — אַ יידישע, און אַ חסידישע טאָכטער דערצו. ער האָט זיך מיט איר באַקאַנט אין 1907, ווען ער איז געווען פאַרשיקט אין אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע. ביי אונדז אין פאַבריק האָבן זי די אַרבעטער גערופן „די רביצין".

עטלעכע טעג פאַר מיין אַרעסט האָט מען געפאָדערט פון זיין פרוי אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג, זי זאָל זיך עפנטלעך אָפּזאָגן פון אים, און שטעמפּלען אים אַלס קאָנטר־רעוואָלוציאָנער. פיל האָבן זיך אונטער־געגעבן דעם דאָזיקן פאַרברעכערישן דרוק, וואָס האָט געצילט מאָראַליש צו צעברעכן ערלעכע מענטשן. פרוי רעאַט האָט אָבער, רויק צוגעטראָגן איר פאַרטיי־בילעט צום פּרעזידיום־טיש און דערקלערט: „איך קען בעסער רעאַטן ווי די אַלע, וואָס מאַכן אים פאַר אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער. איך בין מיט רעאַטן געגאַנגען צוזאַמען אויף קאַטאָרגע אין צאַרישן רוסלאַנד. ער איז געווען און איז דער בעסטער קאָמוניסט, נישט ווי די, וואָס ווילן אים באַשמוצן".

אַלע אויף דער פאַרזאַמלונג האָבן פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און נישט געקענט קוקן דער ערלעכער, דרייסטער פרוי אין די אויגן אַריין. אַלע האָבן געוווּסט, אַז איר אַרויסטריט, מײנט געזעגענען זיך מיט דער פרייהייט, און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

ווען איך האָב עס אים דערציילט, זענען זײנע אויגן פול געוואָרן מיט טרערן פון ווייטיק און שטאָלץ. ער האָט מיך אַרומגענומען און געזאָגט: „נאָר מיר, אַלטע באַלשעוויקעס, און איר, פּאָליטישע עמיגראַנטן פון פּוילן, פילן דעם גרויסן ווייטיק פון די „פּעלערן", וואָס זענען אײגנטלעך אָפענע פאַרברעכנס. די פּראָלעטאַרישע מדינה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּאָליצײ־שטאַט. די פּאַרטײ שפּילט נישט קיין שום זעלבשטענדיקע ראָלע, נישט נאָר אין פאַבריק, זאַוואָד, און דאָרף, נאָר אויך נישט אין דער העכסטער אינסטאַנץ, אין צענטראַל־קאָמיטעט. אָט האָט מען די גאַנצע פּאַרטײ־אָנפירונג אין אוקראַינע אַרעסטירט. נישט נאָר דער פּלענום פון צ. ק. פון אוקראַינע, האָט נישט געמאַכט קיין שום אויספיר דערפון, נאָר אַפילו דער אַלפאַרבאַנדישער צ. ק. האָט קיין אויספיר נישט געמאַכט. מענטשן, אויסגע־פּרוווטע אין צענדליקער יאָרן פאַר דער רעוואָלוציע, אין בירגער־קריג, אויף די פראָנטן, קענען דאָך איבער נאַכט נישט ווערן קיין פאַרברעכער".

דעם 25סטן יוני, 1937, נאָך זײער אַרעסט, איז קאַגאַנאָוויטש געקומען קיין קיעוו און רעאָרגאַניזירט די פּאַרטײ־אָנפירערשאַפט. ער האָט צונויפ־גערופן אַ פּלענום פון אוקראַינישן העכסטן פּאַרטײ־אַקטיוו, פון די, וואָס זענען אין יענער צייט נאָך נישט געווען אַרעסטירט. אין זײן אַרויסטריט האָט קאַגאַנאָוויטש דערקלערט: „אָט זיצט דאָ אַ לעבעדיקער עדות, חבר רעאַט. ער קען דערציילן ווי אַזוי די באָלשעוויקעס האָבן געקעמפט אין אוקראַינע"...

אין עטלעכע שעה אַרום איז חבר רעאַט אַרעסטירט געוואָרן. אַפילו פאַר קאַגאַנאָוויטשן, פון דער העכסטער פּאַרטײ־אָנפירונג, איז זײן אַרעסט געווען אַ סיורפּריז. ער דערציילט, ווי וואָכן לאַנג, נאַכט נאָך נאַכט, לאָזט מען אים נישט צומאַכן קיין אויג, ער מוז שטיין אויף די פיס. דער פּאָליציסט, דער אויספאָרשער, מאַכט חוזק פון דער רעוואָלוציע, פון בירגערקריג און זידלט אים מיט די געמיינסטע ווערטער. איין מאָל האָט יענער פאַרשוין געזאָגט: „אַ שאָד, וואָס די צאַרישע אָכראַנע האָט דיך נישט אומגעבראַכט, וואָלט די נ. ק. וו. ד. געהאַט ווייניקער מיט אײנעם צו פאַרשן".

ער אַליין, רעאַט, האָט זײענדיק דער פּאַרטײ־פאַראַנטוואָרטלעכער

אין אַמאָליקן יעקאַטערינאָסלאַוו (היינט דניעפּראָפּעטראָווסק) אָנגענומען לאַזאַר קאַגאַנאָוויטשן אַלס מיטגליד אין דער פּאַרטיי. קאַגאַנאָוויטש איז דאַן געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ לעדער־מאַגאַזין. אין יאָר 1911 האָט דער פּאַרטיי־קאָמיטעט געהאַט מיט לאַזאַר קאַגאַנאָוויטשן אַ שאַרפן סכסוך,



ירחמיאל פרייד
אַ קאָמיוגישער אַקטיוויסט אין זאַמאָשטש
אַרעסטירט, 1937, אין מאָסקווע און אומגעקומען

צוליב זיין נישט לאָזן אַרויסטרעטן אויף אַ דיסקוסיע־פֿאַרזאַמלונג אַן אַרבעטער אין דער יידישער שפּראַך...

ווען מ'האָט רעאַטן אַרויסגערופן פון דער קאַמער, האָט ער נאָך באַוויזן מיך אויפצוּוועקן און האַרציק זיך מיט מיר צו געזעגענען, מיט טרערן אין די אויגן.

קאַפּיטל פֿערצן

# טורמע־חברים

נאָך אַ חודש אַרעסט, זענען שוין אין קאַמער געווען עטלעכע און פופציק מאַן. מען וואַלגערט זיך אויף דער פּאָדלאָגע. פאַר דער צייט האָט זיך דער עולם געביטן. עטלעכע און זיבעציק זענען דאָ געווען און אַרויסגענומען געוואָרן. אויך דער סאָציאַלער באַשטאַנד פון זיי האָט זיך געביטן. פריער איז געווען אַן אַבסאָלוטע מערהייט פון אינטעליגענטן, איצט זענען די מערסטע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע און פּויערים. די אויספאָרשונג איז ביי זיי אַ לייכטע. מען באַשולדיקט זיי אין פּונקט 58, פּונקט 10, ד. ה. אַגיטאַציע. אין טורמע רופט מען דעם פּונקט „באַל־טאָוניא", ד. ה. פּלאַפּלעריי. מען כאַפּט זיך אַ מאָל אַרויס מיט אַ וויץ, אין אַ שיכורן צושטאַנד. אַ שכן וויל פּטור ווערן פון עמעצן, שרייבט ער עפּעס אָן און — ס'איז גענוג. געווען פאַלן ווען פּרויען האָבן נקמה גענומען אין אייגענע מענער, אָדער געוואָלט זיי „אָנלערנען". אָפט מאָל האָבן אַזעלכע נישט פאַרשטאַנען מיט וואָס עס שמעקט. האָבן זיי אָנגע־שריבן און — גענוג! ער איז שוין געווען אַ פאַרמשפּטער אויף לאַנגע יאָרן. געווען אויך פאַלן מיט אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געקווענקלט ביים אונטערשרייבן די יערלעכע מלוכה־הלוואה, פלעגט מען זיי אויך באַלד נעמען אויף דער ליסטע פון „די פיינד פון פאָלק". אַזעלכע פלעגט מען אָן צערעמאָניעס פאַרמשפּטן אויף 8, אָדער 10 יאָר לאַגער. דאָס זענען געווען ביליקע אַרבעטס־הענט, צו שיקן אין די ווייטסטע און שרעקלעכסטע ראַיאָנען, בויען אויף פאַרפרוירענער ערד, אָדער צו וואַלד־אַרבעט. פריי־וויליק וואָלט מען אַזאַ מענטשן־מאַסע קיין מאָל נישט געקענט אויפהייבן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער און איבערפירן דאָרט ווו אַ מענטשלעכער פוס איז קיין מאָל נישט געטרעטן.

די פאַרמשפּטע ווערן פון נעכטיקע פרייע מענטשן פאַרוואַנדלט אין אַרבעטס־שקלאַפן. מען רעדט זיי איין אַ שולד־געפיל, און די „געטרייע

מאַמע", די סאָוויעטן־מאַכט, שיקט זיי „אויסקויפן" זייערע זינד מיט קאַטאָרזשנער אַרבעט...

דער טורמע־רעזשים — אַ שווערער, אַ ביטערער. נישט געווען קיין רעכט צו באַקומען קיין צייטונגען, ביכער, אַפילו נישט שפּילן אין שאַך, דאַמקע, אָדער קאָרטן. 30 מינוט אין מעת־לעת שפּאַציר אין טורמע־הויף. דער שפּאַציר האָט געמוזט דורכגיין אין שטילשווייגן, נישט נאָר זינגען, נאָר אַפילו רעדן צווישן זיך איז געווען פאַרבאָטן. פאַר דער מינדעסטער זאַך, ווי אַ וואָרט וועגן דאַזיקן רעזשים — קאַרצער. דערביי האָט מען אויך צוגענומען ביי דער גאַנצער קאַמער דאָס רעכט איינצוקויפן יעדע 10 טעג אין טורמע־מאַגאַזין עטלעכע פּעקלעך טאַבאַק, אַ האַלבן קילאָ צוקער, אָדער 2 קילאָ ברויט. אַמשווערסטן פלעגן ליידן פון דער שטראָף די רויכערער. אונדזער קאַמער האָט איין מאָל גאַנצע פיר טעג געהאַלטן אַ הונגער־שטרייק צוליב דער שטראָף פון פאַרבאָט צו קויפן אין טורמע־מאַגאַזין. דאָס אַלץ האָט אָבער גאַנץ ווייניק געפּועלט. דער פּראָקוראָר האָט באַזוכט די קאַמער און זיך אויסגעדריקט: „איר קענט אויסשטאַרבן ווי הינט, קיינער וועט קיין פּיפּס נישט טאָן". דאָך האָט ער דערלויבט צו קויפן טאַבאַק פאַר די רויכערער. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון 500 גראַם שוואַרץ, שיטער ברויט, ווי ליים, אַ געמיש פון ערגסטן מעל מיט אָפּפאַל. צוויי מאָל אין טאָג אַ שיטערע זופּ, וואָס מ'האָט גערופן „באַלאַנדע". אַז מ'האָט אין דער זופּ געפונען אַ שטיקל קאַרטאָפל, אָדער קרויט, איז געווען אַ „גליק".

מ'האָט זיך געוווּנטשן וואָס גיכער אָפּגעשיקט צו ווערן אין די לאַגערן. דאָרט וועט מען כאָטש האָבן אַ ביסל לופט צום אָטעמען און אפשר — עפּעס צו עסן. וועגן די באַדינגונגען פון לאַגער האָט נאָך דערוויל קיינער קיין באַגריף נישט געהאַט. דאָס ערגסטע איז געווען מיט פּשוטע מענטשלעכע באַדערפענישן. אין קאַמער איז געשטאַנען די „פּאַראַשע". מ'האָט זיך אָבער, נישט געקענט דערשפּאָרן צו איר. קיין ביסל וואַסער איז נישט געווען אָפּצופּרישן זיך. אין קאָרידאָר זענען געווען 16 קאַמערן. אין יעדער קאַמער מינימום 50 אַרעסטאַנטן. פון די קאַמערן פלעגט מען אַרויסלאָזן לויט דער ריי, פון 6 פאַרטאָג אָן. די לעצטע ריי האָט געקענט אויספאַלן ערשט אַרום 4 אַזייגער נאָך מיטאָג... מ'האָט געקענט צעשפּרונגען ווערן. אַ סך זענען טאַקע קראַנק געוואָרן אויפן מאָגן. אַ פּיצל פּאַפּיר איז געווען אַ שווער, ערנסט פּראָבלעם.

די פּאָליטישע עמיגראַנטן, וועלכע זענען שוין געזעסן אין טורמעס,

האָבן פעסטגעשטעלט, אַז די סאָוויעטישע טורמע האָט איין גרויסע „מעלה״ לגבי די קאַפּיטאַליסטישע טורמעס דערמיט, וואָס דאָ איז דער סעקסועלער פּראָבלעם אין גאַנצן „געלייזט״. כאָטש אַלע זענען געווען אין בליענדיקער עלטער. כדי ווי עס איז צו פאַרטרייבן די צייט, האָט יעדער דערציילט וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט, אָדער געהערט. ביי אונדז אין קאַמער איז געווען אַזאַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע דער יידישער דאָקטער אַבראַמאָוויטש. ער איז געווען אַ וווּנדערבאַרער איבערדערציילער. ער האָט געהאַט געלייענט פיל פראַנצייזישע ראָמאַנען, האָט ער געהאַלטן דעם עולם אין גרויס שפּאַנונג. ער איז געווען דער פּערזענלעכער דאָקטער פון פּאַרזיצער פון דער אוקראַיִנישער רעגירונג, ליובטשענקאָ. מ׳האָט אים טאַקע באַשולדיקט, אַז ער האָט אים געוואָלט פאַרסמען. מיט אַ חודש שפּעטער האָט מען אויך ליובטשענקאָן אַרעסטירט און דערשאָסן. אָבער די פאַלשע באַשולדיקונג קעגן דאָקטער אַבראַמאָוויטש איז געבליבן.

שמועסן וועגן בולגאַריע האָט געפירט דער סטאַראָסטע פון קאַמער, אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, אַ מיטגליד פון צ. ק. פון דער בולגאַרישער פּאַרטיי, וואָס האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט דימיטראָוון. ער איז געווען אַ מוטיקער מענטש, נישט ווי אַנדערע, אויף וועלכע ס׳האָט געציטערט די הויט, ווען מ׳האָט נאָר דערהערט, אַז מען רופט צו אַן אויספאָרשונג. דער בולגאַר האָט אָפּט מאָל געשטרייקט, פּראָטעסטירט און געפאָדערט מ׳זאָל אים רופן צום פּראָקוראָר. ער איז שוין געזעסן מער ווי 10 חדשים און מ׳האָט אים נאָך אַפילו קיין איין מאָל נישט געהאַט אַרויסגערופן.

עטלעכע אינזשענירן פון צוקער־פאַבריקן האָבן דערציילט וועגן זייער פּראָדוקציע. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז געווען דאָס דערציילן פון הויפּט־אינזשעניר פון עטלעכע הונדערט זאַוואָדן אין וויניצער קרייז. אַ דירעקטאָר פון איינקונפט ביים פינאַנץ־מיניסטעריום פלעגט זיינע שמועסן אָנרופן: „אונדזער איינקונפט־בודזשעט איז אַ ברויט־בודזשעט״. די סאַמע וויכ־טיקסטע איינקונפט ווערט גענומען פון דאָרף. אַלע אינדוסטריעלע אונטער־נעמונגען, אַפילו די, וואָס האָבן שוין פונקציאָנירט נאָך פאַר דער רעוואָ־לוציע, אַרבעטן נאָך אַלץ אָן ריווח — פלעגט ער אונדז אויסטייטשן אין זיינע שמועסן. אַ געוועזענער פּאָליטישער עמיגראַנט פון ליטע האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט אָנטייל גענומען אין דערשטיקן דעם אויפ־שטאַנד אין קראָנשטאַט. ער האָט אָנטייל גענומען אין אָרגאַניזירן די רויטע גוואַרדיע אין ליטע אין 1917. נאָכן דורכפאַל פון שאַפן אַ סאָוויעטן־מאַכט אין ליטע, איז ער איבערגעפירט געוואָרן קיין לענינגראַד. ער איז

דעמאָלט געווען אין דער אָפיצירן־שולע. אַלע שילער, פּאַרטיי־מיטגלידער, זענען מאָביליזירט געוואָרן. אָנגעפירט מיט דער אָפּעראַציע האָט טראַצקי אַליין. מען האָט זיי איינגעטיילט אין 3 גרופּן. יעדע גרופּע צו 10 טויזנט מאַן. ער איז געווען אין דער 2טער גרופּע.

די לעצטע יאָרן איז ער געווען דירעקטאָר פון „פּאַלעוואַי", פון דעם הייץ־מאַטעריאַל פאַר דער שטאָט קיעוו. זיין פרוי איז פון לאַטוויע, געווען פּאַרטיי־סעקרעטאַרין פון דער קיעווער שאָקאָלאַד־פאַבריק א. נ. פון קאַרל מאַרקס. אין 1917 האָט זי געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. זי האָט אָנגעפירט מיט די לעטישע פּאַרטיי־גרופּן און לעטישע מיליטער־אָטריאַדן אין פּעטראָגראַד. פון אָט די אָטריאַדן האָט מען מאָביליזירט די היטער פון סמאָלני.

נאָך אַ וואָך אויספאָרשן, האָט מען אים צוריקגעבראַכט אין קאַמער, אַ צעשלאָגענעם. דאָס גאַנצע פּנים איז ביי אים געווען איין רויע, געשוואָלענע מאַסע. ער האָט אַן אויפהער היסטעריש געוויינט. מ'האָט אים געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן, באַרויִקט און געטרייסט. ער האָט מיט גרויס ווייטיק דערציילט, אַז די גאַנצע צייט פון דער אויספאָרשונג האָט ער זיך געהאַלטן ווערדיק, טראָץ זייער מערדעריש שלאָגן. צולעצט האָבן זיי דערעפנט די טיר פון קאַבינעט און ער האָט דערהערט זיין פרויס קול. זי האָט יאָמערלעך געוויינט. ער האָט דערזען, ווי מען שלאָגט זי אויפן אָפּגעדעקטן לייב. זיי האָבן זיך נאָך איזדעקעוועט און געזאָגט: „זעסט וואָס מען טוט מיט דיין אַלטער ,בליאַד'" (הור)? ער איז ווילד געוואָרן און וואָס ס'איז ווייטער געווען, געדענקט ער נישט.

נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר אַלע געמיינט, אַז ער האָט זיך באַרויִקט. אין מיטן נאַכט האָט ער אָבער באַקומען אַ נערוון־דערשיטערונג. עטלעכע וועכטער זענען אַריין אין קאַמער און אים אַרויסגעשלעפּט אין קאָרידאָר. עטלעכע מינוט האָט ער זיך מיט זיי געראַנגלט, נאָך דעם איז טויט־שטיל געוואָרן.

געווען אויך ביי אונדז אין קאַמער אַ דעגענערירטער טיפּ, אַ מערדער. אַ געוועזענער מאַטראָס פון באַלטישן פלאָט. ביז 1929 איז ער געווען דער פּערזענלעכער שאָפער פון נאַטשאַלניק פון קיעווער נ.ק.וו.ד. ער פלעגט זיך באַרימען: „אין אונדזער צייט פלעגט מען זיך אַזוי נישט אַרומשפּילן מיט אַרעסטירטע — פאָרשן, שלאָגן, אין טורמע האַלטן. מ'האָט געשטעלט „צום ווענטל", אַוועקגעשיקט אויף „יענער וועלט" און פּטור!" ער האָט זיך אויך באַרימט, אַז אַ „גוטער ברודער" פלעגט קומען דערציילן,

אַז ביי עמעצן איז באַהאַלטן בראָנפן, פלעגט מען יענעם דערשיסן, „ער זאָל נישט ליגן ווי יענער הונט אויפן הײ״... און אַז מ׳האָט אים געפרעגט: וואָס זאָגסטו, אַז מען וועט דיך דערשיסן? האָט ער גלייכגילטיק געענט־פערט: „פריִער האָב איך דערשאָסן און איצט — מיך״...

ס׳זענען געווען עטלעכע טיפן, וואָס האָבן זיך באַרימט, אַז זיי האָבן געמסרט און דערפירט מענטשן צום טויט. אַ סטודענט פון 4טן קורס אַוויאַציע־אינסטיטוט דערציילט: „מ׳האָט מיך אַרעסטירט און גענומען דרייען אַן אויספאָרשונג. דער סעקרעטאַר פון קאָמסאָמאָל פון אינסטיטוט איז געווען אויף דער אויספאָרשונג און פעסטגעשטעלט, אַז איך האָב חוזק געמאַכט פון די פּאָליטישע לימודים, און נאָך פאַרשיידענע מעשיות דערציילט וועגן מיר. האָב איך געטראַכט: איך זאָל זיצן און זיי אַלע זאָלן ,גולאַיען׳! האָב איך דעם גאַנצן 4טן קורס, מיט די פּראָפעסאָרן בתוכם, פאַרשיט. דער אויספאָרשער האָט ,געלעקט׳ פון מיר די פינגער, מיר געבבערענגט אַ גוטן אָוונט־ברויט און מיך צוריקגעשיקט אין טורמע״...

אַ צווייטער, וואָס האָט געאַרבעט אין וואַסער־טראַנספּאָרט, האַלט אויך פון דער טאַקטיק. מ׳דאַרף — זאָגט ער — אַריינציִען אַזוי פיל מענטשן, אַז ס׳זאָל ווערן אַ סומאַטאָכע, זיי זאָלן נישט וויסן ווו איז דער אמת און ווו איז ליגן. „זיי ווילן דווקא כ׳זאָל זיי ווייזן געוועור־סקלאַדן, וואָס איך האָב געהאַט? פירן זיי מיך שוין דאָס פערטע מאָל אויסגראָבן זיי. גוט! איך גיי זיך דערווייל אויף דער פרישער לופט. נאָר אַז מען געפינט נישט? האָב איך זיי דאָך געזאָגט באַלד דאָס ערשטע מאָל, אַז איך האָב קיין מאָל קיין געוועור־סקלאַד נישט געהאַט. כ׳וועל זיי אַזוי פירן ביי דער נאָז, ביז זיי וועלן איינזען, אַז זיי זענען פוסטע קעפ״...

אַ צופאַל האָט געוואָלט, אַז מען זאָל אין מיין קאָמער אַריינפירן אַ געוויסן טאָג אַן אַרבעטער פון דער פאַבריק, ווו איך האָב געאַרבעט. ווי יעדער נייער, איז ער געווען שטאַרק איבערגעשראָקן, האָט מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ וואָרט, גלייבנדיק, אַז אַלע, וואָס זענען אַרעסטירט, זענען באמת פאָלקס־פאַררעטער, נאָר ער איז על פי טעות אַריינגעפאַלן אַהער. ווען איך בין אים אַנטקעגנגעקומען, האָט ער זיך אי דערשראָקן, אי דערפרייט. ער דערציילט מיר, אַז אין פאַבריק זענען אַלע זיכער, אַז מען האָט מיר טאַקע דערשאָסן, ווייל נאָך די זעלבע וואָך פון מיין אַרעסט איז געווען אַ מיטינג און מ׳האָט דאָרט דערקלערט, אַז איך האָב זיך מודה געווען, אַז איך בין אַ שפּיאָן פון פּוילן און פון פראַנקרייך; און די פּאָרזיצערין פון פאַבריקס־קאָמיטעט האָט זיך געשלאָגן על חטא, פאַר וואָס זי האָט

באַצייטנס נישט געזען ווי דער „שונא פון פאָלק" אַרבעט און אַז אַלע מיינע פאַרשלאָגן, וואָס ס'איז מיר געלונגען דורכצופירן אין פאַבריקס־קאָמיטעט, האָבן נאָר געצילט אַרונטערצורייסן דעם צוטרוי פון די אַרבע־טער צו דער אַדמיניסטראַציע; און נאָר אַ דאַנק דעם דירעקטאָר און פאַרטיי־סעקרעטאַר, וואָס שטייען וואַכזאַם אויף זייערע פּאָסטנס, איז גע־לונגען מיך באַצייטנס צו אַרעסטירן...

פּונקט ווי ס'איז געווען ליגן, אַז איך האָב זיך מודה געווען (איך בין נאָך דאַן אַפילו אויף קיין אויספאָרשונג נישט געהאַט גערופן געוואָרן), אַזוי איז אַלץ געווען אויסגעזויגן פון פינגער, כדי זי אַליין זאָל נישט ווערן פאַרדעכטיקט אין קיין שום שולד צוליב מיר.

גיין צו אַן אויספאָרשונג איז אין ערגעץ נישט פון די אַנגענעמע איבערלעבונגען. אַן אויסגעהאַלטענע, פעסט־דעצידירטע האַלטונג, אויב די „באַשולדיקונג" באַזירט זיך נישט אויף קיין שום גרינטלעכע פאַקטן, קען האָבן אַ דעצידירנדיקע ווירקונג אויף דיין גורל. אָבער פון מיין קליינער פּראַקטיק דאָ, אין דער סאָוויעטישער טורמע, נאָכן אויסהערן צענדליקער מענטשן, וואָס זענען שוין דורכגעגאַנגען די אויספאָרשונג; פון אַזעלכע, וואָס מ'האָט צוריקגעברענגט אין קאַמער צעשלאָגענע און צעקלאַפּטע, און אַפילו אַנדערע, וואָס האָבן אויסגעמיטן קלעפּ — ווייס איך, אַז קיינער קען דאָ נישט דעצידירן וועגן זיין אייגענעם גורל. גייסטו אויף דער „דודקע" פון אויספאָרשער, באַשמוצסטו זיך און אַנדערע, און דער אויס־פאָרשער שטוקעוועט שוין צונויף זיין אַקט, און גיט איבער אין רעוו. טריבונאַל. אין דעם פאַל ווערט דער אויספאָרשער פאַררעכנט פאַר אַ גוטן באַאַמטן און דו באַקומסט דיין אורטייל. ווילסטו בשום אופן מאָראַליש נישט באַשמוצן זיך און אַנדערע, און שרייבסט נישט אונטער, באַקומסטו סיי־ווי דעם אורטייל, אָדער פון דעם „דריילינג" פון דעם אַרטיקן ג. ק. וו. ד., אָדער פון דער מאָסקווער ספּעצ.־קאָמיסיע. ווי דו זאָלסט נישט האַנדלען, איז דער סוף דער זעלבער.

און אָט, אַפּזיצנדיק צוויי חדשים אין טורמע, וועקט מען מיך איין מאָל ביי נאַכט און מען פירט מיך אַרויס אויפן טורמע־הויף, ווו עס וואַרט שוין דער באַרימטער שוואַרצער „וואָראָן". מען שטופּט מיך אַריין און פאַרן פאַרשליסן די טיר שטופּט מען אַריין נאָך צוויי פרויען. מיין שכן שעפּטשעט מיר אויפן אויער: „דאָס זענען באַטווינס מוטער און שוועסטער"...

די מאַשין פליט אין דער נאַכטיקער שטילקייט איבער די קיעווער גאַסן. אין צענטער פון שטאָט באַמערק איך דורך די קליינע פענצטערלעך די לאַנגע אויפשריפטן און לאָזונגען, וואָס הענגען אויף דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס. מען גרייט זיך צו די אָקטאָבער־פייערונגען. די געדאַנקען לויפן אַ סך גיכער ווי די מאַשין. דעם 9טן יאָרטאָג, און דעם 10טן יאָרטאָג האָב איך אָפּגעצייכנט אין די בורזשואַזע טורמעס, דעם 20סטן — ביי אויספאָרשער אין קאַבינעט, אָדער אַ צעהרגעטער אין אַ סאָוויעטישער טורמע.

אין הויף פון הויפּט־שטאַב פון נ.ק.וו.ד. זעצט מען יעדן באַזונדער אַריין אין די „הינט־שטייגלעך". דאָס זענען אַ גאַנצע ריי בידעריקע, שטיינערנע קעמערלעך, וווּ אַפילו זיצנדיק איז שווער צו האַלטן דעם קערפּער אויסגעגלייכט. פון אַלע זייטן הערן זיך היסטערישע געשרייען און געוויינען. מ׳הערט אומאויפהערלעך דאָס אויפשליסן און צושליסן די טירן. מ׳רופט שטיל אויס יעדן פאַמיליע־נאָמען. מען הערט דאָס אַריינוואַרפן אין די קעמערלעך מיט אַ קלאַפּ, ווי דער היצל דעם געכאַפּטן הונט. אַ דערשטיקט קרעכצן, דאָס זידלען פון די וועכטער, און זייערע וואָרע־נונגען: „אויב דו וועסט נישט שווייגן, וועל איך פאַרענדיקן דאָס, וואָס דער אויספאָרשער האָט אָנגעהויבן"...

ס׳דערמאָנט זיך דערביי דאָס בוך פון יידיש־סאָוויעטישן שרייבער זיסקינד לעוו — „פוילן — אַ שעכטהויז". ער דערציילט דאָרט וועגן דער גרויזאַמקייט פון דער פוילישער דעפענסיווע. ניין! 5 מאָל בין איך דאָרט געווען אויף אַן אויספאָרשונג, אין וואַרשע, און אויף דער פּראָווינץ, ס׳איז אָבער אומפאַרגלייכלעך. דאָ איז דאָס שעכטהויז! אגב, אויך דער זעלבער זיסקינד לעוו איז מיט אַ האַלב יאָר פריער שוין געווען אַרעסטירט, און מ׳האָט געשמועסט, אַז — אַוועקגעשיקט אויף „יענער וועלט".

איך באַמי זיך צו פאַרשטאָפּן די אויערן, אפשר וועל איך זיצנדיק אַזוי איינגעקאָרטשעט, ווי אַ הונט, איינדרימלען און נישט הערן די שרעקלעכע געוויינען. עס וווּנדערט מיך, וואָס די וועכטער פאַרשמירן נישט די לאָזונגען אויף דער טיר פון מיין קעמערל: „נידער מיטן רויטן טעראָר!", „שעמט זיך, איר שלאָגט פרויען!" — געשריבן אין רוסיש, פויליש און אין דייטש. איך נעם אַרויס דאָס שטיקעלע שטרענג־פאַר־שטעקטע בלייפעדערל, און שרייב דאָס זעלבע אָן אין יידיש. דערנאָך צעברעך איך און צערייב עס, די וועכטער זאָלן עס ביי מיר נישט געפינען.

אַ סך שעהן זיץ איך אַזוי. לויטן כסדרדיקן עפענען די טירן און אַרויס־

נעמען מענטשן, קומט אויס, אַז מען פירט שוין צוריק אין טורמע. דאָס הייסט, אַז די נאַכט־וואַכטע האָט זיך פאַרענדיקט. איך בין מקנא די „גליקלעכע", זיי פאָרן שוין „אַהיים", אין קאַמער אַריין. זיי זענען שוין אַדורך דאָס שרעקלעכע, וואָס מיר שטייט נאָך פאָר.

און אָט פירט מען מיך ענדלעך אויפן פינצטערן שטאָק, צום אויספאָרשער. דאָס פענצטער איז פאַרהאַנגען מיט אַ שוואַרצער טוך. די טיר איז אַרומגענומען מיט אַ שוואַרצער צעראַטע, אויסגעבעט, די קולות זאָלן נישט דערהערט ווערן פון יענער זייט טיר. דער אויספאָרשער, אַ יונגער און אויסגעפוצטער, מיט פיל אויסצייכענונגען, זיצט צעשפּרייט אין אַ פאָטעל, אַ רעוואָלווער ליגט אויפן טיש. ער קוקט ציניש, מיט חוזק אויף מיר. ער הייסט מיך שטיין אויסגעצויגן, מיט די הענט אויף די נעט פון די הויזן, ער רופט דורכן טעלעפאָן, מען זאָל אים ברענגען עפּעס איבערצובייסן. אַ יונג, שיין מיידל ברענגט אַריין אַ טאַץ מיט עסן, וואָס פאַרשמעקט דעם גאַנצן צימער, רייצט און רופט אַרויס דאָס שפּייעכץ ביי מיר אין מויל. איך האָב שוין אַזאַ ברויט מיט הערינג און וווּרשט, אַ סך יאָרן נישט געגעסן און אַפילו פאַר די אויגן נישט געזען. יענער עסט געלאַסן. ער האָט צייט. ס'איז דאָך אַריינגערעכנט אין זיין אַרבעטס־צייט. ער גיט נאָר אַכטונג, איך זאָל, חלילה, נישט אַראָפּנעמען די הענט פון די נעט.

נאָכן אָפּעסן, פרעגט ער מיך מיט חוזק, צי זאָל ער אויך פאַר מיר באַשטעלן אַן אָנבייסן? ער פילט זיך זייער זיכער מיט אַזאַ קליין, צעקוועטשט מענטשעלע, ווי איך בין, און דענקט, אַז ער וועט די אויספאָרשונג פאַרענדיקן איינס און צוויי, און ס'וועט אים נאָך בלייבן איבעריקע צייט צו פאַרברענגען ערגעץ...

ענדלעך הייבט ער אָן. ווי דער שטייגער, גייט צוערשט די סטאַנדאַרטע אַנקעטע — ביז צום עלטער־זיידן. איך רוף אָן נעמען פון דער הפטורה, ווייל איך ווייס אַליין נישט, ווי מיינע זיידעס און באָבעס האָבן געהייסן; שוין אָפּגערעדט וועגן די פון מיין ווייב. איך רוף אָן פעטערס, מומעס, שוועסטער־קינדער, זייערע אַדרעסן פון זאַמאָשטש, לאָדזש, וואַרשע. ער האָט שוין אָנגעשריבן אַ 10 בלעטער. ער שוויצט דערביי ווי אַ בער. ער בעט זיך ממש, ער חלשט, כ'זאָל אָנרופן כאָטש אַ שטיקל משפּחה אין רוסלאַנד גופא. אָבער איך פאַרעקשן זיך, איך האָב דאָ קיינעם נישט! אַזוי האָט עס געדויערט אַ גאַנצן טאָג. ער איז אַוועק און אַ צווייטער האָט אים פאַרביטן, ווייטער אויף 8 שעה אַרבעט... ער קומט דערנאָך צוריק, איך — שטיי נאָך אַלץ אויפן זעלבן אָרט, ווו ער האָט מיך

געלאָזן. ער איז געקומען אַן אויסגערוטער און האָט זיך מיט שטורעם ווייטער גענומען צו מיר. ער זעט ווי מיד, ווי אויסגעשעפּט איך בין. ער וויל עס אויסנוצן און רוקט מיר אונטער דאָס פּאַפּיר אונטערצושרייבן. „ווערסט באַלד צוריקגיין אין קאַמער" — זאָגט ער: איך דערקלער אים אָבער, אַז איך בין שוין אין מיין לעבן געווען אויף אויספאָרשונגען און אַז איך ווייס וועגן די אַלע קונצן. איך וועל נישט אונטערשרייבן! פּלוצים האָט ער געענדערט זיין טאַקטיק, אָנגעהויבן מיט גוטן און אַרויפגעפירט אויף דער טעמע פּאַריז. אים האָט נישט אינטערעסירט פּאַריז גופא, נישט די פּאָליטישע קאַמפן, נישט די אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר דאָס נאַכט־לעבן אין פּאַריז, „פּאָלי בערזשער"...

נאָך זיין געשמאַקן אָוונט־ברויט, האָט ער „געלעקט די פינגער" פון מיינע אויסגעטראַכטע מעשיות וועגן סעקסועלן לעבן אין פּאַריז; און ווען אים האָט זיך פּלוצים געדאַכט, אַז עמעצער איז נאָענט ביי דער טיר פון קאַבינעט, האָט ער אָנגעהויבן ווילד צו שרייען, כדי צו פאַרטושן זיין „מילדן" אופן פון פירן די אויספאָרשונג.

די שעהן האָבן זיך פּאַמעלעך געררוקט. איך בין שוין גאַנצע 24 שעה אָן עסן און אָן שלאָפן. אַ דריטער אויספאָרשער האָט אים פאַרביטן. דאָס איז געווען אַ גאָר יונגער בחור, נישט פון קיעוו. זיין ערשטע פראַגע איז געווען — ווי גרויס איז מיין וווינונג? וווהין גייען אַרויס די פענצטער? אים האָט עס זייער אינטערעסירט. ער איז, ווייזט אויס, געווען אָן אַ וווינונג, וואָלט אים מיין דירה געפעלן געוואָרן, וואָלט ער זיך נישט אָפּגעהאַלטן צו געפינען עפּעס אַ פּרעטעקסט צו אַרעסטירן מיין פרוי. ס'זענען שוין געווען אַ סך אַזעלכע פאַלן. ער האָט אָנגעווענדט אַלע מעגלעכע מעטאָדן פון פירן אַן אויספאָרשונג, ס'האָט אים אָבער גאָר נישט געהאָלפן. די ערשטע 24 שעה האָבן זיי קיין פּייניקונגען נישט אָנגעווענדט.

און אָט איז ווידער צוריק געקומען מיין ערשטער אויספאָרשער, אַן אויסגערוטער. און איך שטיי נאָך אַלץ אויף די פיס פון נעכטן, אָן עסן; און זיי עסן אין קאַבינעט פאַר מיינע אויגן. דאָס איז אויך אַ פּסיכאָלאָגישער מעטאָד קעגן אַרעסטירטן. זייערע פאַרשלאָגן כלומרשט מיטצועסן, איז אַ סאַדיסטישער טריק, זיך צו רייצן מיטן אויסגעמאַטערטן מענטש. „ווערסט אונטערשרייבן, וועסטו באַקומען עסן" — זאָגט ער צו מיר. אָבער איך — ווי פאַרשטיינערט, פיל נישט קיין שום ווילן צו עסן. איך האָב איינגעטיילט עטלעכע שטיקלעך צוקער, פאַרשטעקט ביי זיך, און מיט דעם אָפּגעקומען

די 24 שעה. דערנאָך קומט אַריין דער שעף פון דער אָפּטיילונג מיטן באַשולדיקונגס־אַקט.

— נו, וואָס זאָגסטו צו דעם טיפּ? — פרעגט ער מיין אויספאָרשער.

— אַ מאָדנער טשודאַק, אַ וועגעטאַריאַנער, אַ טאָלסטאָיאָוועץ... ער שפּילט אויף אַ פידל... מען דאַרף אים שיקן צו די ווייסע בערן...

אַזוי ווערט באַשטימט דער גורל פון אַ מענטש.

שטיי איך מיר אין מיינע צרות און טראַכט וועגן יענעם אומבאַקאַנטן „טשודאַק". איך באַוויַיז זיך נישט אויסדרייען און איבער מיר שטייט אַ ריזיקע פיגור און גיט מיר מיטן פינגער אַ שנעל איבער דער נאָז: „דאָס איז ער? די גנידע?... און ער וועט עס זאָגן אַ דעה, ווי צו שרייבן און פאָרמולירן דעם פּראָטאָקאָל? און איר, דריי טשעקיסטן, קענט זיך מיט אים קיין עצה נישט געבן, און צעברעכן, ער זאָל אויסגעבן זיין גאַנצע שפּיאָנען־באַנדע... די נ. ק. וו. ד. — זאָגט ער צו מיר — ווייסט אַלץ וועגן דיר".

— אויב איר ווייסט אַלץ, טאָ וואָס דאַרפט איר פּטרן צייט און געלט? דערשיסט מיך און פּטור — זאָג איך.

האָט ער מיר געוויזן זיין גרויסע, געזונטע האַנט.

— דאָס איז — זאָגט ער — אַן אַרבעטער און פויערים־האַנט.

ער דערלאַנגט מיר אַזאַ קלאַפּ, אַז אַ שטיק פייער איז מיר געפלויגן פאַר די אויגן. איך בין צוגעפאַלן צו דער וואַנט. נאָך אַ קלאַפּ אין קאָפּ. אַ שטראָם בלוט האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון מיין נאָז, פון קאָפּ. כ'בין אומגעפאַלן. מיין אויספאָרשער האָט נישט געוואָלט אָפּשטיין פון זיין באַלעבאָס און מיך גענומען טרעטן מיט די פיס, געזידלט מיט די ערגסטע ניבול־פּה, וואָס איך האָב נאָך נישט געהערט אין די 4 יאָר פון מיין זיין אין לאַנד. און אַלץ מיט דער טענה, אַז — „פאַר אַ סאָוויעטישן אויספאָר־שער דאַרף מען שטיין".

וואָס ווייטער איז געשען, געדענק איך שוין נישט. ווען איך האָב געעפנט די אויגן, בין איך געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט. מיינע נאָז־לעכער זענען געווען פאַרשטאָפּט מיט וואַטע און דער קאָפּ באַנדאַזשירט. מען האָט מיך אַרויסגעפירט פון קאַבינעט, אַרומגעוואַשן און צוריקגעפירט אויפן זעלבן אָרט. די פאָדלאָגע איז שוין געווען אָפּגעוואַשן פון מיין בלוט, אָבער מיינע קליידער זענען געווען פאַרבלוטיקט. דער אויספאָרשער, מעשה גרויסער העלד, דערקלערט מיר: „נאָך דער באָד, וועסטו אַנדערש זינגען"... און מיט אַ גומענעם שטעקן פאָכעט ער מיר פאַר די אויגן. מיין אומבאַ־

האָלפנקייט ברענט אין מיר און איך שריי אויס: „איר זענט אַ פּאַשיסטישע באַנדע! איר וואָלט פּונקט אַזוי געדינט די צאַרישע ,אָכראַנקע/, די פּוילישע דעפענסיווע, און אויך היטלערן... איך וועל אייך קיין וואָרט נישט ענטפערן!..״

אויף יעדער פראַגע, ווען איך שווייג, שלאָגט ער מיך אויפן גראָבן פלייש פון די פיס. דאָס גאַנצע לייב ברענט ביי מיר ווי פייער. איך פיל שוין מער נישט, ווען ס׳פאַלן די קלעפּ.

אַזוי האָט דער סאָוויעטישער אויספאָרשער פאַרענדיקט זיין אַרבעטס־טאָג, און איך — נאָך 32 שעה אויספאָרשונג. ביים איבערגעבן די אַקטן פון דער אויספאָרשונג, האָט ער געוויזן אויף מיר מיט טריומף: „ער איז אין גאַנצן צעלייגט״. און איך, נאָך עטלעכע שעה האַלטנדיק פאַרהאַקט די ציין, ענטפער אים:

— נאָר פיזיש קענט איר מיך צעקוועטשן, גייסטיק — קיין מאָל נישט...

מיט נאַרישע, צושטייענדיקע פראַגן, און מיט שלאָגן, זענען ווידער אַדורך 8 שעה אויספאָרשונג. דער דריטער אויספאָרשער, דער סאַמע יינגסטער, האָט איבערגענומען זיין שיכט. מיט טריומף האָט ער אַרויסגע־נומען מיין פראַנצייזישן פּאָטאָ־אַפּאַראַט, וואָס מיין פרוי האָט מיט זיך געבראַכט פון פּאַריז. דערמיט האָט ער באַשטעטיקט, אַז ער האָט אויס־געפירט זיין פּלאַן צו באַקוקן מיין צימער, און האָט דערביי שוין צוגענומען דעם ליידיקן פּאָטאָ־אַפּאַראַט, אָן קלישעס. דער דרוק, וואָס ער האָט אויסגעאיבט אויף מיין שכן, דעם פּאָטאָגראַפיסט יאַרוסלאַווסקי, וועלכער האָט געאַרבעט ביים באַן־מיניסטעריום, איז פאַר מיר געווען אַ באַווייז, אַז מיין צימער איז אים נישט איבעריק געפעלן, נאָר גאָר מיין שכנס צימער, און דערפאַר זוכט ער אים איצט צו קאָמפּראָמיטירן. עפּעס באַציט ער זיך צו מיר צו גוט און פאַרדעכטיק! ער לייענט מיר כלומרשטע דערקלערונגען, פון מיין שכן וועגן מיר, און זאָגט: „און דיר איז ער אַ שאָד״... אָבער אויך אויף דעם האָב איך זיך פאַרשטאַנען. ער האָט באַלד אָנגעהויבן מיט ברוטאַלער רציחה און געשלאָגן מיטן גומענעם שטעקן. מיינע פיס האָבן אָנגעהויבן געשוואָלן ווערן. דער קערפּער האָט פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט. איך בין ווידער געפאַלן. מיט כוח האָט ער מיך אויפגעשטעלט אין ווינקל. איך האָב זיך אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט.

ס׳זענען שוין אָפּגעלאָפן 48 שעה. אַנשטאָט מיר פירן צוריק אין

טורמע, איז געקומען אַ נייער אומבייט און ווידער די זעלבע אויסגעדראָ־שענע פראַגן. איך בין געקומען צום קורצן קורצן אויספיר: „מער קען איך נישט, איך מוז זיך נעמען דאָס לעבן". איך האָב אויפגעהערט צו פאַרשטיין, און הערן, וואָס ער שרייט. איין געדאַנק האָט מיך באַהערשט — ווי אַזוי נעמען זיך דאָס לעבן? כ'האָב געבעטן מיך אַרויספירן צו דערליידיקן פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן, נאָר מיטן געדאַנק, אַז ווען ער וועט פאַרמאַכן די טיר. וועל איך צולויפן צו די שטיגן און זיך אַראָפּוואַרפן פון 5טן שטאָק. ווען כ'האָב אָבער געפּרוווט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך זעץ זיך אַנידער, בין איך אומגעפאַלן. דער גאַנצער אונטערשטער טייל קערפּער איז געווען געשוואָלן. די פּיס האָבן זיך נישט געבויגן. ווי אַ טויטן, האָט מען מיך אַרײַנגעשלעפּט צוריק אין קאַבינעט, אויפגעשטעלט און צוגעשטופּט צום ווינקל, ביי דער וואַנט. דער פינצטערער געדאַנק האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב באַשלאָסן אים רעאַליזירן ביים צווייטן אויספאָרשער.

דורכן פאַרהאַנגענעם פענצטער האָט דער טאָג נישט אַרײַנגעשײַנט. דעם גאַנג פון דער צייט האָב איך אויסגערעכנט לויטן בייטן זיך פון די אויספאָרשער. און כאָטש די 8 שרעקלעכע שעהן ציען זיך ווי אַן אייביקייט, האָב איך דערלעבט דאָס קומען פון דעם אַנדערן אויספאָרשער, וועלכן איך האָב באַצייכנט מיטן נומער 2. ער האָט איבערגענומען זיין פאַר־ברעכערישע אַרבעט און פאָרגעזעצט די טאַקטיק פון שרייען, זידלען און שלאָגן. אַן אויסגעמאַטערטער, בעט איך מען זאָל מיך פירן דערליידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן. אַנשטאָט זיך זעצן, באַנעץ איך ביים קראַן די פאַרטריקנטע, געשוואָלענע ליפּן, און אַ ליכטיקער געדאַנק פליט מיר דורך: „וואָס הייסט, נעמען זיך דאָס לעבן? דאָס וועט דאָך באַווייזן, אַז איך בין גייסטיק שוואַך... דאָס באַשטעטיקט דאָך, אַז איך בין אַ שפּיאָן... וואָס וועט זאָגן מיין זון, ווען ער וועט אויסוואַקסן? וואָס וועט ער טראַכטן וועגן מיר? ניין, איך וועל זיך נישט אונטערגעבן און וועל איך שטאַרבן ביים אויספאָרשער אונטער די הענט, איז פאַרפאַלן"...

מיט פרישער ענערגיע בין איך צוריק אַריין אין קאַבינעט פון דער אינקוויזיציע. דער אויספאָרשער איז פאַרביטן געוואָרן דורך אַן אַנדערן. דער איז גלייך איבערגעגאַנגען אויף יידיש: „וואָס ביסטו אַזוי איינגע־שפּאַרט? דו זעסט דאָך שוין מיט וועמען דו האָסט צו טאָן! מען האָט דיך צעהרגעט. וועסטו אונטערשרייבן, וועסטו גיין אין לאַגער אַריין מער ווייניק אַ געזונטער, וועסט אָפּזיצן דיין ,סראָק' און באַפרייט ווערן. וועסטו נישט אונטערשרייבן, וועסטו שטאַרבן ביי דער אויספאָרשונג. אין

בעסטן פאַל וועסטו גיין אין לאַגער מיט אַפּגעהאַקטע לונג־ און־לעבער, און וועסט דאָרטן שטאַרבן. דאָ, אין די מויערן פון נ.ק.וו.ד. קען מען קיין חכם נישט זיין. די גרעסטע מענטשן, גרויסע מיליטער־פירער האָבן זיך צוזאַמענגעבראָכן און נאָכגעגעבן דעם ווילן פון נ.ק.וו.ד.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַן אונטערשפּילער. אָבער נאָך מיין עקשנותדיקער פעסטשטעלונג, אַז איך וויל בעסער שטאַרבן, איידער איך זאָל זיך אַליין באַשמוצן, באַשפּייען מיין שענסטע קאָמוניסטישע פאַרגאַנגענהייט, האָט ער שוין מער גאָר נישט געזאָגט.

די, וואָס האָבן אונטערגעשריבן אַלע ליגנס קעגן זיך אַליין, זענען — אָדער אַזעלכע, וואָס זענען געזעסן אויף ווייכע בענקלעך און זיי האָבן געחלומט, אַז זיי וועלן זיי צוריק באַקומען, אָדער זיי האַלטן זיך שוין מער נישט פאַר קיין מיט־שותּפים צו יענעם דור רעוואָלוציאָנערן, וואָס זענען געגאַנגען צו דער תּליה, ערלעך מיט זייער אידעאַל. פאַר מיינע אויגן שטייען די יידן, וואָס האָבן אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, געלאָזן זיך פאַרברענען לעבעדיקערהייט און נישט געוואָלט קושן דעם צלם...

באַלד איז דער פריערדיקער אויספאָרשער אַריינגעקומען, געשאָטן מיט רוסישע זידל־ווערטער, מיר געגעבן אַ זעץ אין דער גאָמבע, און איך האָב צוזאַמען מיטן בלוט, אויסגעשפּיגן מיינע ציין. „עס איז שוין נישטאָ ווען צו שלאָגן" — האָט ער אַ וואָרף געטאָן און מיך איבערגעלאָזט מיין אויספאָרשער. דער לעצטער האָט מיך נאָך געמאַטערט אין די איבערגעבליבענע שעהן פון זיין „אַרבעטס־צייט". דערנאָך האָט אַ דריטער אויספאָרשער איבערגענומען די שמוציקע אַרבעט. דער שעף איז אַריינגעקומען און געפרעגט: „ער לעבט נאָך? ער איז שוין ענלעך צו אַ פּגר, וואָס ליגט אַ יאָר אין דר'ערד"... און ער האָט מיך געוואָרנט, אַז אויב איך וועל אין פאַרלויף פון אַ שעה צייט נישט אונטערשרייבן אַלע פּראָטאָקאָלן, וועט ער מיך דערשיסן.

אין קאַמער האָב איך זיך שוין אָנגעהערט וועגן ענלעכע אינסצעניזאַציעס, אָפּצושרעקן די פאַרפּייניקטע. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען טאַקע אַריינגעקומען אין קאַבינעט 3 נ.ק.וו.ד.־סאָלדאַטן מיט ביקסן, מיך אַרויסגעפירט אויפן קאָרידאָר און געהייסן זיך אויסטאָן, אָון אַזוי, נאַקעט, באָרוועס, אַראָפּגעפירט אין אַ פינצטערן קעלער. פון דער ווייטנס האָט געשיינט אַ לעמפּעלע. זיי האָבן מיך געשטופּט מיט די ביקסן אַריינצוגיין טיפער אין קעלער. דאָס האַרץ האָט געקענט פּלאַצן פון שרעק. דער אויספאָרשער איז צוגעקומען מיטן רעוואָלווער אין האַנט: „וועסט אונטער־

שרייבן? ווערסט אויסגעבן דיינע אַלע מיטאַרבעטער?" דאָס לשון איז ביי מיר אָפּגענומען געוואָרן. אין אָנבליק פון טויט, ווייל מען דאַרף אַזוי שטאַרק לעבן! נאָך דעם האָט ער מיך אַרויסגעשטופּט צום אַרויסגאַנג און ווידער צוריקגעפירט אין זיין אַרבעטס־צימער. דאָ האָט ער מיך געשלאָגן מיט אַזאַ ווילדער רציחה, אַז ער אַליין איז פאַרמאַטערט געוואָרן. איך האָב שוין נישט געקענט טראַכטן, און דאַך האָב איך געטראַכט וועגן דעם, אַז מענטשן מוזן אוודאי האָבן אַ ווילדן פאַרגעניגן, ווען זיי שלאָגן אַן אַנדערן. מיט דעם באַפרידיקן זיי זייער חיהשן געפיל פון אויבערהער־שאַפט. דערנאָך האָט ער זיך פשוט געגומען בעטן ביי מיר:

— „ראַדי באָגאַ" (אין גאָטס נאָמען)... לאָמיר פאַרענדיקן די אויספאָר־שונג. דו ווערסט גיין אין קאַמער און איך וועל גיין שלאָפן...

אַזוי האָט ער זיך געאַמפּערט מיט מיר עטלעכע שעה. ער האָט מיך נאָך אַ מאָל אַריינגעפירט אין „סאַבאַטשניק" (הינטישע נאָרע). און אַזוי, נישט אונטערשרייבנדיק קיין איין פּראָטאָקאָל, האָט מען מיך צוריקגעפירט אין „שוואַרצן וואָראָן", נאָך דער שרעקלעכער אויספאָרשונג, וואָס האָט געדויערט 70 שעה. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, ווי מען וואָלט מיך נישט צוריקגעפירט אין טורמע, נאָר אַהיים... מען האָט מיך אָבער נישט אַריינגעפירט אין דער פריערדיקער קאַמער. איך האָב געטראַכט, אַז די טורמע־אַדמיניסטראַציע טוט עס זיכער לויט דער אָנווייזונג פון אויס־פאָרשער און מיינען נישט מיין טובה. פון דעסטוועגן בין איך געווען צופרידן, וואָס די מענטשן, וועלכע קענען מיך שוין, וועלן מיך נישט זען אין דעם שרעקלעכן צעקאַליעטשעטן צושטאַנד. איך האָב נישט געוואָלט זיין קיין אָביעקט פון אָפּשאַצונג פאַר די, וואָס האָבן דורכגעמאַכט גרינגערע אויספאָרשונגען. ווייל ווען מען ברענגט עמעצן פון דער אויס־פאָרשונג אַ צעשלאָגענעם, טראַכטן זיך די אַנדערע: „ער האָט אפשר יאָ געהאַט צו טאָן מיט שפּיאָנאַזש... ווייל פאַר וואָס האָט מען אונדז אַזוי נישט צעשלאָגן?..." איך בין אויך געווען צופרידן צו באַקענען נייע מענטשן.

עטלעכע טעג בין איך געלעגן אין אַ קאַשמאַר. ווען מ'האָט געעפנט די טיר איז מיר באַפאַלן אַ שרעק, אַז מ'קומט מיך נאָך אַ מאָל רופן צו דער אויספאָרשונג. חוץ דעם איז מיין פאַרפייניקטער קערפּער נישט אימשטאַנד געווען צו־זיך צו קומען. די פיס זענען געווען שוואַרץ, ווי קויל, און שטייף. איך האָב געהאַט היץ. אויף דער ביטע פון מיינע שכנים, אַז מען זאָל מיך נעמען אין טורמע־שפּיטאָל, האָט דער עלטסטער אויפזעער

געגנטפערט: „אַלץ איינס וועט ער לאַנג נישט אָנציִען... וואָס איז דער אונטערשייד פריער, צי שפּעטער?..." צו ביסלעך זענען אָבער די כּוחות צוריק געקומען. דער קאָפּ איז געוואָרן קלאָרער, די מורא איז אַוועק. אַלע אין קאַמער האָבן זיך געוווּנדערט: „ער איז צוריק געקומען פון יענער וועלט, אָבער אויף ווי לאַנג?" זיי האָבן געוואָלט וויסן, צי איך בין שוין פאַרמשפּט. און דאָ האָב איך זיך ערשט דערוווּסט די ווילדע, טייווּ־לאָנישע כּוונה פון מיין אויספאָרשער. דאָס איז געווען אַ קאַמער פאַר פאַרמשפּטע צום טויט. („קאַמערא סמערטניקאָוו"). אַלע האָבן דאָ געוואַרט שוין 2—3 חדשים אויף דער באַגנעדיקונג פון קאַלינינען. און איך האָב דערביי געטראַכט: „צוויי מענטשן, סאַקאָ און וואַנצעטי, האָט מען פאַרמשפּט צום טויט, איז די גאַנצע וועלט געוואָרן אויפגעבראַכט; און דאָ ווערן טאָג־טעגלעך פאַראורטיילט צום טויט, צענדליקער מענטשן. קיינער ווייסט גאָר נישט זייער צאָל. נאָר וועגן די הויכע פּערזענלעכקייטן ווייסט מען, אָבער וועגן געוויינלעכע, דורכשניטלעכע מענטשן ווייסט קיינער נישט. — אין יעדער טורמע איז געווען אַזאַ קאַמער מיט צום טויט־פאַרמשפּטע — נישט נאָר די וועלט האָט געשוויגן, נאָר דאָס העכסטע, ערלעכסטע געוויסן פון אַזעלכע, ווי ראָמאַן ראָלאַן, העגרי באַרביס, ליאָן פויכטוואַנגער, האָבן דאָס אַלץ באַרעכטיקט פאַר דער וועלט־עפנטלעכקייט. זיי האָבן זיכער נישט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר.

די ווייט גרעסטע טייל איז געווען מיטעלע אָנפירער פון פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. אין אַ מער נאָרמאַלער צייט וואָלטן זיי פאַרן צוטשעפּען זיי אַ פּאָליטישן אונטערשלאַק, ווי טראָצקיזם און קאָנטער־רעוואָלוציע, פאַר זייערע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנציעלע מיסברויכן, באַקומען פון 5 ביז 10 יאָר. אַ גאַנצע גרופּע, אָנפירער פון „זאַגאָט־זערנאָ", פאַרגרייטער פון תּבואה אין אוקראַינע, האָבן געהאַט אַן עפנטלעכן פּראָצעס אין הויז פון דער רויטער אַרמיי, אין קיעוו. די אויספאָרשונג האָט זיי פאַרזיכערט און אונטערגעשריבן, אַז אויב זיי וועלן זיך נישט מודה זיין, וועט מען זיי פאַרמשפּטן, קאָנפיסקירן זייער אייגנטום און די פאַמיליעס אַרויסשיקן פון אוקראַינע. אויב זיי וועלן זיך אָבער מודה זיין אין דעם וואָס די אויספאָרשונג וועט פון זיי פאַרלאַנגען, וועלן זיי אין איין טיר אַריין און פון דער צווייטער אַרויס; אין דעם פאַל וועט מען זיי אַוועקשיקן אין ערטער, ווו מען קען זיי נישט און זיי וועלן לעבן פריי. צוויי וואָכן פאַרן פּראָצעס האָט מען זיי געגעבן טרעפונגען מיט זייערע פאַמיליעס. די באַציונג צו זיי איז שוין געווען ווי נישט צו קיין

אַרעסטירטע. זיי האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז אָט־אָט באַפרייט מען זיי. מען האָט זיי איינגערעדט, אַז די עפנטלעכע פּראָצעסן אין דער אַנווענזנהייט פון פאַרשטייער פון די גרויסע פאַבריקן איז נייטיק דער פּאַרטיי און מלוכה צוליב דער אַגיטאַציע פאַרן פאָלק. זיי האָבן געגלייבט! און איצט וואַרטן זיי אויף דער באַגנעדיקונג, זייענדיק פאַרמשפּט צום טויט...

אַן אויסטערלישע געשיכטע האָט מיר דערציילט אַן אַלטער ייד. באַלד ביי מיין אַריינקומען אין קאַמער האָט ער מיך געטרייסט און דערביי אויך געזוכט אַ טרייסט פאַר זיך. ער איז געווען אַ היטלמאַכער אין אַ קליין שטעטל אין קיעווער ראַיאָן אין דער צייט פון „נעפּ״. ער האָט געניית היטלען און געפּאָרן אויף יאַרידן זיי פאַרקויפן. אין יאָר 1924 איז ער געווען אויף אַ יאַריד נישט ווייט פון דער פּוילישער גרענעץ. אויפן מאַרק האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אַ יידיש יינגעלע פון אַ יאָר 8—9. האָבן אים אַלע פאַר׳געלייגט: „נעם אַהיים דאָס קינד״. ער האָט קיין קינדער נישט געהאַט. ער און זיין פרוי האָבן זיך באַמיט צובינדן דאָס קינד צו זיי. אָבער דאָס קינד האָט אָנגעהויבן וויינען, אַז ס׳וויל אַהיים. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס קינד איז פון אַ שטעטל אויף דער פּוילישער זייט. ער האָט עפּעס אָפּגעטאָן און איז אַנטלאָפן פון שטוב. וויפל מ׳האָט דאָס קינד נישט איינגערעדט, אַז מען קען אַהין נישט פאָרן, האָט זיך עס נישט באַרויקט. אין אַ שיינעם, העלן טאָג איז דאָס קינד פאַרפאַלן געוואָרן. אין אַ וואָך אַרום האָט מען דעם היטלמאַכער אַרעסטירט. 6 חדשים האָט מען אים געמוטשעט און געפּייניקט. מ׳האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט אויסגענוצט דאָס קינד איבערצושיקן שפּיאָנאַזש־אינפאָרמאַציעס. אַלע האָבן געוווּסט וועגן דעם פאַל, פיל האָבן עדות געזאָגט לטובת אים און מ׳האָט אים באַפרייט. אַ סך יאָרן זענען אַריבער. אין יאָר 1937 האָט מען זיך ווידער דערמאָנט אין דער מעשה און אים אַרעסטירט. מ׳האָט אים געפּייניקט. ער האָט מער קיין כוח נישט געהאַט זיך קעגן צו שטעלן, און ער האָט אונטערגעשריבן דאָס, וואָס איז מיט 13 יאָר צוריק אָפּגעלייקנט געוואָרן. ער האָט געהאָפט, אַז אויפן פּראָצעס וועט ער קענען אויפקלערן, זיך אויסטענהן, ווייל ווי איז עס מעגלעך, אַז אַן עלטערער ייד, וואָס קען נישט לייענען און נישט שרייבן, זאָל זיך פאַרנעמען מיט שפּיאָנאַזש? דער משפּט האָט געדויערט 5 מינוט. עטלעכע פראַגן — עלטער, געבורט א. אַ. וו. און מען האָט באַלד אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל פון טויט־שטראָף, מיט רעכט זיך צו ווענדן נאָך באַגנעדיקונג צום העכסטן סאָוויעט.

ער וואַרט שוין אַזוי 3 חדשים און האָפט, אַז גאָט וועט אים העלפן, ווי מיט 13 יאָר צוריק.

ס'איז שוין געווען נאָוועמבער. אין אַ פאַרנאַכט האָט מען מיך ווידער אַרויסגעפירט אויפן טורמע־הויף, צו נעמען מיך צו דער שרעקלעכער, בלוטיקער אויספאָרשונג. במשך די 10 טעג זינט דער ערשטער אויספאָר־שונג האָט מען מיך קיין איין מאָל נישט אַרויסגעפירט אויף שפּאַציר אין טורמע־הויף. איך האָב איינגעאָטעמט דאָס ביסל פרישע לופט, אָבער דער נאָסער שניי האָט אַדורכגענומען מיין אויסגעמאַטערטן קערפּער. די ציין האָבן געקלאַפּט איינע אין די אַנדערע — פאַר מורא ווידער צו באַגעגענען מיינע הענקער, אָדער פון קעלט? מיינע פאַרשטייפטע פיס זענען נישט פעיִק געווען אַריינצוקריכן אין דער שוואַרצער טורמע־מאַשין. אַ נ. ק. וו. ד.־שיסער האָט מיר אָנגעכאַפּט פאַרן קאָלנער און אַריינגעוואָרפן אין אויטאָ. די מאַשין פאָרט פאַרביי דורך באַקאַנטע גאַסן. אָט זענען מיר ביים „יעווריעיסקי באַזאַר", אַ הונדערט טריט פון דאַנען איז די טאָלסטאָי־גאַס, ווו ס'געפינט זיך אַ קליין, אָרעם צימערל. דאָרט דאַרף זיך געפינען מיין פרוי מיטן קינד. צי איז זי כאָטש אויף דער פריי? און אָט זענען מיר אויפן בולוואַר שעווטשענקאָ, די גאָס אויפן נאָמען פון אוקראַיִנישן פּאָעט, וואָס האָט געזונגען וועגן פרייהייט און קעגן די מאָסקווער אונטערדריקער. מיר זענען פאַרבייגעפאָרן דעם קרעשטשאַטיק. מיט דער האַנט צו דער־לאַנגען איז מיין פאַבריק, ווו איך האָב כמעט 4 יאָר געאַרבעט, ערלעך און געוויסנהאַפט און הונדערטער שעהן פרייוויליק אַוועקגעגעבן פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אין די אָוונט־שעהן בייטן זיך די שיכטן אין די פאַבריקן און איך בין מקנא די מענטשן, וואָס לויפן איצט אַהיים, זאָל זיין צו אַן אָרעמען אָוונט־ברויט, אָבער ווי גליקלעך זענען זיי! ס'רייסט זיך מיר אַרויס פון דער טיפעניש — געוואַלד, געוואַלד! פאַר וואָס, פאַר וואָס? ס'ווילט זיך שרייען פאַר דער גאַנצער וועלט.

אויפן העכסטן שטאָק, ווו מען פאָרשט שווערע פאַרברעכער, פאַר שפּיאָנאַזש און פאַרראַט פון פאָטערלאַנד, ווער איך אַריינגעשטופּט אין אַ „הינטישער נאָרע". ס'דערגרייכן צו מיר ווידער געוויינען, געשרייען און זידלערייען פון די אויספאָרשונגס־צימערן. איבערן קאָרידאָר מיט די עטלעכע צענדליק „הינטישע נאָרעס" איז אַ באַוועגונג, ווי אין אַ פאַבריק פון אַ מאַסן־פּראָדוקציע. מען ברענגט, מען פירט, און לויט די קרעכצן וויסט מען פון וואַנען. די ברוטאַלע שומרים באַגנוגענען זיך נישט מיט וואָרענען מ'זאָל זיין שטיל, זיי שלאָגן און זידלען. אָט הער איך ווי

איינער כאָרכלט און אין עטלעכע מינוט אַרום שלעפּט מען אים אַרויס ווי אַ פּגר. לויטן טומל פון עלטסטן, פון די וועכטער האָט מען פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך אַליין דערוואָרגן מיט אַ הילצערנעם לעפל. „אַ שאָד דער לעפל... — כאַכאָטשען זיי — דער הונט וואָלט אַלץ איינס געדאַרפט



ישראל גאָרפינקעל
סעקרעטאַר פון די זאַמאָשטשער הויזדינער
אַרעסטירט, 1937, אין קיעוו און אומגעקומען

פּגרן"... לויטן פאַרשטיקטן קרעכץ פון מיין נייעם שכן אין קעמערל דערנעבן, שאַץ איך אָפּ, אַז ער איז פון טורמע, אָדער גאָר פון דער פריי אַהער געבראַכט געוואָרן ס'איז נישט קיין קרעכץ פון פיזישע ווייטיקן, נאָך אַן אויספאָרשונג, נאָר פון יאוש. וואָס לענגער איך האָב זיך צוגעהערט צו זיין קרעכצן, אַלץ קענטלעכער איז מיר געוואָרן דער שכן מיינער. כ'פיל אינסטינקטיוו, אַז דאָס איז מיין גוטער חבר פון זאַמאָשטש, פון קיעוו, ישראל גאָרפינקעל. איך וואַרט אָפּ, אַז די באַטשוועקעטע שטיוול פון דעם היטער זאָלן זיך אַ ביסל דערווייטערן, און רוף אים לויט זיין זאַמאָשטשער פּסעוודאָנים. מיין שאַרפער געפיל

האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. דאָס איז ער טאַקע געווען. מ׳האָט אים צום ערשטן מאָל געפירט צו דער אויספאָרשונג. איך וואָרן אים ער זאָל נישט זיין נאַיוו און נישט מיינען, אַז ער האָט צו טאָן מיט חברים — „האָסט צו טאָן מיט אַ פאַשיסטישער אויספאָרשונג... מען דאַרף בעסער שטאַרבן, איידער זיך באַשמוצן און אַריינציִען אַנדערע. שטאַרק זיך״...

און איידער כ׳האָב נאָך באַוויזן ענדיקן די פּאָר ווערטער, עפנט זיך דאָס טירל פון מיין נאָרע. ביי די פיס האָבן זיי מיך אַרויסגעשלעפּט איבערן גאַנצן קאָרידאָר. „דיין גליק — האָבן זיי געזאָגט — וואָס דו דאַרפסט איצט גיין צום אויספאָרשער, אַז נישט וואָלט דאָ געבליבן אַ נאַס אָרט נאָך דיר״...

לויטן עסן, וואָס מען האָט געבראַכט פאַרן אויספאָרשער, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין אין דער פרי. מיך האָט מען פון טורמע אוועקגעפירט פאַר דער אָונטיקער „באַלאַנדע״ (זופּ). 15—16 שעה בין איך אָפּגעשטאַנען אייגעבויגענערהייט. מיר איז נאָך גוט, וואָס איך בין נישט הויך געוואַקסן און אַ דאַרער. פאַר הויכע און דיקע מענטשן, איז דאָס שטיין אין די קעמערלעך אַ שרעקלעכע פּיין. דאָס איז ממש סדום. דער אויספאָרשער עסט און זויפט אין די אויגן פון די אויסגעהונגערטע, פאַרפייניקטע מענטשן.

די אויספאָרשונג האָט זיך דאָס מאָל אָנגעהויבן מיט דראָונגען, אַז איך וועל האָבן דעם זעלבן גורל ווי די, מיט וועלכע איך בין געזעסן אין קאַמער, וואָס מיינט — טויט־שטראָף. כ׳זאָל נאָר אויסרעכענען די אויסלענדער, וועלכע זענען געווען ביי מיר אין שטוב. און ווען איך האָב ווייטער געשוויגן, האָט ער מיר געוויזן אַ פּראָטאָקאָל, אונטער־געשריבן פון מיין פרוי: צוויי טוריסטן, פון פּאַריז, האָבן אונדז באַזוכט, גאַנץ און בעני קאַץ. דאָס איז געווען גענוג, אַז דריי אויספאָרשער זאָלן מיך פייניקן נאָך גאַנצע 24 שעה. עטלעכע מאָל בין איך געפאַלן און פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. מ׳האָט געגאָסן אויף מיר וואַסער, און איך האָב ווייטער, מיט נאָך מער עקשנות, געשוויגן. איך האָב נישט געוואָלט ענטפערן אויף זייערע אַבסורדן און נישט זאָגן קיין איין וואָרט אויף די צוויי ערלעכע קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו קענען פאַרבלייבן אין ראַטנפאַרבאַנד. צום גליק האָבן די, ביי וועמען זיי האָבן געבעטן מען זאָל אינטערוועניִרן לטובת זיי, זיך אָפּגעזאָגט. זיי האָבן בעסער פאַרשטאַנען די סאָוויעטישע ווירק־לעכקייט. איך בין געווען צופרידן, וואָס מיין פרוי האָט נישט אָנגעגעבן

די פאַמיליעס, ביי וועלכע זיי זענען געווען. דער ערשטער, גאַנץ, האָט געהאַט אַ פעטער, אַן איינפלוסרייכער מענטש, אַ סקולפּטאָר, ער איז געווען דירעקטאָר פון אינסטיטוט פאַר מאָלעריי און סקולפּטור. דער צווייטער, קאַץ אַ שרייבער, אַן אָנפאַנגער, האָט זיך געווענדט צום יידיש־סאָוויעטישן דיכטער דוד האָפשטיין.

דער אויספאָרשער דראָט מיר, אַז זיי וועלן אַרעסטירן מיין פרוי צוזאַמען מיטן קינד, אויב איך וועל נישט אויסגעבן וועמען די אויסלענ־דער האָבן באַזוכט.

אַ צעבלוטיקטן און שווייגנדיקן, נאָך דעם ווי איך האָב נישט אונ־טערגעשריבן קיין איין פּראָטאָקאָל, האָט מען מיך צוריקגעפירט אין טורמע אַריין. גיין אויף מיינע געשוואָלענע פיס האָב איך נישט געקענט. ווען איך האָב דערזען, אַז איך געפין זיך אין מיין ערשטער קאַמער, האָב איך זיך דערפרייט, פונקט ווי איך וואָלט צוריק געקומען צו מיין משפחה. מ'האָט זיך טאַקע מיט מיר זייער פאַרנומען, באַזונדערס די יידן. זיי האָבן כסדר געלייגט קאַלטע קאָמפּרעסן. צוליב מיין קראַנקן מאָגן, האָבן מיר די מענטשן אין קאַמער אַוועקגעגעבן די גאַנצע פּרוכטן־טיי, כדי מיך צו ראַטעווען. די חזקה אויף אַ האַלב בעטל, האָט מיין שותף, אַ רוסישער אינזשעניר פון אַ צוקער־זאַוואָד, מיר אָפּגעטרעטן. ער האָט זיך געלייגט אויפן צעמענטענעם דיל. נאָר אין די קאַמערן פון פּאָליטישע אַרעסטירטע, אָדער ווי זיי האָבן אונדז גערופן „פיינד פון פאָלק"... האָט מען נאָך געקענט געפינען פונקען פון מענטשלעכקייט.

אין דער צייט פון מיין אָפּוועזנהייט, האָט זיך דער עולם פון קאַמער טיילווייז געענדערט, פיל האָט מען שוין אַוועקגעשיקט מיטן עטאַפּ. אויף זייער אָרט זענען געקומען אַנדערע. די ענגשאַפט איז געווען נישט איבערצוטראָגן. ביי טאָג איז כאָטש געווען וואָרעם פון דער ענגשאַפט. אָבער ביי נאַכט האָט מען קיין שפּילקע נישט געקענט אַריינ־שטופּן אויפן צעמענטענעם דיל. די, וואָס האָבן געהאַט שוואַכע אורינ־בלאָזן, האָבן מיט גרויסע שוועריקייטן זיך געמוזט דורכקריגן צו דער „פּאַראַשע". מיר איז געווען שרעקלעך, ווייל מיינע פיס זענען געווען ווי אונטערגעהאַקטע.

די מערסטע אין קאַמער זענען איצט געווען גריכן, פּשוטע פאָלקס־מענטשן. דורות־לאַנג האָבן זיי געלעבט אין רוסלאַנד. און דאָך איינגע־האַלטן זייער נאַציאָנאַלן אייגנאַרט. טייל פון זיי זענען אַפילו געווען

גריכישע בירגער. זיי האָבן דער עיקר געאַרבעט אין דער קאָנדיטאָרסקע אינדוסטריע, אין רעסטאָראַנען און האָטעלן. אויך זייער ריי איז געקומען ליקווידירט צו ווערן. פון דער אויספאָרשונג האָט מען זיי צוריקגעבראַכט צעהרגעטע.

צווישן די ניי־געברענגטע אַרעסטירטע, זענען געווען צוויי יידישע יונגעלייט, ביידע מיט העכער בילדונג. דער ערשטער אַן אַספּיראַנט פון אינסטיטוט פאַר פיזיק און מאַטעמאַטיק. ער דערציילט, אַז די אויספאָר־שונג באַשולדיקט אים, אין וועלן זיך אַריינרייסן אין אַ משפחה פון אַ גאָר הויכן פאַרטיי־טוער, מיטן ציל פון שפּיאָנאַזש. שוין איבער אַ יאָר ווי ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ סטודענטקע, און זיי האָבן באַשלאָסן זיך צו „פאַרשרייבן״, דאָס הייסט חתונה האָבן. דאָס מיידל האָט אים צום ערשטן מאָל פאַרבעטן צו אירע עלטערן. זי האָט אים געבריינגט אַ „פראָפּוסק״, אַ דערלויבעניש, ווייל זייער הויז איז געווען געהיטן פון נ. ק. וו. ד. דאָס מיידל האָט געשיינט פאַר שמחה, אַז דער פאָטער איז איינשטימיק מיט איר אויסוואַל. דער פאָטער, אַ רוס, איז געווען פאָרזיצער פון פאַרטיי־קאָנטראָל ביים אוקראַינישן צ. ק. פון דער פאַרטיי.

זיינע עלטערן האָבן אים אָפּגערעדט דערפון. זיין פאָטער, אַ שוסטער, האָט אים געוואָרנט נישט צו קריכן אין די הויכע פענצטער. די מאַמע האָט געווישט די טרערן, נישט פון גליק, נאָר פון מורא. ס׳איז געווען אומהיימלעך אין דער שטיפער אַטמאָספער, בעתן באַזוך ביי אירע עלטערן. איר פאָטער האָט אים גלייך אַריינגעבעטן אין זיין קאַבינעט און אים געפרעגט וועגן זיין אָפּשטאַמונג און פאַרטיי־אָנגעהעריקייט. דערוויסנדיק זיך, אַז זיי שטאַמען פון אַ קליין שטעטל אין אוקראַינע, אַז דער פאָטער און זיינע עלטערע ברידער זענען שוסטערס; אַז ביז 1928 האָט זיין פאָטער געהערט צו דער קאַטעגאָריע קוסטאַרן (האַנטווערקער), וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שטים־רעכט און אַז ערשט אין 1929 האָבן זיי באַקומען רעכט צו וווינען אין קיעוו — האָט דער בחור בלויז באַמערקט די זויערע מינע, ביי זיין צוקונפטיקן שווער.

מיט איין נאַכט שפּעטער איז ער אַרעסטירט געוואָרן.

דער אַנדערער יונגערמאַן איז געווען אויסגעקאָכט אין פּאָליטיק, באַזונדערס אין דער הינטער־קוליסן־פּאָליטיק פון די גאָר הויכע פאַרטיי־ספערן, וואָס איז אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרשטעלט מיט אייזערנע, דיקע ווענט, און קיין זייטיקער קען אַהין נישט דורכדרינגען. אַזוי האָב איך

זיך פון אים דערוווּסט, אַז סטאַלין האָט אויפן 17טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, בעת די וואַלן, אין אַ געהיימער אָפּשטימונג פון צ. ק. נישט באַקומען אַלע שטימען, און אַ באַדייטנדיקע צאָל שטימען ווינציקער ווי קיראָוו. ער האָט געענדיקט דעם מאַרקסיסטישן אוניווערסיטעט, איז געווען סעקרעטאַר פון „אַבלאַסטני"־קאָמיטעט פון „קאָמיוג" אין דניעפּראָ־פּעטראָווסק. נאָכן אַרעסטירן און צעשיסן די פריערדיקע סעקרעטאַרן, פּאָסטישעוו און קראַסאָוו, האָט מען זיין שוואָגער כאַטאַיעוויטש, איבער־געפירט קיין קיעוו. אָבער גאָר קורץ האָט עס געדויערט. לויט ווי ער האָט אים כאַראַקטעריזירט, איז זיין שוואָגער געווען אַ פּשוטער מענטש. אין דער משפחה האָט ער זיך געטיילט מיט דער מורא פאַר זיין שטור־מישן אויפשטייג, אין אַזאַ אומרויִקער צייט, ווען אַלע פּאָליטישע טוער גייען ווי אויף אַ דינעם אייז. אַליין איז ער אויפגעוואַקסן אין יידישער אָרעמקייט, געווען אַ פּאַרטיזאַנער, אָנטייל גענומען אין בירגער־קריג אין אוקראַינע און פאַרלוירן די רעכטע האַנט. נאָכן בירגער־קריג איז ער געווען פּאַרטיי־סעקרעטאַר אין אַ קליין שטעטל נאָך 27־1926, בעתן קאַמף קעגן טראָצקיזם, האָט קאַגאַנאָוויטש, דאַן ערשטער סעקרעטאַר אין אוקראַינע, אים אַרויסגערוקט אויף אַ העכערן פּאַרטיי־פּאָסטן. ווען ער האָט דערגרייכט אַזאַ הויכן שטאַפּל, האָט זיך ביי אים דערוועקט דער אַלטער יידישער דראַנג צו זוכן יושר. אין דעצעמבער 1937 האָט ער באַדאַרפט פאָרן קיין מאָסקווע אויף דער אויסגעברייטערטער זיצונג פון פּאָליט.־ביוראָ, צוזאַמען מיט די ערשטע סעקרעטאַרן פון אַלע רעפּוב־ליקן. האָט ער זיך פאַרטרויט פאַר זיין פרוי, אַז ער וועט דאָרט אַרויס־טרעטן קעגן דער שרעקלעכער אַטמאָספער פון טעראָר, וואָס הערשט אין לאַנד. זיין פרוי האָט געוויינט און זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל עס נישט טאָן, ווייל מען קען דערביי פאַרלירן דעם קאָפּ. ער האָט איר איבערגעגעבן, אַז קאַגאַנאָוויטש און וואָראָשילאָוו האָבן זיך שוין באַקענט מיט זיין רעפעראַט און אַז זיי האָבן אים פאַרזיכערט אונטערשטיצן. די פרוי האָט אים אָבער געוואָרנט, אַז אויב זיין קריטיק וועט נישט נושא חן זיין ביי סטאַלינען, וועלן זיי אים אויך נישט אונטערשטיצן, זיי וועלן זיך אַליין באַהאַלטן, ווי די מייז.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווען כאַטאַיעוויטש איז אַרויסגעטרעטן און געזאָגט, אַז די פּאַרטיי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַזאַרמע, האָט אים סטאַלין גלייך געמאַכט אַ צווישנרוף, אַז דאָס איז רכילות אויף דער לענינישער פּאַרטיי. מאָמענטאַל איז די זיצונג איבערגעריסן געוואָרן.

כאַטאַיעוויטש איז באַלד אַרעסטירט געוואָרן. לויט אַ ווערסיע, פון עטלעכע טעג שפּעטער, האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק בעת דער אויספאָר־שונג, אָבער לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, האָט מען אים דאָרט דערשאָסן. די גאַנצע פאַמיליע איז אַרעסטירט געוואָרן און די קינדער האָט מען צוגענומען.

קאַפּיטל פופצן

# אויפן ווייטן עטאַפּן־וועג

קוים אַ חודש נאָך דער אינקוויזיציע־אויספאָרשונג, אין וועלכער איך האָב קיין שום באַשולדיקונגס־פּראָטאָקאָל נישט אונטערגעשריבן — האָט מען מיך ביי נאַכט געגרופן מיט מיינע פּערזענלעכע זאַכן. וווהין נעמען זיי מיך, האָב איך זיך געפרעגט? צום אויספאָרשער, צום טריבונאַל, גייט מען אָן די זאַכן. און אַ ווייטע, בלאַסע האָפענונג האָט זיך אויפגעוועקט — אפשר אויף דער פריי? אָבער אין קאָרידאָר האָב איך גלייך געזען, אַז איך בין נאָר איינער אין אַ גרויסער ריי. הינטער מיר הער איך: „ווי מען שטעלט אָוועק אַזאַ ריי, איז עס צום דערשיסן". אויפן דריטן שטאָק שטעלט מען אונדז שוין אויס צו 4 אין אַ ריי. אַזוי פירט מען אונדז אויפן טורמע־הויף, צו דער אַדמיניסטראַציע־אָפּטיילונג פון דער ריזיקער טורמע. לויטן אַלפאַבעט רופט מען אויס צו 4 אַריינצוגיין אין ביוראָ. די לעצטע לויטן אַלפאַבעט, לאָזט מען שעהן לאַנג וואַרטן. איך בין שוין מיד פון האַלטן אַזוי לאַנג די הענט אין דער הייך, אַז איך בין גרייט מ׳זאָל מיך דערשיסן, אַבי ענדערן די פּאָזיציע. כ׳האָב זיך דערוואַרט. מען פירט מיך אַריין אין ביוראָ, אַ גאַנצער באַרג מיט פּאַפּקעס ליגט דאָרט פון אַלע אַרעסטירטע. מען לייענט מיר פאָר דעם באַשלוס פון דער „באַזונדערער קאָמיסיע" פון ב. ק. וו. ד. אין מאָסקווע. איך ווער באַשולדיקט, אַז ס׳איז דאָ אויף מיר אַ פאַרדאַכט, אַז איך האָב אָנטייל גענומען אין שפּיאָנאַזש. דערפאַר באַקום איך 10 יאָר אַרבעטס־לאַגער אין די ווייטע געגנטן פון רוסלאַנד. אויף מיין סאַרקאַסטישער באַמערקונג: „מן הסתם האָב איך איבערגעגעבן וויפל פאָר הויזן אונדזער שניידער־פאַבריק מאַכט פאַרטיק"... שרייט יענער אויס: „בעסער שווייג! מאָסקווע ווייסט בעסער! וועסט אַ סך רעדן, וועסטו אין לאַגער באַקומען אַ צולאַג צום אורטייל"...

אין דער עטאַפּן־קאַמער זענען מיר אַרום 300 פּערזאָן. דאָ זענען

מיר אָבער שוין צוזאַמען מיט סתם פאַרברעכער. זיי פילן זיך דאָ די באַלעבאַטים. אַלע פּאָליטישע זענען נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך מאָראַליש צעבראָכענע מענטשן. ס׳איז אוממעגלעך צו שאַפן אַ קאָלעקטיוו, וואָס זאָל זיך קענען קעגנשטעלן דעם בלוט־שונא. באַלד ביים אַריינקומען האָט מיר אַ געזונטער חברה־מאַן מיט אַ געשטופּלט פּנים, אַראָפּגעריסן דאָס היטל, מיט חוזק:

— נו, אַבראַשאַ, גיב אַהער אַלע קניפּלעך, וואָס דו האָסט...

איך האָב זיך געוואָרפן אויף אים, זיך פאַרטיידיקן, האָב איך באַקומען פון אים אַ זעץ, אַז איך האָב זיך איבערגעדרייט. איך האָב געשריען, אַז איך בין מער פון אים געזעסן אין טורמע.

— וואָס ביסטו? אַן אורקע (אַ קליין גנבל). איך בין אויך נישט קיין אויסגעכאַליעט זונדל...

דאָס אַריינשטופּן נייע מענטשן אין קאַמער, האָט מיך צייטווייליק געראַטעוועט פון דעם באַנדיט. ביי נאַכט האָט מען אונדז אַריינגעפּאַקט ווי סאַרדינען אין אַ מאַשין. מען האָט געדאַרפט זיצן אויף די אייגענע פיס, רייענווייז, ס׳זאָלן אַריין וואָס מער. ס׳זענען אָבער נישט אַריין אַזוי פיל, וויפל זיי האָבן געפּלאַנט. האָט דער קאָמאַנדיר מיט רוגזה, אַ רוף געטאָן צו צוויי רוצחים. זיי האָבן אַלעמען אַראָפּגעוואָרפן ווי שטיקער האָלץ, און זיי האָבן שוין נאָך דעם אָנגעלאָדן די מאַשין. ס׳איז פאַרצויגן געוואָרן אַ ברעזענט, אַזוי, אַז די מינדסטע שיין זאָל זיך נישט זען, אַז קיין שום מענטשלעך אויג זאָל נישט באַמערקן, וואָס ס׳פירט דער אויטאָ אויפן וועג צו דער פאַרוואָרפענער סטאַציע. דאָרט זענען געשטאַנען 2 עשאַלאָנען מיט פאַרמאַכטע וואַגאָנען. די נ. ק. וו. ד. מיט מאַשין־געווער, איז געווען אויסגעשטעלט אויף אַלע דעכער, פּראָזשעקטאָרן האָבן באַלויכטן דעם עשאַלאָן.

דערווייל זענען מיר געזעסן אויף דער פאַרפרוירענער ערד און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָצעדור פון ציילן. אין וואַגאָן זענען געווען טאָפּלטע פּריטשעס, אַן אייזערן אייוועלע און אַן אויסגעשניטן לאָך פאַר דערליידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן. די ברייט פון וואַגאָן איז נישט מער ווי 2 מעטער און 10 סענטימעטער. אַפילו צו ליגן אויף אַ זייט, קענען אַריין מאַקסימום 6 מענטשן אויף אַ פּריטשע. דאָס הייסט 24 מענטשן אין אַ וואַגאָן. אַריינגעשטופּט האָט מען אָבער 40 מענטשן. צו מיין מזל, בין איך געווען פון די ערשטע, וואָס זענען אַריין אין וואַגאָן. בין איך באַלד אַרויף אויבן, ביים פענצטערל. איינצוהאַלטן דאָס אָרט איז מיר נאָך,

אַבער אויסגעקומען שווער צו קעמפן. אין דער הייך איז וואַרעמער און מען קען בעסער אָטעמען, ווייל ווי נאָר דער וואַגאָן ווערט אָנגעפּילט, ווערט ער פאַרפּעסטעט פון מענטשלעכן שווייס און עיפּוש. ביים פענצטערל קען מען אויך אַרויסקוקן און זען דעם וועג דורכפאָרנדיק דאָס גרויסע לאַנד.

נאָכן אָפּשליסן דעם וואַגאָן, הערט מען פון דרויסן ווי קינדער פרעגן זיך אויף זייערע טאַטעס און מאַמעס. פאַר אונדז איז די אויסערלעכע וועלט געווען אָפּגעשלאָסן פון דעם טאָג, ווען מיר זענען אַרעסטירט געוואָרן. טויזנטער מענטשן באַלאַגערן די וואַגאָנען, צווישן זיי פיל קינדער. די פּאָליציי און נ. ק. וו. ד. האָט געיאָגט. פון אַלע זייטן האָט מען זיי געזידלט: „פּאַראַזיטן! אייערע טאַטעס און ברידער פירט מען דאָ"... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי איך האָב געזען אַזאַ פאָלקס־דעמאָנסטראַציע פאַר מיינע פיר יאָר לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד. אָוודאי זענען דאָ געווען די, וואָס האָבן געליטן פון דעם שרעקלעכן טעראָר. ס'האָט אויך באַוויזן, אַז אַפילו די, וואָס שרייען אויף אונדז „פיינד פון פאָלק", גלייבן אַליין נישט דערין. אונטערן דרוק פון דער מאַסע, האָבן זיי צוגעלאָזן די פּעקלעך עסן, וואָס מ'האָט געברענגט. איך קוק און זוך מיין פרוי מיטן קינד. איך וואָלט זיי אַזוי געוואָלט זען, נאָר איך וואָלט נישט געוואָלט זיי זאָלן מיך אָנקוקן אין מיין איצטיקן צושטאַנד. דאָס גאַנצע פּנים מיינס איז נאָך געווען צעהאַקט, די בלוי־שוואַרצע גוליעס נאָך נישט אָפּגעגאַנגען, אַלע פאַרנטיקע ציין אויסגעהאַקט. איך האָב געוואָלט, אַז ביי זיי זאָל פאַרבלייבן דער איינדרוק פון מיר, ווען מ'האָט מיך אַרויסגענומען פון שטוב.

איך זוך דורכן פענצטערל אַ באַקאַנטע, ווייל קיין מענער זענען אין דער מאַסע נישט געווען. און אָט דערזע איך די פרוי פון מיין חבר שלמה גערזאָן. זי פרעגט מיך אויף איר מאַן. וואָס קען איך איר ענטפערן? זי גיט מיר דאָס פּעקל עסן, וואָס זי האָט געבראַכט פאַר אים. וועגן מיין פרוי דערציילט זי, אַז זי האָט די גאַנצע צייט דיזשורירט ביי דער טורמע און אויף די סטאַציעס, נאָר ווייזט אויס, אַז צופעליק איז זי די לעצטע טעג נישט געווען, מעגלעך צוליבן קינד. דאָס באַרויִקט מיך און ס'מאַכט מיך פיל טראַכטן וועגן זייער געזונט.

פון אונדזער וואַגאָן האָט נאָר איינער געהאַט דאָס גליק צו באַגעגענען זיין פרוי און טאָכטער. די געוויינען זענען געווען שרעקלעך. די טאָכטער האָט אויסגעטאָן אירע וואָלינקעס, געבליבן אויפן פאַרפרוירענעם שניי אין די זאָקן און איבערגעגעבן זיי דעם היטער פאַר איר טאַטן. דאָס איז געווען

אַן עלטערער ייד, אַ געוועזענער ביאַליסטאָקער אַרבעטער־טוער. אין 1911 איז ער פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט אים באַפרייט. אַלע יאָרן געאַרבעט אַלס גאַרבער. לעצטנס איז ער געווען אינסטרוקטאָר אין אַ פאַך־שולע ביי דער פערטער שיך־פאַבריק אין קיעוו.

נאָך איין ייד איז געווען אין דעם וואַגאָן, אַן אַרבעטער אין אַ קוסטאַרן־אַרטעל פון כעמישע אויסאַרבעטונגען, אַ געבוירענער אין סימפעראָפאָל. זיין זינד איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אין דער וועלט־מלחמה 18—1914



שלמה גערזאָן
פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער רויטער הילף
אין זאַמאָשטשער און הרוביעשאָווער ראַיאָן,
פון 1922 ביז זיין אָפּפאָר אין ראַטנפאַרבאַנד.
אַרעסטירט, 1937, אין קיעוו און אומגעקומען

איז ער אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט און געווען אין אונגאַרן. אַ שיינער יונג געווען, האָט ער געהאַט דערפאָלג ביי ווייבער. וועגן יענער צייט האָט ער פיל גערעדט און אפשר צופיל זיך באַרימט. דאָס האָט אים איצט צוגעדינט דעם פּונקט 58־10, וואָס מיינט, אַז, ער האָט געלויבט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. די „טראָיקע" האָט אים פאַר דער „זינד" צוגעמשפּט 8 יאָר. כמעט אַלע פון וואַגאָן האָבן אויף זיך געהאַט דעם שטראָף־קאָדעקס־אַרטיקל 58, און לויטן אָרט, ווו מען האָט געאַרבעט פריער, האָט מען זיי צוגעגעבן פּונקטן. אַזוי האָבן אַלע, וואָס זענען געווען מיליטער־קאָמאַנדירן, געהאַט די צוגאָב־פּונקטן 1 און 2 — דאָס הייסט — „פאַרראַט פון פאָטערלאַנד". די, וואָס האָבן געאַרבעט אויף ווירטשאַפטלעכע אָנפירנדיקע פּאָסטנס, אַפילו אַ געוויינלעכער שעף פון 15 אַרבעטער האָבן שוין געהאַט דעם פּונקט 8 — סאַבאָטאַזש אין דער ווירטשאַפט. מענטשן, וואָס האָבן אַמאָל געלעבט אין אויסלאַנד, אָדער האָבן דאָ, ביי דער אַרבעט, דירעקט, אָדער אומדירעקט, געהאַט צו טאָן מיט אויסלאַנד, האָט מען צוגעגעבן דעם פּונקט 6, שפּיאָנאַזש. געוויינלעכע, אַפילו אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער, פּויערים, האָבן געהאַט דעם פּונקט 10, ד. ה. אַגיטאַציע קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט.

קיין איין מענטש פון מיין וואַגאָן איז נישט געשטאַנען פאַר קיין געריכט. אַלע זענען פאַרמשפּט געוואָרן הינטער די אויגן, אָדער דורך אַ „טראָיקע" פון מאָסקווע, אָדער דורך דער „טראָיקע" פון דער ראַיאָן־נ.ק.וו.ד. אַזוי אַז כמעט אַלע האָבן מיר געהאַט דעם באַשולדיקונגס־פּונקט ק. ר. ד. — קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. אָבער אין קלאַמערן איז ביי יעדן געווען פאַרשריבן דער קליינער צוגאָב־פּונקט, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער קומענדיקער באַציִונג פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע.

די גרויסע, שווערע אורטיילן, ווי דער אַרעסט גופא, האָט ביי יעדן פאַרטונקלט זיין האָפענונג; כאָטש מ'האָט זיך געטראַכט — ס'איז נישט הפקר אַ וועלט! ס'וועט זיך דאָך אויפקלערן און זיי וועלן באַפרייען. די טענה, וואָס יעדער האָט צום רעזשים, דריקט מען אויס צו דער גאַנ־צער וועלט — אַ פאַלשע וועלט, אַ ברודיקע, אַלץ איז געבויט אויף שקר. יעדער ווינטשט, אַז אַזאַ וועלט דאַרף אונטערגיין...

נאָכן אָפּפאָרן אַ האַלבע שעה פון קיעוו, ווו יעדער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי, קינדער, טאַטע־מאַמע, משפּחה, האָט זיך דער עשאַלאָן אָפּגעשטעלט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די רעוויזיע. געפינט זיך ביי עמעצן אַ לעפל —

אַ שאַכטל קאָנסערוון, אַ צייטונג — אַלץ איז טרייף. נאָך דער רעוויזיע, האָט דער אינספעקטאָר פון דער 3־טער אָפּטיילונג נ. ק. וו. ד. אין לאַגער אונדז אויפגעקלערט, אַז די אורטיילן, וואָס מיר האָבן באַקומען אויף דער פריי, זענען פאַרהעלטנישמעסיק קליינע אין פאַרגלייך מיט די ספּעציעלע אורטיילן, וואָס מען קען באַקומען אין לאַגער. פאַרן מינדסטן שאָדן ברענגען אין וואַגאָן, אָדער פאַרן אַרויסשטעלן דעם קאָפּ בעת מען עפנט אויף די טיר אונדז צו געבן עסן, ווערט געשאָסן אָן שום וואָרענונג. די באַלעבאַטים פון אונדזער לעבן זענען די „אָכראַניע״ (היטער); די צאָל, וואָס מ׳האָט אויפגענומען אין טורמע, דאַרף געברענגט ווערן אין לאַגער אַריין, לעבעדיק, אָדער טויט. אַלע אַנטי־סאָוויעטישע שמועסן, אָפענע, אָדער באַהאַלטענע, זענען פאַרבאָטן. יעדער מינימאַלער פּרווו פון עובר זיין אויף דעם געזעץ, וועט פאַרטאָפּלען און פאַרצענפאַכן דעם אורטייל. אים האָט פאַרביטן אַ צווייטער נ. ק. וו. ד.־באַפולמעכטיקטער, וועלכער האָט אויפגעקלערט, אַז ער איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון דער צווייטער אָפּטיילונג. זיין אויפגאַבע איז צו פאַרטרעטן דאָס, וואָס עס טוען אויף דער פריי פאָליט.־קולטור־טוער. דאָ רופט ער זיך איבערדערציער.

— די סאָוויעטישע מאַכט האָט אייך באַשטראָפט, אָבער איר פאָרט אַרבעטן. און אַרבעט איז ביי אונדז אַ זאַך פון כבוד און העלדישקייט. איר וועט נאָך ווערן גוטע בירגער. מעגלעך, אַז צווישן אייך זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען נישט ריכטיק פאַראורטיילט געוואָרן. וועט מען יעדן געבן אַ בויגן פּאַפּיר און יעדער האָט דאָס רעכט צו שרייבן אַ ביטע צום העכסטן סאָוויעט, אָדער אויפן נאָמען פון אונדזער פאָטער יאָסיף וויסאַריאָ־נאָוויטש סטאַלין. איר האָט אויך אַ מעגלעכקייט צו שרייבן צו אייערע משפחות. די צווייטע אָפּטיילונג וועט די בריוו באַזאָרגן.

אַנשטאָט שרייבן אַ ביטע וועגן דער זינלאָזיקייט פון זייער אורטייל, האָב איך דאָס אויסגענוצט צו שרייבן אַ בריוו צו מיין פרוי. איך האָב איר מודיע געווען וועגן שווערן אורטייל פון 10 יאָר, און אַז איך גלייב נישט אין קיין ניסים, איך זאָל עס קענען איבערטראָגן. זי דאַרף פון דעם ציען די קאָנסעקווענצן, און זיך פאַרבינדן מיט אַ צווייטן מאַן, אָן שום געוויסנס־ביסן. די גרויסע צאָל יאָרן לאַגער, וואָס מ׳האָט אונדז צוגעמשפּט, איז נישט כדי מיר זאָלן בלייבן לעבן, נאָר כדי אויסמאַטערן און ענדיקן מיט אונדז. מיר וועלן אויסשטאַרבן און פאַרביטן ווערן דורך נייע אַרעס־טירטע, פּונקט ווי מיר פאַרבייטן איצט די מיליאָנען, וואָס זענען שוין דאָרט אומגעקומען פאַר אונדז.

דעם בריוו האָב איך נישט אָפּגעגעבן, נאָר אים אַרויסגעוואָרפן פון וואַגאָן, אַז גוטע מענטשן זאָלן אים אויפהייבן און אָפּשיקן אויפן אָנגע־וויזענעם אַדרעס. די מערסטע פון מיין וואַגאָן האָבן געטאָן דאָס זעלבע. ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז פיל משפחות האָבן טאַקע די בריוו דערהאַלטן. טראָץ דעם שרעקלעכן טעראָר, האָט דאָס פאָלק אַרויסגעוויזן די גרעסטע וואַרעמקייט פאַר די קרבנות.

אין וואַגאָן זענען די וועגנס ערטערווייז באַדעקט מיט אייז. מיר שטייען מער, ווי מיר פאָרן, די באַן פאַרהאַלט זיך אין פאַרוואָרפענע העקן, ווייט פון אַ סטאַנציע, צווישן רעזערוו־ליניעס מיט צעבראָכענע וואַגאָנען, אָדער אָנגעלאָדענע מיט אָפּפאַל; אין אַזאַ מין קלאָם האָבן זיי אונדז אויך פאַרוואַנדלט. די באַדינונג פון די עשאַלאָנען איז צוזאַמענגעשטעלט פון „ביטאָוויקעס״, ד. ה. גנבים, באַנדיטן און שפּעקולאַנטן. צו זיי האָט מען מער צוטרוי. זיי זענען „אומשולדיקע שעפּעלעך״ אין פאַרגלייך מיט אונדז. אַ ביסל קוילן צו וואַרעמען די טעפּלושקע אין וואַגאָן, דאַרף מען ביי זיי אויסבעטן, און פאַר אַלץ מוז מען זיי צאָלן פון די אָפּגעשפּאָרטע פאַר גראָשן, וואָס יעדער האָט אויף זיין טורמע־קאָנטע פון דער פריי. מיט דעם געלט קען זיך יעדער איינער צוקויפן עסן. פאַר אַן עמער וואַסער מוז מען אויך באַצאָלן. די גנבים טוען אונדז נאָך אַ טובה, אַז זיי פאַרקויפן. די קוילן דאַרפן זיי גנבענען. דער האַנדל ווערט געפירט אָפן, אין דער אַנוועזנהייט פון די היטער. די פאַרדינסטן פאַרטיילן זיי, פאַרשטענדלעך, צווישן זיך.

אין זיבעטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ סטאַנציע נישט ווייט פון מאָסקווע. במשך פון דער וואָך זענען עטלעכע מענטשן קראַנק געוואָרן און באַקומען הויכע טעמפּעראַטור. אויף דער ביטע פון סטאַראָסטע פון אונדזער וואַגאָן, אַ געוועזענער קאַפּיטאַן פון דער גרענעץ־וואַך, אַז מען זאָל די קראַנקע נעמען אין טורמע־שפּיטאָל, האָבן זיי זיך נישט געמאַכט וויסנדיק. נאָך דעם ווי איינער איז געשטאָרבן, האָט מען קוים צוויי קראַנקע מיט 39—40 גראַד היץ, אַריבערגעפירט אין סאַניטאַרנעם וואַגאָן. יעדער איינער פון אונדז האָט פאַר זיך געזען דעם זעלבן גורל. קיינער האָט נישט געוווסט ווער עס איז דער פאַרשטאָרבענער.

זיין שכן צום געלעגער, האָט דערציילט, אַז ער איז געווען אַ לערער פון רוסישער ליטעראַטור. מ'האָט אים באַשולדיקט אין אַנטי־סאָוויעטישער אַגיטאַציע צווישן די שול־קינדער. ביים לערנען טשעכאָוון, האָט ער ספּעציעל קאָמענטירט צוויי דערציילונגען, „דער מענטש אין פוטליאַר״

און „דעם גובערנאַטאָרס הינטל״. זיי האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער האָט נישט געגנוג אונטערגעשטראָכן, אַז די שאַפונגען שפּיגלען אָפּ די פּאַר־פּוילטע געזעלשאַפט אין צאַרישן רעזשים.

צווישן אונדז זענען געווען נאָך צוויי לערער, מיט ענלעכע באַשולדי־קונגען. איינער — אַז ער האָט געלויבט די פּאָעזיע פון דיכטער סערגיי יעסענין און אַז ער האָט אים געשטעלט אין איין ריי מיט לערמאָנטאָוון. דער צווייטער, אַן אוקראַאינישער לערער פון ליטעראַטור, האָט געריימט דאָס בוך „טאַשקענט — די שטאָט פון ברויט״, פון מיקיטענקאָ, וועלכער איז שוין פאַרדאַמט געוואָרן אַלס „פיינד פון פאָלק״.

מיר האָבן באַקומען 500 גראַם ברויט אַ טאָג. לויט די פאָרשריפטן האָבן מיר אויך באַדאַרפט באַקומען יעדן טאָג וואַרעם עסן. מיר האָבן עס, אָבער, זעלטן באַקומען. זייער אָפט האָט דער עשאַלאָן געדירט פון אָרט נאָך איידער די גנבים האָבן געבראַכט דאָס ביסל זופּ פאַר די עטלעכע און זעכציק וואַגאָנען. צום גליק, זענען אַ טייל קאָמאַנדירן פון די היטער געווען נאָכגיביקער און דערלויבט דער באַדינונג קויפן עסן פאַרן געלט פון די אַרעסטאַנטן.

נאָך דריי וואָכן שלעפן זיך, זענען מיר אָנגעקומען קיין סווערד־לאָווסק. דאָ האָט מען אונדז שוין נישט אַוועקגעשטעלט אין אַ פאַרוואָרפן אָרט, נאָר אין אַ באַוווינטער געגנט. זיי האָבן דערלויבט אַרויסקריכן פון די וואַגאָנען. באַלד איז געפאַלן דער באַפעל — „לאָזשיס״, לייגן זיך. פון אונדזערע וואַגאָנען האָט מען די שווער־קראַנקע אַרויסגעטראָגן. דער פראָסט האָט געבראַנט. די מערסטע פון אונדז זענען אַרעסטירט געוואָרן אין די זומער־חדשים, זענען מיר געווען אָנגעטאָן לייכט. די טורמע האָט פאַרן אָפּפאָרן אַרויסגעגעבן אַלטע שמאַטעס. איבער אונדז האָט אַ בריק פאַראייניקט צוויי גאַסן. מאַסן מענטשן האָבן זיך געפּרוווט אָפּשטעלן און זען אונדז פון דער בריק. זיי האָבן זיך, אָבער, דערשראָקן און געלאָפן ווייטער. שול־קינדער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געשריען: „וראַגי נאַראָדאַ״, קיינער האָט זיי נישט אונטערגעהאַלטן. מ׳האָט אונדז געפירט אין אַ באָד ביי דער באַן־דירעקציע. די פאַרלייזיקטע שמאַטעס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן אויף דעזינפעקציע. די „סאַניטאַרנע באַאַרבעטונג״, ווי שערן, ראַזירן אומעטום, ווו ס׳וואַקסן האָר, האָט מען דאָ נישט דורכגעפירט מיט אַזאַ ברוטאַליטעט, ווי אין טורמע. מיר האָבן זיך דאָך געפילט באַליידיקט. די אַרבעט האָט אויסגעפירט אַ ספּעציעלער אָטריאַד פון פרויען. צוריק־

קומענדיק, האָבן מיר געפונען די קאַלטע, אויסגעפרוירענע וואַגאָנען דעזינפעקצירט מיט קאַרבאָל.

די דריי געוועזענע מיליטער־קאָמאַנדירן אין מיין וואַגאָן, שאַצן אָפּ, אַז דער טיפּוס האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט אין אונדזער עשאַלאָן. די נ.ק.וו.ד.־קאָמאַנדירן, וואָס באַגלייטן אונדז, האָבן מסתמא מורא, אַז זיי וועלן ברענגען אין לאַגער געשטאָרבענע אַנשטאָט אַרבעטס־קרעפטן. דערפאַר האָבן זיי אויסגעפּועלט אין סווערדלאָווסק די רייניקונג.

ביי אונדז אין וואַגאָן, האָבן במשך די צוויי וואָכן, שוין געפעלט 9 מענטשן. געבליבן זענען 31. וויפל פון אונדז טראָגן שוין אין זיך די טיפּוס־באַצילן? וויפל פון די העכער צוויי טויזנט מענטשן אין עשאַלאָן וועלן דערפאָרן ביזן לאַגער? דער שווייגנדיקער געוועזענער מאַיאָר, וואָס איז פיל יאָרן געווען אין דער אַרמיי אויפן ווייטן מזרח, אונטער בליכערס אָנפירונג, זאָגט אָן, מיר זאָלן געדענקען, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי „בליעכץ", די „פּרוכטן" וועלן נאָך קומען אין די לאַגערן. דער ווייטער מזרח איז באַזעצט מיט צענדליקער טויזנטער לאַגער־פּונקטן. די איינציקע אינוועסטיציע, אויף דעם ריזיקן שטח, זענען די מיליאָנען קרבנות, די לאַגערניקעס, ווי אויך די „וואָלגע נאַסיליעניע" (א. ג. פריי אַרויסגעשיקטע), וואָס זענען געקומען בעת דער קאָלעקטיוויזאַציע און בעתן ליקווידירן דאָס קולאַקנטום. כאָטש זיי זענען אַלע געווען פּאַרהאַרטעוועטע, אַרבעטס־זאַמע מענטשן, צוגעווינט צו שווערער אַרבעט, איז דאָך די שטערבלעכקייט געווען ביי זיי זייער אַ גרויסע. אויפן לאַנגן וועג האָבן מיר געטראָפן נאָך צענדליקער עשאַלאָנען מיט אַרעסטירטע. ס'איז ממש אַ פעלקער־איבערוואַרפונג.

נאָך זעקס וואָכן פאָרן, זענען מיר אַרויס פון די וואַגאָנען אין אַ ים פון שניי. די לאַגער־היטער האָבן אונדז אַרומגערינגלט מיט אויסגע־שטרעקטע ביקסן. אַ כאַפּטע הינט, ווי וועלף, האָבן זיך געריסן צו אונדז, גרייט אונדז צו צערייסן. דאָס ערשטע מאָל האָב איך געהערט:

— פּאַר יעדן טראָט אויף רעכטס, אָדער אויף לינקס, אויסער דער ריי, ווערט געשאָסן אָן וואָרענונג.

אין צענטראַלן לאַגער־פּונקט האָט מען אונדז צעטיילט אין פאַרשיי־דענע אַרבעטס־קאָלאָנעס. אונדזער פּונקט האָט געהייסן קאַראַבאַס. אַ ריזי־קער שטח, אַרומגערינגלט מיט דריי רייען שטעכל־דראָטן. אין אַלע ווינקלען הויכע „ווישקעס", וואַך־פּונקטן, מיט פּראָזשעקטאָרן און מאַשין־געווער, אויסגעשטעלטע אויף דער גאַנצער זאָנע. די ערשטע פאַרצוימונג נישט

העכער ווי אַ מעטער, נאָך דעם 2 מעטער הויך, אַ פֿאַרבאַטענע זאָנע, און דערנאָך אַ הויכע פֿאַרצוימונג, און ווייטער אַ 2 מעטער, דאָס איז די אינערלעכע פֿאַרבאַטענע זאָנע, וואָס פֿאַרענדיקט זיך מיט דער פֿאַרצוימונג. דער אַריינגאַנג — אַ גרויסער טויער, אויפֿן טויער — סטאַלינס אַ פּסוק: „אַרבעט איז אין ראַטנפֿאַרבאַנד אַ זאַך פֿון כבוד און העלדישקייט״.

אין דער זאָנע פֿון לאַגער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיר געפֿינען זיך צו דער דיספּאָזיציע פֿון די קאַראַגאַנדיסקע לאַגערן אין דער קאַזאַכסטאַנער רעפּובליק. די שטאָט קאַראַגאַנדאַ, מיט אַ באַפֿעלקערונג פֿון איבער 200 טויזנט מענטשן, איז אַ נייער פּונקט אויף דער מאַפּע. מ׳האָט דאָרט געפֿונען שטיינקוילן. אַרום די קוילנגרובנס איז אַנטשטאַנען די שטאָט. איצט ווערט אַהין געשיקט די העכערע שיכט פֿון די אַרעסטירטע און פֿריי־אַרויסגעשיקטע, נאָכן אָפּזיצן זייער לאַגער־אורטייל. דער קוילן־באַסיין גופא באַשעפֿטיקט אָבער העכער 90 פּראָצענט לאַגערניקעס. אַלע שרעקן זיך געשיקט צו ווערן אַהער. די אַרבעט איז דאָ געגליכן צו טויט־שטראָף. די זאָנע איז פֿאַקטיש אַ ריזיקער שקלאַפֿן־מאַרק. די שקלאַפֿן באַקומט מען אָן געלט. טאָג־טעגלעך קומען אָן אַהער עשאַלאָנען און פֿאָרן אָפּ ווייטער אין די לאַגערן. אַהער קומען די „נאַראַדן״ פֿון די לאַגערן, פֿאָדערן אַרבעטס־קרעפֿטן. פֿון די נענטערע לאַגערן קומען די אָנפֿירער אויסקלייבן מענטשן צו אַרבעט.

די אינערלעכע אַדמיניסטראַציע ווערט דאָ אָנגעפֿירט דורך די פּריווי־לעגירטע „ביטאָוויקעס״; און אַפֿילו דורך היטער, וועלכע טראָגן געווער. די גרויסע באַנדיטן פֿאַרבלייבן דאָ יאָרן לאַנג, זיי שיקט מען נישט אין קיין אַרבעטס־לאַגערן. יעדע ווערטפֿולע שמאַטע ווערט ביי די לאַגערניקעס צוגענומען מיט כּוח. עס ווערט גלייך אַרויסגעפֿירט אויסער דער זאָנע און פֿאַרקויפֿט. מען ווערט דאָ אויך באַלד באַפֿאַלן פֿון קלענערע גנבים, ביים באַקומען די פֿאַרציע ברויט, אָדער זופּ. צעשלאָגענע, צעהרגעטע, דערשטאָכענע — איז דאָ אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. איבעראַל אַ פֿאַרסמטע אַטמאָספֿער. מען רופֿט אונדז „קאָנטריקע״, „וואָגי נאַראָדאַ״ (קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, שונאים פֿון פֿאָלק). אַלע ווייסן, אַז מיר זענען אויסער יעדן געזעץ. די דאָזיקע אַטמאָספֿער ווערט געשאַפֿן באַוווּסטזיניק דורך דער נ. ק. וו. ד. צו צעברעכן יעדן מינדעסטן ווילן צו ווידערשטאַנד אַזוי ווי ס׳האָט עס געטאָן די צאַרישע מאַכט. אַזוי ווי דאַן ווערט אויך היינט די אונטערוועלט אָרגאַניזירט קעגן די פּאָליטישע; דעמאָלט איז עס אָבער נישט געלונגען ווייל די פּאָליטישע זענען געווען אָרגאַניזירט און

באַוואָפנט אידעאָלאָגיש. אין 1937 זענען מיר געווען אַ גרויסע מאַסע פון גייסטיק אַנטוישטע און פיזיש צעבראָכענע. די פאַרגלייבטע אין הערשנדיקן רעזשים האָבן נישט געקענט באַנעמען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. אַמ־שווערסטן האָבן געליטן פון טעראָר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, אָדער ווי מ׳רופט זיי, די „נאַצמענען" (נאַציאָנאַלאַיע מענשעסטוואָ), די אוזבעקן, קאַזאַכן, טאַדזשיקן, גרוזינער, טאַטאַרן א. אַנד. די מערהייט פון זיי האָבן אַפילו רעכט קיין רוסיש נישט געקענט רעדן. זיי האָבן בכלל קיין צוטרוי נישט געהאַט צו די רוסן. זיי האָבן זיך גרופירט אומעטום צוזאַמען, לויט זייער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט. אַנדערש ווי „זוועריי" (חיות) ווערן זיי דורך די גנבים נישט גערופן. די יידן, די „אַבראַשעס", ווי מיר האָבן געהייסן, האָבן זיך אין דער גרויסער מאַסע פאַרלוירן.

דעם דריטן טאָג האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער קאַראַנטין. מיר ווערן באַלד באַצייכנט ווי אַרבעטס־„בריגאַדעס". אין דער מעדיצינישער קאָנטראָל האָט מען נישט באַטראַכט דאָס האַרץ און נישט די לונגען. דער דאָקטער האָט נאָר געהייסן אַראָפּלאָזן די הויזן און באַטראַכט צי דער ביין ביים אונטערשטן אָדורכגאַנג איז בלוי. דאָס איז דער ערשטער סימן פון דער פאַרשפּרייטסטער קרענק צווישן דער לאַגער־באַפעלקערונג — פּילאַגרי. די קרענק קומט פון נישט גענוג דערנערונג. פון דאָרט בין איך גלייך געפירט געוואָרן אין אַן עטאַפּנעם באַראַק. איך האָב אַזוי אַרום פאַרלוירן דעם קיעווער קאָלעקטיוו, מיט וועלכן איך בין צוזאַמען געקומען. פון 40 מענטשן זענען מיר געבליבן נאָר 27. די זעקס וואָכן פון געמיינזאַמע ליידן האָבן אונדז ענג פאַרבונדן. איך בין ווידער איינער אַליין, אין אַ ים פון שנאה און פיינטשאַפט.

דער באַראַק איז ריזיק גרויס, אין דער העלפט איינגעגראָבן אין דער ערד. די קליינע פענצטערלעך גלייכן זיך אויס מיט דער גאַס. דריי־גאָרנדיקע נאַרעס פון שמוציקע ברעטער, לענג אויס אַלע פיר ווענט. נאָך אַ ריי נאַרעס אין דער מיט צעטיילט דעם באַראַק אין צווייען. אַלע לויפן זוכן אַ שטיקל פּלאַץ, אַ פריי ברעט. יעדער וויל אַן אָרט אין דער הייך, ווו ס׳איז וואַרעמער, ביי אַ וואַנט און אָן אַ שכן. אין דער מיט איז די ערגסטע פּאָזיציע, ווייל דאָ ביסטו פון אַלע זייטן אין געפאַר. איך האָב אַרויפגעוואָרפן מיין זעקל מיט די פאָר שמאַטעס, ווו ס׳געפינט זיך מיין טייערסטער אָנדענק — דאָס קישעלע פון מיין קינד. דאָס זעקל איז, אָבער, צוגעכאַפּט געוואָרן. דאָס זעקל איז געווען מיין גאַנץ האָב־און גוטס. איך בין אַריבער־געשפּרונגען, אָנגעכאַפּט דעם גנב און מיט מיינע עטלעכע איבערגעבליי־

בענע ציין איינגעביסן זיך אין זיין אויער. ער האָט געוואָלדעוועט: „ס'איז דיינס? נעם עס דיר״... איך בין ווילד געוואָרן ווי אַ טיגער, און צופרידן געווען פון מיין ערשטן זיג. צווישן וועלף דאַרף מען זיין אַ יאָלף! אין די אויגן פון מיינע שכנים פון ביידע זייטן, בין איך מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן ווי אַ העלד. אָבער אין מיינע אייגענע אויגן האָב איך זיך געפילט געפאַלן. אַזוי גיך קומט פאָר דער פּראָצעס פון אַנט־מענטשונג. די באַדינגונגען מעקן אָפּ אין אונדז דעם צלם אלוקים. אַמאָל־אַמאָל האָט גאָרקי באַפליגלט די ראָמאַנטישע קעמפּער און טרוימער, וואָס וועלן שאַפן אויף דער וועלט די קאָמוניסטישע אָרדענונג, מיט זיין זאָג: „טשעלאָוויעק, עטאָ זוואַטשעט גאָרדאָ״ — מענטש, דאָס קלינגט שטאָלץ! היינט שרייבט מען אים צו, אַז ער זאָל האָבן געזאָגט: אויב דער שונא גיט זיך נישט אונטער, דאַרף מען אים פאַרניכטן. ווער איז דאָ דער שונא? 90 פּראָצענט פון די אַלטע באָלשעוויקעס? די קאָמוניסטישע פּאָליטישע עמיגראַציע אין ראַטנפאַרבאַנד? די טויזנטער, וואָס איך באַגעגן דאָ אין לאַגער, אַרבעטער, פּויערים, אינטעליגענטן?

מיינע נערוון האַלטן נישט אויס. איך מוז זיך, אָבער, קאָנטראָלירן און נישט פּרווון קעמפן אָדער וואָגן רעאַגירן איבער מיינע מעגלעכקייטן, אויב נישט, וועל איך גיך אַוועקפּגרן ווי אַ הונט. איך שטופּ זיךביים אַרבעטס־אַמט, ווו מען פאַרשרייבט די פאַך־ספּעציאַליסטן. ס'איז געווען אַ מעלדונג, אַז שניידער זאָלן זיך פאַרשרייבן. אין אַ לאַגער־פּונקט דאָלינקע, 30 קילאָמעטער פון קאַראַבאַס, האָט מען געעפנט אַ גרויסע שניידער־פאַבריק, וואָס פּראָדוצירט מיליטערישע מלבושים. מיין פאַך־קענטעניש, און באַזונדערס דער פאַקט, אַז איך בין ביזן אַרעסט געווען שעף פון אַ צעך, האָט זיי פאַראינטערעסירט. אָבער נאָכן באַקענען זיך מיט מיין באַשולדיקונג און אורטייל, האָט מען מיך אָפּגעוואָרפן.

איך האָב דאָ באַגעגנט אַ ייד, אַ בעקער, מיט אַן אורטייל פון 5 יאָר, פאַר אַ מיוחסדיקער באַשולדיקונג, גנבה. זיין פיזישע און מאָראַלישע צעבראָכנקייט האָט מיך, אָבער, דערשראָקן. ער איז נישט מער ווי 2 יאָר אין לאַגער. „די צרה איז, וואָס איך זיץ פאַר גנבה און בין נישט קיין גנב — קלאָגט ער זיך — אַרויסגייענדיק פון דער אַרבעט פון ברויט־זאַוואָד, האָב איך אַהיים גענומען אַ ברויטל. דאָס אַלץ״.

מ'האָט אונדז צונויפגענומען, 100—120 מענטשן, אויף אַ ווייטערן עטאַפּ. דער שטילער פראָסט האָט ווי געברענט. דער טרוקענער שניי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער זון, ווי ברילִיאַנטן. „יעדע 10 קילאָמעטער,

וועט איר האָבן 10 מינוט רו״ — האָבן זיי אָנגעזאָגט. נאָכן אָפּזאָגן דעם פּזמון, אַז מען וועט שיסן, אויב מ׳וועט געבן אַ טראָט רעכטס, אָדער לינקס, אָדער פאַר אָפּשטיין אין גאַנג, האָט דער קאָמאַנדיר איבערגעחזרט די פראַגע: „פאַרשטאַנען?״ אַז קיינער האָט נישט געענט־פערט, האָבן די „סטרעלקי״ (שיסער) אונדז געשלאָגן מיט די פּריקלאַדן, און ד׳ הינט האָבן זיך געריסן אונדז צו צערייסן אויף שטיקער. און זיי האָבן ווייטער געפרעגט: „פּאָניאַלי?״, פאַרשטאַנען? אַ טייל האָבן זיך אָריענטירט און געענטפערט: פאַרשטאַנען! „מיט גוטנס פאַרשטייט איר נישט״ — האָט דער קאָמאַנדיר געריטשעט. דאָס איז געווען אונדזער ערשטע לאַגער־לעקציע, די „קאָנטריקע״. מיר גייען, די קעלט יאָגט אונדז, נישט פאַרפרוירן צו ווערן. אָבער וואָס ווייטער אַלץ שווערער איז צו גיין. די מענטשן זענען נאָך לאַנגע חדשים אין טורמע איינגעקאַרטשעט געוואָרן. די פיס האָבן זיך אָפּגעוווינט פון גיין. מען רייבט זיך כסדר די אויערן, זיי זאָלן נישט אָפּפרירן. אַלע מאָל הערט מען אַ געוואַלד, אַ געשריי. דאָס דערלאַנגט מען די, וואָס שטייען אָפּ, מיט די פּריקלאַדן איבערן קאָפּ. נאָך עטלעכע שעה גיין, האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ ווינט. די זון איז ווי פאַרגאַנגען. זיילן שניי האָבן זיך אויפגעהויבן, ווי כוואַליעס פון אַ מעכטיקן ים. אין טייל ערטער האָט זיך די ערד אויפגעדעקט, אין אַנדערע האָט דער ווינט אויפגעשטורעמט נייע שניי־בערג. עטלעכע פורלעך אויף 2 רעדער, איינגע־שפּאַנט אין קעמלען, באַגלייטן אונדזער עטאַפּ. אין שטורעם האָבן די קעמלען שרעקלעך געהירזשעט. אויך די ביי:ע הינט האָבן יאָמערלעך געוואָיעט. מיט אַ מאָל איז געוואָרן אין גאַנצן פינצטער. די „סטרעלקי״ האָבן שיסנדיק אין דער לופט, זיך צעשריען: „לאָזשיס״, לייגן זיך! דאָס איז געווען אַ ציקלאָן־שטורעם.

מיט 4 יאָר שפּעטער, ווען איך בין געווען אין קאַזשווע, אין ווייטן צפון, האָב איך איבערגעלעבט אַזאַ ענלעכן ציקלאָן, וואָס האָט געטראָפן אַ מאַרשירנדיקן עטאַפּ. פיל זענען פאַרפרוירן געוואָרן, צוזאַמען מיט די היטער. אַפילו אונטער די קלעפּ פון די פּריקלאַדן, זענען מיר נישט פעיִק געווען צו הייבן די פיס. די גאָר שוואַכע האָט מען אַרויפגעלייגט אויף די פורלעך, ווי סנאָפּעס שטרוי, כאָטש אויף זיי איז געווען נאָך אַ גרעסערע געפאַר פאַרפרוירן צו ווערן.

אַנשטאָט דעם זעלבן אָוונט, זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט ערשט צומאָרגנס. מ׳האָט אונדז אַרייַנגעיאָגט אין דער „באַניע״, אין

באָד, הייסט עס. ביי די מערסטע זענען געווען אָפּגעפּרוירן אברים. ס׳זענען געווען אַפילו פאַלן, וואָס ס׳טרעפט זעלטן, אַז פון דער שרעק־לעכער קעלט האָט געליטן דער געשלעכטס־אָרגאַן. אין אָוונט, נאָכן קלונג „אָטבאָווי״, ווען אַלע לאַגערניקעס מוזן זיך געפינען אין די באַראַקן, האָט מען די געזונטע צעפירט אין די באַראַקן. מיך מיט אַ גרופּע האָט מען צוגעפירט צו אַ באַראַק, וואָס איז געווען האַלב איינגעגראָבן אין דער ערד. אויפן דאַך איז געשטאַנען אַ היטער, אַ קאַזאַך. ער האָט געדראָט, אַז אויב מיר וועלן זיך דערנענטערן צום באַראַק, וועט ער שיסן. דער קאָמענדאַנט פון אונדזער זאָנע, אַ גנב ווי אַלע אַנדערע קאָמענדאַנטן, וויל אים אויפקלערן. מיר הערן, אָבער, אַז דער קאַזאַך קלאַפּט שוין מיטן שלאָס פון זיין ביקס.

אין באַראַק איז פינצטער. ס׳ברענט נאָר אַ קאַגאַניעץ, געמאַכט פון אַ באַנקע. מיר שטופּן זיך, ווי דער שטייגער, מ׳וויל פאַרכאַפּן אַ שטיקל ברעט אויף אַ נאַרע. אַ גרויסע אייזערנע פּאָס שטייט אין מיטן. זי דינט אַלס אַן אויוון, אויך צו טריקענען די מלבושים. די לופט איז דערפון פאַרעיפּושט. די וואַנצן זענען אונדז באַפאַלן. קיינער טוט זיך נישט אויס. אין וועלכן גיהנום בין איך דאָ אַריינגעפאַלן? פאַר וועלכע זינד?

ווי אויף אַ קינאָ־לענטע, לויפן מיר אין קאָפּ אַדורך שטעט, געשעע־נישן, מענטשן. אָט בין איך אין שיינעם פּאַריז, ביי אַ מעטראָ־סטאַציע, אין דעם אַרבעטס־ראַיאָן ביי קוראָן, אָדער בעלוויל. מען קערט זיך אום פון דער אַרבעט. מענטשן וואַרטן אָפּ זייערע געליבטע, מענער, פרויען, טאַטעס, מאַמעס. איך דערמאָן זיך די גליקלעכע, פריידיקע באַגעגענישן, די קושן. וויפל יומטובדיקייט אין אַ געוויינלעכן וואָכן־טאָג. דאָס איז דאָך די שיינקייט אין מענטשלעכן לעבן. איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט געַנוג צייט איינצוזאַפּן אין זיך אָט די פּשוטע, מענטשלעכע שיינקייט. איך האָב געהאָפט, און געווען זיכער, אַז מיר וועלן ענדערן דעם רעזשים און אַז דער קאָמוניזם וועט שאַפן נאָך מער מענטשלעכע יום־טובדיקייט.

איך בין איין מאָל אַוועק צוזאַמען מיטן חבר שראַגער אין אַ דעלע־גאַציע אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. מיר זענען געקומען איינלאַדן עמעצן פון די פירער, מאָריס טאָרעז, מאַרסעל קאַשען, זשאַק דיקלאָ אָדער סעמארד, צו אונדזער יידישן אַרבעטער יום־טוב, צום 10טן יאָרטאָג פון דער עקזיסטענץ פון דער „קולטור־ליגע״. ס׳איז דאַן אויך פּונקט אַריינגעקומען דאָריאָ. אַלע האָבן זיך מיט אים דערפרייט. ער, דער סאַמע יינגסטער פון אַלע, האָט שוין דאַן דערגרייכט אַ פּאָליטישע

קאַריערע, דעפּוטאַט פון סען־דעני, אַ פלאַם־פייערדיקער רעדנער. ער איז נאָר וואָס געהאַט צוריק געקומען פון מאָסקווע. אין זיינע רייד, וואַרפט ער אַריין: „וואָס פאַרא גרויסע חניפה עס הערשט אין קרעמל״... מיך האָט עס דעמאָלט געגעבן אַ ברי: אַזאַ אַפּיקורסישער געדאַנק! שפּעטער איז אַוועק אַ פּאַרטיי־קאַמפּאַניע: „דאָריאָ, אָ מאָסקו״. זאָל ער פאָרן קיין מאָסקווע. שראַגער איז דעמאָלט געווען צופרידן, טאָרעז אַליין האָט אים צוגעזאָגט קומען צום יידישן אַרבעטער־יום־טוב. „זעסט, משה — זאָגט ער מיר — ווי מיר מאַכן געשיכטע פון יידישן יישוב אין פראַנקרייך״...

„קומט אַהער, חבר טאָרעז! — רייסט זיך אַרויס ביי מיר — קוקט אָן די הונדערטער טויזנטער באַראַקן, ווו עס וואַלגערן זיך מיליאָנען אומשולדיקע קרבנות. אָט איז די געשיכטע וואָס מיר מאַכן!...״

איך כאַפּ אַ שעפּטשעריי, יידישע ווערטער. איך הער שטיל ברומען אַ יידישן ניגון פון שלום עליכמס „הונדערט טויזנט״ פון מיכאָעלס־טעאַטער אין מאָסקווע. אַ פרייד האָט מיך פלוצים אַרומגענומען. פאַראַן דאָ נאָך יידן! אַבי איך בין נישט אַליין. די טרייסט האָט מיך איינגע־שלעפערט. איך פיל נישט מער די וואַנצן און די לייז. איך האָב זיך נישט באַוויזן איבערדרייען אויף דער אַנדערער זייט אויף די נאַקעטע האַרטע ברעט פון דער נאַרע און עס הערט זיך שוין דער געשריי „פאָדיאָם״! אויפשטיין!

פאַר אַלעמען בין איך געלאָפן זוכן דאָס אָרט, פון וואַנען איך האָב ביי נאַכט געהערט דעם יידישן ניגון. ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זענען אַ גרופּע פון אַ 10—12 יידן. אַלע אין איין בריגאַדע און אויף דער זעלבער נאַרע. אָבער אין דער פרי איז נישטאָ קיין צייט, מען דאַרף נעמען דאָס ביסל „באַלאַנדע״ און די פּייקע ברויט. און מען יאָגט שוין אַרויס צו דער אַרבעט. זיי צערוקן זיך און איך האָב שוין אַן אָרט צווישן זיי. איינער לויפט זיך באַמיען מען זאָל מיר אַריינבעמען אין זייער בריגאַדע. און אָט שפּאַן איך שוין צוזאַמען מיט זיי צו דער אַרבעט.

די אַרבעטס־קאָלאָנע הייסט צ. פּ. א. צענטראַלע אינדוסטריעלע גערט־נעריי־סטאַציע. זי איז אַן אָפּטיילונג און געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג פון קאַראַגאַנדער לאַגער. די ריזיקע סטעפּעס זענען דאָ רויי־ערד. זיי זענען נאָך קיין מאָל נישט באַאַרבעט געוואָרן. דאָ אויף דעם ריזיקן שטח פּרוווט מען וואָס לאָזט זיך פלאַנצן און זייען. אַהער שיקט מען דער עיקר קראַנקע, אינוואַלידן און פרויען. ס'איז אַ גרויס גליק

פאַר אַ לאַגערניק, אַז ער אַרבעט אין דער אַגראַר־ווירטשאַפט. ס׳איז אַ גאַנץ שטעטל, אַרומגערינגלט מיט שטעכל־דראָט. הונדערטער באַראַקן. די צאָל פון די לאַגערניקעס איז אַ מלוכה־סוד. מיין בריגאַדע אַרבעטביים איבערוואַרפן דעם „נאַוואָז" פון איין ריזיקן באַרג אויף אַ צווייטן, ווייל אַנדערש, הייבט ער אָן צו ברענען. די אויבערשטע שיכטן פון „נאַוואָז" זענען פאַרפרוירן. מען דאַרף כסדר אַרבעטן מיטן לאָם און קירקע. ווען דו דערגרייכסט שוין צו אַ שיכט, אַז דו קענסט שוין אַרבעטן מיט דעם גאָפל, איז שוין אָבער פינצטער. און איבער נאַכט ווערט עס ווידער פאַרפרוירן. די צווייטע בריגאַדע קאָפּעט ווידער אויף די פאַרפרוירענע ערד.

די נאָרמע איז 4 קובמעטער, און מען באַקומט פאַר דעם 700 גראַם ברויט. אַרבעט ווער אויס ווינציקער ווי 50 פּראָצענט, באַקומט ער אַ „שטראַפּנאָי פּאַיאָק", דאָס הייסט נאָר 300 גראַם, אָן אַ זופּ. עס טרעפט זעלטן אַז עמעצער זאָל אויסאַרבעטן די פולע נאָרמע.

די בריגאַדירן „דעסאַטניקעס" און היטער, האָבן געיאָגט, נישט געלאָזט אָפּרוען און כסדר געשראָקן: „מען וועט דיר אויסשרייבן אַ „שטראַפּני פּאַיאָק". דאָס הייסט נאָר 300 גראַם ברויט, אָן דער זופּ; און אויסער דעם, אין אַזאַ פאַל, קען מען דיר איינזעצן נאָכן אַרבעטס־טאָג אין איזאָלאַטאָר, און נאָך עטלעכע אַזעלכע פאַלן — קען מען דיר צומשפּטן אַ צוגאָב צום אורטייל.

דאָס ברויט איז פון ערגסטן אָפּפאַל, מיט אַזוי פיל וואַסער, אַז זיין נאַרהאַפטיקייט איז בכלל אַ מינימאַלע. דאָס שוואַכט אין גאַנצן אָפּ און דערנענטערט מיט שנעלע שריט צו יענער וועלט. אין דער לאַגער־שפּראַך האָט עס געהייסן „אדאכאדיאגע", ענלעך ווי אין די היטלער־לאַגערן — אַ מוזלמאַן. דער גורל צו בלייבן לעבן אָדער נישט, ליגט שטענדיק אין די הענט פון די בריגאַדירן און „דעסאַטניקעס", כאָטש זיי אַליין זענען אויך פאַרשיקטע. ווייל פאַרשרייבן אַז מען האָט אויסגעאַרבעט די 70—80 פּראָצענט פון דער נאָרמע, וואָס מען האָט פּאַקטיש נישט אויסגעאַרבעט, איז אַפּהענגיק פונעם גוטן ווילן פון דעם בריגאַדיר. דאָס זעלבע איז עס מיטן פאַרשרייבן אַרבעטן, וואָס זענען גאָר קיין מאָל נישט געמאַכט געוואָרן. ווען מען וואָלט סומירט אַלע קובמעטערס שניי, וואָס די בריגאַדירן האָבן פאַרשריבן אין די טעגלעכע באַריכטן, וואָלט שוין פון לאַנג דער גאַנצער ערד־קיילעך געקענט זיין איין באַרג שניי. די באַלעבאַטים פון די לאַגערן ווייסן, אַז מען נאַרט זיי אָפּ; פּונקט ווי

זיי אַליין נאַרן די העכערע פון זיך. איבעראַל הערשט דאָ דער סיסטעם פון נאַרן, גנבענען און צושטעלן פאַלשע אַרבעטס־באַריכטן. דער גאַנצער סיסטעם דינט די בריגאַדירן, די „דעסאַטניקעס" און אַלע אַנדערע אָנפירער, וועלכע זענען געזונט־אייזן, און די, וואָס אַרבעטן און שאַפן די רייכ־טימער אין די לאַגערן, באַקומען אַ דערנערונג וואָס פירט צו אַ פּאַמעלעכן, אָבער זיכערן פּריצייטיקן טויט.

אַנדערע בריגאַדעס אַרבעטן ביים אויסקאָפּען אין דער פּאַרפרוי־רענער ערד לאַנגע גריבער, צו מאַכן „פּאַרניקעס". פרויען־בריגאַדעס האָבן געאַרבעט ביים אָנפילן די „פּאַרניקעס" מיט „נאַוואָז". ס'האַרץ האָט געריסן, זעענדיק די יונגע פרויען, ווי זיי האָבן געטראָגן אין צווייען אויף טראָג־ברעטער („נאָסילקעס") דאָס קו און פערד־ אָפּפאַל. אַלע אַרבעטן ווערן אויסגעפירט אויפן פרימיטיווסטן אופן, וואָס איז לויב־באַר נאָר מיט דער אומזיסטער שקלאַפן־אַרבעט. נאָך 12 שעה שווערער אַרבעט אין פראָסט און אין ווינט, איז דאָס צוריקקערן זיך אין פינצטערן, ברודיקן באַראַק, געווען דאָס גרעסטע גליק. מ'האָט צעהאַנגען אין באַראַק די אויסגעווייקטע שמאַטעס, וואָס בינדן אַרום די פיס.

דאָס איינציקע ביסל וואַרעמקייט, פון וועלכן איך האָב גענאָסן, איז געווען פון מיינע נייע יידישע לאַגער־חברים. דער ייִנגסטער פון אונדז איז געווען אַ קענער פון דער יידישער ליטעראַטור, אַ מיטאַרבעטער פון ווילנער יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, לייזערקע ראַן, היינט אַ שרייבער און קולטור־טוער אין אַמעריקע. מיר האָבן אַלע געשעפּט פון אים ידיעות וועגן יידישן לעבן אויף דער וועלט; ווייל מיר זענען דאָך שוין יאָרן לאַנג געווען אָפּגעריסן פון איר. די ווילנער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט אים געהאַט געשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד. ער איז אָבער גלייך אויף דער גרענעץ אַרעסטירט געוואָרן, צוזאַמען מיט זיין פרוי. צו זיין גליק, איז עס נאָך געווען פאַר דער שרעקלעכער טעראָר־כוואַליע אין 1937סטן יאָר. אַזוי, אַז אין פאַרגלייך מיט אונדז, האָט ער געהאַט אַ קלענערן אורטייל. ער איז געווען דרייסט און פול מיט אָפּטימיזם, וואָס האָט אונדז אַזוי געפעלט. די גרעסטע ליידן האָט ער איבערגעטראָגן מיט אַ ווילנער עקשנות. מיר האָבן אַלע שטיל געבעטן, אַז לייזערקע ראַן זאָל כאָטש בלייבן לעבן, וועט ער דערציילן דער יידישער וועלט וועגן אונדזערע ליידן. ער האָט דאָך אַ האָפענונג גיכער באַפרייט צו ווערן, און אַרויס פון די גיהנומדיקע גרענעצן. איך האָב געהאַט דאָס גליק צו ווערן זיין „נאַפּאַרניק", דאָס הייסט, זיין מיט־שותף

ביי דער אַרבעט. צוזאַמען האָבן מיר געגעסן דאָס אָרעמע ביסל „באַלאַנדע" (זופּ) פון איין קעסעלע און שטענדיק, אין אַלע באַדינגונגען, געשמועסט. פיל מאָל פלעגט ער זאָגן:

— האָט זיך ווער פון אונדזערע ליטעראַטור־שעפער געקענט פאָר־שטעלן, אין וועלכן עק וועלט און אין וועלכע באַדינגונגען עס וועלן שטיין אָפּגעריסענע, ברודיקע, פאַרלייזיקטע יידן און אויסגעשמירטע אין קי און פערד־מיסט, וועלן זיי הייס דעבאַטירן וועגן זייער שאַפן?

דער קורצער פּעריאָד איז געווען דער בעסטער אין מיינע שפּע־טערדיקע לאַנגע יאָרן פון לאַגער־לעבן. אין שכנות זענען געלעגן צוויי לאָזערס, ביידע זענען אַרעסטירט געוואָרן אין מאָסקווע און מיטן עטאַפּ פון דער לוביאַנקע־טורמע, האָט מען זיי אַהער געבראַכט. לאָזער פרידמאַן (נאָך אין פּאַריז האָב איך זיך דערוווסט, אַז זיין נאָמען איז געווען אַלטער נייער). אַ וואַרשעווער. געווען אַן אַקטיווער טוער אין וואַרשע־ווער טעקסטיל־פאַראיין און פאַראַנטוואָרטלעך פיל יאָרן פאַר דער ביבליאָטעק ביים פאַראיין. אַ הויך־אינטעליגענטער מענטש און זייער פעיִקער, באַזונדערס צו טעכניק. ער האָט אָבער גאָרנישט געקענט דערגרייכן אין פּוילן. די פּאַרטיי האָט אים געשיקט קיין רוסלאַנד. דאָ האָט ער געענדיקט אַ מעטאַלורגישן טעכניקום און לעצטנס געאַרבעט אַלס אָנפירער פון אַן עקיפּ אין זאַוואָד „שאַריקי פּאָדשיפּניק" אין מאָסקווע.

דער צווייטער לאָזער, אַ קאָמוניסט פון גאַליציע, געשיקט געוואָרן אויף פּאַרטיי־בילדונג אין רוסלאַנד. נאָכן פאַרענדיקן דאָס לערנען איז ער צוריק געשיקט געוואָרן. ער איז געווען אַ צייט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער יידישער אַרבעט אין מערב־אוקראַינע. זייענדיק דאָס צווייטע מאָל אין רוסלאַנד, האָט ער פאַרענדיקט דעם אינסטיטוט פון רויטער פּראָפעסור. אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין צענטראַלן „געזערד", באַהערשט פּערפעקט די ענגלישע שפּראַך. ווען שלום אַש איז געקומען קיין מאָסקווע אין 1928, איז ער געווען זיין באַגלייטער. ער האָט דערציילט אַ קוריאָז וועגן שלום אַשן: ווען ליטוואַקאָוו האָט דעמאָלט געגומען אַשן אויפן צימבל בעתן באַרימטן באַנקעט אין מאָסקווע, האָט שלום אַש זיך אויפגעהויבן און אויסגעשריגן: איך פייף אויף אייך! ער האָט דאַן פאַרנומען אַ צימער אין האָטעל אין שכנות פון שלום אַשס צימער. אין דער זעלבער נאַכט, ווען ס'איז געשען דער סקאַנדאַל אויפן באַנקעט, איז שלום אַש שפּעט אין אָוונט, אַריין צו אים און זיך צעוויינט: „לאָזער, — האָט ער זיך געבעטן — אויף וועמען פייף איך דען?...

אויף מיינע לייענערס פּייף איך ?..." ס'האָט לאַנג געדויערט, ביז ער האָט שלום אַשן באַרויִקט.

אַ געוויסע צייט האָט לאָזער געאַרבעט אין דער קאָמיסיע פאַר העכסטער פּאַרטיי־בילדונג ביים צ.ק. ער האָט אָנגעפירט מיט דער פּאַרטיי־בילדונג צווישן די אַרטיסטן, באַזונדערס אין דער אָפּערע „באָלשאָי". ער איז געווען אַ ליבהאָבער און קענער פון מוזיק. ער האָט אָנגעשריבן אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט וועגן די צוויי מוזיק־שולעס אין מאָסקווע און אין לענינגראַד. ער האָט אויך איבערגעזעצט די לעבנס־געשיכטע פון פּאַגאַניני. לעצטנס האָט ער געאַרבעט אין אַפּאַראַט פון מאָסקווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, ווו כרושטשאָוו איז געווען סעקרעטאַר. ער האָט עס צוגעגרייט מאַטעריאַלן פאַר זיינע אַרויסטרעטונגען און געשריבן פאַר כרושטשאָוון פּאָליטישע רעפעראַטן. ער איז אויך געווען אויסגעקאָכט צווישן די שרייבער.

— ווי קומט עס, וואָס ביאַליק, וועלכער איז אַזוי פאַרשריגן געוואָרן צווישן יידישע קאָמוניסטן, איז דורך גאָרקין אויפן ערשטן סאָוויעטישן שרייבער־צוזאַמענפאַר אַזוי געלויבט געוואָרן, אין דער צייט ווען קיין איין שורה זיינע איז אין ראַטנפאַרבאַנד נישט געדרוקט געוואָרן. די סיבה דערפון, איז לויט זיין מיינונג, די לאַנג־יאָריקע נאָענטע פריינדשאַפט, צווישן די פאַמיליעס פון גאָרקי און גאַמאַרניק, געוועזענער פּאָליטישער שעף פון דער רוסישער אַרמיי, אַ שוואָגער פון ח. נ. ביאַליק, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן אין 1937. די דיכטונג פון ביאַליקן איז גאָרקין געווען גוט באַקאַנט פון וולאַדימיר זשאַבאָטינסקיס איבערזע־צונגען אין רוסיש.

אין דער לוביאַנקער תפיסה איז לאָזער געזעסן אין איין קאַמער מיט ש. דימאַנטשטיינען, געוועזענער קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים, וואָס האָט מיטגעאַרבעט צוזאַמען מיט סטאַלינען אין קאָמיסאַריאַט פאַר נאַציאָנאַלע פראַגן. ער, דימאַנטשטיין, איז דאַן געווען באַשולדיקט, אַז ער האָט פּלאַנירט שיסן סטאַלינען, בעת זיין אַרויספאָרן פון קרעמל. דימאַנטשטיין איז געווען אַזוי קורצזיכטיק, אַז ער האָט נישט געזען אויף קיין 20 סענטימעטער פון זיך. קיין בעסערן „שיסער" פון אים האָט די נ.ק.וו.ד. ווייזט אויס, נישט געקענט געפינען...

גרינבערג איז אַחוץ אין שפּיאָנאַזש, ווי ס'איז געווען דער שאַבלאָן פאַר אַלע פּאָליט.־עמיגראַנטן, אויך באַשולדיקט געוואָרן אין יידישן נאַציאָנאַליזם. די אויספאָרשונג האָט אים פאָרגעוואָרפן, אַז ביי יעדן

צוזאַמענקום פונעם אַפּאַראַט פון מאָסקווער פּאַרטיי־קאָמיטעט, פּלעגט ער שטענדיק זיך גרופּירן מיט יידן, אינסצעניזירן און זינגען יידישע לידער. אין ראַטנפאַרבאַנד האָט ער אַלע יאָרן געלעבט אין די גוטע באַדינגונגען פון דער פּריווילעגירטער פּאַרטיי־אַריסטאָקראַטיע. פון פּאַקטישן לעבן פון פאָלק איז ער געווען ווייט, אָפּגעריסן. אַפילו אין לאַגער איז ער פאַרבליבן אַ פאַרגלייבטער קאָמוניסט און טריי דער סטאַליניסטישער אָנפירונג. מיר פלעגן פיל דיסקוטירן צווישן זיך. מיט אַ רעליגיעזן פּאַטאָס האָט ער אַ מאָל דערקלערט:

— איך וועל אייך נאָך אין קורצן פאַרשלעפּן אין יידישן קלוב אין מאָסקווע און ביז שפּעט אין דער נאַכט וועלן מיר זיך משמח זיין, מיט הונדערטער יאָטן און יאַטעכעס, און זינגען יידישע לידער... איר וועט דאַן מוזן לאַכן פון אָט די טרויעריקע דערמאָנונגען. נאָר איך וועל לאַכן העכער פון אייך. איך געוועט זיך מיט אייך, די גאולה קלאַפּט שוין אין טיר. מיר קענען שוין פּאַקן די פּעקלעך צום לעבן...

שוין זייענדיק אין פּוילן, אין 1959, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אָט דער פעיִקער, הויך־אינטעליגענטער טרוימער, איז געשטאָרבן נאָך 2 יאָר זיין אין לאַגער, אין לאַגער־פּונקט דאַלינקע.

דאָס דריטע פּאָרל, וואָס האָט געגעסן פון איין קעסעלע, איז געווען ווילק און דער פאָלטאַוואַער, וועמען מיר האָבן גערופן לויט זיין געבוירן־שטאָט. ער איז געווען אַ פאָטאָגראַפיסט פון פאַך. מיט זיין אויסערלעכן אויסזען און באָרד, איז ער אַ ביסל ענלעך געווען צו זיין לאַנדסמאַן, זרובבל. פאַר וואָס מען האָט דעם באַלעבאַטישן ייד צוגעטשעפּעט פּאָליטיק מיט קאָנטער־רעוואָלוציע, און צוגעמשפּט 8 יאָר — איז שווער צו פאַרשטיין. ווילק, אַ פּאָליט.־עמיגראַנט, איז געהאַט געווען סעקרעטאַר פון לעדער־פאַראיין אין ווילנע. די ווילנער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט אים געשיקט קיין רוסלאַנד. ער האָט געהאַט געוווינט אין מינסק, און מען פלעגט אים פון צייט צו צייט אַריבערשיקן קיין מערב־ווייסרוס־לאַנד, ס'הייסט קיין פּוילן, מיט פאַרשיידענע טעכנישע פּאַרטיי־אויפגאַבן. דאָס לעצטע מאָל האָט מען אים אַריבערגעוואָרפן אַהין, ווען די פּוילישע פּאַרטיי איז שוין געווען אויפגעלייזט. זיינע קאָנטאַקטן און פאַרבינדונגען אין פּוילן האָבן מער נישט פונקציאָנירט. איז ער צוריק געקומען מיטן זעלבן אונטערערדישן וועג. נאָכן צוריקקומען האָט מען אים גלייך אַרעס־טירט, אָפּגעמוטשעט אין דער מינסקער טורמע און פאַרשיקט אויף 10 יאָר אין לאַגער. אין טורמע האָט ער באַגעגנט דעם ברודער פון דיכטער

איזי כאַריק, אַ צעשלאָגענעם און צעהרגעטן. ער האָט דאָרט אויך באַגעגנט דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון פוילישן טעקסטיל־פאַראיין אין ביאַליסטאָק. דער לעצטער איז אָפּגעזעסן 8 יאָר אין אַ פּוילישער טורמע. אין 1937 איז ער ווידער אַרעסטירט געוואָרן בעתן גרויסן טעקסטיל־שטרייק. קיין שום קאָמפּראָמיטירנדיקע מאַטעריאַלן האָט מען ביי אים נישט געפונען. דער שעף פון דער פוילישער דעפענסיווע האָט אים דאַן דערקלערט: „האָסט שוין גענוג אומזיסט געגעסן פויליש ברויט. איצט וועל איך דיר איבערשיקן צו דיינע חברים". מ'האָט אים צוגעפירט צו דער רוסישער גרענעץ און געהייסן גיין. מיט פרייד האָט ער זיך געמאָלדן צו דער רוסישער גרענעץ־וואַך. אָבער דאָ האָט מען אים מערדערלעך צעשלאָגן און אָפּגעפירט אין דער מינסקער נ.ק.וו.ד.

מיט דער צייט איז דער רעזשים געוואָרן נאָך שווערער. די פּאָליטישע מיט ספּעציעלע פונקטן האָט מען צונויפגענומען אין אַ באַזונדערער זאָנע און די פריייהייט זיך צו באַוועגן צווישן די באַראַקן אין דער גרויסער זאָנע איז ביי זיי צוגענומען געוואָרן. מען האָט געמוזט שלאָפן בלויז אין די אונטערוועש אויף די האַרטע, נאַקעטע ברעטער. צו דער־ליידיקן מענטשלעכע באַדערפענישן, האָט מען געמוזט אַרויסגיין אין די אונטערוועש, אין אַ פראָסט פון 35—40 גראַד. דאָס האָט, באַזונדערס, שווער געטראָפן די ליידנדיקע אויף די פענכערס. אַ סך האָבן, באין ברירה, עס געטאָן אין די אייגענע קעסעלעך, פון וועלכע זיי האָבן געגעסן דאָס ביסל „באַלאַנדע". אין דער פרי האָבן זיי עס אויסגעוואַשן מיט אַ ביסל שניי.

שפּעטער האָט מען מיך גענומען אויף אַן עטאַפּ, צוזאַמען מיט נאָך אַ טייל יידישע חברים. זיין צוזאַמען מיט יידן איז געווען אַ גליק. מ'האָט אונדז געפירט אַ מהלך פון 5—6 קילאָמעטער אין אַ נייעם פונקט. מיר האָבן דאָרט געהאָלפן אַרומצוימען די זאָנע מיט שטעכל־דראָט, און אויך אויפגעבויט אַן איזאָלאַטאָר, פאַר די וואָס וועלן זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקן. מיר האָבן אויך געגראָבן דעם קאַנאַל, וואָס האָט געדאַרפט צופירן וואַסער צו די פעלדער פון דעם פונקט. די ערד איז, אויסערן זיין פאַרפרוירן, אַ זאַמדיקע און פול מיט שטיינער. קיין לאָפּעטע קען מען נישט באַנוצן. דעם באָדן מוז מען רייסן מיט דער קירקע. די נאָרמע איז פיר קובמעטער פאַר אַ מענטש. אויסער דעם דאַרף מען נאָך די ערד אַוועקטראָגן. אַ סטאָליער־בריגאַדע האָט צוגערייט טאַטשקעס, אַוועק־צופירן דעם אויסגעגראָבענעם באָדן. די, וואָס האָבן שוין דאָ געאַרבעט

לענגער האָבן דערציילט, אַז שוין זינט דריי מאָנאַטן האָט מען צוגעזאָגט ברענגען רעדלעך צו די טאַטשקעס און מען וואַרט נאָך אַלץ. דערווייל האָט מען די ערד אַוועקגעטראָגן אויף נאָסילקעס.

איך אַרבעט מיט ראַנען. טייכן שווייס גיסן זיך פון אונדז, אין גרעסטן פראָסט. יאָ ברויט, נישט ברויט, נאָר מאַכן ווינציקער פון די גוייִשע שכנים טאָר מען נישט. זאָלן זיי נאָר נישט זאָגן, אַז יידן קענען נישט אַרבעטן. אַפילו אין די שרעקלעכע באַדינגונגען — זאָגט לייזער ראַן — דאַרף מען האַלטן הויך דעם יידישן כבוד, אַז נישט טייטשט מען עס באַלד אויס, אַז אַלע יידן זענען אַזעלכע. נאָך אַלע מעגלעכע קאָמבינאַציעס פון די בריגאַדירן, פאַרשרייבנדיק נישט־עקזיסטירנדיקע נאָרמעס. האָט כמעט קיינער אין באַראַק נישט געקענט באַקומען מער ווי 500 גראַם ברויט. דאָס שעלטן, זידלען און סטראַשען, אַז מען וועט אַלעמען פאַרמשפּטן פאַר סימולאַציע, און פאַר נישט וועלן אַרבעטן, האָט נישט געהאָלפן. מענטשן זענען שוואַכער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. גליקלעך זענען געווען די, וואָס זענען צוריקגעשיקט געוואָרן אין דער פריערדיקער קאָלאָנע. מען האָט זיי כסדר פאַרביטן מיט נייע.

אין אַ צייט אַרום איז אונדזער בריגאַדע אַריבער צו בוי־אַרבעט. דער בריגאַדיר רייבט זיך די הענט פון פרייד: „איצט, יאַטן, וועט זיין די פּייקע". מען בויט סקלאַדעס פאַר דער קומענדיקער געוועטעניש. מען בויט שטיבער פאַר די היטער און פאַר די נ. ק. וו. ד.־באַלעבאַטים. אַ טייל אַרבעטן ביים קנעטן ציגל. די טעכניק איז דאָ אַזוי פּרימיטיוו, פּונקט ווי ווען די יידן האָבן געבויט פּתום און רעמסס אין מצרים מיט ליים און שטרוי. די ציגל טריקנט מען אין זון און ווינט. די גרעסטע מיוחסים זענען דאָ די, וואָס קענען מאַכן טירן און פענצטער. זיי האָבן, אויסער דעם העכסטן פּרייז, וואָס אַ לאַגערניק באַקומט, 700 גראַם ברויט, אויך באַקומען צו 200 גראַם סאַיע־קאַשע.

ביי טאָג האָט די זון שוין גענומען וואַרעמען. דער שניי האָט אָנגעהייבן שוואַרץ ווערן. טראַקטאָרנע בריגאַדעס האָבן אויפגעהויבן די רויע ערד. אונדזער בריגאַדע האָט מען ווייטער געשיקט אַרבעטן מיט דער לאָפּעטע. מיר האָבן געגראָבן „ראַט׳טעלינע" קאַנאַלן, דאָס הייסט שמאָלע רינעס אויף די פעלדער, וואָס ציען דאָס וואַסער פון הויפּט־קאַנאַל. די ערד איז שוין געווען צעאַקערט און ס׳איז געווען לייכטער צו גראָבן. אָבער די נאָרמע איז געווען שרעקלעך גרויס — 40 מעטער אַ לענג אויף אַ מענטש. די דאָזיקע קאַנאַלן האָבן געדאַרפט זיין 80

סענטימעטער די טיף און 40 סענטימעטער די ברייט. אַפילו די לאַגער־ניקעס פון קאַזאַכסטאַן און אוזבעקיסטאַן, וועלכע האָבן יאָרן לאַנג דערביי געאַרבעט, האָבן אַפילו קיין העלפט פון דער נאָרמע נישט באַוויזן אויסאַרבעטן.

שוין צוויי חדשים, ווי מיר האָבן קיין רו־טאָג נישט באַקומען, צוליב דעם נישט אויספירן דעם פּלאַן פון דער קאָלאָנע. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויפן 1טן מאַי. אָבער דעם 30טן אַפּריל איז די וואָך איבער אונדז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן. נאָך דער אַרבעט, האָט מען אונדז שטאַרק בודק חמץ געווען, און אָפּגעהאַלטן מער ווי 2 שעה. אין מיטן דער נאַכט האָט מען אונדז אויפגעוועקט און אַרויסגעיאָגט פון די באַראַקן. מ'האָט ווידער דורכגעפירט אַ רעוויזיע; אונדז אויסגעשטעלט אויף דער „ליניקע" אין דער מיט פון דער זאָנע, געציילט און געציילט, און דער חשבון האָט אַלץ נישט געשטימט. ענדלעך האָבן זיי איבערגעלייענט אַ „פּריקאַז", אַז אַ גרופּע, וואָס האָט זיך בייזוויליק אָפּגעזאָגט אויסצופירן די אַרבעט, וועט געשטעלט ווערן פאַרן לאַגער־טריבונאַל. אין דער פרי פון 1טן מאַי האָט מען אונדז ווידער אַרויסגעטריבן צו דער אַרבעט.

10 חדשים זענען שוין געהאַט פאַרביי, ווי מ'האָט מיך אַרויסגעצ'מען פון שטובּ, און ענדלעך האָב איך באַקומען דעם ערשטן בריוו. נאָר מיט צוויי חדשים צוריק האָט מיין פרוי באַקומען אַרבעט אין אַ שטריקער־קאָאָפּעראַטיוו. דאָס מיינט אַז זי האָט אין משך פון 8 חדשים נישט באַקומען קיין אַרבעט. אַ מאַן, אַ „שונא פון פאָלק" — פאַר אַזאַ פרוי האָט יעדער מורא. איך פריי זיך אָבער דער עיקר, וואָס זי איז אויף דער פריי.

אונדזער בריגאַדע אַרבעט ביים באַגיסן די פעלדער, פון זון־אויפגאַנג ביז דער נאַכט. אין דער פרי און אין אָוונט איז זייער קאַלט. אָבער ביי טאָג ברענט די זון איבער די ריזיקע סטעפּעס פון פלאַך לאַנד. קיין שום ווינטל טראָגט זיך נישט, אויף די צענדליקער קילאָמעטער אַרום. אויף די ניי־פאַראַקערטע פעלדער איז קיין סימן פון קיין בוים נישטאָ און קיין שום שאָטן. אָבער די אַרבעט איז מיר אַמליבסטן פון אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט געטאָן. די אַרבעט פאַרכאַפּט, אַז דער קאָפּ הערט אויף טראַכטן. אין דער פרי מוז מען אַריינגיין האַלב אויסגעטאָן אין קאַלטן שניידנדיקן וואַסער. די צענטראַלע וואַסער־פּאָמפּע פון הויפּט־

קאַנאַל, שטויסט דאָס וואַסער אין די קאַנאַלן צו די פעלדער, מיט גרויסער קראַפט, און מיר, מיט די לאָפּעטעס דאַרפן רעגולירן די שטראָמען. אַז מ׳עפנט אַ דורכגאַנג פאַרן וואַסער, ווערט אין איין סעקונדע דאָס פעלד ווי אַ טייך. דאַן דאַרף מען פאַרמאַכן מיט ערד דעם אַדורכגאַנג. אָבער דער וואַסער־שטראָם איז שטאַרק, און מען מוז כסדר אַרבעטן זייער אָנגעשטרענגט. דאָ און דאָרט רייסט זיך דאָס וואַסער אַליין אַדורך. מען אַרבעט אַזוי ווי ביים ראַטעווען פון אַ פייער. דאָס איינציקע געווער, וואָס מיר באַנוצן, איז די לאָפּעטע, און דאָס ביסל ווינציק כוח, וואָס יעדער פון אונדז פאַרמאָגט נאָך. געווען פאַלן, ווען מענטשן זענען פון איבערמידקייט און פון אָנשטרענגונג געפאַלן אין חלשות. ביז וואַנען מ׳האָט עס באַמערקט, איז שוין יענער געווען אַ דערשטיקטער.

אַזוי איז לאָזער פרידמאַן אומגעפאַלן. מען האָט אים נאָך באַוויזן אויפצוהייבן. „ס׳האָט מיר עפּעס געגעבן אַ שטאָך אין אַ פוס" — האָט ער געזאָגט. פון דער אַרבעט האָבן מיר אים שוין געפירט. דער פעלדשער, דווקא אַ האַרציקער מענטש, אָבער אין מעדיצין האָט ער געהאַט אַ קנאַפּע אַנונג. אויף דער פריי איז ער געווען אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסן באַן־קנופּ. ער האָט געשטאַמט פון אַן אַסימילירטער יידישער משפחה. אין לאַגער האָט ער זיך דערפילט נאָענט צום יידישן אָפּשטאַם. ער האָט זיך צו אונדז באַצויגן מיט ליבע. אַז ער האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט, האָט ער עמעצן פון אונדזער גרופּע באַפרייט פון אַ טאָג אַרבעט. ביז ער האָט אויסגעבעטן ביים לאַגער־נאַטשאַלניק מען זאָל דערלויבן פריד־מאַנען אָפּצופירן אין לאַגער־שפּיטאָל. 8 קילאָמעטער ווייט פון אונדז, איז דאָס געשווילעכץ שוין געווען זייער הויך. מיר האָבן אים אַרויס־געטראָגן און אַרויפגעלייגט אויף דער פור. אַ היטער און דער פעלדשער האָבן אים באַגלייט. נאָר ביז די צוויי אָקסן האָבן זיך דערשלעפּט צום שפּיטאָל, איז ער אויפן וועג אויסגעגאַנגען.

במשך פון דעם זומער זענען מיר אַדורך אַלע שווערע קאַטאָרזשנע אַרבעטן — ווי צום ביישפּיל — קנעטן מיט די פיס דאָס ליים און שטרוי, צו מאַכן ציגל, ביזן שפּעטן הערבסט. אין הערבסט זענען שוין געווען שרעקלעכע ווינטן. האַלב נאַקעט, זענען מיר אַזוי געשטאַנען אין די ספּעציעלע גריבער מיט וואַסער און געווייקט די סנאָפּעס קאָנאָפּליעס פון לען.

די איצטיקע טעגלעכע צרות האָבן געמאַכט פאַרגעסן די שרעק־

לעכע איבערלעבונגען פון דער אויספאָרשונג. מיט אַ מאָל איז עס ווידער קאַפּויער געקומען. אין מיטן דער אַרבעט האָט זיך באַוויזן אַ באַפּולמעכטיקטער פון דער דריטער אָפּטיילונג פון נ.ק.וו.ד. ער האָט גענומען מיט זיך כמעט די גאַנצע פאַרבליבענע יידישע גרופּע און אונדז אַוועקגעפירט קיין דאַלינקע, צו דער הויפּט־אָנפירונג פון דריטן אָפּטייל. ווידער טורמע. ווידער אין אַ באַזונדער קעמערל, ווידער נאַכט־אויספאָר־שונגען. אין מיין קאַמער זענען אויך געווען עטלעכע גנבים און באַנדיטן. זיי זיצן פאַר פאַרשיידענע לאַגער־פאַרברעכנס — ווי אָפּזאָגן זיך צו גיין צו דער אַרבעט א.אַ.וו. צוויי פון זיי האָבן זיך אַריינגעריסן צום ברויט־שניידער, און מיט כוח אַרויסגעריסן פון אים אַ ברויט, און אויך פאַר מערדערייען. אַז איך בין נישט קיין לאַגער־מויז (אַזאַ איינער, וואָס אַרבעט אין דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע) זעט מען פון מיין הילוך — ברודיק, אָפּגעריסן; און דאָך באַטאַפּן זיי יעדעס נעטל פון מיינע לאַגער־מלבושים. זיי זוכן, אפשר ליגט ביי מיר באַהאַלטן עפּעס געלט. ביי נאַכט, ווי דער שטייגער, ווער איך געבראַכט צו דער אויספאָרשונג. מיר ווערן באַשולדיקט, אַז מיר זענען אַ נאַציאָנאַליסטישע גרופּע. צו מיין גליק, האָב איך גראָד אָנגעטראָפן אויף אַן אויספאָרשער אַן אַרמענער, וואָס האָט געלאָזט צו זיך רעדן.

— ס'איז נישט קיין שום גרופּע — האָב איך אים דערקלערט — ס'איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג צו זוכן אין דער פרעמד אַ משפחה, אָדער אַ לאַנדסמאַן. ווען מען ברענגט אַ נייעם עטאַפּ, למשל, לויפט יעדער זוכן אַ לאַנדסמאַן. גרוזינער זוכן זייערע. אוקראַינער זוכן אוקראַינער. דאָס זעלבע איז אויך ביי אונדז. איינער דעם צווייטן קען ווינציק העלפן, אָבער אַז ס'טוט וויי, שרייט מען: מאַמע, כאָטש מען ווייסט, אַז זי איז שוין לאַנג געשטאָרבן.

דעם גאַנצן דרוק וויל ער לייגן אויף גרינבערגן. אויף מיר זאָגט ער: „דו ביסט געווען אַן אַרבעטער, אָבער ער איז דאָך אַן אינטעליגענט. פאַר וואָס איז ער צווישן אייך היינט?"

„ער איז דאָך אַ לאַגערניק, שיקט אים אין אַ ביוראָ, וועט ער מיט אונדז נישט זיין".

צומאָרגנס האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער־קאָלאָנע. דעם גורל פון אַלע אַנדערע האָב איך מער נישט געוווּסט. איך האָב זיך געפילט פאַריתומט אָן דער יידישער חברה. די קאָלאָנע איז געווען פאַר טראַקטאָריסטן־מעכאַניקער. די מערסטע אַרעסטאַנטן זענען

דאָ געזעסן פאַר גנבה און לויטן פּאַראַגראַף 7/8, פאַר סאַבאָטירן און גנבענען סאָציאַליסטיש אייגנטום, פאַר „פּריגולן", דאָס הייסט אַדורכלאָזן טעג און נישט קומען צו דער אַרבעט. זיי זענען נישט געווען קיין טיפּן פון פּראָפעסיאָנעלע גנבים־רעצידיוויסטן. דאָס זענען אַרבעטער פון שטאָט און דאָרף, וואָס זענען צופעליק אַריינגעפאַלן, ביים נעמען אַ קליינעם טייל פון דעם, וואָס די מלוכה מיט אירע מעכטיקע אַפּאַראַטן באַגנבענען אומברחמנותדיק זייער מערווערט, אָפּיציעל, אין נאָמען פון סאָציאַליזם, און נישט אָפּיציעל — פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן.

איך אַרבעט ביים אַקערן די ערד אין אַ נאַכט־שיכט. דער אַקער מיט די 8 מעסערס, וואָס גראָבן און דרייען איבער די ערד, ווערט געשלעפּט מיט אַ טראַקטאָר. מ'האָט די ערד נאָר צום צווייטן מאָל אויפגעאַקערט. זי איז נאָך פול מיט פאַרהאַרטעוועטע פלאַסטן און שפּיציקע שטיינער. יעדעס מאָל ווען דער אַקער־אייזן שלאָגט זיך אָן אין זיי, שפּרינגען שטיקער פייער אין פּנים אַריין. מיט אַלע מיינע כוחות האַלט איך זיך, נישט אַראָפּגעוואָרפן צו ווערן פון טראַקטאָר. איך האָב זיך געפונען צווישן צוויי פייערן — צווישן בריגאַדיר און אַגראָנאָם. ביידע זענען זיי אַרעסטאַנטן, ווי איך. זיי האָבן מיר כסדר געדראָט, אַז אויב איך וועל נישט אַקערן אין דער טיף, וועל איך גיין „פּאָד סוד". אַקערנדיק טיף, האָט דער טראַקטאָר גיך נישט געקענט גיין. האָט דער טראַקטאָר־פירער מיר געהאַלטן אין איין דראָען: „אוביו"... כ'וועל דיר דערהרגענען, אויב דו וועסט האַמעווען דעם טראַקטאָר. און ווען דער טראַקטאָר האָט אָנגעהויבן קאַפּריזעווען, האָט ער זיך געוואָלט וואַרפן אויף מיר. ער פלעגט זיין גאַנצע רציחה אויסלאָזן צו אונדז, צו מיר און צום טראַקטאָר — זידלען, שעלטן, ביז צום רבונו של עולם. איין מאָל, ווען דער טראַקטאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט ער מיט דער קאָלבע געהאַקט אין מאָטאָר אַריין און אויך מיר געוואָלט דערלאַנגען. איך בין אַראָפּ־געשפּרונגען און ער — נאָך מיר. אַ נס, וואָס דער פּראָזשעקטאָר פון טראַקטאָר, האָט אים פאַרבלענדט אין דער פינצטערער נאַכט, — דאָס האָט מיך געראַטעוועט. ווען ער האָט זיך דערנאָך באַרויִקט, האָט ער מיך גערופן:

— מישאַ, מישאַ!

איך בין שטיל צוגעקומען צו אים, ער איז געזעסן און געוויינט.

— אָט אַ מזל, אַ פינצטערער — האָט ער געכליפּעט — אַ פרוי, דריי

קליינע קינדער, און איך דאַרף דאָ אַקערן די פאַרשאָלטענע ערד אין דער פינצטערער נאַכט...

מיר האָבן זיך ביידע אַראָפּגערעדט פון האַרצן. די בשותפותדיקע ליידן האָבן אונדז דערנענטערט צווישן זיך. ער — אַ זון פון די דאָנער סטעפּעס, און איך, אַ ייד פון פּוילן. נאָכן פאַרענדיקן דאָס צוגרייטן די פעלדער צום פאַרזיי אויפן קומענדיקן יאָר, בין איך געווען צווישן די פינף, וואָס האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין דער אַרבעט. דער עלטסטער אַגראָנאָם און דער נאַטשאַלניק פון דער קאָלאָנע האָבן אונדז געשיקט קיין דאַלינקע אויף אַ קורס פון טראַקטאָריסטן. אָבער די דריטע אָפּטיילונג פון נ. ק. וו. ד. וואָס רעכנט זיך זייער ווייניק מיט דער ווירטשאַפטלעכער צוועקמעסיקייט, האָט געהאַט דאָס לעצטע וואָרט, און צוויי פון אונדז אויסגעשטראָכן. מיך און אַ געוועזענעם לערער פון זשמערינקע. מיר זענען אָפּגעזעסן איינגע־קאַרטשעט איינער אין צווייטן ביי נאַכט אין באָד, ווו די אָפּגעקילטע טראָפּנס פון דער פאַרע האָבן געטריפט אויפן קאָפּ. צומאָרגנס האָט מען אונדז ווייטער געפירט.

דער וועג ציט זיך אָן אַ סוף. מיר טרעפן אָן לאַגער־קאָלאָנעס און מען יאָגט אונדז אַלץ ווייטער. די מידע, געשוואָלענע פיס, אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס, אויפן פרישן שניי, זאָגן זיך אָפּ צו גיין. דער „סטרעלאָק" (היטער) זידלט: „איר שונאים פון פאָלק, איר שעדיקערס, איר ווילט איך זאָל פאַרפרוירן ווערן צוזאַמען מיט אייך!..." ער דראָט, אַז ער וועט אונדז דערשיסן, ווי הינט. אויף אונדזער באַמערקונג, אַז ער האָט נישט קיין רעכט — שווייגט! — דענערווירט ער זיך נאָך מער. „זאַקאָן דלאַ דוראַקאָוו נאַפּיסאַנע". מיר ווייסן, אַז דאָס איז ריכטיק, און מיט די לעצטע כוחות דערשלעפּן מיר זיך צום אָנגעוויזענעם לאַגער. נאָכן איבערגעבן די דאָקומענטאַציע־פּאַפּקעס, וואָס גייט נאָך יעדן אַרעסטיר'טן, וווהין מען פירט אים, און נאָך דער פערזענלעכער באַזוכונג, האָט מען אונדז אַריינ־געלאָזט אין דער זאָנע פון דער עטאַפּנער קאָלאָנע קאַראַבאַס.

מיר זענען דערשעפּט און הונגעריק. דער נאַטשער שניי פאַלט אָן אויפהער. מיר שטייען אין דרויסן ביי דער וואַכטע און וואַרטן מען זאָל אונדז איבערגעבן צום אַרבעטס־אַמט. און צוטיילן צו אַ בריגאַדע. אויף צרות און ליידן, איז יעדער אַרעסטירטער אָן אינדיווידום מיט אַ נומער און אַ פערזענלעכע „דיעלאָ". אָבער אויף עפּעס באַקומען אין לאַגער, ווי די פּייקע ברויט, אַ שטיקל האַרט, ברודיק ברעט אויף אַ נאַרע אין אַ באַראַק, מוז מען זיין צוגעבונדן צו אַ סטאַדע. אין דעם אָוונט, ווען

מיר זענען אָנגעקומען, איז די אינערלעכע אַדמיניסטראַציע פאַרנומען איבערן קאָפּ מיטן צונויפשטעלן די ראַפּאָרטן, אַז די לאַגערניקעס זאָלן האָבן די יורידישע רעכט צו באַקומען זייער ברויט־נאָרמע אויפן מאָרגנדיקן טאָג. און אָט האָט געקלונגען דער „אָטבאָי״, אַז מען טאָר זיך מער נישט באַוועגן אין דער זאָנע. מען שיקט אונדז אַליין געפינען אַן אָרט אין אַ באַראַק. אומעטום איז פול אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן. אויסער דעם, לאָזט דאָך קיינער נישט צו קיין מענטש, וואָס איז נישט פון זיין בריגאַדע. מען היט זיך פאַר גנבים און אויך פאַר קראַנקע אָנשטעקנדיקע מענטשן, פאַר טיפּוס.

ערשט נאָך האַלבער נאַכט האָבן מיר זיך אַריינגעשאַרט אין אַ באַראַק. דריי אַלטיטשקע, וואָס זענען געלעגן ביי דער טיר, האָבן אונדז אָפּגע־טרעטן זייער שטיקל אָרט אויף דער נאַרע (פּריטשע). זיי קומען פון טאַמבאָווער ראַיאָן. מען האָט ביי זיי פאַרמאַכט די איינציק־פאַרבליבענע צערקווע, זענען זיי געגאַנגען זיך פאַרקלאָגן צום פאָרזיצער פון אויספיר־קאָמיטעט פון געגנטלעכן סאָוויעט אין טאַמבאָוו. ער האָט זיי זייער פיין אויפגענומען, צוגעזאָגט, אַז אַלץ וועט באַטראַכט ווערן, און האָט באַלד געקלונגען צו דער נ.ק.וו.ד. און מען האָט זיי ביי אים אין קאַבינעט אַרעסטירט. זיי זענען שוין געווען אין טיפן עלטער, און דערפאַר האָבן זיי געוואַגט צו מאַכן אַזאַ אינטערווענץ.

אין „פערעסילענע־לאַגער״ האָבן די אַרעסטירטע די זעלבע רעכט, ווי אין טורמע. מ׳האָט באַקומען דעם לאַגער־פּאַיאָק, דאָס ברויט מיטן ביסל באַלאַנדע, נישט אָפּהענגיק פון דער אויסגעפירטער אַרבעט, אַזוי אַז אַלטע לאַגערניקעס האָבן זיך באַמיט וואָס לענגער דאָ צו פאַרבלייבן, מוחל זייענדיק די 200 גראַם ברויט מער, וואָס מען קען דערגרייכן ביי אויסאַרבעטן נאָרמעס ביי דער שקלאַפן־אַרבעט. דאָס האָט זיך אָבער נאָר איינגעגעבן די גאָר גרויסע אונטערוועלטניקעס. די אינערלעכע לאַגער־אַדמיניסטראַציע איז דאָ אין צאָל געווען הונדערט־פאַכיק מער, ווי אין די אַרבעטס־קאָלאָנעס. און אַלע באַשעפטיקטע אין דער אַדמי־ניסטראַציע האָבן פראַנק און פריי געראַבעוועט ביי די אַרעסטירטע, וואָס מען האָט געבראַנגט פון די טורמעס.

אַ גרויס צרעת זענען דאָ געווען די„מאַלאָלעטניקעס״, די 10—12־יעריקע אַרעסטירטע קינדער. די גאַנצע בריגאַדע איז געגאַנגען ברענגען דעם עמער זופּ פון קיך, כדי די יאַטלעך זאָלן אויפן וועג נישט פאַרכאַפּן דעם עמער, אים אויסגיסן און ווי די היישעריקן, זיך וואַרפן אויף דר׳ערד

אויסלעקן וואָס ס׳לאָזט זיך. אַ נישט־געשריבענער געזעץ האָט געהערשט ביי די לאַגערניקעס: „זאַ פּאַיקי אוביוט״, פאַר רויבן די פּאָרציע ברויט, דערהרגעט מען. נישט איינס פון די אומגליקלעכע קינדער איז געפאַלן אַ קרבן ביים פּרווון מיט געוואַלט אַרויסרייסן אַ שטיקל ברויט.

די נייע אַרעסטירטע, וואָס מען האָט געבראַכט אַהער פון די טורמעס, האָבן געהאָפּט, אַז אין די אַרבעטס־קאָלאָנעס וועלן זיי קענען פאַרדינען מער ברויט. פיל זענען געווען זיכער, אַז זיי וועלן קענען אַרבעטן ביי זייערע פאַכן. אַנדערע האָבן אַפילו געגלייבט די פאַלשע הבטחות, אַז מיט גוטער ערלעכער און אָנגעשטרענגטער אַרבעט, וועלן זיי גיכער באַפרייט ווערן. צווישן דער גרויסער מאַסע מענטשן אין דער עטאַפּנער קאָלאָנע, האָב איך קיין באַקאַנטע נישט געטראָפן. נאָר צווישן דער קליינער גרופּע פרויען, וואָס זענען געווען אָפּגעטיילט פון אונדז מיט אַ הויכער זאָנע שטעכל־דראָט, האָב איך דערקענט אַ פרוי פון מיינס אַ זאַמאָשטשער חבר. ער איז אַ ריי יאָרן געווען סעקרעטאַר פון שניידער־פאַראיין, פישעלע געלערנטער. ווען איך האָב זי געזען, האָט זי זיך געשראָקן צוגיין נאָענט צום דראָט. זי האָט מיך, אין מיין אויסזען, נישט דערקענט. פון איר האָב איך באַקומען אַ גרוס פון מיין שוועסטער, מיט וועלכער זי איז צופעליק געזעסן אין איין קאַמער אין דער בוטירקע־תפיסה. זי האָט מיר דערציילט, אַז נאָך דער אויספאָרשונג איז מיין שוועסטער אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער דעפרעסיע. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון עסן. קיינער האָט אויף איר נישט געקענט ווירקן. נאָר אַ נייע אַרעסטירטע, אַ דאָקטערין, אַ געוועזענע טוערין אין דער ס. ד. ק. פּ. ל. וואָס איז מיט איר צוזאַמען געזעסן אין דער לענטשיצער טורמע, האָט אויף איר געווירקט צום גוטן.

זי האָט אויך דערציילט, אַז איר מאַן האָט מען אַרעסטירט אין כאַבאַראָווסק און איר — אין מאָסקווע. זייער קינד האָט מען צוגענומען. איך האָב לײדער נישט געקענט טרייסטן דאָס פאַרבלוטיקטע האַרץ פון דער מוטער. מיט געוואַלט האָט מען אַוועקגעריסן די הענטעלעך פון איר דריי־יאָריק קינד, וואָס האָט זיך געקלאַמערט אין איר. זי איז באַשולדיקט געוואָרן לויטן פּאַראַגראַף 58/17, דאָס הייסט, אַז זי האָט געוווּסט, אַז איר מאַן, געלערנטער, איז געווען אַ שפּיאָן, און האָט עס נישט געמאָלדן אין נ. ק. וו. ד.

אויפן גרונט פון מיין איין־יאָריקער דערפאַרונג אין לאַגער, פאַרזיכער איך איר, אַז דער פונקט איז נישט קיין שווערער, און אַז זי וועט

אַלס קראַנקן־שוועסטער, אַרבעטן בײַ איר פּאַך. ווייל קראַנקע זענען דאָך דאָ אַזוי פיל. איך האָב געפּרוווט שטאַרקן אין איר די מאָראַלישע קראַפט צו איבערלעבן די אַכט יאָר.

מען האָט מיך ווידער גענומען מיט אַן עטאַפּ, אין לאַסט־וואַגאָנען, צוזאַמען מיט גנבים. זיי זענען באַשטימט געוואָרן, דורכן נאַטשאַלניק פון די היטער, אַלס סטאַראָסטעס. מיט אונדז איז געווען איינער, אַ באַנדיט,



פישעלע געלערנטער
לאַנגיאָריקער סעקרעטאַר פון די באַקלייד־אַרבעטער אין זאַמאָשטש
אַרעסטירט, 1937, אין כאַבראָווסק און אומגעקומען

אַ מערדער. ווי נאָר דער עשאַלאָן האָט גערירט, האָט ער גלייך אָנגעהויבן הערשן ביד חזקה. מלבושים אין אַ ביסל אַ בעסערן צושטאַנד האָבן ער און זיינע מיטהעלפער מיט כוח אַראָפּגעשלעפּט, כדי זיי צו פאַרקויפן אין וועג. דאָס ערגסטע איז געווען, מיט דער פּייקע ברויט און ביסל זופּ. ווייל אויך אויף דעם האָט ער געלייגט זיין האַנט. וואָס שוואַכער און

קראַנקער מ׳איז געווען, אַלץ מער האָט זיך די גנבים־באַנדע איזדעקעוועט. מ׳האָט זיך געוואַלגערט אין ענגשאַפּט, שמוץ און קעלט. די צוויי לאָקאָ־מאָטיוון, וואָס האָבן געשלעפּט און געשטופּט דעם עשאַלאָן, האָבן פאַר־שפּרייט אַ וואָלקן סאַזשע. דאָס אייוועלע אין וואַגאָן האָט געדויכערט. קיין פּיצל פּאַפּיר צו מענטשלעכע באַדערפענישן איז נישט געווען. נאָר די נישט פּאָליטישע, זענען לויט דער ריי געגאַנגען ברענגען ברויט. אָדער אַרויפגעבן אַן עמער שניי. זיי האָבן נאָך געהאַט די מעגלעכקייט זיך אָפּוואַשן מיט אַ ביסל שניי. אין די באַדינגונגען האָבן זיך פאַרשפּרייט קראַנקייטן אין אַלע וואַגאָנען. ביי דער „פּאָוויערקע״ (קאָנטראָל), האָט מען שוין נישט געמוזט שטיין, אָדער זיצן. מ׳איז געלעגן און די קאָנטראָ־לערן האָבן געציילט לויט די פיס. מ׳האָט די קראַנקע נישט איזאָלירט. קיין שום מעדיצינישע הילף איז נישט געגעבן געוואָרן. די גנבים, די סטאַראָסטעס אין די וואַגאָנען, האָבן אויפגעפרעסן די „פּאַיאָקן״ פון די קראַנקע. געווען אויך אַ פאַל, ווען מ׳האָט נישט באַלד געמאָלדן, אַז איינער איז געשטאָרבן, כדי צו באַקומען פאַר אים די פּאָרציע ברויט.

קאַפּיטל זעכצן

# אין די ווייטע צפונדיקע וואַלד־מאַסיוון

נאָך צוויי וואָכן שלעפּן זיך, האָט זיך דער עשאַלאָן אָפּגעשטעלט אין אַטאַפּיק. די ברויט־ברענגערס האָבן עס אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מיר זענען נאָענט צום לאַגער פון מיעדני (קופּער) קאָמבינאַט, ביי דער אָזערע באַלכאַש, איינע פון די גרעסטע קופּער־גרובנס אין דער וועלט. דורך די צוויי קליינע, פאַרקאָוועטע פענצטערלעך האָבן מיר געזען אַרומ־לויפן לאַגער־נאַטשאַלסטווע, געזונטע, מיט רויטע, אָנגעפּרעסענע מאָרדעס. יעדן טאָג האָט מען אונדז געברענגט ביישעס פון די גליקן אין באַלכאַש. דאָ באַקומט אַ לאַגערניק עלף הונדערט גראַם ברויט און טראָגט ביי דער אַרבעט גומענע שטיוול. יעדער איינער האָט אַ מאַטראַץ און אַ קאָלדרע. אַז מען פירט אויס 30 טעג נאָרמעס, רעכנט זיך עס פאַר 36. סטאַכאַנאָווצעס האָבן נאָך מער.

מען וואַרט אויף דער סאַניטאַרנער קאָמיסיע פון „גולאג", ווייל דער באַלכאַש־לאַגער וויל אונדז נישט אויפנעמען. זיי האָבן מורא, אַז דער עשאַלאָן וועט מיטברענגען טיפוס. דער אמת איז טאַקע, אַז וואָס דאַרער און שוואַכער מיר ווערן, אַלץ גרעבער און חוצפּהדיקער ווערן די לייז אויף אונדז. דאָס וואָס מען לאָדט אונדז נישט אויס פון די וואַגאָנען, מען פירט אונדז נישט אין באָד אַריין, און מען דיזענפעקצירט נישט אונדזערע שמאַטעס, בלייבט פאַר אונדז, די שקלאַפן, איינער פון די אומצאָליקע פאַרברעכערישע מלוכה־סודות.

נאָך גאַנצע 8 טעג וואַרטן, האָט מען אונדז ברוטאַל און מיט רוגזה אַרויסגעיאָגט פון די וואַגאָנען, גלייך ווי מיר וואָלטן געווען שולדיק, אין דעם וואָס די „אָכראַנע" (די היטער) האָבן זיך פאַרהאַלטן לענגער, ווי עס איז געווען געפּלאַנט. מען האָט אונדז איבערגעפירט אין אַ צווייטן עשאַלאָן, אין קאַלטע, אויסגעפּרווירענע, מיט קאַרבאַל דעזינפעקצירטע וואַגאָנען, און מיר זענען אָפּגעפאָרן פון די „גליקן" אין באַלאַכאַרסקי

„מיעדני‟ קאָמבינאַט. נאָך דער טראַנספּאָרט־סטאַציע האָט מען אָפּגע־שטעלט דעם עשאַלאָן און אונדז אַרויסגענומען פון די וואַגאָנען צו אַ מעדיצינישער קאָמיסיע. 2 דאָקטוירים אין נ.ק.וו.ד.־אוניפאָרמען זענען געזעסן און אויפגענומען אין אַ קליינער אייזערנער באַן־בודקע. מיר האָבן געמוזט זיך אויסטאָן אויף דער גאַס און אין דער קעלט.

נאָך ווייטערע עטלעכע וואָכן שלעפן זיך אין וועג, זענען מיר אָנגע־קומען אין טאַמאַסינסקער לאַגער. עטלעכע הונדערט מענטשן האָט מען אָפּגעפירט אין אַ לעסנאַי פּאָדוואַלנער קאָלאָנע (ווו מען האַקט אויס די וועלדער). אַכט טעג האָבן מיר געהאַט קאַראַנטין. מיר האָבן בישט געטאָרט אַרויס פון באַראַק. יעדער פון אונדז איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַ קאַטע־גאָריע אַרבעט. איך בין צוגעטיילט געוואָרן צו דער קאַטעגאָריע טש. ט. — שווערע אַרבעט. מער גליקלעכע פון מיר האָבן באַקומען — ל. ט. גרינגע אַרבעט. די לעצטע זענען אָבער געווען מער טויטע ווי לעבעדיקע, פּול־שטענדיקע אינוואַלידן. דער באַשולדיקונגס־פּאַראַגראַף דעצידירט דאָ מער ווי דער געזונט־צושטאַנד.

פרי־באַגינען, אין דער פינצטער, האָט מען שוין אַרויסגעיאָגט צו דער אַרבעט. יעדע 24 מענטשן האָבן באַקומען אַ בריגאַדיר. אויף יענער זייט וואַכטע ווערט יעדע בריגאַדע געהיט דורך 2 „סטרעלקי‟. זיי היטן מיט הינט. די בריגאַדע ווערט באַזאָרגט מיט זעגן, העק, סקאָבלעס, שטריק און לאָפּעטעס. נאָך דער געוויינלעכער „פּאָרמאַלאָראָווקע‟ פון די „סטרעלקי‟, הערט מען דעם מענה לשון פון בריגאַדיר: „אין פּאַל פון אַ טראָט רעכטס, אָדער לינקס אויסער דער ריי — ווערט געשאָסן‟ — „אַמני׳ע ווראַט וואַם... דאָ דאַרף מען אַרבעטן‟. צום אָרט פון דער אַרבעט ווו מ׳דאַרף זעגן די ביימער, איז ווייט. ביז מיר קומען אָן, הייבט שוין אָן טאָגן. אַנדערע בריגאַדעס אַרבעטן שוין. דער בריגאַדיר באַפעלט, מ׳זאָל זיך אַליין פרייוויליק צוקלייבן אין גרופּן צו 4, אָדער 5, אָדער 6 מענטשן. די נאָרמע אויף צו באַקומען אַ פייקע ברויט פון 900 גראַם איז: 6 קובמעטער אויף אַ מענטש. מען דאַרף פריער אָפּרייניקן דעם שניי, כדי אונטערצוזעגן דעם בוים. דער פיען טאָר נישט זיין העכער פון 30 צענטימעטער. דערנאָך דאַרף מען נאָך אָפּהאַקן די צווייגן און צעשניידן דעם בוים אויף שטיקער צו 6 און אַ האַלבן מעטער די לענג, אָדער צו 4 און אַ האַלבן מעטער. די צווייגן דאַרף מען פאַרברענען און די צעזעגטע קלעצער דאַרף מען לייגן אין אַ שטאַבעל, קאָמען צו קאָמען, אַזוי אַז דער טראַקטאָר זאָל זיי קענען אַוועקשלעפּן.

יעדער קוקט זיך אַרום און זוכט שטאַרקע שותפים, ווייל די אַרבעט איז אַ קאָלעקטיווע. מ׳האָט מורא פאַר אַ שותף, וואָס וועט נישט קענען גוט אַרבעטן. איך קוק זיך אַרום. אַלע גרופּן זענען שוין אין קאָמפּלעט. און איך בין אַן איבעריקער מענטש אין דער וועלט פון דער וויסטער טייגע. דער בריגאַדיר זידלט מיך מיט די געמיינסטע ווערטער:

— טי, יעווריסקאַיאַ כאַראַ. ווו וועל איך נעמען ברויט פאַר דיר? דו וועסט מיר צעשטערן דעם פּלאַן פון דער בריגאַדע. אויב איך וועל דיך היינט נישט דערהרגענען, וועסטו ביי נאַכט גיין אין איזאָלאַטאָר.

די „סטרעלקי" זעען פון דער ווייטן, אַז אַלע אַרבעטן, אויסער מיר, הייבן זיי אויך אָן צו זידלען: „בליאַד... קאָנטריק. נאָ פּיענאָק". דאָס מיינט, אַוועקזעצן זיך אויף אַ פּיען, ביז דער קאָמאַנדיר וועט קומען. דאָס איז דאָס זעלבע ווי טויט־שטראָף. דער פראָסט ברענט, מען מוז זיך באַוועגן, אַנדערש ווערט מען פאַרפרוירן. ס׳קומט צו דער דעסאַטניק. ער קאָנטראָ־לירט און נעמט אָפּ די אָפּגעטוענע אַרבעט פון עטלעכע בריגאַדעס. ער, ווי זיינע קאָלעגן, זענען פון דער אונטערוועלט. איך קלער אים אויף, אַז ס׳איז נישט מיין שולד, וואָס קיינער האָט מיך נישט געוואָלט נעמען אין אַ „זוועגאַ". „אויב אַ יעווריטשיק וויל אַרבעטן, דאַרף מען אים געבן".

ער גיט מיר אַ נאָרמע, אויסצוהאַקן מיט דער האַק 40 „ספּיטשקעס" (שוועבעלעך), דאָס הייסט יונגע ביימלעך, וואָס האָבן אין דער „ווערשינע" אין דיאַמעטער 10 צענטימעטער. וואָלטן זיי געוואַקסן צוזאַמען, וואָלט מען דאָס געקענט דערגרייכן. מען דאַרף זיי אָבער זוכן. איך גיי ביזן בויך אין שניי. ביי יעדן ביימל דאַרף מען אָפּרייניקן דעם שניי, כדי צוצוקומען צום שטאַם.

מיט גרויס פאַרביטערונג און מיט מיין גאַנצער פאַרבליבענער ענערגיע האָב איך געאַרבעט, כדי צו פאַרטיידיקן מיין מענטשלעכן און יידישן כבוד. ווייל נאָר דערפאַר, וואָס כ׳בין אַ ייד, האָט מיך קיינער נישט געוואָלט נעמען פאַר אַ מיט־שותף. ווען איך האָב דערגרייכט די נאָרמע, האָבן נאָך אַנדערע געאַרבעט פון אַ שעה ביז צוויי. איך בין געווען נאַס און אויסגעווייקט פון שווייס.

דעם אַנדערן טאָג האָבן שוין נישט געפעלט קיין בעלנים אויף מיינע הענט, דאָס אונטערזעגן ביימער איז אַ פאַך־קענטעניש, און פאָדערט פּראַק־טיק. צו אַזאַ אַרבעט דאַרף מען זיין פיזיש שטאַרק, עסן צו דער זעט, נאָר־האַפטיק און לעבן אין נאָרמאַלע מענטשלעכע באַדינגונגען. דאָס אַלץ — איז

נישט געווען. זענען טאַקע מענטשן געפאַלן ווי די פליגן, פון קרענק, פון פראָסט, און פון אונטערדערנערונג.

יעדער בוים האָט איין אוקלאַן (אויסגעבויגן אין אַ באַשטימטער ריכטונג). אָן דערפאַרונג, ווייסט מען נישט ווו צו מאַכן די שטאַבע פון די צעשניטענע קלעצער, ווו אונטערצוהאַקן, אַז דער בוים זאָל אומפאַלן אין דער געוווּנטשענער ריכטונג. ווייל ס׳טרעפט אָפט, אַז אַ בוים פאַלט אין דער זייט, וואָס ער דאַרף נישט פאַלן און צעקוועטשט די אונטער־זעגער, אָדער די, וואָס אַרבעטן אין דער נאָענט. אין בעסטן פאַל דאַרף מען כמעט די גאַנצע אַרבעטס־צייט פטרן צונויפצושלעפן מיט שטריק די קלעצער אין אַ שטאַבע. אויך דערביי זענען געווען אָן אַ שיעור אומגליק־פאַלן, ווייל די „סטרעלקי״ לאָזן נישט, אַז די זוועגאָס זאָלן אַרבעטן אָפּגערוקט איינער פון דער צווייטער. זיי איז שווער צו היטן. ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז די וואָס האָבן זיך דערווייטערט, זענען געטראָפן געוואָרן פון זייערע קוילן.

צו דער אַרבעט זענען מיר געגאַנגען 4—5 קילאָמעטער, טראָגנדיק די משא פון אַרבעטס־כלים אויף זיך. אָנקומענדיק איז שוין נישט געווען קיין כוח אָנצוהייבן די אַרבעט. דער וועג צוריק איז געווען נאָך שווערער. די טראַקטאָרן, וואָס האָבן אַרויסגעשלעפט די שטאַבעס קלעצער פון וואַלד, האָבן פאַרוואַנדלט דעם שניי ווי אַ זאַמד אין מדבר. מ׳האָט שווער געקענט באַוועגן די פיס. מיר זענען געווען אָנגעטאָן אין טשאַנעס, אויפגעגנייטע פון אַלטע וואַטענע הויזן און אין באַשלאָטן. די בעסערע אַרבעטער האָט מען אַרויסגעגעבן טשאַנעס, אונטערגענייטע מיט גראָבער רעזינע פון פאָנפאַנעס פון גומענע רעדער. גערופן האָט מען זיי „טשע. טע. זע״, אויפן נאָמען פון טשעלאַבינסקער טראַקטאָרנעם זאַוואָד. אין יענעם פעריאָד, ווען נאַטשאַלסטווע איז זיכער געווען, אַז קיינער וועט נישט פּרווון אַנטלויפן, זענען די היטער אַוועק אַהיים באַלד ווי ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. און מיר, לאַגערניקעס, האָבן געהאַט די זכיה אַליין און אָן זיי זיך שלעפן ביז צו דער זאָנע. עס זענען געווען פאַלן, ווען מענטשן זענען אויפן וועג געפרוי׳רן געוואָרן.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך איין מאָל באַגעגנט מיין לאַגער־חבר, מיט וועמען איך בין צוזאַמען געקומען מיט דעם עטאַפּ, דעם אוקראַינישן לערער פון זשמערינקע. ער בעט מיר: „העלף מיר צוגיין צו דער זאָנע״. איך פּרוּוו אים העלפן. פאַלן מיר ביידע ווי שיכּורים. מיר באַמיען זיך צוזאַמען צודראַפּען צו דער זאָנע. לויט די שפּיצן פון די ביימער, האָב

איך אָפּגעשאַצט ווי ווייט עס איז דער מהלך. ער האָט אָבער בשום אופן נישט געקענט אַפילו זיך מיטשלעפּן מיט מיר. דערשלעפּנדיק זיך קוים, האָב איך אויף דער וואַכטע געמאָלדן, אַז איינער קען נישט דערגיין און מען דאַרף פאָרן אים ברענגען. איך האָב אָבער באַקומען דעם געוויינלעכן ענטפער אין דער לאַגער־שפּראַך — „... ס'נים". אין דער פרי האָט מען אים טאַקע געפונען אַ דערפרוירענעם.

אַז מען קומט שפּעט אין דער זאָנע, איז שוין נישטאָ קיין מעגלעכקייט אַנצוקומען צום לאַגער־פעלדשער, מעגסטו אַפילו זיין געפערלעך קראַנק. אַ סך מאָל פאַרשפּעטיקט מען אויך דאָס ביסל זופּ אין דער סטאָלאָווע. אַ הונגעריקער און אַ נאַסער, לייגט מען זיך דאָן אויף דער האַרטער, ברודיקער נאַרע. איידער מען דרייט זיך איבער אויף דער צווייטער זייט, איז שוין באַלד „פּאָדיאָם". מען דאַרף וואָס שנעלער באַקומען די „פּייקע" מיטן שיסעלע באַלאַנדע און ווייטער לויפן צו דער אַרבעט.

די טעג בייטן זיך אָן ענדערונג. מ'פאַרלירט אַפילו דעם אינטערעס צו וויסן דעם טאָג, אַז קיין אָפּרו־טאָג גיט מען סיי־ווי נישט. מען האָט געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אַז די קאָלאָנע וועט אויספּילן דעם פּלאַן, וועט מען באַקומען אַ רו־טאָג. פון פאַרצווייפלונג — האַקן מענטשן זיך אָפּ אַ פינגער, כדי צו באַקומען אַ „לעק. פּאָם", פון פעלדשער, וואָס באַפרייט פון אַרבעטן. נאָך אַ קורצער צייט אַרבעטן אין וואַלד, האָב איך געפילט אַז איך ווער אין גאַנצן פאַרטעמפּט. איך האָב פאַרלוירן דעם חשבון פון צייט. איך האָב געפּרוווט זיך דערמאָנען אין פאַרגאַנגענע צייטן און אין טייערע פּנימער, דאָס האָט מיך אַ ביסל באַרויִקט און געוואַרעמט דאָס האַרץ. דער קאָפּ איז אָבער געווען ליידיק. דער זעלבסט־דערהאַלטונג־אינסטינקט פון וועלן לעבן איז פאַרבליבן. אַ סך זעקס שוין געווען אַזוי גלייכגילטיק, אַז זיי האָבן רעזיגנירט אויך פון דעם. וואָס שוואַכער מיר זענען געוואָרן, אַלץ ווינציקער האָבן מיר געקענט אויסאַרבעטן די נאָרמע. אין רעזולטאַט דערפון האָבן מיר ווינציקער ברויט באַקומען. צו דעם אַלעם — איז נאָך אַ צוגאָב די אַכזריות פון דעם גנבישן בריגאַדיר. נאָכן פּרווו פון מיין „זוועגאַ" צו קעגנשטעלן זיך דעם בריגאַדיר פאַר זיין באַגזלענען די נאָרמעס ברויט, האָט ער אונטערגעטראָגן אַ מסירה, אַז מיר „רייסן אַרונטער דעם פּלאַן פון דער בריגאַדע"; און, לויט אַ „פּריקאַז" פון נאַטשאַלניק, האָט מען אונדז באַשטראָפט מיט 10 טעג איזאָלאַטאָר, באַגלייט מיט אַ וואָרענונג, אַז אויב ס'וועט זיך איבערחזרן וועט מען אונדז

איבערגעבן צום לאַגער־טריבונאַל. אַזוי האָט מען אונדז, נאָכן שווערן אַרבעטס־טאָג, איינגעזעצט אָן עסן אין קאַלטן גרוב, אין איזאָלאַטאָר.

דער בריגאַדיר האָט געמיין טריומפירט, און געזאָגט: „זשידי, טאַטאַרי, קאָנטריקי, וועלן קיין ברויט נישט באַקומען". צווישן די 6 זענען געווען פיר רוסן, איך און אַ טאַטאַר. אַלע פשוטע, ערלעכע אַרבעטס־מענטשן, צווישן זיי — געוועזענע קאָלכאָזניקעס, געוווינט צו שווערער פיזישער אַרבעט און צו אַ הונגעריק, ביטער לעבן, דאָך האָבן זיי זיך געבראָכן אונטער דער שווערער לאַסט. דעם טאַטאַר האָט דער בריגאַדיר דערלאַנגט מיט אַ קאָלאָן (אַ האַק, אונטערצוהאַקן די ביימער פאַרן אונטערזעגן) און ער האָט אים גיך באַפרייט פון אַלע זאָרגן... דאָס — דערקלערן די אונטערלעקער פון בריגאַדיר — איז „זאַקאָן טייגאַ". מיין „זוועגאַ" איז זיך פונאַנדערגעפאַלן, און איך האָב געאַרבעט מיט אַנדערע, אָבער דער בריגאַדיר האָט געהאַלטן זיין צוזאָג, — 30 טעג האָב איך באַקומען „שטראַפּני פּאַיאָק". נאָר 300 גראַם ברויט און איין מאָל אין טאָג אַ ביסל באַלאַנדע.

אַזוי האָבן די באַדינגונגען געשאַפן אַ פאַרסמטע אַטמאָספער און חיהשע באַציִונגען צווישן די לאַגערניקעס. ביסלעכווייז איז די גרענעץ צווישן די גנבים און פּאָליטישע געוואָרן אָפּגעווישט. אַנשטאָט דעם האָט זיך איינגעשטעלט אַ קאַמף צווישן אָפּגעשוואַכטע און געזונטע מענטשן אָן קיין שום מיטלייד פון איינעם צום צווייטן. די אָפּגעשוואַכטע ווערן נאָך שוואַכער און זענען שוין מער נישט פעיִק אַפילו אָפּצוּוואַשן זיך. עס רינט ביי זיי פון נאָז. מען לאָזט זיי נישט צו צום פייער־שייטער אין וואַלד. דער שטאַרקערער שטויסט אומעטום דעם שוואַכערן אַוועק. אַפילו צום פעלדשער, קומט אָן נאָר דער שטאַרקערער. די לייז פרעסן אויף דעם שוואַכן. יעדן חודש איז מען געגאַנגען אין באָד לויט בריגאַדעס. אָבער אויך אין באָד האָט מען ביי די שוואַכערע אַרויסגעריסן דאָס שעפעלע וואַסער. לאַנג אַרומשפּילן זיך איז אויך אין באָד נישטאָ קיין צייט. אַ צווייטע בריגאַדע וואַרט שוין. מען יאָגט אַרויס נאַקעטע פון באָד. ביז מען ברענגט די מלבושים פון דער דעזינפעקציע, טרעט איינער אויפן צווייטן. דער וואָס איז שטאַרקער, נעמט צו דיינע זאַכן. אַלע זענען בייז און אויפגערעגט, ווי חיות. איינער איז גרייט דעם צווייטן צו דערהרגענען. איך האָב איין מאָל געזען ווי ביי אַן אָפּגעשוואַכטן מענטש, אַ „דאָכאָדיאַגע", לויט דער לאַגער־שפּראַך, האָבן ביים קאַסטיאָר אָנגעהויבן ברענען זיינע צעריסענע וואַטעווע הויזן. קיינער פון די עטלעכע און פופציק אָנוועזנדיקע

האָט נישט געפּרוווט מיט שניי העלפן אָפּלעשן. פאַרקערט, מ׳האָט גאָר געחוזקט און געשפּעט.

אין אָט דער פינצטערניש האָט צו מיר אַ שיין געטאָן אַ שטראַל פון מענטשלעכקייט. אַ פרוי, וואָס האָט דערלאַנגט אין דער סטאָלאָווע דאָס ביסל עסן, האָט, ווייזט אויס באַמערקט, אַז איך גיב איר יעדן טאָג אַ „שטראַפּנאָי טאַלאָן״. נאָכן צונויפנעמען די טאַלאָנען פון לאַנגן טיש, פלעגט זי מיר כסדר איבערפרעגן, אַז די שכנים ביים טיש זאָלן הערן: „דו האָסט מיר געגעבן אַ סטאַכאַנאָווסקע טאַלאָן, יאָ?״ זי האָט עס געפרעגט כאָטש זי האָט גאַנץ גוט געוווסט, וואָס פאַראַ טאַלאָן זי האָט ביי מיר גענומען. די צוויי לעפל האָבער־קאַשע מיטן ביסל סאָיע, האָבן מיך סיי־ווי נישט געזעטיקט, נאָר ס׳האָט מיך געוואַרעמט די מענטשלעכע באַציִונג פון דער אומבאַקאַנטער פרוי. דאָס האָט אָבער אויך נישט געקענט ראַטעווען מיין לאַגע צו אַרבעטן אָן ברויט. און אַרבעטן מוז מען. ס׳יאָגט די קעלט און ס׳יאָגן דיינע מיט־שותּפים. יענער ציט די זעג, מוזטו אויך ציען. די הענט האָבן נאָך געדינט, אָבער די פיס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּצוזאָגן. אַז איך פלעג דאַרפן אַריבערגיין איבער אַ גראָבן קלאָץ, פלעג איך זיך מוזן אָוועקזעצן, מיט די הענט אַריבערוואַרפן די פיס. איך בין געוועזן זיכער, אַז עס דערנענטערן זיך מיינע לעצטע טעג.

און אָט אין דער האָפענונגסלאָזער לאַגע ראַטעוועט מיך גאָר מיין שניידעריי. דער „פּריאָמשטשיק״, דער אָפּנעמער פון די שטאַבלען קלעצער, קומט איין מאָל און פרעגט מיך:

— יעווריעטשיק, דו ביסט אַ שניידער?

ער גיט מיר אַ פעלעכל, איך זאָל אים מאַכן אַ קאָלנער און איבערנייען דעם לאַגער־באַשלאַט. דער עיקר, ער וויל אויסזען ווי אַ נאַטשאַלניק. בין איך געזעסן צוויי טעג ביים שייטער און געאַרבעט שניידעריי. און אַז ס׳איז אים געפעלן געוואָרן די אַרבעט, זאָגט ער צום בריגאַדיר: „אַ גאַנצן חודש ,סטאַכאַנאָווסקי׳, דאַרפסטו אים אויסשרייבן. קוביקעס גיב איך״.

זיץ איך גאַנצע טעג ביי אַ פייער. איך זוך נאָר אַן אויסגעטריקנטן־בוים איך זאָל אים אונטערהאַקן און וואַרפן אין פייער. איך וואַרעם זיך אויס די ביינער און האַלט אין איין שיקן מיינע לייז אין גיהנום אַריין. ביי יעדן שאָקל מיטן העמד איבערן פייער, קנאַקן זיי. און אויפן רויטן ברעטל ביי דער וואַכטע פון די סטאַכאַנאָווצעס שיינט יעדן טאָג אַראָפּ מיין נאָמען. און דער עיקר, די „גאַרבושקע״ (די פּאָרציע ברויט פון רעפטל) איז יעדן טאָג געווען.

קאַפּיטל זיבעצן

# לאַגער־חברים

וואָס מער די אָפיציעלע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין האָט גערײמט און גע־הויבן די רוסישע דערגרייכונגען אין דער וויסנשאַפט און טעכניק, אַלץ מער איז ביים פאָלק געוואַקסן דער דרך־ארץ צו אַלץ, וואָס קומט פון אויסלאַנד. אַ קליינעם פּראָפיט האָב איך אויך געהאַט דערפון. דער רום, אַז איך בין אַ וואַרשעווער שניידער, איז דערגאַנגען ביז צום שעף פון דער שוסטער־אַטעליע. דורך דעם „נאַראַדטשיק" פון דער קאָלאָנע, האָט עס געהייסן, אַז איך בין אַ שוסטער; פּאַקטיש האָב איך גענייט שניידעריי. יעדן טאָג נישט דאַרפן גיין אין וואַלד אין דער שרעקלעכער קעלט און זיצן אין דער וואַרעם, איז באמת געווען דאָס גרעסטע גליק. אויסער דעם, איז מען דאָ געווען נישט אַזוי אויסגעהונגערט. די קיך האָט געגעבן מער עסן, און אַ טייל פון די גוטע פאַכמענער, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר „נאַטשאַלסטוואָ", האָבן זיך בכלל נישט באַנוצט און גענערט מיטן לאַגער־עסן. די געשוואָלענע אַפּאַראַטן פון דער לאַגער־„נאַטשאַלסטוואָ", די, וואָס היטן די מענטשן פאַר עובר זיין, פאַרמעל צי פּאַקטיש, אויף די סאָוויעטישע געזעצן, נוצן אויס יעדע געלעגנהייט פאַר זיך. די לאַגער־באַדינגונגען האָבן אַפילו די שטאָלצסטע מענטשן פאַרוואַנדלט אין נעבעכ־דיקע באַשעפענישן. די אַרבעטס־קראַפט פון יעדן אַרעסטירטן געהערט צו דער מלוכה. אָבער אַנשטאָט אויסשרייבן אַ „נאַראַט" און באַצאָלן, איז יעדן „נאַטשאַלניק" „באַקוועמער" און „ביליקער" צו ברענגען אַ קילאָ ברויט, אָדער אַ קילאָ גרויפּן פאַרן בעל־מלאכה. דאָס איז אויך באַקוועמער פאַרן אויספירער פון דער אַרבעט. דורך דער פאַרמיטלונג פון די געזעצ־היטער, האָט מען אויך געאַרבעט פאַרן שוואַרצן מאַרק. צום באַדויערן, האָט מיך אָט די זון נישט לאַנג געוואַרעמט.

ס'איז געקומען אַ קאָמיסיע פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון די לאַגערן. די העכער הונדערט מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער זאָנע

ביי דער באַדינונג, די פאַרשיידענע בעל־מלאכות אין די ווערקשטעלן, האָט מען אויסגעשטעלט אויף דער „לינעיקע״ און זיי האָבן דורכגעפירט אַ סעלעקציע. די „גליקלעכסטע״ זענען געווען די קאַליקעס, אָן אַ פוס, אַדער אָן אַ האַנט.

נאָך דער סעלעקציע בין איך צוריק געשיקט געוואָרן אין וואַלד. ס׳איז נאָך געווען טיפער ווינטער, אָבער די ביימער האָבן שוין אָנגעהויבן צו זויגן זייערע זאַפטן און פעטקייטן פון די טיפענישן. דער ערשטער אָנזאָג, אַז דער פרילינג דערנענטערט זיך. אָבער ציען די זעג איז געוואָרן שווערער. מיטן אַרבעטן עטלעכע וואָכן אין ווערקשטאַט, בין איך אַ ביסל צוריק געקומען צו די כוחות, און זיך פאַרשאַפט אַ שטיקל אויטאָריטעט. אין דער „אינסטרומענטאַלקע״, ביים אַרויסנעמען די אַרבעטס־מכשירים, האָב איך געפילט אַ בעל־מלאכהשע סאָלידאַריטעט. דעם שניידער דאַרף מען געבן אַ זעג, זי זאָל גיין ווי אַ סמיטשיק. באַהאַלטענערהייט האָט מען מיר געגעבן אַ פייל צו רייניקן און שאַרפן די ציין פון דער זעג. דער בריגאַדיר האָט ווידער נישט געהאַט די חוצפה צו באַראַבעווען מיין פייקע ברויט.

נאָך אַ גאַנץ קורצער צייט אַרבעטן אין וואַלד, האָב איך שוין נישט געקענט דורכגיין ביי קיין בוים, כ׳זאָל נישט אינסטינקטיוו אויפ־הייבן דעם קאָפּ אים באַטראַכטן, זאָגן: „אַך, ווי שיין איז דער בוים״, און אָפּשאַצן וויפל קוביקעס ער קען געבן. וואָס שענער און גלייכער דער בוים האָט זיך געצויגן אין די הימלען, אַלץ לייכטער איז געווען פאַר דעם וואַלד־העקער אויסצואַרבעטן ביי אים זיין נאָרמע ברויט.

אין מיין נייער בריגאַדע האָב איך באַגעגנט אַ יידישן יונגנמאַן. מיר האָבן זיך ביידע געפרייט ווי צוויי ברידער, וואָס האָבן זיך אָפּגעפונען אין אַ פרעמדער, פיינטלעכער וועלט. כדי מיר זאָלן זיין צוזאַמען, האָט ער זיך צוגעשטעלט אַרבעטן אין מיין „זוועגאַ״ (רינג), כאָטש מיינע מיט־שותפים זענען געווען קעגן דעם, ווייל ער איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט.

ער איז שוין געווען צום צווייטן מאָל אין לאַגער. צו 19 יאָר איז ער, פון לידע, פויליש ווייסרוסלאַנד, אַריבער די גרענעץ קיין ראַטנפאַרבאַנד, מיט דער האָפענונג צו באַקומען אַרבעט און לעבן גליקלעך אין דעם פרייען סאָציאַליסטישן היימלאַנד. אָבער פאַרן „חטא״ פון איבערגיין די גרענעץ, האָט ער קודם כל באַקומען 3 יאָר. מיט דעם „דזעטסקי סראָק״ (קינדער־אורטייל), האָט ער געהאַט רעכט צו אַרבעטן ביי זיין פאַך, אַלס עלעק־טראָטעכניקער. נאָך דער באַפרייונג איז ער אומגעפרעגט, אויטאָמאַטיש,

געוואָרן אַ סאָוויעטישער בירגער. די אָפּצייכענונג אין זיין פּאַס, האָט אים אָבער נישט באַרעכטיקט זיין גאַנץ לעבן, אַרויסצופאָרן פון דער סיבירער זאָנע, און צו וווינען אין די צענטראַלע שטעט, ווי סווערדלאָסק, נאָוואָ־סיבירסק. דאַן איז ער אַנגעקומען אַרבעטן אַלס עלטסטער עלעקטריקער אין אַ טעאַטער אין דער סיבירער שטאָט ביסק. אַ הויך־געוואַקסענער בחור, מיט אַ געדיכטן קאָפּ בלאָנדע האָר, איז ער לאַנג נישט געבליבן איינזאַם. אַ רוסיש מיידל, די פּיאַניסטקע פון טעאַטער, האָט זיך אין אים פאַרליבט. דאָס יונגע בלוט רעכנט זיך נישט מיט קיין נאַציאָנאַלע, אָדער רעליגיעזע פאָראורטיילן. איר משפחה אָבער האָט זיך העפטיק קעגן געשטעלט איר הייראַטן מיט אַ ייד. איר מוטער איז געווען אַ לערערין פון ליטעראַטור, דער פאָטער — אַ דירעקטאָר פון אַ שולע, האָט אָנגעהערט צום אָרטיקן פאַרטיי־אַקטיוו, אַ ברודער און שוואָגער — אָפיצירן אין דער אַרמיי. דאָס יונגע מיידל האָט זייער געליטן און איז קראַנק געוואָרן. דאַן איז די מוטער אַליין געקומען צום יידישן בחור און אים פאַרבעטן צו דער קראַנקער טאָכטער.

אין איר הויז האָט ער אָבער, שטאַרק געפילט די שנאה אַרום זיך, גלייך ווי ער וואָלט געקומען מיט געוואַלט צונעמען זייער טאָכטער. ענדלעך האָבן זיי זיך „פאַרשריבן". אַ יאָר צייט האָט זיי די גאַנצע משפחה אויסגעמיטן. נאָך נאָכן געבוירן ווערן פון אַ קינד, איז דאָס האַרץ פון איר מוטער ווייכער געוואָרן. זייער יינגעלע מיט די גאָלדענע געקרייזלטע לאָקן איז געווען דער ליבלינג פון דער גאַנצער משפחה. ס'האָט אויס־געזען, אַז אויך צו אים, דעם יידישן פאָטער פון קינד, האָבן זיך אַלע פריערדיקע פאָראורטיילן, געענדערט צום בעסערן. 3 יאָר איז דאָס קינד אַלט געווען בעת מ'האָט אים אין 1937 צום צווייטן מאָל אַרעסטירט.

ביי דער אויספאָרשונג האָט מען אים דערקלערט, אַז זיין פרוי האָט זיך פון אים אָפּגעזאָגט, אַז איר גאַנצע משפחה האָט אים אויסגע־שפּיגן. ער האָט געמיינט, אַז ס'איז נישט מער ווי רכילות פון אויספאָר־שער. אָבער אין איר ערשטן ענטפער אויף זיין בריוו, וואָס האָט באַגלייט דעם אָפיציעלן גט, האָט זי געשריבן, אַז די טרערן פאַרבלענדן איר די אויגן, און אַז זי איז הילפלאָז און שוואַך אַנטקעגן צו שטעלן זיך די רשעותדיקע וועלט. אין היינטיקע צייטן זענען אוממעגלעך ניעכלודאָווס... (געמיינט דעם העלד פון טאָלסטאָיס „תחית המתים", וואָס איז מיט־געגאַנגען מיט זיין געליבטע קיין סיביר).

דער לעצטער טאָג, וואָס איך האָב מיט אים צוזאַמען געאַרבעט,

איז געווען אַ באַזונדערס שווערער. אַ קאַלטער רעגן און אַ שרעקלעכער ווינט האָבן אָן אויפהער געשניטן די פּנימער, ווי מיט מעסערס. די קאָרע־לאַפּטשעס זענען אויפן וועג צום וואַלד צעשוווּמען געוואָרן. ווי פון אונטער דער ערד, האָט זיך פּלוצים באַוויזן נעבן אונדז עפּעס אַ קאָמיסיע פון נאַטשאַלניקעס, אַלע אין הויכע שטיוול, מיט פּעלצן און לאַנגע רעגן־מאַנטלען מיט קאַפּישאָטן. איינער פון זיי רופט זיך אָן צו אונדז:

— אַלטיטשקע, רירט אייך אַ ביסל...

מיין וואָלאָדיאַ האָט נישט געקענט פאַרשווייגן און ענטפערט:

—די אַלטיטשקע האָבן נאָך נישט קיין 35 יאָר...

פאַר דער „חוצפה" האָבן זיי זיך גענומען טשעפּען צו אונדז. דער בריגאַדיר האָט געוואָלט באַווייזן, אַז ער שטייט אויף דער וואַך און מיט זיד'לערייען, האָט ער אונדז דערלאַנגט מיט אַ שטעקן. זיי האָבן אויך געפונען, אַז מיר האָבן אונטערגעהאַקט אַ קעדרע־בוים און אין פרילינג איז נישט דערלויבט זיי אונטערצוהאַקן. איך פרווו זיך פאַרענטפערן, אַז מיר האָבן דעם בוים נישט דערקענט. ס'איז באמת זייער שווער אונטערצושיידן צווישן אַ יאָלקע, פּיכטע און קעדרע. אַלע זענען נאָדל־ביימער.

— בליאַדי, דוראַקי, שעדיקער, קאָנטראַקי! — האָבן אָנגעהויבן האָגלען אויף אונדז זידל־ווערטער.

ביי אַזאַ געלעגנהייט, קען מען לייכט פאַרדינען אַ נייעם לאַגער־אורטייל.

זיי זענען זיכער געווען, אַז מיר וועלן דעם אורטייל אויך נישט איבערלעבן. דער עלטסטער פון זיי פרעגט אונדז: „ווי אַזוי האָט איר געלעבט אויף דער וועלט, אַז איר קענט נישט אונטערשיידן פון אַ קעדרע, ביז אַן אַנדער סאָסנע?" איך דערקלער זיי, אַז איך בין אַ מיליטער־שניידער. מיין חבר איז אַן עלעקטריקער פון טעאַטער־בינעס. דאָס האָט אַ ביסל ווייכער געמאַכט די שטראָף, אָבער מיר זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט איין טאָג איזאָלאַטאָר. אַנשטאָט צו באַקומען דאָס ביסל באַלאַנדע (זופּ) נאָך דער אַרבעט און אָפּרוען דעם גוף אויף די האַרטע ברעטער פון דער נאַרע, האָט מען אונדז גלייך פון דער וואַכטע אַריינגעוואָרפן אין דעם קאַלטן, שרעקלעכן איזאָלאַטאָר. מיר האָבן זיך צונויפגעטוליעט, די נאַסע, אויסגעווייקטע גופים זאָלן כאָטש איינער דעם צווייטן דערוואַרעמען. די מידקייט און אויסגעשעפּטקייט האָט איינ־

געשלעפּערט. וואָלאָדיאַ האָט מיך אויפגעוועקט און זאָגט מיר, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן, ס׳שטיקט אים אין האַלדז. איך לייג צו די האַנט צו זיין שטערן. ער ברענט פון היץ.

אין דער פרי האָט מען אונדז געיאָגט צו דער אַרבעט. ער האָט אָבער נישט געקענט שטיין אויף די פיס. ער איז געפאַלן. דער „לעקפּאָם" (פעלדשער) האָט אים באַפרייט דעם טאָג פון דער אַרבעט. אין צוויי טעג אַרום, ווען איך בין נאָך דער אַרבעט געקומען אין באַראַק אַריין, איז שוין וואָלאָדיאַ, אָדער וועלוול, געלעגן ערגעץ ווו אין אַ פלאַכן, אומבאַקאַנטן קבר.

דעם חברס געשטאַלט איז מיר נאָך פריש געשטאַנען פאַר די אויגן. אין מיינע אויערן האָבן נאָך געקלונגען זיינע רייד, זיין דערציילן וועגן זיין אָרעמער, שטילער משפחה. ער האָט געבענקט נאָכן פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען דער טאַטע זיינער פלעגט יעדן קינד באַזונדער ווינטשן אַ גוט־שבת, מיט אַזוי פיל צאַרטקייט און ליבע.

אַ שרעקלעכער אויפרייס האָט איבערגעריסן מיינע געדאַנקען. ווען איך בין געקומען צו זיך און געעפנט די אויגן, בין איך געלעגן אויף אַ פורל, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פאַרוואונדעטע. איך בין נישט געווען פאַרוואונדעט, נאָר אויפזעצן זיך האָב איך נישט געקענט. דאָס אומגליק איז געשען ווען ביי אַ שכנותדיקע „זוועגא", איז געפאַלן אַ ריזיקער בוים אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, ווי מ׳האָט גערעכנט. דער שפּיץ פון בוים מיטן ריזיקן לופט־טרייסל האָבן מיך אָפּגעוואָרפן אויף אַ צען מעטער. דער ווינט האָט מיך קאָנטוזירט אין נאַקן און אין פּלייצע. קיין אָפענע וואונד איז נישט געווען, קיין העכערע טעמפּעראַטור אויך נישט. און נאָך צוויי טעג ליגן אין באַראַק, האָט מען מיך צוריק געטריבן צו דער אַרבעט. איך בין געגאַנגען איינגעבויגן אין דרייען. מ׳האָט מיך כלומרשט געשטעלט צו אַ לייכטערער אַרבעט; איך האָב שוין אָבער געוווסט וואָס עס מיינט לייכטע אַרבעט אין לאַגער.

צוזאַמען מיט נאָך אַרבעטס־אינוואַלידן, האָבן מיר באַדאַרפט רייניקן אַ פאַליאַנקע. צונויפנעמען און פאַרברענען דאָס גאַנצע אָפּפאַל פון די צעזעגטע ביימער און פון אַלע יונגע ביימלעך. מיר פאַרניכטן הונדערטער פודן ברען־מאַטעריאַל, וואָס קען ברענגען נוצן. פון אַלע זייטן אַרום אונדז שטייען בריגאַדעס און זעגן אונטער ביימער. מען דאַרף גרייט זיין יעדע סעקונדע אָפּצושפּרינגען. און מיר, קוים וואָס מיר שלעפּן די פיס אין די בלאָטעס און וואַסערן, אָנגעלאָדן אויף זיך מיט פּעק. מען

קען קיין מאָל נישט וויסן פון וועלכער זייט ס'פאַלט אַ בוים. דער קאָמאַנדיר און „סטרעלאָק", וואָס היטן, לאָזן אויף קיין סעקונדע נישט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. זיי האָבן אונדז ווייזט אויס געשטעלט צו אַזאַ אַרבעט, ביי וועלכער מיר זאָלן שנעלער ליקווידירט ווערן, כדי פּטור צו ווערן פון די, וואָס זענען שוין נישט פעיק צו קיין פולשטענדיק ווערטפולער אַרבעט.

איך ווער פון טאָג צו טאָג שוואַכער. דאָס גאַנצע לייב, פון קאָפּ ביז די פיס איז אויסגעשיט מיט בלאָטערן, די מאַטעריע האָט געררונען, צוגעקלעפּט די שמוציקע שמאַטעס, וואָס איך האָב געטראָגן אויף זיך. איך האָב געפוילט לעבעדיקערהייט. דער „לעקפּאָם" (פעלדשער) האָט מיך אַפילו נישט באַפרייט אויף עטלעכע טעג פון דער קאַטאָרזשנער אַרבעט. איך האָב אָנגעהויבן זוכן פּראָטעקציע, זיך פּשוט צו ראַטעווען.

דער פּאַראַנטוואָרטלעכער בריגאַדיר אין שוסטער ווערקשטאַט, ווו איך האָב געהאַט געאַרבעט, אַן אַרמענער, ביי וועמען איך האָב נושא־חן געווען, האָט אויסגעפּועלט ביים הויפּט־דאָקטער און מ'האָט מיך געשיקט אין שפּיטאָל אַריין, אַ 10 קילאָמעטער פון אונדזער לאַגער. מען האָט מיך געבערענגט אין דעם לאַגער־פּונקט, אין אַסינאָ. אַסינאָ איז געווען דער צענטער, פון עטלעכע צענדליק לאַגער־קאָלאָנעס, אין דער געגנט. אַהער האָט מען געבערענגט דאָס פאַרגרייטע מאַטעריאַל. דאָ האָט זיך געפונען די באַן־סטאַציע, ווו הונדערטער האָבן, ביי טאָג און ביי נאַכט, געלאָדן די וואַגאָנען. ס'זענען דאָרט אויך געווען טאַרטאַקן, ווו מ'האָט דאָס האָלץ געשניטן אויף ברעטער און שווועלן פאַר באַן־ליניעס, אָדער צו פאַרפעסטיקן און אונטערשטעלן אין די שאַכטעס. עטלעכע הונדערט אינוואַלידן האָבן פּרימיטיוו געזעגט און געהאַקט האָלץ פאַר די לאָקאָמאָטיוון. אין אַלע אָרטיקע צענטראַלע אַפּאַראַטן פון באַזאָרגונג און פּלאַנירונג, ווי אין צענטראַלן שפּיטאָל, האָבן אין דער זאָנע געאַרבעט אין די ביוראָען אינטעליגענטן.

דעם דריטן טאָג פון מיין זיין אין שפּיטאָל, האָט מען מיך איבער־געשיקט צו דער דיספּאָזיציע פון דער אָפּטיילונג פאַר אינוואַלידן. איך האָב נישט באַקומען קיין שום מעדיצינישע הילף. דער דאָקטער האָט מיך באַדויערט און זיך געקלאָגט, אַז זיי האָבן נישט קיין מעדיקאַמענטן. קיין הויכע טעמפּעראַטור האָב איך נישט, קען מען מיך נישט האַלטן אין שפּיטאָל. מיר דאָ — זאָגט ער — זענען אויך האָלץ־העקער... מען האַקט

אָפּ הענט, פּיס, אָבער היילן קען מען דאָ נישט, נישטאָ מיט וואָס. צו ביליק און נישטיק איז דער לאַגער־מענטש.

וואָס דער דאָקטער און שפּיטאָל האָבן מיר נישט געקענט העלפן, האָט מיר געהאָלפן מיין שניידער־פּאַך. פאַרן איבערנייען דעם קאָלאָנע־פעלדשערס אַ מאַנטל, האָט ער מיך באַפרייט אויף אַ וואָך פון דער אַרבעט, און מיט פּרימיטיווע מעדיקאַמענטן, וואָס ער האָט אַליין צונויפ־געשטעלט, האָט ער מיך געהיילט.

אין צווישן צייט האָב איך זיך באַקאַנט מיטן הויפּט־בוכהאַלטער, אַן אַלטער סאָציאַליסטישער טוער פון אוקראַינע. ער האָט גערעדט מיט ליבשאַפט וועגן קיעוו, און זיך נאָכגעפרעגט אויף יעדן ווינקל פון דער שיינער שטאָט. ער האָט געלערנט אין קיעווער אוניווערסיטעט און דאָרט האָט ער אָנגעהויבן זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. ביזן יאָר 1912 איז ער געשטאַנען נאָענט צו דער באָלשעוויסטישער פּראַקטיק. נאָכן צוזאַמענפאָר פון דער באָלשעוויסטישער פראַקציע אין פּראַג, איז אָרדזשע־ניקידזע געקומען קיין קיעוו צו אַ ראַיאָן־קאָנפערענץ. דער הויפּט־בוכהאַלטער איז דאַן אַרויסגעטרעטן קעגן באַריכט־אָפּגעבער און קריטי־קירט די באָלשעוויסטישע פראַקציע, אַז זי קעמפט מער קעגן די מענשעוויקעס ווי קעגן צאַריזם. דעם זעלבן יאָר איז ער אַרעסטירט געוואָרן. די רעוואָלוציע אין 1917 האָט אים באַפרייט. ער האָט געאַרבעט אין קיעוו און איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פּלאַנירונגס אָפּטיילונג פון דער קיעווער גובערניע. אין 1922 האָט אָרדזשעניקידזע אָנטייל גענומען אין אַ לאַנד־באַראַטונג פון מיניסטעריום, וואָס איז פאָרגעקומען אין כאַרקאָוו, אַלס פאָרשטייער פון מאָסקווע. זיי האָבן זיך דערקענט. אָרדזשעניקידזע האָט זיך כלומרשט דערפרייט מיט אים, דאָס האָט אָבער נישט געשטערט, אַז ער זאָל אין דער זעלבער נאַכט אַרעס־טירט ווערן אַלס „אַקטיווער מענשעוויק". ער האָט באַקומען 3 יאָר פאַרשיקונג, געלעבט אין אַ פאַרוואָרפענעם דאָרף, געהאַט רעכט צו כאַפּן פיש, אָדער גיין אויף יאַגד, אָבער נישט ווייטער ווי 5 קילאָמעטער פון דאָרף. ער איז באַפרייט געוואָרן אין 1925, אָבער נאָך עטלעכע חדשים זיין אויף דער פריי, איז פאָרגעקומען דער באַרימטער ראַמזין־פּראָצעס; און ער איז ווידער אַרעסטירט געוואָרן. אין 1937 האָט מען אים נאָך אַ מאָל גענומען, אָבער דאָס מאָל — אָן שום פּאָליטישע רעכט. נאָר אַזוי ווי ער איז שוין אַלט, און אַ גרויסער קענער אין פינאַנסן, ווערט ער דאָ אויסגענוצט אַלס הויפּט־בוכהאַלטער.

ווען ער האָט מיר דערציילט, אַז ער שטאַמט פון דער זעלבער משפחה פון מאַרטאָוו, האָב איך אים אויפגעקלערט, אַז אויב אַזוי זענען מיר טאָפּלטע לאַנדסלייט; ווייל די משפחה שטאַמט פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים, דער ערשטער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון אַ יידישער צייטונג אין אָדעס, וועמענס געבוירן־שטאָט איז זאַמאָשטש. כאָטש ער איז געווען זייער אַסימילירט, האָט דאָס באַקענען אים מיט זיין משפחה־אָפּשטאַם, וואָס איז געווען פאַר אים אַן אַנטפּלעקונג — אַרויסגערופן ביי אים אַ באַזונדערע וואַרעמקייט. אַ דאַנק זיין אינטערווענץ ביי די דאָקטוירים, האָט מען מיך געהאַלטן אין דער זאַנע און נישט געשיקט צו שווערער אַרבעט אַ גאַנצן חודש, און מיר געמאַכט אַ בלוט־איבערגיסונג. די בלאָטערן און מכות האָבן זיך גענומען היילן. איך האָב אַנגעהויבן אַרבעטן אין טאַרטאַק. די אַרבעט האָט זיך אויך גערעכנט פאַר אַ לייכטע כאָטש מען האָט געדאַרפט קוילערן צו דער אויטאָמאַטישער זעג שווערע קלעצער, אַוועקטראָגן אויף די אַקסלען ברעטער פון 6 און אַ האַלבן מעטער די לענג, און 50—60 מילימעטער די דיק, לייגן זיי אין שטאַבעס, 6 מעטער די הייך און פאַרענדיקן מיט אַ דעכל, אַז זיי זאָלן זיך גוט טריקענען און דער רעגן און שניי זאָלן זיי נישט שעדיקן. די מענטשן וואָס פירן אויס די דאָזיקע אַרבעט, קוים וואָס זיי לעבן. זיי זענען פּשוט זיך אַליין נישט פעיִק צו טראָגן. ווען איינער פאַלט, זאָגט מען „טשאָרט ז׳נים". די אין דער בריגאַדע, מיט וועלכער איך האָב געאַרבעט זענען געווען קאָרייצעס, כינעזער, און פון די מאַנדזשורישע גרענעצן. מיט זייער געלער הויט, אויסגעדאַרטע און אָפּגעשוואַכטע, מאַכן זיי דעם איינדרוק פון שאָטנס, ווי מתים וואָלטן זיך באַוועגט. שנאה און פיינטשאַפט האָבן זיי געטראָגן צו אַלץ, וואָס איז רוסיש. זיי האָבן אין יעדן רוס געזען אַ גנב, אַ באַנדיט, אַ שפּיאָן און אַן אונטערדריקער. אויך מיך האָבן זיי צוערשט געהאַלטן פאַר אַ רוס. איך האָב געזען מיט וויפל עקל זיי דרייען זיך אַוועק פון מיר. ס׳איז אַ גרויסע געפאַר צו אַרבעטן אין אַזאַ צושטאַנד צוזאַמען. ס׳מוז זיין אַ מינימאַלע חברישקייט מיט די, וואָס דער גורל האָט דיך מיט זיי צונויפגעפירט. ביים אַראָפּוואַרפן אַ שווערן קלאָץ, אָדער אַ ברעט פון די אַקסלען, דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק, אַז נישט קען עס דעם צווייטן דערהרגענען. וויפל איך האָב זיך נישט באַמיט זיי אויפצוקלערן, אַז איך בין נישט קיין רוס, נאָר אַ ייד, האָט עס נישט געהאָלפן. די רוסישע לאַגערניקעס חוזקן פון זיי, ביי יעדער געלעגנהייט און זיי חוזקן פון מיר.

זייער דורותדיקע פיינטשאַפט צו די רוסן האָט זיך באַזונדערס צע־פלאַקערט אין די יאָרן פון דער קאָלעקטיוויזאַציע. מען האָט פון די גרענעץ יישובים פון ווייטן מזרח, באַוווינט פון כינעזער און קאָרייער, אַלע אַרויסגעשיקט אין ווייטע ראַיאָנען, נישט ווי פרייע בירגער, נאָר לויט אַ ספּעציעלן סטאַטוס פון „וואָלני פּערעסילענצי" (פרייע פאַרשיקטע). די לעצטע פאַרבליבענע מענער האָט מען אין 1937, כמעט אַלע אַרעס־טירט און געשיקט אין די לאַגערן. די פרויען און קינדער האָט מען אַרויסגעפירט פון די געגנטן.

אַז מ׳האָט מיך צוגעטיילט אַרבעטן אין אַ צווייטער בריגאַדע און כ׳האָב זיך אָנגעטראָפן אויף צוויי יידן, האָב איך עס געהאַלטן פאַר אַן אמת גליק.ביים אָנלאָדן קלעצער און סאָרטירן די ריזיקע שטאַבעס, וואָס אַנדערע בריגאַדעס לאָדן אָן אין די וואַגאָנען, האָב איך צווישן די פורמאַנעס אויך געטראָפן אַ ייד. זענען מיר שוין אין זעלבן באַראַק געווען פיר יידן. אַ היימישער קרעכץ מאַכט דאָך גרינגער. מיר זענען געוואָרן אַזוי ברידערלעך צוזאַמען געבונדן, מיט אַזוי פיל זאָרג און איבערגעגעבנקייט איינער צום צווייטן, וואָס אויף דער פריי זעט מען עס זייער זעלטן. דער עלטסטער פון אונדז איז געווען מייערס, אַ קאָמו־ניסט פון אַמעריקע, אַ הויך־קוואַליפיצירטער אַרבעטער אין דער אַמעריי־קאַנער אויטאָמאָביל־אינדוסטריע. אין יאָר 1935 האָט ער באַשלאָסן, פאָרן גיין אויף עלטער־פּענסיע, 2—3 יאָר העלפן בויען דעם סאָציאַליזם אין ראַטנפאַרבאַנד. יעדעס יאָר האָט ער באַדאַרפט פאַרלענגערן, אָדער קינדיקן דעם אָפּמאַך. צוערשט האָט ער געאַרבעט אין גאָרקי, אין דעם ניי־אויפ־געבויטן אויטאָ־זאַוואָד. אין 1937, בעת די גרויסע אַרעסטן צווישן די אויס־לענדישע אַרבעטער און ספּעציאַליסטן, איז ער אויך געווען צווישן די קרבנות. אין פרילינג 1938 האָט מען אים באַפרייט, ער האָט באַקומען אַלע פאָרמעלע דאָקומענטן צום אָפּפאָרן, פון אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין מאָסקווע. נאָכן שטעמפּלען דעם פּאַס, האָט ער אַרויסגעשיקט אַ טעלע־גראַמע צו דער פאַמיליע, אַז ער פאָרט אַרויס. אָבער אויפן וועג פון מאָסקווע צו דער גרענעץ האָט מען אים אָפּגעפירט אין טורמע און פאַרמשפט אויף 10 יאָר.

לאַפּיצקי האָט געשטאַמט פון קאָוונע. אין 1918, נאָך דעם אויפשטאַנד אין בערלין, האָט זיך אין ליטע געשאַפן די רויטע גוואַרדיע. ער האָט געקעמפט אין די רייען פון דער רויטער גוואַרדיע. אין 1920 האָט אים אַ קריגס־געריכט פאַרמשפט צום טויט, נאָר אַלס מינדעריעריקער איז עס

אים פאַרביטן געוואָרן אויף אייביקער תפיסה. אין 1923 איז ער אויסגע־טוישט געוואָרן מיט אַרעסטירטע אין ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט פאַרענדיקט אין מאָסקווע דעם מערב־אוניווערסיטעט און אַ צייט געאַרבעט אין יידישן סעקטאָר. אין 1930 איז ער מאָביליזירט געוואָרן צו העלפן דורכפירן די קאָלעקטיוויזאַציע, אין סווערדלאָווסקער אָבלאַסט. די לעצטע יאָרן, פאַרן אַרעסט, איז ער געווען לייטער פון פאָסט און טעלעגראַף און אַ מיטגליד אין סווערדלאָווסקער „אָבלאַסטנער" פאַרטיי־קאָמיטעט. פאַר אַזאַ איינעם האָט אַן אורטייל פון 10 יאָר געהייסן אַ גליק.

דער בעל־עגלה, אַ פשוטער, האַרציקער פאָלקס־מענטש, האָט גע־שטאַמט פון אַ יידישער פויערים־פאַמיליע אין אוקראַינע. אין 1929 איז געווען ביטער אויפן דאָרף, איז ער געגאַנגען אַרבעטן אין אַ קוילן־שאַכטע; דערנאָך האָט ער געאַרבעט אין שטאָטישן טראַנספּאָרט אין סטאַלינאָ. פון קינדוויַיז אָן האָט ער ליב געהאַט פערד. ווען אַנדערע בעלי־עגלות האָבן דאָס ביסל האָבער און קלייען פאַרן פערד געגנבעט און עס פאַר־האַנדלט, האָט ער נאָך אַליין צוגעקויפט אויפן שוואַרצן מאַרק און אונטערגעקאָרמעט זיין פערד. אַז ער האָט געפירט ברויט, איז אים געבליבן אַן איבעריק ברויט. דאָס זעלבע איז געווען מיט האָלץ; אַ מאָל כאַפּט מען אַריין אַ זייטיק פאַרדינסטל ביים איבערפירן עפעס, פון אַ פריוואַטן מענטש. מיט אַזעלכע זאַכן דאַרף מען זיך טיילן מיטן בריגאַדיר, מיטן פאַרטאָרג, מיט די מענטשן פון קאָנטאָר, וואָס שרייבן אויס די נאַיאַדן. מ'האָט געהאַט מער פרנסה ביים איבערפירן פּראָדוקטן, ווי ביים פירן שטיינער, אָדער ציגל. אין 1937 האָט מען אים צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע בעל־עגלות אַרעסטירט און באַשולדיקט, אַז זיי האָבן געזידלט די ראַטנמאַכט. דער אויספאָרשער האָט זיי געדראָט, אַז אויב זיי וועלן זיך נישט מודה זיין, וועלן זיי דורך דער „טראָיקע" באַקומען צו 10 יאָר לאַגער, און אויב זיי וועלן זיך מודה זיין, וועט זיי דאָס געריכט נאָר פאַרמשפּטן אַראָפּצורעכענען 25 פּראָצענט פון דעם לוין אין פאַרלויף פון אַ יאָר צייט. אונטער אַזאַ דראָונג, האָבן זיי זיך מודה געווען און זיך פאַרטיידיקט, אַז זיי זענען דאַן געווען שיכור. זיי האָבן באַקומען צו 5 יאָר פאַר „באָלטאָוואָניע" (פּלאַפּלען).

אין פאַרגלייך מיט אונדז, איז ער געווען פּריווילעגירט. ער האָט געהאַט רעכט זיך צו באַוועגן אויסער דער זאָנע. ער האָט בישט געאַרבעט אונטער דער ביקס, געהיילט די אויסגעמאַטערטע פערד און געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרשאַפן זיך אַן איבעריקן ביסן, מיט וועלכן

ער האָט זיך מיט פרייד מיט אונדז געטיילט. ער האָט אָרגאַניזירט אַ געוואַגטע אונטערנעמונג, פאַר וועלכער ס'האָט אים געדראָט אין פאַל פון אַ דורכפאַל, מינימום נאָך 10 יאָר. ער איז געווען אין אַ דעפּרעסיע־שטימונג. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַן אילוזיע, אַז ווען ער וואָלט געקענט איבערגעבן אַ ידיעה זיין משפחה אין אַמעריקע, ווו ער געפינט זיך, וואָלטן זיי אים אפשר געקענט באַפרייען. אין שטאַל פלעגט צו אים אַריינקומען אַן עלטערער רוסישער מענטש פון אַ פּאַרוואָרפענער געגנט, כלומרשט נעמען אַ רפואה פאַר זיין פערד, אָבער פאַקטיש כדי צו שמועסן וועגן יידנטום. ער האָט אים דערציילט, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ ייד, אַ געשמדטער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט. פאַרן טויט האָט אים דער פאָטער איבערגעגעבן, אַז ער איז אַ ייד און אים געבעטן מען זאָל אויף זיין קבר נישט אַוועקשטעלן קיין צלם, ער זאָל אָפּהיטן זיין יאָרצייט און זאָגן קדיש. פון דאַן אָן האַלט ער זיך פאַר אַ ייד. דעם מענטש האָט ער איבערגעגעבן אַ בריוו, ער זאָל אים אָפּשיקן קיין אַמעריקע. יענער איז געווען צופרידן צו קענען טאָן אַ טובה אַ ייד, דורך זיין טאָכטער, וואָס פלעגט פאָרן קיין טאָמסק, און זי האָט דאָרט אַוועק־געשיקט דעם בריוו.

צי דער בריוו איז ווען עס איז אָנגעקומען, בין איך אין ספק, אָבער קיין דורכפאַל איז נישט געווען.

באַלד נאָך דעם האָט מען מיך געשיקט אַרבעטן ביי די „גרוזטשיקעס" און כ'בין אָפּגעריסן געוואָרן פון די עטלעכע יידן. איך האָב זיך געפילט ווי פאַריתומט. אין דער נייער אַרבעט זענען מיר געווען עטלעכע הונדערט לאַגערניקעס, כמעט אַלע יונגע. מיר לאָדן אָפּ די קלעצער פון אויטאָ־מאַשינען און קוילערן זיי אויף שטאַבעס ביז צו דער באַן־ליניע און לאָדן זיי אָן אין וואַגאָנען. די קלעצער דאַרפן ליגן „קאמעל", „ווערשינקע", ד. ה. די גראָבע זייט פון איין קלאָץ, ביי דער דינער זייט פון צווייטן קלאָץ. דער וואַגאָן ווערט געלאָדן אין 6 רייען. ספּעציעל שווער איז אַרויפצוקלאַמערן צו דער 5טער און 6טער ריי. מיר אַרבעטן זעקס מענטשן ביים לאָדן אַ וואַגאָן. די נאָרמע איז אַ וואַגאָן אויף אַ מענטש כדי צו באַקומען די פולע פּאָרציע ברויט. דאָ האָט מען געגעבן 200 גראַם ברויט מער ווי אין לאַגער, און אויך צו 200 גראַם סאָיע־קאַשע. ווען עמעצער, חלילה, פון רינגג, וואָס קוילערט אין דער הייך דעם קלאָץ, שטייט אָפּ, באַזונדערס ביי דער דיקער זייט פון קלאָץ, דאַן גיט זיך דער קלאָץ אַ דריי אַראָפּ און צעקוועטשט, אָדער פאַרוווּנדעט די אַנדערע

שקלאַפֿן. פיל אַרבעטס־אומגליקן זענען טאַקע געשען אין דער נאַכט־אומבייט־שיכט. מיר האָבן געאַרבעט אין צוויי אומבייטן, צו 12 שעה.

דער בריגאַדיר, קוקנדיק אויף מיר, האָט גלייך פעסטגעשטעלט: „טי ניע רוסקי טשעלאָוויעק"... (ביסט נישט קיין רוסישער מענטש...)

— ניין — האָב איך געזאָגט — מ'האָט מיך געשיקט אַרבעטן מיט אַ רינג (זוועגאַ) פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן.

איך בין געווען דער 6טער צו דער גרופע, אָפּשטאַמיקע פון טאַדזשי־קיסטאַן. זייער ערשטע פראַגע: מוסולמאַן? ניין? און איך האָב גלייך דערפילט די וואַנט, וואָס טיילט מיך אָפּ פון זיי. פאַר זיי בין איך געווען אַ רוס. „רוסקי טשעלאָוועק, פלאָכי טשעלאָוועק", האָט מען מיר כסדר פאָרגעוואָרפן אין לאַגער. מען קען זיך נישט אויסקלייבן מיט וועמען צו אַרבעטן און נעבן וועמען ליגן, די פאַר שעה, אויף דער האַרטער נאַרע. ס'איז מיר שווער געווען צוגעוווינען זיך צו זייערע זיטן. זיי האָבן געקייט טאַבאַק־בלעטער. זיי האָבן עס באַקומען צוגעשיקט פון זייערע היימען, אין פעקלעך. זעט אויס, אַז אין זייער געגנט איז זיי עקאָנאָמיש געגאַנגען נישט שלעכט. אַן אומעטיקער און איינזאַמער, בין איך געזעסן אין אַ זייט, בעתן אָפּרו נאָכן אָנלאָדן אַ וואַגאָן.

איך האָב באַגעגנט אַן אַלטן לאַגערניק, וואָס עס איז אַ גאַנץ זעלטענע דערשיינונג, אַ לאַנדסמאַן פון מיינע אַרבעטס־שותפים, אַן אינוואַליד. ער איז שוין געהאַט אָפּגעזעסן 8 יאָר, אָבער אַנשטאָט באַפרייען, האָט מען אים איבערגעלייענט אַ קוויטל, אַז ער בלייבט ווייטער זיצן ביז אַ באַזונדערער באַשטימונג. זיין דערציילן פאַר וואָס מ'האָט אים פאַרשיקט אין לאַגער קלערט אויף דעם באַגריף פון פעלקער־פריינדשאַפט. אין אַלע נאַציאָנאַלע רעפובליקן האָט, אַחוץ דער אַלפאַר־באַנדישער סאָוויעטישער אַרמיי, אויך עקזיסטירט אַ נאַציאָנאַלער פולק. אין די יאָרן 1929—1930, ווען די פויערים האָבן געברויזט מיט האָס קעגן דער מיט געוואַלט איינגעפירטער 100־פראָצענטיקער קאָלעקטיוויזאַציע, איז דער נאַציאָנאַלער פולק, ווו ער האָט געדינט, געווען אויף מאַנעווערס. זיי האָבן געשאָסן מיט לעבעדיקע קוילן. די אַנדערע רוסישע פולקן האָבן זיי אַרומגערינגלט און אַנטוואָפנט. אַלע אָנפירער פון פולק זענען דערשאָסן געוואָרן און די סאָלדאַטן זענען פאַרשיקט געוואָרן אין אַרבעטס־לאַגערן און אַרבעטס־באַטאַליאָנען.

איך ווינטער 1939־40 איז דער רעזשים נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן. אויסער די באַוואָפנטע „סטרעלקי", זענען אויך אויפגעבויט געוואָרן וואַך־

טורעמס. יעדער אָפּווייך אויפן אַרבעט־פּלאַץ איז געווען פאַרבונדן מיט אַ געפאַר צו באַקומען אַ קויל. אין די גרעסטע שנייען און זאַווערוכעס האָט מען אונדז נישט באַפרייט פון דער אַרבעט, ביז מיר האָבן נישט אָנגעלאָדן די געהעריקע צאָל וואַגאָנען, וואָס יעדע בריגאַדע האָט געדאַרפט אָנגרוזעווען. אויב אַ רינג („זוועגאַ") אין דער בריגאַדע האָט נישט באַוויזן אויסצופילן דעם פּלאַן, האָבן די איבעריקע געדאַרפט וואַרטן. אָבער אַנשטאָט סאָלידאַריש העלפן די אָפּגעשטאַנענע, האָבן די מענטשן פון מידקייט און צאָרן געשאָלטן, געזידלט און אַ סך מאָל אויך געשלאָגן די „סימולאַנטן" און „לאָדערס", וואָס צוליב זיי פירט מען זיי נישט צוריק אין דער זאָנע, צו באַקומען דאָס ביסל זופּ, אַ שטיקל ברויט און דעם אָפּרו אויף דער נאַרע. ס'האָט אָבער אויך געטראָפן, אַז אין דעם אַנדערן טאָג זענען די נעכטיקע אָנפאַלער גאָר געווען די באַפאַלענע. ווי איז געווען צו מיר, ווען כ'האָב זיך געפונען אין דעם רינג, וואָס צוליב אים האָט מען געדאַרפט וואַרטן. אין דעם פאַל זענען שוין די אַנדערע אויך געוואָרן „יידן". מ'האָט אונדז צוגענומען די אויסנעמלעכע רעכט אַלס גרוזטשיקעס, צוצוקויפן זיך אין לאַגער־מאַגאַזין צו 200 גראַם ברויט אַ טאָג. מ'האָט אונדז אויך באַרויבט פון דער שעה איבעררייס. מען האָט אונדז געברענגט צו דער אַרבעט דאָס ביסל „באַלאַנדע". מיר זענען אַוועקגעפאַלן אויף די קלעצער, אויך אין שניי און אין רעגן, און געשלאָפן אַפילו געשמאַקער, ווי אין בעטן. אָבער אויך דעם פאַרגע־ניגן האָט מען אונדז נישט פאַרגינען. מיר האָבן לאַנג געדאַרפט שטיין, מען זאָל אונדז איבערציילן. ביים אַריינגיין אין דער זאָנע, נאָך דער אַרבעט, האָט מען יעדן פון אונדז באַזוכט און אויך דאָס האָט געדויערט איבער אַ שעה און אַלץ אויפן חשבון פון אונדזער רו. פון איבערמידקייט און הונגער, זענען מענטשן געפאַלן ווי פליגן. זיי זענען, אָבער, פאַרביטן געוואָרן מיט נייע, יונגע אַרבעטס־כוחות.

פון אַן עטאַפּ, וואָס איז אָנגעקומען פון לענינגראַד, האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דער מלחמה מיטן קליינעם פינלאַנד, וואָס די ריזיקע רוסישע אימפּעריע פירט מיט ווייניק דערפאָלג.

די פינישע מלחמה האָט געשאַפן ביי די לאַגערניקעס אַן אילוזיע, אַז זי וועט אפשר ברענגען אַן ענדערונג. מ'האָט זיך דערמאָנט די מיליטערישע מפּלה פון דער צאַרישער אַרמיי אין 1905 ביי צוסימאַ. אָבער דערווייל איז געווען שווער און ביטער איבערצוטראָגן דעם רעזשים.

ערב דעם 1טן מאַי 1940 האָט אַרומגענומען אַ פּסיכאָז דעם גאַנצן

לאַגער, אַז עס וועט פּראָקלאַמירט ווערן אַן אַמנעסטיע פאַר אַלע אַרעסטירטע אינעם שרעקלעכן יאָר 1937. מיר האָבן זיך אַזוי איינגעוויגט מיט דער אילוזיע, אַז דערמיט וועלן זיי פּרוּוון פאַרגרעסערן די באַדייטונג פון נעבעכדיקן זיג איבער פינלאַנד, וואָס עס איז כדאי, ווייל די גרעסטע טייל פון זיי איז דאָך שוין סיי־ווי אומגעקומען, און דאָס ביסל איבערגעבליבענע זענען שוין פיזיש און גייסטיק פולשטענדיק „אויסגעקוועטשטע לימענעס". דער עיקר האָט מען אונטערגעשטראָכן, אַז מיט די אויסגעברייטערטע גרענעצן אין אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד און אין די באַלטישע לענדער, איז צוגעקומען אַ ריזיקער צופלוס פון מיליאָנען פּאָטענציעלע נייע לאַגערניקעס. מיט אַזאַ אַמנעסטיע וועלן זיי דערגרייכן צוויי צילן: אַ מכלומרשט שיינעם זשעסט און פרישע, געזונטע אַרבעטס־קרעפטן פאַר די לאַגערן.

אַז אין די השערות איז געווען אַ לאָגיק, האָב איך זיך מיט יאָרן שפּעטער דערפאַרן. מ'האָט טאַקע אין יענעם פעריאָד פיל אַרעסטירטע פון 1937 באַפרייט און רעהאַביליטירט. פון די לאַגערן האָט מען דאַן באַפרייט נאָר די גאָר גרויסע ספּעציאַליסטן פון דער קריגס־אינדוסטריע און צווישן זיי, דעם שפּעטערדיקן מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי. צווישן אַנדערע קראַנקע אין די טורמעס איז אויך באַפרייט געוואָרן מיין שוועסטער פון דער מאָסקווער „בוטירקי". סטאַלין און בעריאַ האָבן טריומפירט, אַז „די סאָוויעטישע גערעכטיקייט האָט געזיגט". אַלע פאַרברעכנס זענען דאַן געוואָרפן געוואָרן אויף יעזשאָוון, פּונקט ווי מ'האָט מיט יאָרן שפּעטער אַלץ געוואָרפן אויף בעריאַן.

אויך מיין פרוי האָט זיך אין יענער צייט דערשלאָגן אָנצוקומען אין הויפּט־ביוראָ פון העכסטן פּראָקוראָר, ווישינסקי. שפּעטער האָט מען זי אַרויסגערופן אין נ. ק. וו. ד. אין קיעוו און איר דערקלערט, אַז די שונאים פון פאָלק האָבן אַרעסטירט און אומגעבערענגט אומשולדיקע מענטשן, בכדי צו וואַרפן אַ פלעק אויפן ראַטנפאַרבאַנד... מען וועט איבערקוקן אַלע ענינים און די אומשולדיקע באַפרייען...

דעם 30סטן אַפּריל האָב איך געאַרבעט אין דער נאַכט־שיכט. אָנגעשטרענגט ביז גאָר דערוואַרט מען דעם גליקלעכן טאָג פון 1טן מאַי, וואָס דאַרף ברענגען דעם נס פון דער אַמנעסטיע. די בריגאַדע האָט שוין געמאַכט איר אַרבעטס־נאָרמע. מען רוקט איבער נייע וואַגאָנען. דער רעגנדיקער, פאַרכמאַרעטער הימל פאַרלענגערט די נאַכט. די בריגאַדעס פון טאָג־שיכט

זענען שוין געשטאַנען ביי דער אַרבעט און אונדז האָט מען נאָך אַלץ נישט אַראָפּגענומען. פולשטענדיק אויסגעשעפּטע זענען מיר שוין נישט פעיִק צו גרוזעווען, אָבער מען שרייט, מען זידלט און מען דראָט מיט משפטן פאַר אָפּזאָגן זיך צו אַרבעטן. מיר שרייען: ברויט! ברויט! ברויט! אונדזערע בלוטיקע פייקעס! מען פירט די בריגאַדירן אין דער זאָנע און מען ברענגט די אויסגעאַרבעטע נאָרמע ברויט, מיט דער „באַלאַנדע״. דער „פּראָראַב״, דער אָנפירער פון דער אַרבעט אין דער גאַנצער קאָלאָנע, דערקלערט אונדז, אַז אַזוי ווי פרייע אַרבעטער אַרבעטן היינט נישט, האָט מען געקענט שיקן אין לאַגער מער וואַגאָנען; און פאַר וואַגאָנען, וואָס שטייען און מען לאָדט זיי נישט אָן, צאָלט מען שטראָף. דעריבער איז היינט אַ „סובאָטניק״. מען יאָגט אַלע אַרויס פון דער זאָנע.

צוויי מעת־לעת האָט מען אונדז געהאַלטן אין דער זאָנע. דעם 3טן מאַי, נאָכן אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט, האָט מען אונדז אַרומגערינגלט מיט „סטרעלקי״ און הינט. ס׳איז געווען אַן אינוווענטאַריזאַציע. מ׳האָט קאָנטראָלירט אַלע שמאַטעס. אַ דראָבנער קאַלטער רעגן האָט אָן אויפהער געגאָסן. מיר, עטלעכע הונדערט מענטשן, זענען געלעגן צונויפגעקאָר־טשעט. יעדער האָט זיך באַמיט אַריינשטופּן אין מיטן. די אילוזיע פון דער אַמנעסטיע איז שוין פון לאַנג ביי אונדז אויסגעוועפּט געוואָרן. ווען מ׳האָט שוין אַריינגעלאָזט צוריק אין די באַראַקן, זענען פיל געבליבן ליגן, נישט האָבנדיק קיין כוח צו אויפשטיין פון דער נאַסער ערד. ס׳האָט אַפילו נישט געהאָלפן דאָס שלאָגן פון די היטער, וועלכע זענען אויך געווען דענערווירט און געפרוירן.

ווי אַזוי איך האָב זיך אָפּגעפונען אויף דער נאַרע אין דער פרי, געדענק איך נישט. מיין בריגאַדע איז געגאַנגען צו דער טאָג־שיכט, אָבער איך בין נישט געווען פעיִק אַראָפּצוקריכן פון דער נאַרע. מיין בריגאַדיר, וואָס האָט זיך גוט באַצויגן צו מיר, צוליב דער הילף, וואָס איך פלעג באַקומען אין שניידער־ווערקשטאַט, און זיך מיט אים געטיילט, האָט געמאָלדן דעם פּאַרוואַלטער פון ווערקשטאַט וועגן מיין צושטאַנד. זיי האָבן מיר, אָבער, נישט געקענט באַפרייען פון אַ טאָג אַרבעט. די צאָל קראַנקע איז געווען אַ גרויסע, און דער פעלדשער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו באַפרייען. דאָס געשוויילעכץ פון די פיס איז אַ ביסל אָפּגעגאַנגען.

ס׳איז געשען אַ נס און מען האָט מיך גענומען אין דער קאַזאַרמע. העכער אַ חודש בין איך דאָרט געווען. די קיך האָט בעסער געקאָרמעט, ווייל זיי האָבן געקאָכט פאַר די קאָמאַנדירן. אויסער אוניפאָרמען, האָב

איך פּאַר זיי גענייט אויך אַנדערע זאַכן. מ'האָט זיך געדאַרפט זייער היטן, ווייל לויט די געזעצן האָט אויך דער קאָמאַנדיר געמיסברויכט מיט מיין אַרבעט. דאָרט האָב איך זיך דערנענטערט צו די היטער. מיט עטלעכע פון זיי האָב איך גוטמוטיק געשמועסט בעת זיי זענען געווען אַליין, אָן עדות, ווייל עס איז זיי שטרענג פאַרבאָטן, מיט אַ געפאַר צו באַקומען 3 יאָר לאַגער. אַלע אָן אויסנאַם שטאַמען זיי פון דאָרף. מען ווערבירט זיי נאָכן דעמאָביליזירן פון דער אַרמיי. קיינער פון זיי וויל נישט צוריק פאָרן אַרבעטן אין קאָלכאָז. זיי זענען גרייט אונטערשרייבן יעדן קאָנטראַקט אויף 3, אָדער אויף 5 יאָר. אויב מען פאַרלענגערט אים נישט די דינסט, באַקומט ער אַ פּאַס און קען לעבן און אַרבעטן אַלס היטער אין שטאָט. קיין לייכט לעבן האָבן זיי נישט. ס'איז נישט לייכט צו שטיין אויף דער „ווישקע" (טורעם) 4 שעה, אין גרויסע פרעסט און ווינטן, אָדער היטן די לאַגערניקעס ביי דער אַרבעט 10—12 שעה אַ טאָג. זיי זענען אין אַ כסדרדיקע שפּאַנונג, און האָבן מורא אַז ווער פון די אַרעסטירטע קען אַנטלויפן. פאַר אַזאַ פאַל דראָט דעם היטער 10 יאָר לאַגער. מען דערציט זיי אַז יעדער אַרעסטירטער איז אַ פיינד, אַ בלוטיקער שונא פון לאַנד... און אַז יעדער פון די געפאַנגענע איז תמיד גרייט זיין קאָפּ אָפּצוהאַקן.

פאַרן „פּאָליטרוק", וואָס איז אויך געווען זייער נאַטשאַלניק, האָט אויף יעדן געציטערט די הויט. פון אים איז אָפּהענגיק געווען מיין אַרבעט אַלס שניידער. ווענדנדיק זיך איין מאָל צו אים, האָב איך אים צופעליק אָנגערופן „חבר". האָט ער געגעבן אַזאַ שפּרונג, גלייך ווי איך וואָלט אים אַ נאָדל אין לייב אַריינגעשטאָכן: „איך בין דיר נישט קיין חבר! — האָט ער געשריען — דיינע חברים זענען אין בריאַנסקי וואַלד". ער האָט מיך דאָן געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער. צו זיין פּרוי, וועלכע איז געווען אָנוועזנד דערביי, האָב איך קאַלטבלוטיק געזאָגט, אַז ווען אַ שניידער מעסט אָן אַ מלבוש דעם קליענט, איז ער דעמאָלט דער נאַטשאַלניק. דאָס האָט אים שוין אין גאַנצן אַרויסגעבראַכט פון גלייכ־געוויכט. ער האָט אַראָפּגעריסן פון זיך דעם קיטל, וואָס כ'האָב אים געמאָסטן. „דוראַק" — האָט אים זיין ווייב באַרויִקט — וואָס באַפאַלסטו דעם מענטש". „קאָנטריק"... דאָס איז דאָך אַ גוטער בעל־מלאכה"...

קאַפּיטל אַכצן

# ביים טייך איריטש און אין קאַטלאַס

אַז מיין גורל מיט שניידערייַ איז דערמיט געווען געחתמעט, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען. אין 2 טעג אַרום האָט מיר די פרוי געבראַנגט אַ שטיקל חזיר־פעטס מיט אַ ביסל צוקער. אין זעלבן אָוונט האָט מען מיך צוריק געשיקט אויפן עטאַפּ. מיינע חברים אין דער קאָלאָנע האָבן זיך געשראָקן. זיי האָבן געשריבן בריוו צו מיין פרוי. זי האָט געמיינט, אַז מען שיקט מיך צום טויט. און ווידער די שמוציקע וואַגאָנען, פאַרקלאַפּט יעדע שפּאַרע, קיין ביסל לופט איז אויך נישט אַריין דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך. מען טאָר זיי נישט עפענען. די היץ ברענט, מיר גייען אַלע אַרום נאַקעט און גייען אויס אין שווייס — וואַסער! וואַסער! — האָבן מיר געשריען. אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט.

אין וועג האָט מען אַריינגעפירט צו אונדז אַן עלטערן מענטש. קיין אָרט איז פאַר אים נישט געווען. ער איז געשטאַנען אין ווינקל, נעבן דער פּאַראַשע, און געשוויגן אַ דערשראָקענער. נאָך עטלעכע טעג וואַלגערן זיך צוזאַמען מיט אונדז, האָט ער דאָך באַקומען צוטרוי. ער האָט דערציילט, אַז מען שיקט אים קיין מאָסקווע אויף אַן אויספאָר־שונג. ביז איצט איז ער געווען אין אַ פאַרמאַכטן לאַגער, אָן רעכט צו באַקומען בריוו. זיי זענען דאָרט אָפּגעריסן פון דער וועלט. אַן אַנטדעקונג איז געווען פאַר אים דער היטלער־ריבענטראָפּ־סטאַלין־אָפּמאַך און אויך די מלחמה מיט פינלאַנד. ער איז געווען פון אונגאַרן אַ געוועזענער נאָענטער מיטאַרבעטער פון בעלאַ קון און איבערזעצער פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור אין אונגאַריש. ער האָט איבערגעזעצט די ווערק פון מאַרקסן, ענגעלסן, פּלעכאַנאָוון, סטאַלינען, בוכאַרינען און באָגדאַנאָוון. אין רוסלאַנד האָט ער געלעבט זינט ס'איז געפאַלן די קאָמוניסטישע רעגירונג פון בעלאַ קון.

אויף אַ צענטראַלער סטאַציע האָט מען אונדזער עשאַלאָן אַריינ־געפירט צווישן 2 אַנדערע עשאַלאָנען. ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן אַ סעלעקציע. מען האָט איבערגעפירט מענטשן פון איין עשאַלאָן אין אַנדערן. דעם אונגאַר האָט מען באַלד אַראָפּגענומען פון אונדזער וואַגאָן. צוליב פאַרזיכטיקייט, האָט ער מיר זיין נאָמען נישט געזאָגט. ס׳איז ווי פאַר־בליבן נאָך אים אַ פּוסטקייט.

צוויי טעג האָט מען מאַנעווורירט מיט די וואַגאָנען. אַנגעפּרעסטע, אַנגעזויפּטע ב. ק. וו. ד.־נאַטשאַלניקעס לויפן אַרום צווישן די עשאַלאָנען מיט גאַנצע שטויסן אַקטן. וועגן עסן פאַר אונדז האָבן זיי גאָר נישט געטראַכט. פון איין וואַגאָן הערט מען אַ געשריי: ברויט! וואַסער! צוערשט ווערט דאָס נישט דרייסט אונטערגעכאַפּט פון אַלע וואַגאָנען. די היטער דראָען מיט די ביקסן. זיי שיסן אויס. איז עס נאָר אין דער לופט? ווער קען עס וויסן? דאָס צעהיצט אָבער נאָך מער די שטימונג אין אונדזער וואַגאָן. אויף די אייבערשטע נאַרעס ביי די פענצטערלעך, זיצן ווי דער שטייגער איז, די שטאַרקע, די גנבים. זיי האָבן אויפגעריסן די פענצטערלעך, צעבראָסטעט די ברוסטן און געשריגן: „סטרעלאַיטיע, בליאַדי... מיר וועלן אייך נאָך אַ מאָל אויסשעכטן!...״ מ׳הערט אויפרוקן מיט געוואַלד די פאַרמאַכטע טירן. קיינער הערט אָבער נישט די פאַר־צווייפלטע געשרייען פון די שקלאַפן. די מענטשן, נאָך מער אָפּגע־שוואַכט פון זייערע אייגענע געשרייען, בלייבן ווידער ליגן פאַרשמאַכטע פון הונגער און דורשט.

ביי נאַכט האָט מען גענומען 4 מענטשן פון וואַגאָן צו ברענגען די „באַלאַנדע״ און ברויט. איך בין געווען צווישן זיי. אין דרויסן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיר שטייען אין אָמסק, און פאַר וואָס מיר האָבן נישט באַקומען דעם פּאַיאָק. מען האָט דאָ פאָרמירט נייע עשאַלאָנען און די נאַטשאַלניקעס האָבן נישט געוווּסט וועלכע אַרעסטירטע מען וועט זיי צוטיילן. מיר האָבן זיך אָפּגעוואַלגערט אין די וואַגאָנען נאָך 2 מעת־לעת און מער געשטאַנען ווי געפאָרן.

אויסגעלאָדן האָט מען אונדז אין אַ „פּערעסילנע״ קאָלאָנע,ביים טייך איריטש. פון דאַנען וועט מען אונדז שיקן ווייטער. וווהין? דערווייל פירט מען אויף אַרבעט. ווי ווייט דאָס אויג דערכאַפּט — אַלץ שטאַבעס מיט קלעצער, צו 10, צו 15 מעטער העכער פונעם וואַסער. מען קוילערט דאָס אַלץ אַראָפּ אין טייך אַריין. אונטן בינדט מען פּליטן און מען לאָזט זיי מיטן וואַסער. די קלעצער, וואָס רייסן זיך אָפּ פון די פּליטן, דאַרף

מען אויפכאַפּן. אַ מאָל פּאַרטשעפּעט זיך איין קלאָץ אין צווייטן. דער ריזיק־ברייטער טייך ווערט פּאַרשטאָפּט. די בריגאַדירן און די „סטרעלקי״ יאָגן אונדז. די געפאַר איז גרויס, מען זאָל נישט צעקוועטשט ווערן צווישן די קלעצער, אָדער דערטרונקען ווערן אין טיפן טייך. מיר שטייען אין מיטן טייך אויף קליינע פּליטן, מיט לאַנגע שטעקנס אין די הענט. מען דאַרף האָבן פיל דערפאַרונג און פלינקייט אין דער אַרבעט. מיין שכן, אַ דאָקטאָר־געאָלאָג, האָט מיר עטלעכע מאָל אָפּגעהאַלטן. „נישט נאָר דו קענסט זיך אַליין דערהרגענען, נאָר קענסט אויך מיטשלעפּן אַנדערע. מען דאַרף האָבן אַ סמיקאַלקע אַרויסצושלעפּן דעם קלאָץ מיט שכל. אַ שניידער, אָדער אַ דאָקטער אַרבעטן דאָ ביים ,ספּלאַוו', און ערגעץ אַנדעו׳ש אַרבעט דער ,ספּלאַוטשיק' אַלס שניידער, אָדער אַלס דאָקטער. דאָ ליגט די גרויסע טראַגעדיע פון ריזיקן לאַנד, וואָס קען דעריבער נישט געבן גענוג ברויט אירע בירגער. אַ דריטל פון דער טעריטאָריע איז באַדעקט מיט וואַלד. און קראַנקע, אומדערפאַרענע מענטשן, באַרויבט פון זייער פרייהייט, מוזן אָט דאָס ריזיקע רייכטום עקספּלואַטירן״.

דער ריזיקער טייך אירטיש איז דער צווייטער לויט זיין לענג אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָך דער לענע, וואָס שטראָמט לענגאויס 4248 קילאָמעטער. די אַלע רייכטימער וואַלטן געקענט, ביי אַנדערע אומשטענדן, שאַפן פרייד און גליק אין לאַנד. אָבער אין די געגעבענע באַדינגונגען איז דאָס וואַסער אין די טייכן פול מיט טרערן פון אַרעסטאַנטן.

נאָך עטלעכע וואָכן פון האַרעוואַניע, האָט מען אונדז ווידער אַנגעלאָדן אין וואַגאָנען און אַוועקגעפירט דאָרט, ווו דער אירטיש פאַלט אַריין אין צפונדיקן אייז־ים. וואָס ווייטער מיר זענען געפאָרן, אַלץ מער עשאַלאָנען האָבן מיר באַגעגנט. נאָך צוויי וואָכן פאָרן, זענען מיר אָנגעקומען צום פונקט אין קיראָוו (אַמאָל וויאַטקע). די הויכע, הילצערנע באַראַקן מיט די גראָנדיקע נאַרעס זענען געווען באַדעקט מיט אויפ־שריפטן פון טויזנטער נעמען, מיט דער צאָל יאָרן, וואָס זיי האָבן באַקומען. פיל פון די אָנגעקומענע זוכן טאַטעס, קינדער, ברידער און שוועסטער. לויט די שפראַכן, זענען עס קענטיק נעמען פון די ביייע פאַרכאַפּטע געביטן. פון קיראָוו זענען מיר געפאָרן קיין קאָטלאַס, אין אַ באַרזשע, אויפן סאַמע דנאָ, אַזוי ווי מ׳האָט אַמאָל געפירט די שקלאַפן פון אַפריקע קיין אַמעריקע. מיר שווימען מיט דער צפון־דווינע, דער גרויסער טייך, וואָס שטראָמט 750 קילאָמעטער די לענג, שניידט אַדורך די טײַגע, און פאַרקערעוועט זיך אין טייך ווישעג, וואָס ווערט גערופן

די קליינע צפֿון־דווינע. זי דערנענטערט זיך אַלץ מער צום צפֿון־פּאָל. מיט דעם וועג האָט מען אין יענע יאָרן אינטענסיוו געפֿירט פֿיל צענד־ליקער טויזנטער אַרעסטירטע, ווי אומזיסטע אַרבעטס־קרעפֿטן, צו אַנט־וויקלען און עקספּלואַטירן די ריזיקע רייכטימער פֿון די אומגעהויערע שטחים. 99 פּראָצענט פֿון זיי האָבן נישט דערלעבט צו זען דעם וועג צוריק צו זייערע היימען און פֿאַמיליעס.

דאָס לעבן אין דער באַרזשע איז פֿיל מער קאָמפּליצירט, ווי אין פֿאַרמאַכטן וואַגאָן. דאָ איז די אונטערוועלט נאָך אַ גרעסערער כוח, זיי טעראָריזירן און דיקטירן זייער ווילן. ביי אונדז איז שוין פֿון לאַנג נישט געווען וואָס צוצורויבן. דאָס איינציקע פֿאַרמעגן אונדזערס איז געווען די פּאָרציע ברויט. נישט איין מאָל האָט מען זיך געשלאָגן און געריסן צווישן זיך, ווי צערייצטע חיות. עס איז געווען אַזוי ענג אין דער באַרזשע, אַז ס'איז נישט געווען קיין אָרט וווּ זיך צו שלאָגן.

נאָכן אויסשטייגן, האָט מען אונדז געגעבן די פּאָרציע ברויט מיט געטריקנטע טאַלקעס (קליינע פֿישלעך) און דערנאָך צוויי טעג געיאָגט צו פֿוס, ביז מיר זענען אָנגעקומען צום הויפּט־לאַגער פֿון קאָמי־ס.ס.ר. אין דער הויפּט־שטאָט פֿון דער אויטאָנאָמער רעפּובליק, סיקטיווקאַר. דער איבערפֿלוס פֿון עטאַפּן איז דאָרט געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט אונדז אַפֿילו אין דער זאָנע נישט אַריינגעלאָזט. נאָר די קראַנקע האָט מען אויפֿגענומען. מיר האָבן זיך גלייך געשטעלט בויען אַ נייע זאָנע, און איר אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָט. די זון האָט געשיינט כמעט גאַנצע 24 שעה. טראָץ אונדזער מידקייט זענען מיר געווען באַגייסטערט פֿון גאָטס באַשאַף, און באַוווּנדערט די דערשיינונג, ווען ס'פֿאַלט זיך צונויף דער זון־אונטערגאַנג מיט איר אויפֿגיין. מיר זענען געפֿאַלן ווי סנאָפּעס אויף דער הוילער ערד. אונדזער איינציקע באַשיצונג פֿון די בלוטיקע פּאַראַזיטן, די שרעקלעכע קאָמאַרעס, זענען געווען די רויכערדיקע „קאָסטיאָרן" (שייטערס).

מ'האָט מיט אונדז נישט געמאַכט קיין שום פֿאָרמאַליטעטן, קיין באָד נישט געגעבן און קיין דיזענפֿעקציע נישט דורכגעפֿירט. פֿול מיט לייז, האָט מען אונדז ווייטער געטריבן צו פֿוס, ביז אַ געדיכטער טייגע. ווו די זון־שטראַלן רייסן זיך קוים דורך. מ'האָט אונדז געגעבן זעגן און העק. מיר טראָגן אויך מיט זיך קעסלען פֿון דער קיך און פּראָדוקטן. דער באָדן איז בלאָטיק. אַרום אונדז, געדיכטע וואָלקנס פֿון קאָמאַרן. די הענט זענען פֿאַרנומען און נישט פֿריי זיך צו שיצן. זיי קריכן אַריין

אין די אויגן און אין נאָז. די געזיכטער זענען ביי אַלע פֿאַרבלוטיקט. אַנדערע ווערן געשוואָלן און באַקומען הויכע טעמפּעראַטור. קוים, קוים דערשלעפּן מיר זיך.

דער באָדן איז באַזעצט מיט פלעקלעך. מיר פאַרשטייען, אַז אַ טאָפּאָגראַפישער אָטריאַד איז דאָ פֿאַרביי, געמאָסטן און געצייכנט דעם וועג, וואָס דאַרף דאָ דורכגעלייגט ווערן. פאַר אַלעם מוז געבויט ווערן די פאַרמאַכטע זאָנע. מיר האָבן אויסגעהאַקט אַ וועג פון עטלעכע און צוואַנציק מעטער אין דער ברייט, גערייניקט און אויסגעקאָרטשעוועט די ביימער־וואָרצלען פון אַ באָדן, וואָס אַ מענטשלעכער פוס האָט נאָך קיין מאָל נישט באַטראָטן. די אַרבעט איז זייער אַ פּרימיטיווע. די בוי־בריגאַדעס האָבן געלייגט אַ געהילץ־וועג פון דרענגלעך, פאַרפעסטיקט אין די זייטן מיט גראָבע קלעצער, פאַר אויטאָמאָבילן און פערד. הינטער זיי — די מאַסע אַרעסטאַנטן אין הונדערטער קאָלאָנעס. אויף עטלעכע הונדערט קילאָמעטער, פון קאַטלאַס ביז ארקוטאַג, האָט מען מיט לאָפּעטעס, קירקעס און טאַטשקעס געמאַכט אַן ערד־אָנשיט, פאַר אַ באַן־ליניע. דאָס פרעסן און פעסטיקן דעם אָנגעשאָטענעם באָדן איז אויך געמאַכט געוואָרן מיט זייער פּרימיטיווע מיטלען ווי — אַ שווערער קלאָץ אין די הענט פון אַ צענדליק שקלאַפן. די בריגאַדירן און דעסאַטניקעס האָבן געיאָגט און געזידלט. די נאָרמעס זענען געווען גרויסע. די אוזבעקן צווישן אונדז האָבן געזאָגט: „ראַבאָטאַיאָט נאַ קובאָמעטער אַ כלעב נאַ מילימעטער" — אַרבעטן דאַרף מען אויפן קובאָמעטער און ברויט גיט מען אונדז אויפן מילימעטער.

דער איבערגאַנג פון זומער צו ווינטער אין די מקומות איז אַ האַס־טיקער. קיין באַראַקן זענען נאָך נישט געווען. די שוין געבויטע, זענען געווען פאַר דער אַדמיניסטראַציע, פאַר די נ. ק. וו. ד.־לייט און פאַר די היטער פון דער זאָנע. פאַר דער קיך און פאַר די אַרבעטס־מענטשן האָט מען פאַרצויגן ריזיק־גרויסע פּאַלאַטקעס פון ברעזענט. ענדע אויגוסט האָט שוין אָנגעהויבן שנייען. דער שניי האָט אָנגעהאַלטן ביז ענדע מאַי פון אַנדערן יאָר. די פּאַלאַטקע איז אַפילו אינעווייניק אויך געווען פול מיט שניי. די ברעטער, אויף וועלכע מ'האָט געפירט די טאַטשקעס, זענען געוואָרן גליטשיק. מ'האָט געדאַרפט מאַכן די גרעסטע אָנשטרענ־גונג צו קענען דערפאָרן ביז דער טראַסע. די ערד איז געווען געפרוירן ביז אַ האַלבן מעטער די טיף. דאָס אַלץ האָט נאָך מער באַשווערט אויסצופירן די נאָרמע, במילא האָט מען נישט באַקומען די פּאַרציע

ברויט. און אין דער קעלט פאַדערט דער קערפּער מער קאַלאָריעס. אַפילו די אויסגעאַרבעטע נאָרמעס ברויט זענען נישט צוגעשטעלט געוואָרן פון די צענטראַלע סקלאַדן אין די קאַלאָנעס, צוליב שלעכטער פּלאַנירונג און טראַנספּאָרט־שוועריקייטן. ס׳זענען געווען אַפילו פאַלן פון באַרויבן די פּראָדוקטן אויפן וועג, כאָטש די טראַנספּאָרטן זענען געווען שטאַרק באַוואַכט. ס׳זענען נישט געווען קיין שום סאַניטאַרע באַדינגונגען, נישט קיין באָד, און נישט קיין דעזינפעקציע. זענען טאַקע געקומען די מגפות פון דעם בלוטיקן „פּאָנאָס״ (לויזער מאָגן) און צינגאַ. טאָג־טעגלעך זענען געפאַלן פיל פון אונדז.

28 יאָר זענען שוין פאַרביי זינט דאַן און דאָס שוידערלעכע בילד גייט נישט אַוועק פון מיינע אויגן, ווי מיר האָבן מיט די לעצטע כוחות געשלעפּט די נאַקעטע גופים צו באַגראָבן. דאָס האַרץ וויינט אין מיר ווען איך לייען די שורות פון פּאָעט אברהם זאַק „קברים אין דער טייגע״:

כ׳פאַרגעס נישט די עלנטע קברים אין טייגע,
זיי ליגן דאָרט נאָמענלאָז אונטערן שניי.
גאָר פּלאַכע די קברים, פון קנעכט קאַרג פאַרשאָטן —
פאַרשיט זיי דערפאַר מיטן שניי דער זאַווייִ.
נאָך יאָרן פון מאַטער מיט זעג און מיט קירקע,
פאַרוואָרפן פון וועלט און פאַרוואָרפן פון היים;
נאָך שמוץ פון באַראַק אויף די ברעטער די האַרטע —
ווי גוט זענען לעצטע פיר איילן פון ליים...
דו דאַרפסט שוין נישט מערער די „פּייקע״ פון קלייען,
ס׳יאָגט מער נישט ביים קאָרטשעווען דער בריגאַדיר;
זעסט מער נישט דעם שומר מיט ביקס אָנגעלאָדן,
וואָס לאָזט נישט אַראָפּ גאָר די אויגן פון דיר.
זעסט מער נישט ביי אים אויף דער ברוסט די מעדאַלן,
דעם „האַמער און סערפּ״ אויף לאַץ פון זיין „רום״...
שוין פּטור פון אַלץ אין דער גרוב אונטער שנייען,
נאָר אייביקע, עלנטע שטילקייט אַרום. — — —

אָבער די פיל טויטע זענען צען־פאַכיק פאַרביטן געוואָרן דורך נייע אַרעסטאַנטן. אין פרילינג 141, ביים פאַרלייגן און צופּעסטיקן די באַן־רעלסן נאָענט צום צפון־טייך פּעטשאָראַ, ביים אָפּשניט קאָזשווע, זענען

מיר אויף צענדליקער קילאָמעטער געווען צעשטעלט געדיכט ווי די מוראַשקעס. עס איז מסתמא געווען פאַרויסגעזען די ריזיקע ווירטשאַפט־לעכע און סטראַטעגישע באַדייטונג פון דער באַן־ליניע אין די נאָענטסטע חדשים.

די געגנט איז שוין די טונדרע. אַרום די נידעריקע סענקעוואַטע ביימער־קוסטעס און אויפן מאָך, פּאַשען זיך די הירשן־סטאַדעס. ס׳איז אויף דער אַנדערער זייט פון די אוראַלער בערג. דאָרט הייבט זיך אָן דער טייך פּעטשאָראַ און ציט זיך אויף אַ לענג פון 1814 קילאָמעטער. עס הערשן דאָ שרעקלעכע ווינט־ציקלאָנען און שניי־שטורעמס. אין יענע פרילינג־חדשים זענען געפאַלן קאַלטע רעגנס, ס׳זענען אָבער געהאָנגען אויפ־שריפטן: „נאַ טראַסיע דאָזשדי ניעט״ — אויף דער טראַסע רעגנט נישט... ס׳הייסט, אַז די אַרבעט דאַרף ווייטער אָנהאַלטן אַפילו אין גרעסטן רעגן... אין די געגנטן, ביז וואָרקוטאַ, זענען שוין געווען לאַגערן לאַנג פאַר דער באַן־בויונג. די פאַרבינדונג אַהער איז דאַן געגאַנגען נאָר מיט די וואַסער־וועגן. און אַזוי ווי די וואַסערן זענען געפרוירן און באַדעקט מיט דיקן אייז 6—7 חדשים אין יאָר, האָט מען די נאַטירלעכע אוצרות נישט געקענט געניצן עקספּלואַטירן. די איינגעבוירענע האָבן געהאַט זייערע יישובים ביי די טייכן אַכטאַ, איזשמע, וויטשעגדאַ.

אין חודש פון מלחמה־אויסברוך אין 1941, בין איך אָנגעקומען מיטן עטאַפּ אַרבעטן אין אַן אויטאָ־קאָלאָנע. ביי די בריקן האָבן מיר געדאַרפט מאַכן הויכע ערד־אָנשיטן, צוליב די שטורמישע וואַסערן. מיט די טאַטשקעס וואָלט מען דאָ פאַרפאַלן געוואָרן. 25 מאַשינען האָבן געאַרבעט 24 שעה אין מעת־לעת. 300 מענטשן האָבן געלאָדן די מאַשינען, אַנדערע האָבן אויסגעלאָדן דעם באָדן פון די מאַשינען, געפּרעסט און געפעסטיקט דעם אָנשיט. די מאַשין איז געווען דאָס וויכטיקסטע. פאַר איין מינוט צייט פון אַ מאַשין, זענען זיי גרייט געווען 100 לאַגערניקעס אומצוברענגען. די מאַשין איז געווען דער מולך, וואָס האָט געפרעסן מענטשן. יעדן חודש איז געקומען אַן עטאַפּ, און קיין מאָל שטייגט ער נישט איבער די נייטיקע צאָל, צו באַדינען די מאַשינען. אַ טייל פון די פריער־דיקע גייען איבער אין דער שוואַכער קאָמאַנדע און אַ טייל — אויף יענער וועלט... צו מיין גליק, איז מיר ווידער געלונגען זיך איינ־צוואָרדענען אַלס שניידער אין דער קאָלאָנע. פאַרמעל האָב איך געדאַרפט פאַרריכטן די צעריסענע אַרבעטס־מלבושים, אָבער פאַקטיש האָב איך באַדינט די „באַלעבאַטים״.

דער אָנפאַל פון היטלער־דייטשלאַנד און די מפּלות פון דער סאָוויע־טישער אַרמיי אין די ערשטע חדשים, האָבן גורם געווען אַ שטילע בהלה אין נ.ק.וו.ד., וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער ווירטשאַפט און אַדמיניסטראַציע פון לאַגער. דער גייסט פון צואייגענען זיך מלוכהש אייגנטום, לויטן פּאָפּולערן ווערטל, אַז די מלחמה וועט אַלץ אָפּשרייבן, האָט אויך באַווירקט די לאַגער־„באַלעבאַטים״. אויסערלעך איז אַלץ געגאַנגען לויט דער פריערדיקער רוטין, אָבער די היטער האָבן דאָך פאַר־שמעלערט זייער גאווה. אין לאַגער איז געשטיגן די האָפענונג פון באַפרייונג. אין זיך האָבן מענטשן געבעטן אויף אַ מפּלה. 50 פּראָצענט פון די מאַשינען האָט מען צוגענומען צום פראָנט. דער לאַגער־פּאַיאָק האָט זיך נאָך מער פאַרקלענערט. ביזן באַקומען די הילף פון אַמעריקע, איז מיטן עסן געווען ממש קאַטאַסטראָפאַל.

די נייע באַן־ליניע פון קאָטלאַס האָט אָנגעהויבן גיין מיט גרויסע אומוועגן קיין פּעטשאָרע. אַהין זענען טאָג־טעגלעך געשיקט געוואָרן אַרעסטירטע. און פון דאָרטן — קויל פון וואָרקוטאַ און געהילץ פון דער טייגע־זאָנע. אונדזער קאָלאָנע איז געשטאַנען נאָענט ביי דער באַן־ליניע. אַ סך מאָל האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט עטאַפּן און ס׳איז געווען אַ מעגלעכקייט זיך צו דערוויסן פון וואַנען זיי קומען. חוץ פון די לאַגערן פון קאַרעליע און פון די געגנטן אַרום לענינגראַד, האָט מען אויך באַגעגנט עטאַפּן פון די לאַגערן אַרום אַרכאַנגעלסק און מורמאַנסק. לויט ווי מען האָט איבערגעגעבן, האָט די דייטשע אַרמיי אָנגעגריפן דורך פינלאַנד די לאַגערן. מיטן ציל: אָפּצושניידן דעם ים־וועג און דעם צפון, ווו ס׳זענען געווען קאָנצענטרירט מיליאָנען לאַגערניקעס. דעם ווינטער 1942 זענען דורכגעפאָרן אומצאָליקע עשאַלאָנען פון „פּערעסילענצעס״, מיט גאַנצע משפחות. מיטן עפענען דעם באַן־וועג, איז געווען אַ מעג־לעכקייט צו שיקן אַ טייל פון די לאַגערניקעס טיפער אויף צפון, און אויף זייער אָרט ברענגען די „וואָלגע פּערעסילענצעס״, די פרייע איבערוואַנדערער.

אין דעם ווינטער האָט זיך דער טעראָר אין לאַגער אומגעהויער פאַר־שטאַרקט. ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין פּראָוואָקאַציעס צווישן די אַרעסטירטע גופא. אָט מורמלען אַלע וועגן דעם און יענעם, אַז ער איז אַ מסור, אַלע האָבן מורא, פון בריגאַדיר ביזן פאַרטיילער פון עסן. מען ווייסט, אַז די אַלע, וואָס מען רופט אַרויס צו דער „דריטער אָפּטיילונג״, פירט מען קיין סוקטיווקאַר, ווו זיי ווערן דערשאָסן. ביי

אַלע מיט פּאָליטישע פּאַראַגראַפן, האָט מען צוגענומען די רעכט אויף קאָרעספּאָנדענץ מיט זייערע פאַמיליעס. דעם פאַרוואַלטער פון אַרבעטס־אַמט, ביי וועמען ס'געפינען זיך אַלע קאַרטאָטעקעס פון די אַרעסטירטע, האָט מען מיטגעטיילט אַז אַלע, וואָס האָבן דעם פּונקט 58/6, ד. ה. פאַרדאַכט אין שפּיאָנאַזש, ווערן אָוועקגעשיקט קיין מאַטושקאַ שאַר, ווו מען גייט בויען אַ פּאָרט. דאָס אָרט איז דער ווייטסטער פּונקט פון צפון־אייז־ים. אַ שמאָלער ים־דורכגוס טיילט אים אָפּ פון דער נאָוואַיאַ זעמליאַ (נייע ערד). שיקן אַהין הייסט — טויט. דאָס איז קלאָר. מען לייגט מיר פאַר אַ סומע געלט מיין קאַרטאָטעקע און ווען דער עטאַפּ וועט דאַרפן אָפּגיין, זאָל איך זיך באַהאַלטן. איך האָב געמאַכט דעם מסחר, כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז דאָס ווערט געטאָן מיטן וויסן פון נאַטשאַל־ניק, וועלכער איז פּערזענלעך פאַראינטערעסירט, אַז איך, אַ מיליטער־שניידער, זאָל בלייבן אין דער קאָלאָנע. צוזאַמען האָבן מיר געזוכט אַן אָרט, ווו זיך צו באַהאַלטן אין דער פאַרמאַכטער „קלעטקי" פון דער זאָנע. ס'איז געלעגן אַ באַרג שניי, האָט ער מיר געהייסן אין אים אַריינקריכן. און אַזוי בין איך געראַטעוועט געוואָרן פון מאַטושקאַ־שאַר.

איך האָב געלעבט אין אַן אַטמאָספער פון שרעק און מורא, אַז צוליב וועלכע ס'איז נאַרישע פּראָוואָקאַציע אָדער צוליב קנאה, זאָל איך אַריינ־פאַלן אין די לאַפּעס פון דער 3טער אָפּטיילונג. די אָפּטיילונג זוכט דאָך וואָס מער קרבנות, כדי צו באַרעכטיקן צו זיין וויט פון פראָנט. כ'האָב מורא צו פאַרלירן מיין וואַרעם און פאַרהעלטנישמעסיק זעטיק אָרט, אַלס שניידער. כאָטש איך צאָל פאַר דעם מיט 18 און טיילמאָל מיט 20 שעה אַרבעט אין מעת־לעת. איך מוז נייען פאַר די בעלי־בתים און אויך פאַר־ריכטן די אַרבעטס־בגדים. ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו נייען, נישט אַפילו קיין שטיקלעך שמאַטעס און נישט קיין פאָדעם. איך פלעג גנבענען אַ ביסל פאָדעם פון דעם נייען פאַר די בעלי־בתים. איך צי אויך אַרויס די פעדים פון אַלטע זעק. איך האָב אויך מאָביליזירט צו זוכן ביי וועמען ס'איז נאָך פאַרבליבן פון דער פריי אַלטע שקאַרפּעטן, און געדריוועט פון זיי אַ פאָדעם. פון מיין זעמליאַנקע ביי דער וואַכטע האָב איך געזען ווי מען יאָגט די מענטשן־מאַסע. זיי זעען אויס ווי איין קנויל פון שמאַטעס. דער פראָסט ברענט. אַ שווידער גייט דורך די ביינער.

קיין באַנדאַזשן איז נישט געווען. האָט מען פון אַלטע אונטערוועש, דורכגעזאַפּט מיט שווייס און שמוץ, צונויפגענייט באַנדאַזשן. איין מאָל האָט דער פעלדשער אַריינגעברענגט גוטע העמדער, מיט אַן אָפּצייכן

פון די היטער. ער האָט דערציילט, אַז דאָ געפינען זיך עטלעכע פאַר־וואונדעטע היטער, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין אונטערדריקן אַן אויפשטאַנד פון די קאָמי־פּאַסטעכער, וואָס פּאַשען סטאַדעס הירשן אין די פּיעטשאַרסקי טונדרי. עס זענען דאָ אַ סך פאַרוואונדעטע און אַפילו טויטע, צווישן זיי דער „גלאַוונער נאַטשאַלניק" פון קאָזשעווסקי־לאַגער. די היטער האָבן זיך גערימט, אַז זיי האָבן אַלע קאָמי־אויפ־שטענדלער אויסגעשאָסן און נישט גענומען קיין געפאַנגענע, אַפילו נישט די פאַרוואונדעטע. זיי האָבן צוגעגעבן, אַז די דייטש־פינישע שפּיאָנען האָבן זיי אונטערגעהעצט. די אמתע סיבות פונעם אויפשטאַנד וועט מען אפשר קיין מאָל נישט וויסן. גאַנץ מעגלעך אַז די נ.ק.וו.ד. האָט עס אַליין פּראָוואָצירט, צו באַווייזן פאַר מאָסקווע די וויכטיקע ראָל, וואָס זי פירט אויס.

אין פרילינג 1942 איז אַראָפּגעקומען אַ פּריזיוו־קאָמיסיע פון דער אַרמיי, צו ווערבירן פרייוויליקע פון צווישן די, וואָס זיצן פאַר גנבה, באַנדיטיזם, שפּעקולאַציע א. אַ. וו. איך האָב אָנגעשריבן אַ ווענדונג און אַפילו אַליין געשמועסט מיטן אָנפירער פון דער קאָמיסיע. ער האָט מיר געענטפערט: „מיר ווייסן, אַז צווישן אייך, די אַזוי גערופענע פּאָליטישע, זענען די מענטשן מער ערלעך, פעיִקער און געטרייער צו קעמפן און פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. מיר קענען אָבער, ליידער, נישט דעצידירן וועגן דעם".

פאַרן אַוועקפאָרן האָט מען אָנגעטאָן די ווערבירטע פון קאָפּ ביז פיס, פון בעסטן, וואָס איז געווען אין סקלאַד. עטלעכע פון זיי האָב איך געפרעגט: „איר וועט קעמפן צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד?" כמעט אין איין כאָר האָבן זיי געענטפערט: „כאַטיאַ אַדין ראַז פּאַזשריאַט איזדאָכניט..." (כאָטש איין מאָל זיך אָנפרעסן און פּגרן). דעם ערשטן עשאַלאָן פון די ווער־בירטע האָט מען געפירט פאַרמאַכט ביז קאָטלאַס, און דאָרט האָט מען זיי פאָרמעל באַפרייט און געשיקט אין „וואָיענקאָמאַט". אין קאָטלאַס האָבן זיי אָבער אין באַזאַר געמאַכט אַ פּאָגראָם, און די גרעסטע טייל האָט מען צוריק געפירט אין די לאַגערן. נאָך דעם פאַל האָט מען שוין די ווערבירטע פון די לאַגערן גלייך געשיקט אין די שטראָף־באַטאַליאָנען אויפן פראָנט.

בעת דער אַמנעסטיע פאַר די פּאָליאַקן רופט מיך אַרויס דער „פּאָם פּאָ טרודו", דער פאַרוואַלטער פון אַרבעט, און לייגט מיר ווידער פאָר אַ מסחר. מאָרגן פרי דאַרף מען באַפרייען די פּאָליאַקן. היינט אָוונט איז

געשטאָרבן אַ פּאָליאַק, אַלע ווייסן, אַז איך בין פון פּוילן און קיינער ווייסט נישט, אַז לויט דער קאַרטאָטעקע געהער איך נישט צו די, וואָס מען דאַרף באַפרייען. קען מען מיך אָבער באַפרייען אויפן נאָמען פון געשטאָרבענעם. פון דעם געשעפט איז אָבער גאָרנישט געוואָרן, ווייל איך האָב נישט געהאַט צו באַצאָלן דאָס, וואָס ער האָט דערפאַר געפאָדערט.

אונדזער קאָלאָנע איז געפאָרן צו אַ בריק־אָנשיט ביי דער אוכטאַ. אין דעם עטאַפּ בין איך צום ערשטן מאָל געפאָרן מיט דער באַדינונג, נישט שטאַרק געהיטן און נישט פאַרשלאָסן. אויף אַלע סטאַציעס האָבן מיר געדאַרפט ברענגען וואַסער און עסן פאַר די פאַרשלאָסענע וואַגאָנען. אַלע סטאַציעס זענען געווען פול מיט באַפרייטע פון פּוילן. כ'האָב געטראָפן אַ סך יידישע יאַטן. זיי האָבן זיך געפרייט און געווען אָפּטימיסטיש געשטימט. דאָס האַרץ האָט געצויגן און געבענקט צו זיין מיט זיי. שוין 2 יאָר האָב איך נישט געהאַט דאָס גליק צו זיין צווישן יידן. חברה רעדן מיך צו: „בלייב מיט אונדז. זאָל דיין עטאַפּ אַוועקפאָרן אָן דיר. מיר וועלן שוין שאַפן אַ שטיקל פּאַפּיר". איך האָב זיך אָבער נישט געקענט לאָזן אויף אַזאַ אַוואַנטורע. איך בין שוין באַלד 4 יאָר אָפּגעזעסן. און טאָמער פאַלט עס אַדורך, ס'איז מלחמה־צייט, איז — אַ קויל אין קאָפּ.

אוכטאַ האָט הינטער זיך אַ לאַנגן „יחוס" פון צאַרישער פאַרשיקונג און סאָוויעטישע לאַגערן פון די 20קער יאָרן. מען בויערט דאָרט נאַפט־ברונעמס און מען באַאַרבעט דעם נאַפט. לענגאויס דעם טייך — אַגראַר־ווירטשאַפטן, ווו עס אַרבעטן לאַגער־אינוואַלידן. אויך פאַראַן לאַגערן, ווו מען האַקט שטיינער, צום נוצן פון דער בריקן־בויונג, ווי אויך פאַרשיידענע פונקטן פאַר וואַלד־האַקן, בוי־אַרבעט און אויספלאַסטערן פון דער נייער באַן־ליניע. דער טעכנישער פּערסאָנאַל אין דער קאָלאָנע איז געווען אַ גרויסער און האָט אַרומגענומען מעכאַניקער, עלעקטריקער און שאָפערן. זיי האָבן באַקומען מער ברויט, בעסערע און געדיכטערע באַלאַנדע, די ערשטע צו באַקומען צום רויכערן און רעכט עפּעס צוצוקויפן אין לאַגער־געוועלב. זיי האָבן אויך באַקומען אויסגעצאָלט ביז 30—40 רובל אַ חודש. אַ פּייקע ברויט אויף דער לאַגער־בערזע פון 600—700 גראַם האָט דאַן געקאָסט 60 רובל. די ווייט־גרעסטע טייל פון זיי האָבן נישט געהאַט קיין פּאָליטישע באַשולדיקונג־פונקטן, האָבן זיי זיך נישט געפילט אַזוי מאָראַליש און פיזיש צעבראָכן. דערפאַר האָבן זיי געהאַט די דרייסטקייט צו בעטן ביים נאַטשאַלניק פון דער קאָלאָנע ער זאָל ברענגען פרויען. 2 יאָר האָט געדויערט ביז ער האָט זייער ביטע דערפילט.

מ׳האָט געבראַכט 6 אויסגעמאַטערטע, מיטליעריקע, פּראָסטיטויִרטע פרויען. כאָטש די מערסטע מענער זענען געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז די זאַכן, זענען זיי גאָרנישט געלעגן אין זינען.

מיין אָפּגעטיילט שניידער־ווינקל האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן באַראַק פון עטלעכע הונדערט אַרבעטער. יעדע בריגאַדע לאָזט איבער אַ „דיוואַלני״, וואָס דאַרף היטן דעם באַראַק, ברענגען ברויט, טיילן דאָס עסן, טראָגן די צעריסענע שיך צום שוסטער, מלבושים צום שניידער. דאָס זענען מערסטנטייל די „לאַבימשטשיקעס״ פון די בריגאַדירן, גנבים און פאַרברעכער. גאַנצע טעג זיצן זיי און שפּילן אין קאָרטן, זינגען סענטימענטאַלע טרויעריקע גנבישע לידער. איין רעפריין איז מיר געבליבן קלינגען אין די אויערן:

אַך מאָסקווא, מאָסקווא, מאָסקווא,
סקאַלקאַ גאָרע טי מניע דיעלאַלאַ.

זיי דערציילן זיך איינער דעם אַנדערן פון זייערע גנבישע און מערדערישע מעשים. איך האָב מיט זיי געמוזט לעבן בשלום. האָט ווער פון זיי פאַרשפּילט און נישט געהאַט מיט וואָס צו צאָלן, האָט דער שניידער געמוזט צאָלן. האָבן אַ שונא פון זיי, איז אַ געפאַר פאַרן לעבן. אין איין פאַל האָב איך געקענט באַקומען בייע 5 יאָר לאַגער. איך בין געווען געצוווּנגען מסכים צו זיין זיי זאָלן באַהאַלטן ביי מיר אין דער קויקע 6 קליידער, וואָס זיי האָבן צוגעגנבעט ביים מאַגאַזינער פון דער קאָלאָנע. דער קאָמאַנדיר האָט אומעטום געזוכט, נאָר ביי מיר, האָט ער געזאָגט, דאַרף ער נישט זוכן — דער שניידער איז אַן ערלעכער מענטש. געווען פאַלן, ווען פּראָפעסיאָנעלע גנבים האָבן אויך געהאַט פּאָליטישע באַשולדי־קונגען. ווען אַזאַ גנב האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין אין אַ גנבה, האָט דער אויספאָרשער איבערגעשיקט זיין אַקט צו דער „טראָיקע״ און מ׳האָט אים געגעבן ס.וו.ע. אָדער ק.ר. — קאָנטער־רעוואָלוציאָנער. ווען די גנבים האָבן זיך געכאַפּט, אַז מ׳קען זיי געבן אַזעלכע פּונקטן, און זיי וועלן פאַרלירן זייערע פּריווילעגיעס אין לאַגער, האָבן זיי זיך אַפילו מודה געווען אין נישט־אָפּגעטוענע זאַכן. איינער, אַ גנב שבגנב — פון 7 יאָר אָן, האָט מיר דערציילט אַזאַ געשיכטע וועגן זיך:

ער איז באַפרייט געוואָרן פון לאַגער און צוריק געקומען קיין ראָסטאָוו.

דאָרט האָט עמעצער אַדורכגעפּירט אַ „ריין" שטיקל אַרבעט. ער איז אַרעסטירט געוואָרן. דער אויספאָרשער רופט אים אַרויס און זאָגט אים: נעם עס אויף זיך! ס'טייטש, ענטפערט ער, איך האָב עס דאָך נישט געטאָן! איך ווייס — זאָגט דער אויספאָרשער — אַז דו האָסט עס נישט געטאָן, מיר האָבן דעם שולדיקן נישט געפונען. אָבער אין דער סאָוויעטי־שער מיליץ קען קיין אַקט נישט בלייבן הענגען. ביסט נישט מסכים, וועל איך דיין אַקט שיקן צו דער „טראָיקע". מיט 10 יאָר ביסטו פאַר־זיכערט. און פאַר דער גנבה האָט אים דאָס געריכט געגעבן בלויז 5 יאָר. „און דערצו בין איך דאָך אַ מענטש אין לאַגער... — האָט ער זיך געריטמט — און נישט קיין „קאָנטריק"...

צום פאַרענדיקן דעם אָנשיט אויף דער בריק ביי דער אוכטאַ, איז יעדער אַרבעטס־מענטש מאָביליזירט געוואָרן. לויטן פּלאַן, האָט אַלץ געדאַרפט פאַרטיק זיין צום אָקטאָבער־יום־טוב. ס'זענען שוין איבער־געלאָפן 4 חדשים און די ענדע איז נאָך נישט געווען צו זען. די זומפּיקע ערד איז געזונקען. הויכע נאַטשאַלסטווע פון צענטער זענען אַרומגעלאָפן, געיאָגט און געסטראַשעט. איך האָב געאַרבעט אין דער נאַכט־שיכט ביים אויסלאָדן פון די מאַשינען, ערד און שטיינער. ביי דער שווערער אַרבעט איז געווען אַ כסדרדיקע געפאַר, צעקוועטשט צו ווערן, אָדער אַראָפּפאַלן פון הויכן אָנשיט. 4 מענטשן האָבן אויף אַ שמאָלן שטעג באַדאַרפט מיט לאָמען אויפקלאַפּן פון די אויטאָס אין גאַנג, די הענטלעך. דאַן האָבן זיך די צוויי קאַשפּונס (קאַסטנס), וואָס זענען געשטאַנען אויף אַ „שאַריק פּאַדשיפּניק", איבערגעדרייט און אויסגעשאָטן די מאַסע. איין סעקונדע פון נישט פאַרזיכטיקייט, אָדער אומגעשיקטקייט, קען גורם זיין צעקוועטשט צו ווערן. זייער אָפט האָט געטראָפן, אַז די „שאַריקעס" האָבן נישט געאַרבעט און דער קויש פלעגט זיך נישט לאָזן איבערדרייען. ביי מיר האָט עס גראָד געטראָפן, ווען דער הויפּט־אָנפירער מיט אַלע מלאכי חבלה פון די קאָמי־לאַגערן איז געשטאַנען דערביי. טייכן שווייס האָבן זיך פון מיר געגאָסן, כאָטש דער שטילער שטאַרקער פראָסט האָט געבלאָנקט, ווי ווייסע פּערל וואָלטן געשוועבט אין דער לופט. דער הויפּט־אָנפירער איז מיט אַ ווילדן כעס צוגעקומען און אונדז געזידלט מיט אַזעלכע ווערטער אַז די געמיינסטע גאַסן־פּרוי וואָלט רויט געוואָרן. איך בין געווען צעהיצט, און אַנשטאָט הכנעהדיק פאַרשווייגן, האָב איך געענטפערט, ער זאָל בעסער געבן אָן אָנווייזונג מ'זאָל צוערשט קאָנטראָלירן די „פּאָד־שיפּניקעס" אין די מאַשינען, און אַליין צוהעלפן, אַנשטאָט זידלען. „איר

זידלט אַזוי, אַז איר פאַרשעמט דעם סאָוויעטישן עמבלעם, וואָס איר טראָגט אויף דער פאַפּאַכע״.

כ׳האָב זיך דערנאָך געביסן די צונג פאַר פאַרדרוס, בעת מען האָט מיך געפירט צו דער פינפטער „שטראַפּני״ קאָלאָנע. דער היטער פלעגט מיר רופן „זעמליאַק״ (לאַנדסמאַן). אויפן וועג האָט ער צו מיר געזאָגט: „עטאָ זשע טוואָי יעווריעיטשיק״ (דאָס איז דאָך דיין יידל). ביי אים איז ער נישט קיין „פּאָד פּאָלקאָווניק״, נאָר פּשוט — אַ יידל... דער אינערלעכער דיאַלאָג בושעוועט אין מיר מיט טענות און קעגן־טענות: ווי האָט אַ שקלאַף די חוצפה צו באַווייזן זיין גערעכטיקייט? אַ הונט בילט, דאַרף מען אים לאָזן בילן. ווען ער וועט זיין מיט זיך אַליין, וועט ער זיך אפשר שעמען מיט זיין גראָבקייט און חיהשקייט.

אין דער קאָלאָנע האַקט מען שטיינער און מען לאָדט אָן די וואַגאָנען. אין דער „שטראַפנע״ קאָלאָנע איז די אַרבעט שווערער און די נאָרמעס גרעסערע, ס׳זאָל זיין אוממעגלעך זיי אויסצופירן. במילא, באַקומט מען נאָך ווינציקער ברויט און נאָך שיטערער דאָס ביסל זופּ. די היטער זענען ספּעציעל צוגעקליבענע סאַדיסטן. די געפאַר צו באַקומען מיטן פּריקלאַד איבערן קאָפּ אָדער דערשאָסן צו ווערן, מיטן אויסרייד, פון אַ פּרווו צו אַנטלויפן, איז דאָ אַ גרעסערע. איך בין דאָרט געווען 4 מאָנאַטן. איך בין געקומען אַהער אַ ביסל אויסגערוט, און נישט קיין אויסגעהונגערטער, ווייל קנאַפּע אַנדערטהאַלבן יאָר האָב איך געאַרבעט אין דער פּריערדיקער קאָלאָנע אַלס שניידער. מיט לאָמען און קירקעס האָבן מיר געריסן שטיינער, אָנגעלאָדן זיי אויף וואַגאָנעטקעס, געפירט 500 מעטער ביז דער באַן און דאָרט זיי אויפגעלאָדן אויף וואַגאָנען. מיר האָבן געהאַט ווייניק פּראַקטיק אין דער אַרבעט, און געריסן די שטיינער פונעם באַרג אין דער טיף, אַנשטאָט אין דער ברייט. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ ברייטער דאַשיק, אָן אַ פונדאַמענט. איין מאָל, בעת איך בין געבליבן צוגרייטן שטיינער, האָט זיך דער „דאַשיק״ פּלוצים אָפּגעריסן און פאַרשיט דעם אַריינגאַנג. די ערד־מאַסע האָט מיך שיער נישט לעבעדיק באַגראָבן. דאָס אָפּרייניקן דעם וועג צו מיר, האָט זיך, פאַר מיר, געצויגן ווי אַן אייביקייט. איך האָב שוין געטראַכט אַז כ׳בין פאַרלוירן און אַלע 68 חדשים פון ליידן, שקלאַפן־לאַגער און אויספאַרשונגען זענען מיר פאַרביי, ווי אין אַ בליץ.

איין מאָל האָבן מיר געלאָדן אַן עשאַלאָן פון 50 וואַגאָנען. אונטער די רעדער פון יעדן וואַגאָן האָט מען, געוויינלעך, אַוועקגעלייגט אַ שווערע

זאַך, זיי צו האַמעווען. און פּלוצים האָט זיך די קייט וואַגאָנען אַ ריר געטאָן. עמעץ האָט אַ ריר געטאָן דעם טאַרמאָז און אָט לויפט שוין אויך מיין וואַגאָן. עטלעכע און דרייסיק מענטשן זענען דאָן צעקוועטשט געוואָרן. ס׳זענען געווען פיל פאַרוווּנדעטע. איך בין געווען מער טויט ווי לעבעדיק פון שרעק.

שפּעטער בין איך קראַנק געוואָרן אויף דער הינער־קרענק. ווי נאָר ס׳איז געוואָרן טונקל, האָב איך מער גאָרנישט געזען. מען האָט מיך געפירט פון דער אַרבעט, און געפירט נעמען דאָס ביסל עסן. און ווייל כ׳בין געווען שוואַך, האָט זיך אַ כוליגאַן, אַן אַנטיסעמיט, צו מיר צו־געטשעפּעט: — יעוורעי... יעוורעי... די יידן זענען דאָס און יענץ... צוליב זיי זענען די רוסישע מענטשן אין לאַגער. בלינדערהייט האָב איך מיין שיסעלע זופּ אים געוואָרפן אין פּנים אַריין. כ׳האָב באַקומען פון אים אַ קלאַפּ און ער האָט מיך צעבלוטיקט.

אַ גליקלעכער צופאַל האָט מיך ווידער געראַטעוועט. ס׳איז אָנגעקומען אַ טאָפּאָגראַפישער „אָטריאַד". זיי האָבן מיך געקענט אַלס שניידער. האָבן זיי מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן שיקן אַ פאָדערונג מיך צו נעמען אין זייער קאָלאָנע. זיי האָבן טאַקע געהאַלטן וואָרט, און איך בין ענדלעך פּטור געוואָרן פון דער שטראָף־קאָלאָנע. איך בין אַ „דנעוואַלני" ביי דעם אָטריאַד, אין אַ באַזונדערן באַראַק, ווו זיי שלאָפן און צייכענען זייערע פּלענער. איך דאַרף זיי באַדינען און אַרבעט אויך שניידעריי, פאַר זיי און פאַר זייערע באַלעבאַטים. זיי זענען די אַריסטאָקראַטן אין דער קאָלאָנע, פון זיי איז אָפּהענגיק דאָס אויספירן די נאָרמעס פון אַלע בריגאַדעס. אַז מען פאַרשיט אַ טאָל, ווו די ערד זינקט, איז וויפל ערד ס׳פעלט צום פּלאַן, מ׳זאָל קענען האָבן די נאָרמעס ברויט — שרייבן זיי אונטער. זיי האָבן דאָס אויטאָריטעטע וואָרט. און אַזוי ווי די אַרבעטער דאַרפן עס, דאַרפן עס אויך די נ.ק.וו.ד.־באַלעבאַטים. כאָטש זיי האָבן פּאָליטישע באַשול־דיקונגען, האָבן זיי דאָך „פּראָפּוסקעס" צו גיין צו זייער אַרבעט אָן אַ היטער, אַרויסגיין און צוריק קומען אין דער זאָנע, ווען זיי האַלטן פאַר נייטיק. ס׳יאָגט אָבער דער פּלאַן און די פאַרפּליכטונג. צו מעסטן די קילאָמעטערס און אַרויפציען די געמאָסטענע פּלענער אויפן ספּעציעל געקעסטלטן פּאַפּיר. אין זייער זכות אַרבעט איך אויך אָן אַ היטער. איך טראָג די מעסט־אינסטרומענטן און טראָג די העלצלעך צו מאַכן די צייכנס. מיר מעסטן די ערטער, ווו מען וועט דאַרפן פאַרלייגן די ליניעס. מיר מעסטן צו באַצייכענען דעם קילאָמעטראַזש, און צי די

אָנשיטן זעצן זיך בישט פון די שווערע עשאַלאָנען קוילן, וואָס גייען דאָ אָן אויפהער, נאָכן פאַרכאַפּן פון די דייטשע אַרמייען דעם דאָניעצער געביט. דער אָנפירער פון דער אַרבעט, מיין אויסלייזער פון דער שטראָף־קאָלאָנע, האָט געזוכט צו זיין מיט מיר אָן עדות, כדי אויסצוגיסן פאַר מיר זיין האַרץ. ער איז פול מיט ליבשאַפט צום מענטש און האָס צום סיסטעם, וואָס צעטרעט אַלץ אַזוי ברוטאַל מיט זיינע שקרים. ער האָט ליב געהאַט צו שמועסן מיט מיר וועגן די קלאַסיקער פון דער רוסישער ליטעראַטור. ער האָט געקענט פון אויסנווייניק גאַנצע פּאָעמעס פון פּושקין. לערמאָנטאָוו און גאַר באַזונדער פון נעקראַסאָוו. נישט איין מאָל האָבן מיר דערמאָנט די סטראָפן וואָס נעקראַסאָוו האָט מיט 80 יאָר צוריק געשריבן:

פּריאַמאָ דאָראָזשענקאָ נאַסיפּ אוזקיע,
סטאָלביקי, רעלסי, מאָסטי,
אַ פּאָבאָקאַם טאָ וויסיאָ קאָסטאָטשקי רוסקיע,
סקאָלקאָ איך? וואַניעטשקאָ, זנאַיעש לי טי?

(גלייכע וועגן, אָנשיטן שמאָלע,
קלעצלעך, שינעס, בריקן,
אין די זייטן פול מיט ביינער רוסישע.
וויפל זענען זיי געווען? קענסטו, וואַניע, עס דען וויסן?)

אין דער באַן־בויונג קאָטלאַס־וואָרקוטאָ זענען די קרבנות הונדערט־פאַכיק מער ווי די צאָל שוועלן, וואָס ליגן אונטער די הונדערטער קילאָמע־טער שינעס. אין פינצטערן צאַרישן רעזשים האָט זיך ערגעץ ווו אַדורכ־געריסן אַ שטראַל. האָט דאָך נעקראַסאָוו געקענט באַזינגען די קרבנות, לינדערן די ליידן. היינט דאַקעגן, קענען נאָר הויף־פּאָעטן באַזינגען די מערדער. מען שטעלט עס נאָך פאָר, ווי פרייוויליקע סאָוויעטישע אַרבעטס־העלדן זענען געקומען מיט ליבשאַפט, פרייד און געזאַנג. בויען פאַרן ווויל פון גאַנצן לאַנד! וויפל חוזק און געמיינקייט ליגט אין דעם, אַז אונדזער „אוטשאַסטאַק״ שטח, רופט זיך אָן „קאָסאָמאָלסק״. דאָס הייסט פאַר דער וועלט, אַז יונגע קאָמוניסטן בויען עס, אַזוי ווי זיי רופן אויך די נייע שטאָט אויפן ווייטן מזרח „קאָמסאָמאָלסק״. אויך דאָרט האָבן צענדליקער טויזנטער לאַגערניקעס געבויט און באַצאָלט מיט זייער לעבן. אַז די רוסן צאָלן קרבנות פאַר באַהערשן דעם צפון —

פלעגט ער זאָגן — איז פּראָבלעמאַטיש דיסקוטירבאַר. צי וואָלט מען דען נישט געקענט בעסער און ביליקער, אָן ליידן און אָן אַזוי פיל מענטשלעכע קרבנות, באַהערשן די רייכטימער אויף דער ריזיקער טעריטאָריע? אָבער מענטשן פון אַנדערע פעלקער — און איר, יידן — פאַר וואָס זאָלט איר געבן קרבנות? נישט אויף אייער חשבון וועלן פאַרשריבן ווערן די געווינסן און נישט די דורכפאַלן. נאָך ביי אונדזערע אורעלטערן, רוסן, האָט געלעבט דער פאַרלאַנג צו באַהערשן די שטחים אַרום די צפון־טייכן דווינאַ און פעטשאָראַ. שוין אין יאָר 1383 האָט ס'טעפאַן פערמסקי, אַ מיניסטער, פאַרשפּרייט דעם פּראַוואָסלאַווישן גלויבן אין דעם פאָלק, וואָס מען רופט היינט קאָמי, און וואָס האָט דאַן געהייסן זיריאַן. די מיסיע איז דאַן געשטיצט געוואָרן מיט דער שווערד פון מאָסקווער קניאַזש דימיטרי דאָנסקוי. דאָס האָט אַרויסגערופן בלוטיקע אינצידענטן מיטן קניאַזשעסטווא פון נאָווגראָד. אַ נאָך גרע־סערע ווירטשאַפטלעכע באַדייטונג האָבן די ראַיאָנען אָנגעהויבן שפּילן נאָכן אַנטדעקן אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן י. ה. דעם האַנדלס־וועג דורכן ווייסן ים.

דאָס אַרבעטן עטלעכע חדשים אין דעם טאָפּאָגראַפישן אָטריאַד איז פאַר מיר געווען נישט נאָר אַ פיזישער אָפּרו, נאָר אויך אַ גייסטיקע דערהויבנקייט.

מען יאָגט צו דער אַרבעט, וואָס איז איבער די כוחות אין שווערע פרעסט, שניי־שטורעמס, ווינטן און רעגנס. איך גראָב די ערד ביים אָנשיט און טראָג שווערע שוועלן און רעלסן. נאָר ביי 50 גראַד קעלט, נעמט מען אַראָפּ פון דער אַרבעט. די קאַווקאַזער און טאַדזשיקן האָבן אויפ־געהערט אַרבעטן ביי מינוס 45 גראַד. איך האָב זיך אַ מאָל געפּרוווט צושטעלן צו זיי, האָט מיך דער בריגאַדיר אַוועקגעטריבן: „טי כיטרי יעווריי... טי רוסקי"...

לגבי דער לאַגע אויף די פראָנטן, האָט אין לאַגער געדינט ווי אַ באַראָמעטער, די באַציִונג צו אונדז בעת דער „פּאָווערקע". אויב מ'האָט אונדז ביים ציילן געזידלט און געדראָט אויסצושיסן אַלע „קאָנטריקעס", ווי די הינט, איז עס געווען אַ סימן, אַז אויפן פראָנט גייט גוט. ווען זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט פון טאָן, האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז די לאַגע אויף די פראָנטן איז נישט קיין פריילעכע. דאָס אַלץ האָט באַוויזן, אַז די מערסטע האָבן אויסגעקוקט די מפּלה פון פאַרשאָלטענעם רעזשים, כאָטש מ'האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, וואָס די היטלער־חיה שטעלט

מיט זיך פּאָר. די לאַגערניקעס זענען געווען גלייכגילטיק. שוין עטלעכע יאָר האָבן זיי נישט געוווסט, וואָס עס טוט זיך אין דער היים, ביי די פאַמיליעס. אָפּגעשוואַכט, נישט־דערעסן, איז מען פאַרטעמפּט געוואָרן. מ׳האָט נאָר געטראַכט וועגן עסן, עסן און עסן! די פּאָרציע ברויט האָט מען אַריינגעלייגט אין צוויי־דריי ליטער וואַסער, אויפגעקאָכט און ס׳האָט זיך באַקומען אַ מין יושקע. דאָס האָט אַ ביסל מער אָנגעשטאָפּט דעם מאָגן. אָבער דאָס ביסל קאַלאָריעס אין ברויט איז דערמיט כמעט פאַרלוירן געגאַנגען. די פיס זענען געוואָרן געשוואָלן, און די שוואַכע הערצער האָבן נישט אויסגעהאַלטן.

אין צפון איז פאַראַן אַ געוויקס, וואָס דערגייט די הייך פון אַ קאָרן־זאַנג. מען רופט עס איוואַן־טשאַי. דאָס פלעגט מען קאָכן. די, וואָס האָבן געאַרבעט אָן די היטער, האָבן עס אַריינגעבראַכט אין דער זאַנע, אויף דער בערזע. פאַר אַ זעקל פון עטלעכע קילאָ ווילדגראָז האָט מען גענומען 200 גראַם ברויט. פון דעם זענען אויסגעשטאָרבן פיל שקלאַפן, פאַר־ברענטע רויכערער. מאַכאָרקע איז געווען מיט גאָלד־צוגלייך. אַ קליין קעסטעלע פון שוועבעלעך האָט געהאַט די ווערט פון 400—500 גראַם ברויט. און די, וואָס האָבן פאַרביטן ברויט פאַרן רויך, זענען, ליידער, געווען זייער פיל.

מיר זענען געגאַנגען אָנגרייטן היי. קיין לאָנקעס זענען אין דער געגנט נישט געווען. נאָר שמאָלע פּאַסן גראָז זענען געוואַקסן אַרום די שמאָלע טייכלעך אין דער טייגע. ברייטערע „פּאַליוסעס" זענען געווען אין די נאַסע ערטער, ווו ס׳זענען געוואַקסן בעריאָזעס. אָבער די געגנט איז נישט געווען אויסגעפּאָרשט. עס פירן אונדז די היטער. אַ קאָמאַנדיר, וואָס רייט אויף אַ פערד און 2 וועלף־הינט. די נאָרמע ברויט מיט די פּראָדוקטן, און די באַלאַנדע, האָט מען אויסגעטיילט אויף 10 טעג. אין די ערשטע צוויי טעג האָבן מיר אַלץ אויפגעגעסן. נישט נאָר צוליבן הונגער, נאָר ווייל מיר האָבן אויך מורא געהאַט, אַז מען וועט עס פון אונטערן קאָפּ צוגנבענען, כאָטש קיין פּראָפעסיאָנעלע גנבים זענען צווישן אונדז נישט געווען. די איבעריקע 8 טעג האָבן מיר געגעסן דאָס, וואָס מען האָט געפונען אין וואַלד. כאָטש מיר האָבן געטראָגן מאַסקעס אויף די געזיכטער קעגן די פליגעלעך, זענען זיי דאָך אַריינגעדרונגען און געזויגן פון אונדז דאָס בלוט. נאָך עטלעכע וואָכן האָט מען אונדז צוריק געברענגט אין דער קאָלאָנע, מער טויט ווי לעבעדיק. עטלעכע

האָבן מיר געמוזט טראָגן. איך זאָג געמוזט, ווייל כ׳גלייב נישט צי ס׳וואָלטן זיך געפונען פרייוויליקע צו טראָגן קראַנקע חברים. יעדער איינער האָט קוים געשלעפּט זיין אייגענעם גוף. אין אַזאַ צושטאַנד איז מען זויהש, עגאָיסטיש און גלייכגילטיק צו יענעמס טויט. ווען מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין דער זאַנע און מיר האָבן געלאָזט די קראַנקע ביי דער בודקע, אַוועקצופירן אין וועלכן ס׳איז לאַגער־שפּיטאָל, האָבן מיר געזען די בעטנדיקע אויגן פון די חברים. די אויגן האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין דער נשמה.

צוויי פון זיי וויל איך באַזונדערס דערמאָנען. איינער — אַ הויכער, שיינער גרוזין פון אַבכאַזער שבט אין גרוזיע. אין זיין שבט־לשון רופן זיי זיך: אַפּסני, וואָס עס מיינט: נשמה. אַ הויך אינטעליגענטער מענטש מיט אַקאַדעמישער בילדונג אויפן געביט פון פינאַנצן און עקאָנאָמיע. ער האָט כמעט אַלע יאָרן אין לאַגער געאַרבעט אויפן געביט פון זיינע קענטעניש. אין לעצטן יאָר, צו פאַרענדיקן דעם אורטייל פון זיינע אומזיסטע 8 יאָר, איז ער געשיקט געוואָרן צו אַלגע־מיינער אַרבעט. איצט האָט ער דערפילט דעם אמתן טעם פון לאַגער. ער פלעגט זאָגן, אַז מיר האָבן באַקומען צו 8 און 10 יאָר, נישט כדי מיר זאָלן איבערלעבן און שפּעטער קענען דערציילן, אָדער אַפילו נאָר טראָגן אין זיך דעם צאָרן. דער ציל פון אורטייל, איז מיר זאָלן דאָ אויסשטאַרבן. טאָפּטשענדיק אין דער טייגע, צו געפינען אַ ביסל גראָז צום קאָכן, פלעגט ער דערציילן, מיט פיל ליבע, וועגן זיין שיין געבוירן־לאַנד ביים שוואַרצן ים, מיט אירע הערלעכע שטעט און שטענדיקן זומער. נישטאָ קיין פּרוכט אויף דער וועלט, וואָס זאָל דאָרטן נישט וואַקסן. וויינטרויבן, ציטרינען, פּאָמעראַנצן, גרויסע פּלאַנטאַציעס פון טיי און טאַבאַק. די ריזיקע בערג באַדעקט מיט וועלדער פון גראַב און בוק, צעדערן און סאָסנעס. אין דער ערד, רייכטימער פון גאָלד, זילבער, קופּער, קוילן. פון הונדערטער ווינקלען שטראָמען מינעראַלע הייל־וואַסערן. שטענדיק פילט זיך דאָרט דער מענטש יום־טובדיק. דערפאַר לעבן דאָרט מענטשן אַזוי לאַנג.

דער צווייטער, אַ ייד, קראַנצבלום, איז אין 1922 אַריבער פון פּוילן קיין ראַטנפאַרבאַנד. פאַרוואָרפן געוואָרן קיין וואָלאָגדע, געאַרבעט אין שניידער־קאָאָפּעראַטיוון אַלס צושניידער, געוווינט מיט אַ רוסישער פרוי און געהאַט 3 קינדער. ער האָט באַקומען 8 יאָר לאַגער. די לעצטע 5 יאָר האָט ער געאַרבעט אין אַ שניידער־וואַרשטאַט, צו באַדינען די

קליענטעלע פון דער פרייער באַפעלקערונג. צוערשט אין שטעטל אוכטאַ, שפעטער אין איזשמעי. איך האָב פאַרביטן דעם שניידער אין דער קאָלאָנע, ווו איך בין אָנגעקומען נאָך דער היי־פאַרזאָרגונג. יענער איז באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון אַ שוסטער־ און שניידער־וואַרשטאַט. מיר איז עס געווען אויפפאַלנדיק: פאַר וועלכע זכות אבות? קיין גרויסער בעל מלאכה איז ער אויך נישט געווען. שפעטער איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ער האָט זינט 1920 געאַרבעט אין טשעקאַ גופא, און אַפילו זייענדיק אין לאַגער האָט ער געדינט זיינע אַמאָליקע באַלע־באַטים. דערפאַר האָט איך די „דריטע אָפטיילונג" פאַרהיטן. ער האָט כמעט די גאַנצע צייט אין לאַגער נישט געאַרבעט ביי אַלגעמיינער אַרבעט. די נ. ק. וו. ד. האָבן זייערע מענטשן, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין לאַגער, פאַרהיטן פון אומקום.

קוים פיר יאָר האָט געדויערט ווי איך בין פטור געוואָרן פון וואַלד מיט דער היי־פאַרגרייטונג, און אָט בין איך ווידער דאָרט. דער וואַלד ברענט. מיר זענען עטלעכע הונדערט מענטשן, אָבער קיין שום טעכנישע מיטלען צום לעשן האָבן מיר נישט, נאָר לאָפּעטעס, זעגן און העק. ביז מיר באַוואָרפן די ברענענדיקעביימער מיט ערד, איז שוין דער פלאַם הינטער אונדז. מיר האַלטן זיך אין איין צוריקציען. מיר קענען זיך אויך נישט פריי באַוועגן. פאַר אונדז דאָס פייער און הינטער אונדז זענען אויסגעשטעלט די לופּעס פון ביקסן. מיר פּרוּוון אונטערזעגן די ביימער, גראָבן אַ ברייטן קאַנאַל, אַז דאָס פייער זאָל זיך נישט קענען פאַרשפרייטן. אָבער די פלאַמען זענען פלינקער פון אונדז און וואַרפן זיך כסדר איבער. ביז מיר זענען פולשטענדיק אַרומגערינגלט מיט אַ פייערדיקן ים. די היטער הייבן אָן פאַרשטיין די געפאַר פאַר זיך גופא און שרייען: ראַטעוועט אייך, ווי איינער קען! מיר לויפן איינער אויפן צווייטן. דער רויך שטיקט. אַ גרופּע פון עטלעכע און צוואַנציק האָט זיך אַרויסגעריסן. נאָך דער פייערדיקער ליכטיקייט, איז דער וואַלד פינצטער. קיין היטער זענען נישטאָ. מיט וועלכן וועג גייט מען, צוריק צוקומען צו דער קאָלאָנע? די טייגע איז פאַרפּירעריש. אָט דאַכט זיך אונדז, אַז אין דער זייט הערן מיר אַ גערויש פון דער באַן־ליניע. די אָנגעקליבענע שוואָמען און יאַגדעס וואַרפן מיר אַוועק און לויפן צו דער באַן־ליניע.

אין דער פרי זענען מיר אָנגעקומען צו דער באַן־ליניע, נעבן אַ קאָלאָנע, עטלעכע און צוואַנציק קילאָמעטער ווייט פון אונדזערער. אָנקו־

מענדיק האָט מען אונדז אַלע אַריינגעוואָרפן אין איזאָלאַטאָר, אָן עסן. ס׳הייבט זיך אָן אַן אויספאָרשונג, צי מיר האָבן נישט געוואָלט אַנטלויפן. אַזאַ באַשולדיקונג שמעקט מיט פאַרלירן די פאָר יאָר, וואָס מ׳איז שוין אָפּגעזעסן. צום גליק איז דער נאַטשאַלניק פון אונדזער קאָלאָנע געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, און מען האָט אונדז צוריק געפירט. אָבער וויפל פון אונדז זענען פאַרבליבן אין ברענענדיקן וואַלד?

קאַפּיטל ביינצן

# ניסים

נאָך פיל פיל יאָרן זיץ איך אין אַ שטוב, מיט אַ ריינע פּאָדלאָגע און ווייס געקאַלכטע ווענט. אויפן פענצטער — פאָרהענגלעך, אין דער זייט אַ שמאָלע עטאַזשערקע מיט ביכער. ס'ווילט זיך נעמען אַ בוך אַריינקוקן. שוין העכער זיבן יאָר נישט געהאַלטן קיין בוך אין דער האַנט. אין שטוב איז אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט פון אַן איינגעהייצטן אויוון. ס'דערמאָנט אַ היים, אַ ווייב, אַ קינד, וואָס זענען ערגעץ ווו. ווער ווייסט ווו? די אויגן גייען מיר איבער, צי פאַר ווייטיק און קלעמעניש, צי גאָר צוליב דעם, וואָס איך בין איצט פון די פריווילעגירטע. 500 מעטער פון דאַנען שטייען מיינע אַרבעטס־חברים אין אַ „וויעמקע" טאָל, ביז איבער דער העלפט אין בלאָטע. דער קאַלטער, נאַסער שניי פאַלט אָן אויפהער. די ברעטער זענען גליטשיק. זיי פירן אויף זיי טאַטשקעס מיט ליימיקער ערד. און איך זיץ ביי אַ שניידער האַנט־מאַשין אין שטוב פון נאַטשאַלניק אין דער קאָלאָנע. די פרוי מיטן זון, אַ יינגל פון אַ יאָר 14—15, ערשט צוויי חדשים ווי זיי זענען געקומען צופאָרן. אַ יאָר צייט האָט געדויערט ביז מ'האָט איר דערלויבט צו קומען צו איר מאַן, און שוין וויל זי אַנטלויפן פון דעם גיהנום.

זי קען נישט צוזען די אומגליקלעכע מענטשן. איר מאַן איז אַ געוועזענער לערער פון פיזיק און מאַטעמאַטיק, און אַ דירעקטאָר פון אַ שולע. אין אַדמיניסטראַטיווער אַרבעט שאַפט מען זיך איין שונאים. ווען ער האָט פאַרגרייט קוילן פאַר דער שולע, האָט ער אויך פאַרזאָרגט מיט אַ פורל קוילן זיין אַלטע מוטער. „גוטע פריינד" האָבן עס צוגעטראָגן, און ער האָט באַקומען 3 יאָר. אין לאַגער האָט ער געאַרבעט אַלס „פּראָראַב", אַרבעטס־אָנפירער. ביי דער באַפרייונג האָט מען אים פאָרגעלייגט ער זאָל פאַרבלייבן אַלס פרייער אָנגעשטעלטער. איצט איז ער נאַטשאַלניק פון אַ קאָלאָנע. אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט ער

דאָ מער נישט בלייבן. כאָטש ער טראָגט די ב.ק.וו.ד.־אוניפאָרם, איז ער אין דער נשמה ווייט פון זיי. ס׳האָט מיך געוווּנדערט, וואָס ער רעדט אָפן אין דער אָנוועזנהייט פון זיין ייִנגל. פון זיין פּרוּוו האָב איך זיך דערוווּסט וועגן די זיגן אויף די פראָנטן, און אַז די רוסישע טעריטאָריע איז שוין אָפּגערייניקט פון שונא, וועגן דער אויפגעוואַכטער רעליגיעזער שטימונג אין רוסישן פאָלק; וועגן צווייטן פראָנט, וואָס באַשטייט נישט נאָר פון קאָנסערוון, וואָס מען שיקט אונדז, נאָר אַז די אַמעריקאַנער און ענגלענדער מאַכן, מיט זייער אַוויאַציע, אַ חורבן פון די דייטשע אינדוסטרי־שטעט; און אַז אַלע האָפן, אויף גרויסע ענדערונגען נאָך דער מלחמה.

אויך דער נאַטשאַלניק האָט מיט מיר פריי געשמועסט וועגן די קעגנזאַצן צווישן די ווירטשאַפטלעכע אָנפירער פון די לאַגערן און די פּאָליטישע לייטער פון דער „דריטער אָפּטיילונג". כאָטש דער לאַגער געהערט צו דער ב.ק.וו.ד. איז זייער ווירטשאַפטלעכע אָנפירונג ביי אַ גאַנץ אַנדערער אויפפּאַסונג. צי מען וויל, צי מען וויל נישט, מוז מען ביים פּלאַנירן און אויספירן די אַרבעט, טראַכטן וועגן אָביעקטיווע באַדינגונגען בעת זיי זעען גאָר עפּעס אַנדערש. ליידער האָט דאָס לעצטע וואָרט די „דריטע אָפּטיילונג". דער נאַטשאַלניק האָט געהאַט צו מיר צוטרוי, נאָר מיר איז עס שטענדיק אויסגעפאַלן, ווי מ׳זאָגט, „באָקאָם", צום שלעכטן.

פאַר דעם אָקטאָבער יום־טוב שיקט ער מיך צום צענטראַלן סקלאַד, וואָס טיילט אויס די פּראָדוקטן פאַר די שכנותדיקע קאָלאָנעס, נאָך 9 פּעקלעך מאַכאָרקע, וואָס מען וועט פונאַנדערטיילן צו קאַראַבקעס פאַר די „סטאַכאַנאָווצעס". ס׳איז געווען אַ 12 קילאָמעטער גאַנג. בעת איך בין אַרויס, האָט געשאָטן אַ קליין שנייעלע. די זון־שטראַלן האָבן זיך אַפילו אָפּגעשפּיגלט אין זיי. טראָגן אַן אוצר פון 9 פּעקלעך מאַכאָרקע, איז מען איינגעשטעלט מיטן לעבן. מען טאָר זיך דערמיט נישט פאַר־טרויען פאַר אַ מענטש, וואָס רויכערט. אויפן וועג גייט מען דורך פּונקטן פון פרייע „וואָלנע פּערעסילענצעס". אָפּגייענדיק אַ 4—5 קילאָמעטער, האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ קאַלטער שטורעם, אַז ס׳איז מיר אוממעגלעך געווען צו גיין ווייטער. צוריק גיין קען איך אויך נישט. דאָך בין איך אַוועק צוריק. דורכגייענדיק דעם אַרבעטס־פּלאַץ, האָבן אַלע פאַרשטאַנען ווו איך גיי. אַלע שרייען מיר נאָך גוטברודעריש: „מען וועט דיך דערהרגענען, אויב דו וועסט נישט ברענגען". מאָרגן קען גראָד דער

סקלאַד זיין פאַרמאַכט. מען זיגט דאָך אויף אַלע פראָנטן. אפשר וועט מען געבן אַ רו־טאָג? דער וואַלד פוןביידע זייטן סווישטשעט, ווי גאַנצע עסקאַדרעס אַוויאָנען וואָלטן געפלויגן איבערן קאָפּ. איך דערמאָן זיך אין פרצס „משולח״: אפשר זיך זעצן אָפּרוען? ניין. איך גיי און קעמף מיטן ווינט. אַ האַלב־געפרוירענער בין איך קוים אָנגעקומען.

אַלס צוגאָב צו מיין שניידעריי, האָב איך אויך, נאַכט נאָך נאַכט, געדאַרפט פירן דאָס ברויט און די פראָדוקטן פאַר אַ פונקט פון אונדזער קאָלאָנע. 5—6 אַזייגער אין דער פרי האָב איך שוין דאָרט געדאַרפט זיין, מען זאָל באַווייזן אויסטיילן די לאַגערניקעס זייערע אויסגעאַרבעטע ברויט־נאָרמעס פאַרן פריערדיקן אַרבעטס־טאָג. קיין וועג אַהין איז נישט געווען. די „לעזשנאָווקע״, וואָס איז דאָ געווען, איידער מען האָט געלייגט די באַן־ליניע, איז פאַרוואַקסן געוואָרן. בין איך געפאָרן מיט אַ „סאַנקע״, אַ שליטן, צווישן די באַן־רעלסן. דאָס גוטע און קלוגע פערד האָט שוין געקענט דעם וועג. איך האָב זיך פולשטענדיק פאַרלאָזט אויף אים. אַ טויט־שוואַרצע שטילקייט. יעדער ברום פון פערד שלאָגט זיך אָפּ מיט אַן אָפּקלאַנג אין דער ווייט אַרום. אויך דאָס פערד שרעקט זיך פאַר דער פוסטקייט אין דער טייגע און שוועבט שנעל ווי מעגלעך. און אפשר האָט עס אויך געפילט דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ פאַר מורא, אַז פון דער רעכטער זייט, אָדער פון דער לינקער זייט פון וואַלד זאָל נישט אַרויסשפּרינגען אויף אונדז אַ הונגעריקער וואָלף, אָדער אַ ווייסער בער, מיט וועלכע דער ווילדער וואַלד איז אַזוי רייך? איך שרעק זיך אויך פאַר אַ באַגעגעניש מיט אַ צוויי פיסיקער חיה. אַ צו גרויסן אוצר פיר איך! אַז מיר פלעגן אָנקומען בשלום, האָט דאָס פערד געהירזשעט און געהויבן דעם קאָפּ אין דער הייך. זיינע פיס זענען נישט איינגע־שטאַנען אויף אַן אָרט. מען האָט געפילט, אַז דאָס פערד טאַנצט פון צופרידנקייט און פרייד.

נאָך צוויי חדשים פון אַזעלכע נאַכט־נסיעות, האָב איך זיך איין מאָל גראָד געפונען אויפן סאַמע העכסטן אָנשיט מיט אַן „אָקלאַן״ פון 20—25 מעטער די הייך, און איך האָב דערהערט אַ שאַרך אויף דער ליניע. אין שטילן, נאַכטיקן פראָסט און טויטע פוסטקייט אַרום, הערט זיך דער מינדסטער גערויש פון ווי ווייט. איך בין צוגעשפּרונגען צום פערד, אָנגענומען ביים ציימל, אַראָפּצופירן אים אויפן אוקאָס. כ׳האָב זיך צעטומלט און פאַרגעסן, אַז מען דאַרף אונטערלייגן דרענגלעך, כדי דער געקאָוועטער שליטן זאָל קענען לייכט אַרויס פון צווישן די רעלסן.

דאָס פערד האָט אָנגעשטעלט די אויערן און דערפילט די אָנקומענדיקע געפאַר. עס האָט אַ שלעפּ געטאָן דעם שליטן און איז אַריין צווישן צוויי רעלסן, וואָס ליגן אַלע מאָל פּאָר אַ סטאַציע. דער שליטן איז שטיין געבליבן פאַרקוועטשט צווישן די רעלסן. מיט אַלע מיינע כוחות האָב איך מיט אַ דראַנג אונטערגעשפּאַרט דעם שליטן. איך האָב אויסגעשפּאַנט דאָס פערד און עס אַרויסגעפירט אויפן אוקלאָן. איך קען אָבער נישט איבערלאָזן דעם שליטן אויף די ר׳עלסן, גורם זיין אַ באַן־קאַטאַסטראָפע און אַזוי צי אַנדערש וועל איך פאַרמשפּט ווערן צום טויט. פּרוּוון מיר ביידע נאָך אַ מאָל. אין דער לעצטער מינוט איז אונדז געלונגען אַרויסשלעפּן דעם שליטן פון די רעלסן.

אין אַ מינוט אַרום איז אָנגעלאָפן אַ געלאָדענער עשאַלאָן מיט קוילן. דער מאַשיניסט האָט פון וויטן עס באַמערקט, און האָט טאָרמאָזירט, אָפּשטעלן האָט ער אָבער נישט געקענט. ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון דער קאַבינע און מיך געזידלט ביז צו דער עלטער־באָבע. איך האָב עס אָנגענומען באהבה. מיינע ליפּן האָבן געקושט דאָס פערד פון דאַנקבאַרקייט און פרייד, וואָס מיר האָבן ביידע אויסגעמיטן אַן אומגליק.

קאַפּיטל צוואַנציק

# האָפּענונגען

דאָס נייע יאָר 1945 האָב איך באַגעגנט מיט אַ לאָפּעטע אין דער האַנט ביי בויען אַ באַן־ליניע; אָבער דאָך מיט האָפענונג. נאָך קנאַפּע פיר יאָר דערווייטערטקייט פון אַלע, האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ בריוול פון מיין פרוי. דאָס 8־חדשימדיקע קינד מיינס, וואָס איך האָב איבערגעלאָזן, איז שוין 9 יאָר אַלט. איך באַוווּנדער דעם אויסדויער פון מיין פרוי. נאָר דריי יאָר האָבן מיר געהאַט דאָס גליק צו זיין צוזאַמען אונטער איין דאַך. ווען מען האָט מיך צוגענומען, איז זי געווען אין אירע בלי־יאָרן. ס'איז איצט זייער שווער צו טרעפן אַן אַלטן אַרעסטירטן, אָבער נאָך זעלטענער איז צו טרעפן נאָך זיבן־אַכט יאָר לאַגער, די משפחה זאָל זיך נישט האָבן פונאַנדערגעפאַלן. דאָס בריוול איז געווען פאַרשטעקט ביי מיר און אַ גאַנצן טאָג האָט מיך געצויגן צו לייענען עס נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל.

נאָך דעם אַרבעטס־טאָג ליגט מען אויף די נאַרעס. דער לאַנגער באַראַק איז באַלויכטן פון צוויי קאַגאַניעצעס. האַלב־ליטערדיקע באַנקעס מיט נאַפּט און אַ קנויט. מען טריקנט די אָניצעס, און מען היט זיי, קיינער זאָל זיי נישט צוגנבענען. אַנדערע דערמאָנען זיך, אַז אויף דער פריי איז היינט סילוועסטער און דאָרט עסט מען, מען טרינקט און מען ווײַלט זיך. און איך, ביים שיין פון אויוון, לייען ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל דאָס בריוול. איך קען עס שוין פון אויסנווייניק. איך בעט איך זאָל כאָטש זען מיינע צוויי ליבע געשטאַלטן אין חלום. איך האָב זיך געוואָלט טיילן מיט דער פרייד מיט מיינע שכנים, האָבן זיי ביידע צוזאַמען געענטפערט: „בראָס מישאַ"... (לאָז געמאַך!).

ז'ער רוס, אַ באַן־אַרבעטער, האָט בשותפות מיט אַ גאַנצער באַנדע, זיך ספּעציאַליזירט צו עפענען קונציק פּאָסט־פּעקלעך און אַרויסנעמען פון זיי די גוטע זאַכן, און דערפאַר זיצט ער. ער האָט עס פאָרמולירט קורץ: „באַבאַ, טאָ בליאַד". דער צווייטער איז דער ייד אַבראַם. ער

איז שטענדיק גרייט צו העלפן אַן אייגענעם, באַזונדער, אַ ייד. ער אַרבעט אין לאַגער־מיל. ער רוקט מיר אַלע מאָל עפּעס אונטער. אָבער צו זיין יידישער פרוי, די מוטער פון זיינע קינדער, איז ער אַן אכזר. אין 1941 האָט מען אים אַרעסטירט, האָט ער צו איר נישט געוואָלט שרייבן. אַז איך האָב געפרעגט — פאַר וואָס? איז געוועזן זיין ענטפער, אַז זי איז שולדיק אין זיין אַרעסט. ער האָט געוווינט אין אַ שטעטל ביי קיעוו און האָט זיך אָפיציעל גערעכנט אַלס קאָלכאָזניק. דער פאַר־זיצער פלעגט אים פאַרשרייבן אַ מינימום אַרבעטס־טאָג, פאַר וועלכן ער האָט קיין מאָל גאָרנישט גענומען. פאַרקערט, ער פלעגט נאָך דעם פאַרזיצער צוצאָלן און פאַר דער גאַנצער „סמעטענע פון קאָלכאָז" נייען אומזיסט. אין דער פרייער צייט פלעגט ער קויפן אין אַ קיעווער מאַגאַזין צייג און אויפנייען הויזן, וויבערישע ספּודניצעס, און געהאַט פרנסה. ביים ווייב האָט ער זיך געבעטן:

— אין דער היים פרעס און זויף, נאָר אין גאַס מאַך אַ נעבעכדיק פּנים.

און זי, פאַרקערט, נאָר זי האָט זיך גערימט. גייט פון מאַרק מיט אַ הון, צעשפּרייט, אָפן. ווי קומט צו אַבראַמען ער זאָל עסן אַ הון? וואָס איז ער אַ דירעקטאָר? אַ ראַיקאָמעוועץ? (סעקרעטאָר פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי). האָט מען אים גענומען אויפן אויג און געכאַפּט ביי אים 20 מעטער צייג. פאַר וואָס ער האָט באַקומען 8 יאָר. „נו, דאַרף איך צו איר וועלן שרייבן?..."

צוזאַמען מיט אַ גרופּע, בין איך מיטן עטאַפּ אָנגעקומען קיין איזשמע. דאָס איז געווען אַ צענטראַלע קאָלאָנע, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיט אַ ריזיקער טעריטאָריע מיט צענדליקער פונקטן. דאָ האָט זיך געפונען אַ גרויסער ווערקשטאַט פון שלאָסערס, טאָקערס פון מעטאַל, סטאָליער, שוסטער און שניידער־ווערקשטאַטן, צו באַדינען די פרייע באַפעלקערונג. דאָ איז געווען אַ גרויסע באַן־קנופּ־סטאַציע מיט דעפּאָען צו פאַרריכטן וואַגאָנען. עטלעכע בריגאַדעס האָבן געבויט די צוקונפטיקע שטאָט פאַר דער פרייער באַפעלקערונג. אין דער קאָלאָנע זענען די באַראַקן אויך געווען געבויט לויט אַ פּלאַן, מיט אַ פּערספּעקטיוו, אַז ווען מען וועט די אַרעסטירטע אַוועקנעמען, זאָלן זיי קענען דינען פאַר דער העכערער קאַטעגאָריע פון פרייע מענטשן. דאָ איז אויך געווען אַ גרויסער שפּיטאָל מיט הונדערטער קראַנקע, אַלע ווי סקעלעטן, הויט און ביין. אין די

ספּעציעלע באַראַקן פאַר די פאַכמענער און ביוראָ־אַדמיניסטראַציע איז, פאַרהעלטנישמעסיק, לויט די לאַגער־באַדינגונגען, געווען ריין. יעדער האָט געהאַט אַ מאַטראַץ און אַ קאָלדרע. אַ גרויסער טייל פון דעם עולם האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט אומאָפיציעל צו פאַרשאַפן זיך פּראָדוקטן. אויך די לאַגער־נאַרמע פון עסן איז דאָ געווען אַ גרעסערע און פון בעסערער קוואַליטעט.

דאָס אַלץ האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מער ווייניק מענטש־לעכן אויסזען. ס'איז דאָ אויך דערלויבט געווען צו לייענען. די מענטשן זענען נישט געווען אַזוי דערשעפּט. נאָך דער אַרבעט האָט אַ גרויסער טייל פון זיי געלייענט ביכער. כדי מ'זאָל נישט פאַרגעסן, אַז מען איז אַן אַרעסטאַנט, האָט מען אונדז אין דער נאַכט פאַרן 1טן מאַי, בעת די וועלט האָט זיך געגרייט צו פייערן דעם פולשטענדיקן זיג איבערן היטלעריזם, אויפגעוועקט, אַדורכגעפירט אַן אונטערזוכונג, צוגענומען ביי יעדן די פאַרשאַפטע פּראָדוקטן, ביי וועמען אַ באַנקעלע קאָנסערוון, אַמעריקאַנער אייער־פּראָשעק, אַ שטיקל ברויט און אַלע ביכער. מיט אַ מאַשינקע אָפּגעשוירן די האָר, ביי די וואָס האָבן זיך איבערגעלאָזט האָר, געזוכט צי מען האָט נישט קיין לייז. זיי האָבן עס נישט געטאָן מחמת היגיענע, נאָר צו פאַרשעמען דעם מענטש און טריומפירן מיט זייער העכערקייט איבער אונדז. מיר האָט עס, באַזונדערס, ווײ געטאָן. מ'האָט ביי מיר צוגענומען אַ באַנד פון גרעצס געשיכטע, וואָס אַ רוסישער מענטש האָט מיר געגעבן צו לייענען. דאָס בוך איז געגאַנגען ביי אונדז פון האַנט צו האַנט.

די פריידן און דער יום־טוב פון פאַרענדיקן זיגרייך די מלחמה, און די אַמנעסטיע, וואָס זיי האָבן צעטרומייטערט, האָט זיך ביי אונדז אַבסאָלוט נישט געלאָזט פילן. 60—70 פּראָצענט פון די אַרעסטירטע זענען אַרעסטירט געוואָרן ערב דער מלחמה און אַלע האָבן געהאַט גרויסע אורטיילן. די אַמנעסטיע האָט אייגנטלעך נאָר געהאַט אַ שייכות צו די גנבים מיט קליינע אורטיילן, און צו די, וואָס האָבן באַקומען 5 יאָר פאַר נישט קומען פּינקטלעך צו דער אַרבעט.

מיט אַ משוגענעם אימפּעט האָבן אָנגעהויבן צו גיין טאָג און נאַכט עשאַלאָנען מיט אַרעסטירטע, אַלץ ווייטער אויף צפון. ס'רוב זענען דאָס געווען מיליטער־לייט, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן, אַלע מיט גרויסע אורטיילן. פון צייט צו צייט פלעגט מען פון די עשאַלאָנען אַראָפּנעמען געפערלעך קראַנקע און צייטווייליק

איבערלאָזן זיי אין שפּיטאָל פון אונדזער קאָלאָנע. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט מער איינצלהייטן. אַזוי האָט אַ רומענישער ייד דערציילט, אַז אַלע יידן אין דער רומענישער אַרמיי, זענען אינטערנירט געוואָרן אין אַ לאַגער. די רומענער האָבן זיי געהיטן. ווען די רוסן האָבן פאַרנומען דעם לאַגער, האָבן זיי געהאַט אַ טענה, פאַר וואָס... די דייטשן האָבן זיי נישט אויסגעשאָסן... דערפאַר האָט מען זיי אַלע געגעבן צו 10—15 יאָר פאַר... פאַרראַטן דאָס פאָטערלאַנד. ס'טייטש, וועלכעס פאָטערלאַנד? די זעלבע טענה האָט מען געהאַט צו די יידן, וואָס ס'האָט זיך זיי איינגע־געבן צו זיין אין געפאַנגענשאַפט אַלס... אַריער, רוסן, אוזבעקן, און — צו בלייבן לעבן...

כאָטש אין שניידער־ווערקשטאַט זענען מיר געווען נאָר 4 יידן אויף עטלעכע און דרייסיק, איז דער באַראַק געווען אַ שטיקל צענטער פאַר אַ ייד, וואָס איז געקומען אין דער קאָלאָנע. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז צווישן די לאַגער־קראַנקע געפינט זיך אַ ייד, אַ פּאָליטישער עמיגראַנט. האָבן מיר אויסגעפּועלט ער זאָל ווערן אַ „דניעוואַלני" (צורוימער) און היטער פון אונדזער באַראַק. אָט דער יאַנקל אַלטערמאַן איז פריער געווען אַ קאָמיוגישער טוער אין טשערנאָוויץ. ער איז געווען אַ דרוקער. מ'האָט אים אַיסגענוצט פאַר דער אומלעגאַלער דרוקעריי. צום סוף האָט מען אים געשיקט קיין ראַטנפאַרבאַנד. דאָ האָט ער געאַרבעט אין דער דרוקעריי פון קאָמאינטערן, צו דרוקן מאַטעריאַלן פאַר דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין רומעניע. אין 1937 האָט ער געטיילט דעם גורל פון אַלע אויסלענדער.

אין דער קאָלאָנע האָט מען אויך געשמועסט מיט באַוווּנדערונג וועגן דעם עלטערן ייד, וואָס זאָגט זיך אָפּ צו אַרבעטן אום שבת. ער זיצט אין אַן איזאָלאַטאָר און נעמט נישט דאָס עסן פון דער לאַגער־קיך. נאָך אַ סך מי און מאַטערניש האָבן מיר אים אַריינגענומען אין אונדזער ווערקשטאַט צו געהילף־אַרבעט. אָבער אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט מען אים אַוועקגעשיקט מיט אַן עטאַפּ. דער ייד, ראַבינאָוויטש, האָט געשטאַמט פון ווייסרוסלאַנד. שוין אין דער סאָוויעטישער צייט האָט ער געלערנט אין אַן אומלעגאַלער ישיבה. ער האָט פיל מאָל געביטן זיין וווינאָרט, אָבער אַממערסטן איז ער געווען אין מינסק און דאָרט באַקומען סמיכות אויף רבנות. אַז עס איז געווען אַ געפאַר, זענען אַלע ישיבה־בחורים, מיט דער הילף פון אנדערע יידן, וואָס האָבן געהאַט פאַרביני־דונגען, אַריבערגעפאָרן קיין לענינגראַד, און אַלע איינגעאָרדנט אַלס

נאַכט־וועכטער, כדי נישט צו דאַרפן אַרבעטן אום שבת. די מערסטע פון זיי האָבן דערהאַלטן פעקלעך מיט זאַכן. צוערשט זענען זיי געקומען פון אַמעריקע און שפּעטער — פון ארץ ישראל.

אין 1937 איז ראַבינאָוויטש אַרעסטירט געוואָרן, מ׳האָט אים באַשולדיקט אין קאָנטראַבאַנדע. במשך פון די יאָרן אין לאַגער, איז ער שוין געווען אין פיל קאָלאָנעס. אומעטום געפינט זיך אַ ייד, וואָס העלפט אַרויס. פאַר אונדז זענען זיינע דערציילונגען געווען ממש אַ סענסאַציע, אַז אין דעם סיסטעם זאָל קענען געפירט ווערן אַ קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט, מיט אַזאַ מסירות נפש!

דער פאַרוואַלטער פון ווערקשטאַט, איזראַיל יאַקאָוולעוויטש, האָט דערנענטערט יידן. ער אַליין האָט געשטאַמט פון בעסאַראַביע. אין בירגער־קריג איז ער געווען אין שטאַב פון פּולק, אָנגעפירט פון יונה יאַקיר. ער איז געווען פּאָליטישער קאָמיסאַר אין דער בריגאַדע פון באַרימטן העלד אין בירגער־קריג, קאָטאָווסקי, פאַרענדיקט רויטע פּראָפעסור און געלערנט אין איין קורס מיט יעזשאָוון. פאַרן אַרעסט איז ער געווען צווייטער סעקרעטאַר פון „אָבלאַסטנאָי” פאַרטיי־קאָמיטעט פון וואָראָניעזש. ער האָט געקענט רעדן, און געפעלן ווערן אין די אויגן פון די אַלע, וואָס געפינען זיך אין וויכטיקע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע פּאָזיציעס, דערין איז ער געווען אַן אמתער קינסטלער.

אין אים, און דורך זיין פּריזמע, האָב איך געזען די קאַדרן, פון וואַנען עס וואַקסן אויס די היינטיקע און קומענדיקע פירער פון ראַטנפאַרבאַנד — ציניקער, פולשטענדיק אויסגעהוילט פון יעדן גלויבן און פון די גרונט־אידייען פון סאָציאַליזם. ער איז זיכער נישט געווען צופרידן, וואָס ער איז אַריינגעפאַלן אין דעם שרעקלעכן ראָד פון הערשנדיקן טעראָר, וואָס האָט צעשטערט זיין באַקוועם פּריווילעגירט לעבן. אַלע איבעריקע זענען אים אָנגעגאַנגען ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

אַ טיפּ פון אַ פּשוטן, ערלעכן, אומפאַרטייאישן אַרבעטער איז געווען אַבראַם, אַ שוסטער, זייער אַ גוטער פאַכמאַן. ער איז אַריבער די גרענעץ פון בעסאַראַביע קיין ראַטנפאַרבאַנד, נישט צוליב סאָציאַליזם. ער האָט פּשוט געמיינט אַז דאָ וועט ער פאַרדינען מער און לעבן בעסער. 22 יאָר איז ער דעמאָלט אַלט געווען, אַ פעסט־געבויטער שיינער חברהמאַן. די 3 יאָר האָט ער באַקומען פאַר אומלעגאַל אַריבערגיין די סאָוויעטישע גרענעץ. נאָכן אָפּזיצן דעם אורטייל, האָט ער געאַרבעט אין אַ פאַבריק און געלעבט אין אַ צוזאַמען־וווינונג מיט נאָך 15—20

מאַן, צווישן זיי שיכורים. ס׳איז געווען פינצטער, נאַס, קאַלט, און דערנעבן איז געווען אַ ריין צימער און אַ בעט מיט ווייסע קישנס. די שטוב איז דערנאָך געוואָרן זיין היים און די מיטליאַריקע רוסישע פרוי — זיין ווייב. ס׳איז אָבער נישט אַדורך אַ יאָר, און ער איז ווידער אַרעסטירט געוואָרן און באַקומען 10 יאָר. אַ בוים האָט אים צעקוועטשט אַ פוס. אַלס אינוואַליד האָט ער נאָך געקענט אַרבעטן ביי זיין פאַך. בעתן נעמען אַ מאָס אויף אַ פּאָר שיך ביי נאַטשאַלסטווע, האָט ער אַלץ ביי זיי אויסגעפועלט.

דער גאַנצער ווערקשטאַט האָט מיך באַגריסט, ווען איך האָב אָפּגע־צייכנט 100 חדשים זינט מיין אורטייל. קיינער איז נישט זיכער, אַז נאָכן פאַרענדיקן די שטראָף־צייט, וועט מען באַפרייט ווערן. דאָך לעבט מען מיט דער האָפענונג.

קוים אַדורך 20 טעג, און איך בין ווידער אין אַ קאָלאָנע, ווו מען האַקט און מען גרויזעוועט געהילץ. 50 מענטשן האָט מען גענומען פון די ווערקשטאַטן און ביוראָען אויף צען טעג, מיטהעלפן די קאָלאָנע אויספילן דעם יאָר־פּלאַן. צווישן זיי בוכהאַלטערן, עקאָנאָמיסטן און פינאַנסיסטן. מען האָט נאָך חוזק געמאַכט: „דאָ איז אייך נישט דער קאָנטאָר, דאָ דאַרף מען געבן אַ פּלייצע״.

נאָך אַ שניידער איז געווען מיט מיר, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַפּאַטיע. ער האָט געזוכט אַריינצופאַלן אין שפּיטאָל. האָט ער זיין ברויט אויסגעטוישט אויף זאַלץ, עס צעפירט אין וואַסער און אַרומגע־וויקלט די ווונדן. די פיס זענען אים געשוואָלן געוואָרן. זיין האַרץ האָט אָבער נישט אויסגעהאַלטן.

פּיאַדאָר, האָט דער שטילער, פאַרטראַכטער מענטש געהייסן. ער האָט געשטאַמט פון אוראַל. זיין פרוי האָט געזונגען אין אוראַלסקי כאָר און איז געפאָרן אויף גאַסטראָלן. אין 1941 האָט מען אים אַרעסטירט. ער איז באַשולדיקט געוואָרן, אַז ער האָט געזידלט די ראַטנמאַכט און באַקומען 8 יאָר לאַגער. דערנאָך האָט ער דערהאַלטן פון דער פרוי אַן אָפיציעלן גט.

דער קאָמאַנדיר פון די היטער לייגט מיר פאָר, איך זאָל אים אויפ־נייען אַ שינעל. דורכן ווערקשטאַט וואָלט ער געדאַרפט איינצאָלן 220 רובל אין פינאַנץ־אָפּטיילונג פון לאַגער. איך בעט אים ער זאָל מיך איבערלאָזן אין באַראַק 4 וואָכן צייט. קיין מאַשין איז נישטאָ, מען

דאַרף אַלץ גייען מיט דער האַנט. ער דינגט זיך מיט מיר, ער האָט מורא, אַז דער באַפולמעכטיקטער פון דער „דריטער אָפּטיילונג" זאָל זיך נישט דערוויסן.

פון דער צענטראַלער קאָלאָנע האָט מען אונדז געפּאָדערט צוריק פון ווערקשטאַט, ווייל אָפיציעל דאַרף מען זיין נישט געזונט, כדי צו אַרבעטן ביי די פאַכן. איז געקומען אַ מעדיצינישע קאָמיסיע און דווקא מיט אַ באַקאַנטן יידישן דאָקטער, מאַלאַטאַוו. האָט ער אַנגעשריבן אויף מיין קאַרטאָטעקע: טשט. פ. ט. (שווערע פיזישע אַרבעט). איך בעט זיך ביי אים: פאַרבייט מיר טשט. אויף ל. (לייכטע). „די זון, — זאָגט ער, — וואַרעמט אויך נישט אומעטום... איך וויל נישט גיין נאָך אַ מאָל אין לאַגער אַריין"... נישט האָבנדיק קיין ברירה האָב איך זיך צונויפגערעדט מיטן „דיוואַלני" אין אַרבעטס־אַמט און פאַר אַ פעקל מאַכאָרקע, וואָס איך האָב באַקומען פון קאָמאַנדיר פאַרן אויפנייען דעם שינעל, האָט ער איבערגעמאַכט טש. אויף ל. און איך האָב ווייטער געאַרבעט אין ווערקשטאַט פון דער צענטראַלער קאָלאָנע.

די גרויסע מערהייט פון די לאַגערניקעס אין דער קאָלאָנע זענען איצט געווען פון די דריי באַלטישע לענדער: ליטע, לעטלאַנד, עסטלאַנד און פון מערב־אוקראַינע און מערב־ווייסרוסלאַנד. פיל פון זיי באַקומען פעקלעך פון זייערע היימען, נאָר די אַרעסטירטע פון רוסלאַנד, און גאָר באַזונדערס פון אוקראַינע, באַקומען נישט קיין שום שטיצע. אַלע בריוו, וואָס קומען אָן צו זיי, דערציילן וועגן נויט און הונגער.

מיין פרוי שרייבט מיר וועגן איר ביטערער לאַגע. זי איז פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת דער עוואַקואַציע פון קיעוו. איז געבליבן ליגן אויף אַ פעלד. דאָס קינד האָט די פרוי טאַלאַ בערלינער גענומען מיט זיך קיין כאַרקאָוו. נאָכן אַרויסגיין פון שפּיטאָל אין כאַרקאָוו, האָט זי צוריק גענומען דאָס קינד. עוואַקוירט געוואָרן קיין קויבישעוו און דאָרט קראַנקערהייט געאַרבעט ביי שוואַרצער בוי־אַרבעט. אַז זיי האָבן זיך דערוווּסט, ווו איר מאַן געפינט זיך, האָט מען איר אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. איז זי אַריבערגעפאָרן אין אוראַל, אין שטעטל קיזעל. דאָרט האָבן מיין שוועסטער און ברודער געאַרבעט אין די קוילן־גרובנס. האָט זי שוין דאָס מאָל געזאָגט, אַז איר מאַן איז פאַרפאַלן געוואָרן, האָט מען זי אַנגענומען אַרבעטן אין דער קיך פון די קוילן־גרובנס. דאָס אַרבעטן ביי נאַכט און די כסדרדיקע שרעק, פאַרן אַנטפּלעקן איר ליגן, האָבן זי דערפירט צו דעפּרעסיע. זי איז לאַנג געלעגן אין שפּיטאָל. נאָכן באַפרייען קיעוו,

איז זי צוריק געפאָרן אַהיים, אָבער אונדזער צימער איז שוין געווען פאַרנומען. נאָך די פרויען, וועמענס מענער ס'זענען געווען אין דער אַרמיי, האָט מען צוריקגעגעבן די צימערן. און אַז זי האָט נישט געהאַט ווו צו וווינען אין קיעוו, האָט מען איר נישט געוואָלט רעגיסטרירן. נישט זייענדיק רעגיסטרירט פון דער פּאָליציי אין דער שטאָט, האָט מען איר אויך אין דער פאַבריק, ווו זי האָט געאַרבעט ביז צו דער מלחמה, נישט געהאַט קיין רעכט צו באַשעפטיקן. און אַז מען אַרבעט נישט, באַקומט מען נישט קיין ברויט־קאַרטע. ברויט אויפן שוואַרצן מאַרק דערגרייכט אַ קילאָ ביז 50—60 רובל. זי וואַלגערט זיך, דעריבער, אַרום מיטן קינד. ווו זי טאָגט, נעכטיקט זי נישט. מיט דער הילף פון אַ באַקאַנטע, האָט זי געפונען אַ ווינקל צו וווינען, אין אַ דערפל ביי קיעוו, אין בוטשע. אָבער דאָרטן קען זי קיין אַרבעט נישט באַקומען. אַזוי פּייניקט זי זיך אָן אַ שטיקל טרוקן ברויט. ס'איז שוין אַנדערטהאַלבן יאָר נאָך דער מלחמה. די וועלט האָט פרייער אָפּגעאָטעמט; און דאָ — הונגער און נויט.

איך בין אַ געבונדענער. מיט וואָס קען איך איר העלפן? בעת איך האָב געאַרבעט אין ווערקשטאָט, האָב איך געקענט זייטיק, אומ־לעגאַל עפּעס אויפנייען. און אַז מען האָט שוין עפּעס געלט, וואָס עס איז שטרענג פאַרבאָטן, דאַרף מען בעטן, אַז דער קליענט זאָל עס פון לאַגער איבערשיקן. ער טאָר עס, אָבער, נישט טאָן, ווייל פאַר אַ פאַר־בינדונג מיט אָן אַרעסטירטן באַקומט דער פרייער בירגער דריי יאָר לאַגער. מענטשן שטעלן זיך דאָך איין. ליידער קען איך זייער ווייניק העלפן פון דאַנען מיין פרוי. זי איז ווידער אין שפּיטאָל. דאָס קינד געפינט זיך אין אַ יתומים־הויז, מיט דער הילף פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע יידן. צווישן יידן איז גרויס די סאָלידאַריטעט.

ביי די וואָס זענען נאָך נישט אַריינגעפאַלן אין אַפּאַטיע און אין קרענקלעכער גלייכגילטיקייט, רופט אַ נייער עטאַפּ אַרויס אַ גרויסן אינטערעס, באַזונדערס, ווען ער קומט פון טורמע, וואָס עס מיינט, נישט לאַנג פון דער פריי. מען זוכט צווישן זיי אַ באַקאַנטן, אַ לאַנדסמאַן, מען וויל זיך דערוויסן וועגן דער אמתער לאַגע אין לאַנד. מען נעמט זיי אָבער אין אַ קאַראַנטין און מען לאָזט קיינעם נישט צו צו זיי. שפּעטער צעוואַרפט מען זיי אַזוי, אַז מען געפינט זיי שווער.

אָט איז אָנגעקומען אַן עטאַפּ. די אָנגעקומענע זענען פאַרמאַכט אין באָד אין דער פינצטער. זיי זענען אַלע געלעגן איינגעקורטשעט אויף



משה זאַלצמאַן (ערשטע ריי, לינקס)
מיט אַ גרופּע חברים, לעבנגעבליבענע נאָך די רוסישע לאַגערן, אַרעסטירטע
אין 1946 ביים אָרגאַניזירן די אומלעגאַלע עליה פון רוסלאַנד דורך פּוילן
פון רעכטס אברהם אַסט, יוסף מילער, יוסף נוימאַן, קאָפּל סקאָפּ, זלמן שענענבערג

זייערע פּעקלעך, פאַרצווייפלטע און פאַריאושטע. דאָך האָב איך צווישן זיי געפונען אַ גרופּע פון 4 יידן. מיין באַראַק און די נאַרע, ווו איך בין געשלאָפן, איז געוואָרן אַ צענטער, ווו זיי האָבן געפונען אַ ביסל מאָראַלישע וואַרעמקייט. מען האָט זיי נאָר וואָס געבערענגט פון דער לעמבערגער טורמע. דער גאַנצער הויף פון דער טורמע, דערציילן זיי, איז געווען אויסגעלייגט מיט יידישע מצבות, נאָך פון דער צייט פון די דייטשן. פון זיי האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דעם גרויסן חורבן, וועגן געטאָ־אויפשטאַנד און וועגן דער האָפענונג, אַז ס׳וועט אַנטשטיין אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. מען האָט זיי געמשפּט ווי ציוניסטן און „אַגענטן פון ענגלישן אימפּעריאַליזם"...

דער אָנפירער פון דער גרופּע, קאָפּל סקאָפּ, האָט געשטאַמט פון ריגע, אַ פּועלי־ציוניסט. ער האָט נישט באַוויזן ערב דער מלחמה אָפּצופאָרן

קיין ארץ־ישראל. זיין חברטע איז שוין דאָרט, זי האָט געדינט אין דער יידישער בריגאַדע פון דער ענגלישער אַרמיי. בעת דער מלחמה איז ער געווען אין רוסלאַנד. נאָך דער מלחמה איז ער אָנגעקומען קיין פוילן מיט אַ פאַלשן דאָקומענט, אַלס געוועזענער פוילישער בירגער. פון פוילן איז ציטווייליק דער וועג געווען אָפן צו דער פרייער וועלט. אָבער אַנשטאָט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל צו זיין חברטע, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג צו אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע עליה קיין ארץ־ישראל, די בריחה, און אָפּזוכן יידישע יתומים־קינדער. אין שפּיץ פון דער באַוועגונג איז געשטאַנען משה שרת, דער שפּעטערדיקער אויסערן־מיניסטער פון ישראל. דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון דער אומלעגאַלער עליה אין פוילן, איז געווען אַנטעק צוקערמאַן. אים האָט מען געשיקט אויפן געפערלעכסטן אָפּשניט, אויסקויפן די יידישע קינדער ביי פּאַליאַקן אין לעמבערגער ראַיאָן, זיי טראַנספּאָרטירן קיין פוילן און פון דאָרט, מיט אַנדערע קינדער, פירן קיין ארץ־ישראל. פיל האָבן מצליח געווען, אַנדערע זענען אַריינגעפאַלן און אומגעקומען. צוריק קיין רוסלאַנד האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט צוזאַמען מיט אַ השומר־הצעיר־חבר, דוד. אין דער הייליקער אַרבעט פון אויסקויפן יידישע קינדער, זענען זיי דורכגעפאַלן. איינער פון די זיבן, יוסף ניימאַן, האָט באַקומען 3 יאָר, די איבעריקע — צו 10 יאָר.

מיר האָבן זיך באַמיט מען זאָל די חברים איינאָרדענען ביי לייכטערער אַרבעט. ס'איז אונדז געלונגען איינאָרדענען קאַפּלען אין אַ קאַלאָנע אַלס בוכהאַלטער.

ערב מיין באַפרייונג האָט מען צו אונדז אין ווערקשטאַט אַריינגעבראַכט אַ גריפּס (אַ בריוול) פון מילערן. ער איז באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמנעסטיע פון די פּאַליאַקן און געאַרבעט אַלס פרייער אַרבעטער אין אונדזער קאַלאָנע. ער איז אויך געווען פאַרבונדן מיט דער אומלעגאַלער עליה קיין ארץ־ישראל. ער האָט אין דעם גריפּס איבערגעגעבן, אַז אַרויסגייענדיק פון ענגלישן קאָנסולאַט אין וואַרשע, מיט דער וויזע, האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין אַ מאַשין, אָפּגעפירט קיין בערלין און פון דאָרט — אין לאַגער אוכטאַן.

אַ קורצע צייט בין איך געווען מיט אָט דער אידעאַליסטישער חברה. ווייער הויכער אידעאַליזם האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין האַרצן. מיט 19 יאָר שפּעטער, ווען כ'בין געפאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישראל, האָט מיר אַנטעק צוקערמאַן געגעבן דעם אַדרעס פון די חברים, וואָס

האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט. דער יונגער בחור דוד איז אומגעקומען. יוסף ניימאַן האָט פאַרלוירן אַ פוס. קאָפּל סקאָפּ איז געקומען צוריק אַ קראַנקער. איינער פון זיי איז געווען אין לאַגער צוזאַמען מיטן יידיש־סאָוויעטישן דיכטער שמואל האַלקין. האַלקין האָט אים געגעבן זיין פאָטאָגראַפיע, אויף דער צווייטער זייט איז געווען אָנגעשריבן אַ פערז אין העברעיִש.

וואָס מער ס׳האָט זיך דערנענטערט די מעגלעכע דאַטע פון מיין באַפרייונג, אַלץ מער איז געוואַקסן ביי מיר די שרעק, — צי וועלן זיי מיך בכלל באַפרייען? האָב איך דאָך אין מיינע לאַגער־יאָרן געזען אַזעלכע. וואָס האָבן זיך דערוואָרט אויף דער ענדע פון זייער אורטייל און זיי זענען נישט באַפרייט געוואָרן, נאָר געבליבן — „דאָ אָסאָבאָוואָ ראַזפּראַזשעניאַ״, ד. ה. ביז אַ באַזונדערער באַשטימונג. און מיט וואָס האָט זיך די באַשולדיקונג קעגן מיר געענדערט זינט 1937 ביז 1947? אין 1937 בין איך געווען אומשולדיק, אָבער איצט, אין 1947, בין איך באמת שולדיק קעגן זיי, ווייל קעגן זייער ווילן לעב איך נאָך. איך בין עס איינער פון די כיטרע „נאַכאַלן״ — ווי יזראַיל יאַקאָוולעוויטש רופט אָן אַלע, וואָס זענען, טראָץ דעם ווילן פון דער נ.ק.וו.ד. — דאָך געבליבן לעבן. צי וועלן זיי מיר דערלויבן, אַפילו „אַלס פרייער בירגער״, אַוועקפאָרן פון דער צפון־זאָנע?

און ווי אַזוי לעבט מען אויף דער פריי? די לעבנס־באַדינגונגען זענען הונדערט־פאַכיק געשטיגן און דער אַרבעטס־לוין איז געבליבן דער זעלבער ווי אין 1937? דאָ, אין לאַגער, קען איך שוין די גרונט־וועגן צו דער געטלעכער דריי־איינִיקייט: „קיך״, „קאַפּטאַרקע״ (מאַגאַזין) און „כלעבאַ רעזקי״ (ווו מען שניידט און מען צעטיילט דאָס ברויט). מער פון אַלץ, עגבערט אין מיר, די זאָרג וועגן מיין פרוי, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין מיין האַרץ פון די יוגנט־יאָרן... ס׳זענען אַדורך צען יאָר. קיין איין מאָל זי נישט געזען, און כמעט אַפילו נישט געשריבן. צי וועלן מיר כאָטש צוריק געפינען די זעלבע שפּראַך? און ווו אַהין פאָרט מען? מען שמועסט, אַז זיי דערלויבן פאָרן וווהין מען וויל, נאָר דאָס אָרט דאַרף זיין 125 קילאָמעטער ווייט פון יעדער „אָבלאַסטנאָי״ שטאָט און 150 קילאָמעטער פון ים און גרענעץ־שטעט.

נאָענט פאַר מיין באַפרייונג האָב איך זיך שיער נישט אויסגעגליטשט און געקענט באַקומען נייע 10 יאָר. אַ לייטענאַנט פון דער באַן־נ.ק.וו.ד.

ברענגט מיר שטאָף איך זאָל אים אויפנייען אַן אוניפאָרם. איך לייג אים פאָר ער זאָל אויסשרייבן אַ נאַראַט. ער דערקלערט מיר, אַז ער באַגלייט די וואַגאָנען מיט פּראָדוקטן קיין אורקוטאַ, און ער האָט נישט קיין רעכט זיך דאָ אָפּצושטעלן. דערפאַר וויל ער נישט, אַז זיין פאַמיליע־נאָמען זאָל דאָ פיגורירן.

— מיט וואָס צאָלן? — פרעגט ער — מיט געלט, אָדער מיט פּראָדוקטן?

איך בעט 1 קילאָ פעטס. צו מיין שטוינונג און שרעק, ברענגט ער גאָר אַ גאַנץ קעסטל פון 10 קילאָ. איך הייס אים עס צוריק נעמען. ער לאַכט און טראָגט זיך אָפּ. וואָס טוט מען מיט דעם אוצר? ס'איז אַ שאָד אָוועקוואַרפן און ס'איז שווער צו טראָגן. פאַרפאַלן, ער האָט מיך געצוווּנגען צו ווערן אַ סוחר. אין פאַל פון אַ פּראָוואָקאַציע, אָדער אַן אונטערזוכונג אין ווערקשטאַט, בין איך אַ פאַרטיקער. ס'זענען דורך 2 טעג און קיין זכר איז פון דעם נישט פאַרבליבן. מיר איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ.

דריי מעת־לעת האָט זיך פאַרהאַלטן די מיטטיילונג, אַז איך בין באַפרייט. כאָטש יעדער פּאָליטישער אַרעסטירטער קען זיך ריכטן, אַז מען וועט אים נישט באַפרייען, איז זייער שווער איבערצוטראָגן די פּיין פון דער צאַפּלדיקער אומזיכערקייט.

קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# אויף דער פריי

דעם 31סטן אויגוסט 1947 בין איך געשטאַנען פאַר דער קאָנקרעטער דילעמע: ווו אַהין פאָרט מען? אויף ווו די נ. ק. וו. ד. וועט מסכים זיין, וועט דאַרפן ווערן מיין ווויינאָרט אויפן גאַנצן לעבן. אומעטום ווו ס'זאָל נישט זיין בין איך דאָך אַ פרעמדער. נישטאָ קיין אָרט אין דעם גרויסן לאַנד, ווו איך זאָל קענען די ערשטע טיר עפענען, אַחוץ אין נ. ק. וו. ד. ווו איך וועל זיך גלייך פון ערשטן טאָג אָן מוזן קומען מעלדן.

מיין פרוי האָט מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל בעטן באַשטימען פאַר מיר אַ שטעטל אין אוקראַינע, אָבער דאָס האָב איך אָפּגעוואָרפן. נאָך אַזוי פיל יאָרן פון פרירן וויל איך, זיך אָנוואַרעמען אין אַ שטיל, זוניק ווינקל. דער נאַטשאַלניק פון דער 2טער אָפּטיילונג האָט מסכים געווען מיט מיין אויסוואַל — אַ דאָרף אין גרוזיע, וועליציכע.

איך האָב זיך דערוווסט וועגן דעם דאָרף פון מיין חבר, וואָס האָט דאָרט אַ שוועסטער. דריי טעג האָב איך געוואַרט אויף די דריי פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, וואָס זענען צוגעטשעפּעט געוואָרן צו אַ לאַנגן קוילן־עשאַלאָן, 1 וואַגאָן פון ערשטער קלאַס, מיט פּליושענע געבעטע שלאָף־פּלעצער פאַר נאַטשאַלניקעס און 2 פאַר עמך.

איך בין איינער אַליין אין וואַגאָן. דאָס זיין איינער אַליין שרעקט מיך. דער וואַגאָן־באַגלייטער, אַז ס'איז אים אויך נמאס געוואָרן צו זיצן אַליין אין זיין באַזונדערער קאַבינע, האָט ער פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס. ער איז אַ מאָביליזירטער אויף דער ליניע. זיין לוין איז דאָ אַ גרעסערער. די וואַקאַציעס זענען דאָ אויך גרעסערע. נאָר קיינער וויל אויף דער ליניע קאָטלאָס — אַרקוטאָ נישט גיין אַרבעטן פרייוויליק.

ער מאַכט מיר אויפמערקזאַם, אַז מען דאַרף גוט היטן די זאַכן, ווייל מען גנבעט און מען רויבט אויף די באַנען. די באַגלייטער זעען און קענען זיך נישט אַריינמישן. קיינער וויל נישט איינשטעלן זיין לעבן.

די ספּעציעלע באַן־ב.ק.וו.ד.־לייט וואָס באַגלייטן די צוגן, זוכן שפּעקולאַנטן, און נישט קיין גנבים, ווייל פון זיי קען מען אָפּלעקן אַ ביינדל.

אַזוי פיל יאָרן געוואַרט אויפן גליקלעכן מאָמענט פון באַפרייט ווערן. אָבער אַנשטאָט פרייד, האָב איך געפילט אַ טיפן אומעט. איך האָב געטראַכט וועגן גורל פון דעם העלד פון וויקטאָר הוגאָ, זשאַן וואַלזשאַן, ווען ער איז באַפרייט געוואָרן. אין די ערשטע דריי טעג האָב איך געטראָפן געוועזענע אַרעסטירטע, מיט הויכער בילדונג, וועלכע האָבן מורא געהאַט אַוועקצופאָרן ווייט פון לאַגער, טאָמער וועט מען זיי דאָרט נישט צולאָזן צו אינטעלעקטועלער אַרבעט. איינער, וואָס אַרבעט איצט אַלס הויפּט־עקאָנאָמיסט אינעם נאַפט־טרעסט אין אַכטאַן, האָט, ביזן אַרעסט, געאַרבעט אין מיניסטעריום פאַר פּלאַנירונג אין מאָסקווע. ער האָט זיך פאַר מיר אויסגעדריקט: „בעסער בלייבן אין דער נאָענט, ווען מען וועט מיך נאָך אַ מאָל אַרעסטירן, זאָל מען מיך נישט דאַרפן ווייט פירן". פון דעם טורמע־ און לאַגער־קאָשמאַר קען מען זיך נישט באַפרייען.

אַ יידישער דענטיסט פון ווילנע, וואָס איז באַפרייט געוואָרן בעת דער אַמנעסטיע פון פּוילישע בירגער, נאָך ווייניקע צוויי יאָר זיין אין לאַגער, האָט נישט געהאַט קיין כוח און ווילן ווייטער זיך צו שלעפּן. אין פאַרלויף פון די פאַר יאָר אויף דער פריי איז ער שוין געווען מיט אַ ווייב און אַ דריי־יעריק מיידעלע, געהאַט אַ גאָרטן מיט קאַרטאָפל און קרויט אויף אַ גאַנץ יאָר; אַ ציג און גוטע פאַשע. האָלץ און קוילן זענען דאָ נישט קיין פּראָבלעם. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז צופרידן פון זיין בלייבן דאָ, אויפן צפון.

אַ שוסטער, וואָס האָט מיט מיר געאַרבעט אין אַ קאָלאָנע, האָט דאָ ביי דער באַן־סטאַציע געעפנט אַ ווערקשטעל. מען וויל דאָ אויך אָרגאַניזירן אַ שניידער־ווערקשטאָט. מען האָט עס מיר פאָרגעלייגט. מען באַקומט דעם זעלבן פּאַיאָק און אַלע פּריווילעגיעס, וואָס עס האָט אַ באַן־אַרבעטער. און דווקא דער שוסטער האָט צוגעגעבן אַ פּאָעטישן ביישפּיל, ביים צורעדן מיר איך זאָל בלייבן:

— געדענקסט, מישאַ, ווען מיר זענען געזעסן אין ווערקשטאָט און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער צו דער וואַכטע... ווי מ'האָט געיאָגט צו דער אַרבעט, אין אַ שרעקלעכן שניי־שטורעם. זאָל איך דאַן האָבן געזאָגט: „ווי גליקלעך מיר זענען, וואָס מיר זיצן אין דער וואַרעמער שמוציקער זעמליאַנקע".

הייַנט, זאָגט ער, פיל איך יעדן טאָג דאָס גליק. דאָ האָב איך

ווינציקער מורא מען זאָל עס מיר צונעמען. איך קוק אויף יענער זייט ליניע און זע דעם לאַגער, ווי מען פירט כסדר מענטשן מיט אויסגע־שטרעקטע ביקסן, באַגלייט פון הינט, און איך אַרבעט דאָ, אַ פרייער. דאָ האָב איך באַבעס, בראַנפן, און קיינער וועט מיך דערפאַר נישט אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט. דאָ, אין אָנבליק פון נאָענטן לאַגער און אַרעס־טירטע, פילט מען די גרויסע פּריווילעגיע פון נישט זיין דאָרט צווישן זיי.

די מענטשן, וואָס בלייבן דאָ פרייוויליק, האָבן אויסגעזען אין מיינע אויגן, אַז זיי גייען אויפן לייכטסטן ווידערשטאַנד.

אין קאָטלאַס, ביים באַשטעטיקן דעם באַן־בילעט, זענען מיר געווען 20 געוועזענע לאַגערניקעס און צווישן זיי נאָך איין ייד, אַ לאָדזשער וועבער. ער האָט געאַרבעט אַלס אינסטרוקטאָר אין אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריק אין איוואַנאָ וואָזניעסיענסק. ער האָט מיר דערציילט וועגן אַ גרויסע צאָל מאַשינען מיט יידישע אויפשריפטן, וואָס זענען אָנגעקומען פון אַמעריקע און קאַנאַדע און זענען געווען באַשטימט פאַר ביראָבי־דזשאַן. ער איז געווען אַ גוטער מעכאַניקער, און אַ דאַנק דעם האָט אים אָפּגעגליקט צו בלייבן לעבן. גבורים זענען אויסגעשטאָרבן, און ער, אַ פּיזיש שוואַך מענטשעלע, פאָרט „אַהיים". אָבער קיין היים האָט ער נישט. זיין ווייב האָט זיך פאַר דער צייט פאַרבונדן מיט אַ צווייטן, און זיין טאָכטער איז אַדאָפּטירט געוואָרן פון נייעם פאָטער. אפשר וועט ער זיך קענען זען מיט זיין אויסגעבענקטער טאָכטער.

אויף די באַן־סטאַציעס האָבן מיר אַ פאָרצוג ביים באַקומען די בילעטן, בעתן איבערגיין פון איין באַן אין אַ צווייטער. אויף די וואָקזאַלן טוט זיך חושך. מענטשן וואַלגערן זיך אָפּ מעת־לעתן, ביז זיי באַקומען אַ באַן־בילעט. פאַר אונדז נעמען די בילעטן די נ. ק. וו. ד.־באַפולמעכטיקטע אין יעדן וואָקזאַל. ביים געבן אונדז די בילעטן פון קאָטלאַס קיין מאָסקווע, זאָגט אונדז איינער אַזאַ טיפּ: „טראָגט זיך אָפּ, ס'זאָל אייער ,דוך' דאָ מער נישט זיין"...

אין מאָסקווע האָב איך געוואַרט צוויי טעג צו באַקומען דעם בילעט קיין טיפליס. איך האָב דאָ איינגעשטעלט 3 יאָר פרייהייט, בין אַרויס פון וואַרט־זאַל און געלאָפן אויף אַ פאָרשטעלונג פון יידישן טעאַטער. איך האָב געוואָלט נאָך איין מאָל אין מיין לעבן זען שפּילן מיכאָעלסן און זוסקינען. די יום־טובדיקע אַטמאָספער פון טעאַטער־זאַל און פון די מענטשן, האָבן מיך אַזוי באַאיינדרוקט, אַז איך בין נישט געווען אימשטאַנד נאָכצופאָלגן די שפּיל אויף דער סצענע. פאַר מיינע אויגן

זענען פאַרבייגעלאָפן אַנדערע בילדער. ווען די צושויער אין זאַל האָבן געלאַכט און געקלאַפּט בראַוואָ, האָט אין מיר אַלץ געוויינט. צי איז עס געווען פון פרייד, צי גאָר פון קנאה, פאַר וואָס זענען זיי אַזוי צופרידן־ פאַר וואָס פילן זיי נישט דעם מוראדיקן פאַרברעכן, וואָס מען טוט לגבי מיליאָנען לאַגערניקעס אין דעם לאַנד?

מיט ציטער האָב איך געבלעטערט אַ יידיש בוך. שוין העכער 10 יאָר האָב איך נישט געהאַלטן אין האַנט אַ יידיש בוך. איך טראַכט אפשר זאָל איך אָפּוויכן פון מיין אַנגעצייכנטן מאַרשרוט? וואָלט דען נישט בעסער געווען פון מאָסקווע פאָרן קיין קיעוו, אין דאָרף, ווו מיין פרוי האַלט זיך אויף? 121 חדשים געוואַרט, קען מען וואַרטן נאָך אַ חודש דאָרטן, אין דאָרף. ס'איז אָבער אוממעגלעך, אַז דער באַפּולמעכטיקטער פון נ. ק. וו. ד. אין דאָרף זאָל זיך נישט דערוויסן, באַלד אין דער זעלבער נאַכט, אַז ס'איז געקומען אַ נייער מענטש. דאָס זיכערט 3 יאָר פאַר עובר זיין אויפן פּאַספּאָרט־געזעץ, לויט וועלכן, ס'איז דאָרט נישט דערלויבט צו קומען.

3 גאַנצע מעת־לעת האָט געדויערט די רייזע פון מאָסקווע ביז טיפליס. דער עולם פילט זיך היימיש אין די וואַגאָנען, אַזוי ווי ביי זיך אין דער היים. אַלע גייען אַרום אין די נאַכט־פּיזשאַמעס. איך בין ווי צוגעשמידט צום פענצטער און קוק אויפן פּייזאַזש דורך די גאַנצע עטלעכע טויזנט קילאָמעטער. אין די הונדערטער וואָקזאַלן איז קענטיק די הערשנדיקע אָרעמקייט און הונגער. אין די בופעטן באַקומט מען גאָרנישט צו קויפן. אָבער, אָנהייבנדיק פון ראָסטאָוו אויפן דאָן, אין די קאָזאַקן־געגנטן, האָט מען צוגעבראַכט צו דער באַן עסנוואַרג צו פאַרקויפן. די מיליץ יאָגט אַוועק די הענדלער. אָבער די פלינקע קינדער־סוחרים, כיטרעווען זיי איבער. אָט פאָרן מיר שוין ביי די ברעגן פון שוואַרצן ים. אָט איז די שיינע קור־אָרט־שטאָט סאָטשי, ביי דער גרענעץ פון גרוזיע. דאָס לאַנד פון גרינס און פרוכטן איז פאַרגאָסן מיט זון. אויף יעדן אָפּשטעל פון דער באַן ווערן די וואַגאָנען אַרומגערינגלט מיט פאַרקויפער. די מיליץ איז דאָ גאַנץ פריינדלעך. די וואַגאָנען ווערן פול מיט פויערים, וואָס פירן פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין. מען הערט נאָר רעדן גרוזיניש.

איך בין צופרידן פון מיין אויסוואַל צו פאָרן קיין גרוזיע. אויב איך וועל אַפילו נאָך אַ מאָל אַרעסטירט ווערן, וועט מיין משפחה דאָ בלייבן, און זיי וועלן נישט דאַרפן הונגערן.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# גרוזיע

אַרום 11 בייִנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דער הויפּט־שטאָט, טיפליס. פֿאַר מיין באַפרייִונג האָב איך צוגעזאָגט צו טאָן אַ טובה דעם אַפּטייקער פון שפּיטאָל אין דער קאָלאָנע, אַ גרוזינישער ייִד. פאַרן אַרעסט האָט ער געאַרבעט אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער פאַר־מאַצעווטן־אינדוסטריע אין גרוזיע. ער איז פאַרמשפּט אויף 15 יאָר, אָן רעכט אויף קאָרעספּאָנדענץ. ער האָט מיך געבעטן איבערגעבן זיין שוועסטער אין טיפליס אַ לעבעדיקן גרוס. איך גיי אין דער פרעמדער שטאָט, אין מיטן נאַכט, זוכן דעם אַדרעס. אַז די שוועסטער האָט דערהערט וועגן ברודער, וועלכן זי האָט שוין געהאַלטן פאַר טויט, האָט זי אָנגעהויבן צו חלשן. אַז איך האָב אויסגעדריקט מיין באַגייסטערונג פאַר דער שייִנקייט פון גרוזיע, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ שוואַך אָרט. זיי זענען ביידע, זי און דער מאַן, געווען לערער פון גרוזינישער געשיכטע.

ער האָט מיר אין לאַגער פיל דערציילט פון דער גרוזינישער געשיכטע. שוין אין 7טן יאָרהונדערט פאַר אונדזער צייט־רעכענונג, האָט זיך ביי די ברעגן פון שוואַרצן ים פאַרמירט די ערשטע גרוזינישע מלוכה. אין 3טן יאָרהונדערט איז אין מזרח גרוזיע אַנטשטאַנען דאָס קאַרטעלינסקע קייזערטום, מיט דער הויפּט־שטאָט מצכעטע. אין 1טן יאָרהונדערט האָבן די רוימישע לעגיאָנען פון קייזער פּאָמפּעוס דער־גרייכט גרוזיע. גרוזיע האָט אין 4טן יאָרהונדערט אָנגענומען דעם קריסט־לעכן גלויבן. ביים צעפאַלן פון דער רוימישער אימפּעריע, מיט איר צענטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, באַפרייט זיך מזרח־גרוזיע פון דער ביזאַנטישער הערשאַפט. אין דער צווייטער העלפט פון 5טן י. ה. ווערט די הויפּט־שטאָט פון מצכעטע איבערגעטראָגן קיין טיפליס. אין יאָר 523 ווערט זי פאַרכאַפּט פון פּערסיע. אין 7־טן י. ה. ווערט גאַנץ גרוזיע פאַרנומען און אונטערגעוואָרפן דעם אַראַבישן קאַליף. נאָך הונדערט

יאָר קאַמף, האָט גרוזיע ווידער דערגרייכט איר זעלבשטענדיקייט. דער גרעסטער אויפבלי פון גרוזיע איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון דוד דער 4טער. ער ווערט אויך גערופן דוד דער קלוגער, דער בויער. דער גליקלעכער פעריאָד האָט זיך געצויגן פון 11—12טן י. ה. ביז דער צייט פון דער באַליבטער קייזערין טאַמאַראַ. איר נאָמען איז פאַרבליבן דער פאָפולערסטערביים פאָלק. אַ סך פון גרוזינישע טעכטער טראָגן איר נאָמען. פון טאַמאַראַס פעריאָד האָט אויך געבליט די וויסנשאַפט און פּאָעזיע. פון דעם גאָלדענעם יאָרהונדערט איז פאַרבליבן דער עפּאָס „דער העלד און טיגער" פון דעם גרויסן גרוזינישן פּאָעט שאָטאָ רוסטאַוועלי. דאָס שיין, בליענדיק לאַנד ווערט פאַרפּלייצט פון בלוטיקע אינוואַזיעס, צוערשט פון די מאָנגאָלן, און שפּעטער פון די טערקן און פּערסיער. זיי פירן אַוועק פון גרוזיע הונדערטער טויזנטער איינוווינער. די פאַראייניקטע גרוזינישע מלוכה צעפאַלט זיך צוריק אויף באַזונדערע פירשטנטומס. אין 1783 שליסט דער קאַכעטינסקער קניאַזש אַ פריינד־שאַפט־אָפּמאַך מיטן צאַרישן רוסלאַנד. אין 1801 פאַלט זי פולשטענדיק אַרונטער אונטער איר הערשאַפט, שפּעטער — געשעט עס מיט גאַנץ גרוזיע.

בעת דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין 1917 רייסט זיך גרוזיע אָפּ פון רוסלאַנד און בילדעט אַ זעלבשטענדיקע אומאָפּהענגיקע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישע רעפּובליק. דעם 25טן פעברואַר 1921 ווערט אָבער גרוזיע פאַרנומען פון דער רויטער אַרמיי און צוריק פאַראייניקט צו רוסלאַנד.

דער מאַרש פון דער אויסגעהונגערטער רויטער אַרמיי, באַזונדערס פון די דאָנער און קובאַנער קאָזאַקן, אויפן זאַטן גרוזיע איז געשילדערט געוואָרן דורכן רוסישן שרייבער סעראַפימאָוויטש אין זיין בוך „זשעלעזני פּאָטאָק" — „דער אייזערנער שטראָם". דאָ איז פּראַקטיש רעאַליזירט געוואָרן די טעאָריע פון טראָצקין, צו ברענגען די סאָוויעטישע הערשאַפט אויף באַגנעטן. אמת, אַז לעניך האָט דאַן באַשולדיקט דעם גרוזינישן באָלשעוויק אָרדזשעניקידזע, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן מיליטערישן מאַרש, אַז ער האָט געהאַנדלט אין גייסט פון גרויס־רוסישן שאָוויניזם, מיט זיינע ברוטאַלע האַנדלונגען. אָבער דער גאַנצער אינוואַזיע־פּלאַן גופא, האָט דאָך אַלס אַזעלכער, צו נישט געמאַכט דעם פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג־רעכט פון די פעלקער.

נאָר 17 פּראָצענט פון לאַנד איז פּאַסיק פאַר אַגראַר־ווירטשאַפט. עס איז אָבער אַ געבענטשט לאַנד מיט אירע נאַטירלעכע רייכקייטן,

מיט אירע קור־ערטער און מיט די העכער 60 טויזנט העקטאַר טיי־פּלאַנטאַציעס. גרוזיע גיט רוסלאַנד 95 פּראָצענט פון איר טיי־געברויך. אין גרוזיע זענען דאָ העכער 10 טויזנט העקטאַר אָראַנזשן־פּלאַנטאַציעס און 125 טויזנט העקטאַר פּרוכט־ביימער.

פון די גאָר עלטסטע צייטן האָט מען זיך דאָ פאַרנומען מיט פּלאַנטאַציעס פון ווייַנטרויבן און וויין־פּראָדוקציע. מער ווי 500 סאָרטן פאַרשיידענע ווייַנטרויבן וואַקסן דאָ אויף העכער 106 טויזנט העקטאַר. אין רייכסטן ראַיאָן פון גרוזיע, אין קאַכעטאַ, ווערט פּראָדוצירט אַ פערטל פון אַלע וויינען אין ראַטנפאַרבאַנד.

דאָ געפינט זיך מיין נייער לעבנס וווינאָרט.

שוין אין ערשטן פרימאָרגן פון מיין אָנקומען, בין איך געזעסן אין וואַרט־צימער פון דער ראַיאָנער נ.ק.וו.ד. אין שטעטל גורדזשאַני. באַלד נאָכן אַריינבליקן אין מיין אויסגעפילטער אַנקעטע, האָט מען מיר שוין געדראָט מיט נייע 10 יאָר. אויף דער פראַגע, צי איך בין געווען געריכטלעך פאַרמשפּט, האָב איך געענטפערט, אַז — ניין.

— וואָס — געוואַלדעוועט ער — ווילסטו איינרעדן, אַז ביי דער סאָוויעטישער מאַכט איז דאָ אַזאַ הפקרות? מען זיצט אָפּ 10 יאָר אָן אַ משפּט? דאָס איז דאָך „יאַוונע״, בפירושע קאָנטררעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע...

איך האָב זיך קוים אַרויסגעדרייט. און אפשר האָט גאָר געהאָלפן דערין מיין ענטפער, אַז כ׳בין אַ שניידער, אַ פאַכמאַן? דעם זעלבן טאָג בין איך שוין געזעסן ביי דעם דראָער אין ווווינונג און געאַרבעט שניידעריי.

שפּעטער בין איך אָנגעקומען אַרבעטן אין קאָאָפּעראַטיוו פון די שטעטלדיקע בעלי־מלאכות. מיר אַרבעטן אויף שטיק, אָבער דער מאַקסימום, וואָס מיר קענען אויסאַרבעטן, איז 350 רובל אַ חודש. די מערהייט פון אונדז אַרבעט אויס נישט מער ווי 200—250 רובל. נאָר די נאָרמע ברויט באַקומט מען, מיט גענוג שוועריקייט, לויט די רעגירונגס־פרייזן. אַנדערע פּראָדוקטן קען מען באַקומען אויפן שוואַרצן, אָדער אויפן קאָלכאָזנעם מאַרק. אָבער דאָ גילט דער קאַפּיטאַליסטישער, באַוווּסטער געזעץ פון אָנבאָט און נאָכפראַגע, וואָס באַשטימט דעם פּרייז פון פּראָדוקט. נאָר אַזוי ווי די נאָכפראַגע איז גרעסער פון אָנבאָט, זענען במילא די פרייזן הויכע. אַזוי איז נישט נאָר געווען אין 1948, ווען

ס'האָבן נאָך עקזיסטירט די קאַרטן אויף די נאָרמירטע פּראָדוקטן, נאָר אויך ביז צו מיין אָפּפאָרן, אין ענדע 1957, ווען אין די צענטראַלע שטעט איז שוין געווען אַ פרייער פאַרקויף פון פּראָדוקטן. בעת אין מאָסקווע, קיעוו, לענינגראַד און טיפליס האָט געקאָסט אַ ליטער מילך עפּעס מער ווי אַ רובל, האָבן מיר געצאָלט 3 רובל. אַ קילאָ רינדערן פלייש מיט די ביינער האָט אין די גרויסע שטעט געקאָסט — 12—14 רובל, איז ביי אונדז דער פּרייז געווען 30—35 רובל. דאַקעגן די לוינען אין די גרויסע שטעט, באַזונדערס אין מאָסקווע און לענינגראַד, זענען פאַר דער זעלבער אַרבעט געווען פיל העכערע.

די אָרטיקע, איינגעבוירענע גרוזינער, האָבן פּילפּאַכיק בעסער געלעבט, ווי אין אַנדערע אַגראַר־ווירטשאַפטלעכע ראַיאָנען. אַלע זענען געווען פאַרבונדן מיט האַנדל, אַפילו לויטן אַלגעמיינעם קאָלכאָזנעם געזעץ, וואָס האָט געגעבן דעם קאָלכאָזניק די רעכט צו באַאַרבעטן פאַר זיך אַ געוויסע טייל פון אַ העקטאַר. בעת דער רוסישער, אָדער אוקראַי־נישער פּויער האָט אויף דעם פּאַרזייט קאַרטאָפל, אָדער אַן אַנדער גרינצייג, מיט וואָס ער האָט קוים געקענט באַשפּייזן זיין משפחה און אין בעסטן פאַל אויסהאָדעווען אַ חזיר, האָט דער גרוזין אויף דעם זעלבן שטיקל ערד געהאַט אַ פּלאַנטאַציע פון וויינטרויבן, וואָס האָט אים געגעבן אַ גרויסן איינקונפט. אויסער דעם, איז די אַלגעמיינע קאָלעקטיוויזאַציע אַדורכגעפירט געוואָרן אין גרוזיע שפּעטער, און נישט אַזוי ברוטאַל־אכזריותדיק ווי אין אַנדערע ערטער.

זיי זענען דאָ נאַציאָנאַל־סאָלידאַריש און באַטראַכטן די מלוכה־געזעצן ווי רוסיש און באַמיִען זיך ווי מעגלעך, אַז זיי זאָלן נישט שעדיקן די אייגענע גרוזינער. די, וואָס זענען געווען רייך פאַר דער קאָלעקטיוויזאַציע, זענען געבליבן אויך רייך נאָך איר. זעלטן ווער עס האָט פאַרמאָגט נאָר דאָס נעבעכדיקע שטיקל ערד, וואָס עס מעג באַאַרבעטן אַ קאָלכאָזניק. מ'האָט פאַרשריבן באַדן אויפן נאָמען פון פאָטער און פון ברודער, וואָס לעבט שוין נישט. אַזוי אַז פיל באַזיצן פאַקטיש זאָגאַר עטלעכע העקטאַרן. אין קאָלכאָז מוז ער אָפּאַרבעטן דעם מינימום פון אַרבעטס־טאָג, אַזוי ווי דער אַמאָליקער לייב־אייגענער פּויער האָט עס געמוזט טאָן אויף פּריצי־שער ערד. אין פיל פאַלן דינגט מען פרעמדע אַרבעטס־הענט אויף טאָג־לוין, אויך די קאָלכאָזן אַליין טוען עס. די פרייע אַרבעטס־קראַפט געפינט מען אין די שטעטלעך אין ראַיאָן. דאָס זענען רוסן, אַרמענער, פיל געוועזענע לאַגערניקעס, אָדער אַנטלאָפענע פון זייערע דערפער צוליבן

הונגער, ווען מ'האָט מיט געוואָלט אַדורכגעפירט די קאָלעקטיוויזאַציע. זיי אַרבעטן אין ציגל־זאַוואָד, ווו מען מאַכט דעם ווייַן,ביים גרוזעווען און אויסלאָדן סחורהס אויפֿן וואָקזאַל, און ביי אַלע אַנדערע שווערע, שוואַרצע אַרבעטן. זיי ווינען אין שמוציקע כאַטעס, ווי אין הינער־שטייגן. דעם קוואַרטאַל ווו זיי האָבן געוווינט האָט מען גערופֿן אַבאַסינע.

דער גרויסער פּאַרטיי־ און מלוכה־אַפּאַראַט, צוזאַמען מיטן אַלמעכטיקן ערשטן סעקרעטאַר, און אַלע פירער פון ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ראַיאָן, שטאַמען פון רייכערן פויער־טום און פאַרמאָגן ווייַנטרויבן־פּלאַנטאַציעס. אויסער זייערע גרעסערע לוינען, אָפּיציעלע און אומאָפיציעלע, האָבן זיי אויך גרויסע איינקונפטן פון דעם באָדן, וואָס זיי באַאַרבעטן נישט. זיי האָבן פּריוואַטע, צוויי־שטאָקיקע הייזער. אין אַמעריקע און אין מערב־אייראָפּע קענען עס, וואָס אַן אמת, פיל אַרבעטער דערגרייכן, אָבער ביי דער גרויסער דיפע־רענצירונג פון לוין און נידעריקן לעבנס־ניוואָ פון רוסישן אַרבעטס־מענטש, בילדן זיי די פּאָקטישע שטעטלדיקע בורזשואַזיע. זיי רעדן אין נאָמען פון אַרבעטער און פויערטום. זיי זאָגן מוסר, פאַר וואָס מען אַרבעט נישט גענוג גיך. זיי יאָגן צו אויסצופירן די פּלענער. מיט דער הילף פון דעם עקזיסטירנדיקן געזעץ פון ירושה־רעכט, פאַרזיכערן זיי אַפילו פאַר זייערע קינדער אַ פּריווילעגירטע פּאָזיציע.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף מיין משפחה. מיין פרוי האָט אַריינקומענדיק, אַנגעוויזן מיין קינד: „אָט דאָס איז דיין טאַטע". עס האָט לאַנג געדויערט, ביז צווישן מיר און מיין 11־יאָריקן זון האָט זיך אַנטוויקלט דער צוטרוי און די וואַרעמקייט ווי צווישן פאָטער און זון.

דער חודש פון זייער קומען איז אין קאָכעטע געווען דער שענסטער, פרייִלעכסטער און זעטיקסטער און גאָר באַזונדערס אין שטעטל גורדזשאַני. די זון ברענט נישט, נאָר אַ ליבלעכע, פרישע וואַרעמקייט גלעט. זי שפּיגלט זיך אָפּ אין די הויכע בערג מיטן אייביקן שניי. די ווייַנטרויבן זענען שוין אַראָפּגענומען. אין די אַמבאַרן קוועטשט מען דעם נייעם, שמעקנדיקן ווייַן. אַלע באַלקאָנען זענען באַהאָנגען מיט צווייגעלעך, געדיכט באַזעצט מיט ווייַנטרויבן, פול מיט זאַפט. דאָס טריקנט מען זיי, כדי אין די ווינטער־חדשים צו עסן מיט ברויט. די פרויען גרייטן דעם אָרטיקן געשמאַקן מאכל „טשאַטשכעלעס", פון פרישן אויפגעקאָכטן ווייַן, מיט יאָדערן פון ניס, פאַרקנאָטן אין מעל. זיי טריקענען עס ווי קליינע ווורשטלעך, צו עסן ביז

דער קומענדיקער גערעטעניש. פאַר נאַכט מאַכן די פרויען פלעצלעך, ווי אונדזערע מצות, וואָס זיי קלעפּן און באַקן אויף די ווענטלעך פון קיילעכדיקן אויוון.

מיינע אויסגעבענקטע געסט האָבן אין וועג צו מיר 7 מעת־לעת זיך געוואַלגערט אויפן קיעווער וואָקזאַל. מיט געוויין און געבעטן, האָבן זיי קוים באַקומען צו קויפן אַ בילעט. דאָס ביסל ברויט האָבן זיי אויפן קיעווער וואָקזאַל געהאַט אויפגעגעסן, און דעם גאַנצן וועג אַהער האָבן זיי געהאַט נישט מער ווי עטלעכע קאַרטאָפל. אַריינקומענדיק אין מיין אַרעם צימערל, האָבן זיי דערזען ווי אויף דער סטעליע הענגען וויינטרויבן און אויפן טישל — שוואַרץ ברויט.

— עסט, קינדער! — האָב איך געזאָגט, פאַרשטיקט מיט טרערן.

דאָס יאַטל קוקט אויף דער מאַמען. ער איז נישט דרייסט צו נעמען ביי דעם פרעמדן „דיאַדיאַ“, וואָס זאָגט אַז ער איז זיין טאַטע.

פאַרן צימער, מער ענלעך צו אַ סוכה, האָב איך באַצאָלט כמעט 80 פּראָצענט פון מיין חודש־לוין. פאַקטיש האָב איך געלעבט דערפון, וואָס נאָכן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אין קאָאָפּעראַטיוו, האָב איך צוגעאַרבעט. קיין אַרבעט האָט נישט געפעלט. מיר זענען געווען נאָר זעקס שניידער, אויף אַ באַפעלקערונג פון שטעטל מיט די דערפער אַרום, צוזאַמען ביי 15 טויזנט נפשות, אויסער אַ רוסישער פּולק סאָלדאַטן, וואָס האָט דאָ סטאַנציאָנירט. פאַר גרויסע „באַלעבאַטים“ האָט מען אין דער ערשטער ריי געמוזט נייען אין קאָאָפּעראַטיוו. די מיטעלע און קלענערע, האָבן געמוזט אָנקומען צו אונדז, מיר זאָלן אַרבעטן פאַר זיי נאָך די אַרבעטס־שעהען. אָפיציעל איז עס געווען פאַרבאָטן. עס׳ דראָט דערפאַר אַ שטראָף פון 3 ביז 5 יאָר לאַגער. אָבער דאָס לעבן צווינגט, מ׳זאָל זיך נישט מאַכן זען, און דערביי שטענדיק האָבן אַ בייטש אויפן בעל־מלאכה.

אויב דער שניידער האָט נאָר פאַרקויפט זיינע אַרבעטס־הענט, זענען אָבער די שוסטערס געווען געצוווּנגען אויך צו פאַרקויפן זייער סחורה, און פאַר דעם האָט געדראָט די געפאַר צו באַקומען 10 יאָר לאַגער. בעת דער קאַמפּאַניע, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן שפּעקולאַציע, אין כרושטשאָווס פּעריאָד, האָט עס אַפילו געשמעקט מיט געפאַר פון טויט. קיין איין סענטימעטער לעדער איז נישט פאַרקויפט געוואָרן אויפן פרייען מאַרק. און צענדליקער טויזנטער שוסטערס האָבן געאַרבעט, נאָך זייער אָפיציעלן אַרבעט־טאָג, און אַפילו בעת דער אַרבעט אין קאָאָפּע־

ראַטיוו, מיט געגנבעטע לעדער. און אַז אַ פּרוי פון אַ נאַטשאַלניק פון ב.ק.וו.ד., צי פון ערשטן סעקרעטאַר, נייט זיך מאָדערנע שיך ביים שוסטער, ווייסט מען גאַנץ גוט פון וואַנען די לעדער שטאַמט. אַז מיינע חברים פלעגן פאַרן קיין טיפליס קויפן לעדער, האָבן זיי זיך געזעגנט מיט זייערע פרויען.

אַן אַ ניי־מאַשין, בין איך געווען געצוווּנגען צו אַרבעטן ביי אַ חבר פון קאָאָפּעראַטיוו. איך האָב אָפּגעריסן פון מויל, צו קענען קויפן אַן אַלטע ניי־מאַשין. אָבער אין דעם טאָג, ווען איך האָב זיך געגרייט אַהיים נעמען די מאַשין, איז פּונקט דאָס געלט אַנולירט געוואָרן, און דער ווערט פון דריי חדשים לוין איז געוואָרן בלאָטע. די אַרבעטער און פויערים האָבן מיט אַ מאָל פאַרלוירן זייערע, מיט שווייס פאַרהאָרעוועטע, פאַר רובל. דאַקעגן די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, האָבן פשוט אָנגעראַבעוועט און זיך פאַרזאָרגט מיט רייכטימער. די בענק האָבן געגעבן דריי טעג די ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס זיי זאָלן אַריינטראָגן אַלע זייערע חובות און רעגולירן זייערע רעכענונגען. אַזוי האָט דער דירעקטאָר פון אונדזער קאָאָפּעראַטיוו אַריינגעטראָגן דאָס געלט אויף אַלע באַשטעלונגען פון די ווערקשטאַטן מער ווי אויף דריי חדשים אַרבעט. נישט האָבנדיק אַזוי פיל אייגן געלט, האָט ער געקויפט, און אַנשטאָט 10 פאַר 100, האָט ער געצאָלט 20 פאַר 100. אַחוץ אַנדערע פינאַנציעלע קאָמבינאַציעס.

פאַרן זומער־סעזאָן פון יאָר 1948 האָט אונדזער קאָאָפּעראַטיוו געהאַט אַן אויסטויש־אָפּמאַך מיט די לענינגראַדער האַנדלס־אָרגאַניזאַציעס. מיר האָבן באַדאַרפט שיקן אַהין וויינטרויבן, און זיי האָבן אונדז געשיקט דראָט און ווייסע לעניוואָי לייוונט אויף זומער־אַנצוגן. ביים סוף פון סעזאָן הייסט מיך דער דירעקטאָר אונטערשרייבן אַן אַקט, וואָס אין זיין סך־הכל באַקומט זיך, אַז מיר האָבן פאַרנוצט מיט 1 מעטער און 20 סענטימעטער שטאָף מער אויף יעדן אַנצוג, ווי אין דער ווירקלעכקייט. איך זאָג זיך אָפּ דאָס צו טאָן און דערקלער אים:

— איך בין געזעסן אין בורזשואַזע טורמעס פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, פאַר „קאָנטער־רעוואָלוציע". אין רוסלאַנד, אָבער, פאַר גנבה וויל איך נישט זיצן.

דראָט ער מיר, אַז אויב איך וועל נישט אונטערשרייבן, וועל איך קיין 24 שעה נישט בלייבן אין שטעטל.

אין עטלעכע טעג אַרום רופט ער מיך אַריין אין זיין קאַבינעט און

רעדט מיר איין מיט גוטן, אַז איך דאַרף נישט האָבן קיין מורא. קיינער וועט נישט קומען קאָנטראָלירן. ער איז אַ מיטגליד פון פּלענום פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. אַלע היגע „גרויסע" זענען זיינע חברים. ווער פאַרשטייט דען, וויפל סחורה מען דאַרף אויף אַזאַ לייוונט־קאָסטיום? אויף מיין פראַגע: „אויב ס'וועט קומען אַ קאָנטראָל פון טיפליס, וועט דאָך דער צושניידער זיין שולדיק פאַר פאַרטאַכלעוון 220 מעטער סחורה, ווי וועל איך עס דערקלערן? ווו, זאָגט ער, זאָל איך נעמען? דעם 1טן, 2טן און 3טן פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָסטו געזייט?

— יאָ, זיי האָבן דאָך אָבער נישט געצאָלט. דער פּראָקוראָר מיט זיין פּאַרטרעטער, דער נאַטשאַלניק פון נ. ק. וו. ד., נאַטשאַלניק פון מיליץ, פאָרזיצער פון ראַי. אויספיר־קאָמיטעט, רעדאַקטאָר פון דער ראַיאָן־צייטונג... זיי האָבן דאָך נישט באַצאָלט...

אַז איך האָב זיך ענדגילטיק אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן, האָט ער צוזאַמען מיטן נאַטשאַלניק פון דער פינאַנץ־אָפּטיילונג, נאָך אין דער זעלבער נאַכט געמאַכט ביי מיר אַ רעוויזיע און געפונען עטלעכע שטיקלעך אָנגעהויבענע אַרבעט, צווישן דעם אויך אַ מונדיר פון פּולקאָווניק פון דער מיליטערישער פּריזיוו־קאָמיסיע. זיי האָבן מיך גענומען שאַנטאַזשירן, אַז זיי וועלן עס איבערגעבן צו דער פּראָקוראָטור, און פון 3 ביז 5 יאָר איז דערפאַר געזיכערט. איך קלער אויף וואָס דער דירעקטאָר פאַרלאַנגט פון מיר. אָבער שריי חי וקים. איצט בין איך באַשולדיקט, ווייל כ'האָב דאָך נישט קיין רעכט צו אַרבעטן אין שטוב. די שניידער־מאַשין האָב איך געמוזט באַהאַלטן ביי אַ קליענט.

דער פּולקאָווניק, וואָס איז דירעקט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר טיפליס, האָט געדראָט, אַז אויב מען וועט זיין שניידער, וואָס ער האָט מאָביליזירט ווי אַ סאָלדאַט, ער זאָל נייען פאַר די מיטאַרבעטער פון זיין ביוראָ, טאָן אַן עוולה, וועט ער זיך אַליין פאַרנעמען און אַליין אויפקלערן, וואָס זיי מאַכן דאָ בשותפות מיטן פאָרזיצער פון קאָאָפּעראַטיוו. מיט צרות און מאַטערנישן איז דער ענין אָפּגעווישט געוואָרן.

נאָך עטלעכע יאָר אַרבעטן אין שטעטל, קען מיך שוין קינד און קייט. פאַר אַ 10 „באַלעבאַטים" קומט אויס צו נייען אומזיסט. ביי דער נ. ק. וו. ד. בין איך בכלל אַ הויף־שניידער. דאַרפן זיי פאַרהאַנגען, איבערציען דאָס מעבל, אָדער די געזעסן אין די אויטאָ־מאַשינען, — אַלץ דאַרף איך קענען מאַכן — אומבאַצאָלט. איך אַרבעט ביז 12 — 1 אין דער נאַכט. אמת, איך דאַרף זיך נישט היטן; אָבער אַז ס'זאָל אַריינפאַלן אַ קאָנטראָלער פון

טיפליס, דאַן קענען די אַרטיקע גאַרנישט העלפן. דערפֿאַר פֿלעג איך דאָס קעפּל פֿון דער מאַשין באַהאַלטן און אַלץ אויפּרוימען.

אָבער — מיין משפחה האָט נישט געהונגערט, און איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז די געזעלשאַפט דאַרף מיך האָבן און אַז מיינע הענט ברענגען נוצן. אויב די גרויסע באַפעלן, קומען די קלענערע בעטן. איך זע זיי גיין אויף דער גאַס. זיי זענען אָנגעטאָן אין מיין אַרבעט, און עס פריייט מיר דאָס האַרץ.

איך האָב אויך אָפּגעקויפט ביי אַן אַרבעטער אַן האַלבן גאָרטן. ער האָט מורא געהאַט, אַז מען וועט עס ביי אים צונעמען, ווייל ער איז געווען גרעסער ווי עס דערלויבט דאָס געזעץ. יעדע משפחה מעג באַזיצן 300 קוואַדראַט מעטער, צוזאַמען מיטן הייזל. אָבער דער באָדן געהערט צו דער מלוכה און מען טאָר אים נישט פאַרקויפן. ס'איז דאַקעגן דערלויבט צו פאַרקויפן אַ שוין אויפגעבויטע כאַטע. האָב איך אויסגעבויט אַ הילצערנע הייזקע און זיך אַהין אַריינגעצויגן.

האָט זיך געפונען אַ „גוטער" שכן און געמסרט. איז געקומען אַ קאָמיסיע און געהייסן זי אַראָפּנעמען אין 24 שעה. האָב איך זיך געטראָפן מיטן פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר די בוי ענינים אין שטאָט־ראָט. מען דאַרף עפּעס צוטראַכטן. דערווייל באַשטעלט ער מיך אויף אַ שמועס אין רעסטאָראַן. ער קומט צוזאַמען מיט נאָך 5 זיינע חברים. מען טרינקט, מען שיכורט, און איך באַצאָל פאַר דעם מער, ווי איך פאַרדין אַ גאַנצן חודש.

אין צוויי וואָכן אַרום רופט ער מיך און זאָגט, אַז ער קען גאָר נישט אויפטאָן. דער ענין געפינט זיך שוין ביים פּאָרזיצער פון שטאָט־ראָט. האָב איך זיך געוואָנדן צום פּאָרזיצער, און ער — ניין און ניין! מען מוז די כאַטע צעוואַרפן. פרעג איך אים: און ווען דער אייגנטימער האַלט דאָרט אַ חזיר?

— מיר — זאָגט ער — וועגדן אָן געזעצן קעגן מענטשן און נישט קעגן חזירים...

— פאַר וואָס נישט פאַר די אינטערעסן פון מענטשן? איך לעב שוין 3 יאָר ביי אייך אין שטאָט. הונדערטער מענטשן טראָגן מיט צופרידנ־קייט מיין אַרבעט. פאַר וואָס בויט איר נישט אויף אַ הויז פאַר פּשוטע אַרבעטס־מענטשן? וואָלט איך געאַרבעט מיט אַ פעדער, אָדער סתם זיך אַרומגעדרייט, וואָלט איך מיר שוין לאַנג געגעבן אַ צימער, אָדער אַ שטיקל ערד, וואָס איר פאַרצעלירט פאַר דער שטאָט.

איך האָב זיך נישט געקענט צונויפרעדן מיט אים, האָב איך זיך געוואָנדן העכער, צום פאָרזיצער פון ראַיאָן אויספּיר־קאָמיטעט. דאָס ערשטע, וואָס ער פרעגט מיר: צי איך האָב דעם סענטימעטער מיט זיך? ער קלינגט גלייך אָן צו זיין פרוי, אַז דער שניידער איז דאָ. נאָך דעם ווי איך האָב אויסגעפירט זיינע באַשטעלונגען, וואָס האָבן מיר געקאָסט, אויסער די אַרבעט, אויך צודאַטן, וואָס מען מוז קויפן אויפן שוואַרצן מאַרק, האָט ער מיר געגעבן אַ קוויטל צום שטאָט־ראַט, אַז ווינטער טאָר מען נישט אַרויסוואַרפן, און קומענדיקן זומער וועט מען דעם ענין נאָך אַ מאָל באַטראַכטן...

אין אַ צייט אַרום רופט מיך דער פאָרזיצער פון שטאָט־ראַט און פרעגט אויך גלייך אויפן סענטימעטער.

— וואָס — זאָגט ער — דאַרף איך זיין דער שלעכטער און ער דער גוטער? אין זיין מאַמען אַריין...

נאָכן אויספירן פאַר אים די אַרבעט, גיט ער מיר אַרויס אַן אָפיציעלן אַקט, אַז אויף דער זיצונג פון שטאָט־סאָוויעט האָט מען, ווי דער שטייגער, איינשטימיק באַשלאָסן וועגן שטיקל ערד און דעם באַראַק.

אין שטעטל איז געווען אַ גרויסער ציגל־זאַוואָד, וואָס האָט פּראָדוצירט דאַכוווקעס. די פּאַרטיקע פּראָדוקציע האָט געדאַרפט צוגעשטעלט ווערן דעם טרעסט, אין טיפליס, 125 קילאָמעטער ווייט פון שטעטל. פאָרמעל האָט עס געהייסן, אַז די פּראָדוקציע איז באַשטימט נאָר פאַר קאָלכאָזן, נאָר אַלע קוויטלעך, וואָס איך האָב געברענגט, אַז נישט נאָר איך, נאָר אַפילו מיין זיידע, איז געווען אַ קאָלכאָזניק, האָבן נישט געהאָלפן, ביז איך האָב באַצאָלט די, וואָס שרייבן אויס און שרייבן אונטער.

אַז איך האָב שוין דעם צעטל, דאַרף מען טראַנספּאָרט, און טראַנס־פּאָרט־מאַשינען געהערן נאָר צו מלוכהשע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטו־ציעס. און אַז זיי זאָלן אַנטקעגן קומען פּריוואַטע מענטשן, אויף דעם דאַרף מען וואַרטן ביז דער קאָמוניזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן. איז דער בעסטער און לייכטסטער וועג צונויפצורעדן זיך מיטן שאָפער. זעגען אָבער אין דער פּאָליציי פאַראַן ספּעציעלע אינספּעקטאָרן, וואָס היטן און קאָנטראָלירן די שאָפערן. און אויב אַ שאָפער שטעלט איין איבערצופירן, דאַרף מען צאָלן.

קומענדיק אין זאַוואָד, דערפרייט זיך מיט מיר דער פאַרוואַלטער פון „זאַוואָדסקי סקלאַד", און הייסט מיר אָנלאָדן וויפל ס'גייט אַרויף. איך דאַרף אָבער נישט מער, ווי איך האָב אויסגעשריבן.

— דו דאַרפסט נישט? — זאָגט ער — אָבער איך דאַרף יאָ. איך האָב איבעריק אויפן סקלאַד; און איך ריכט זיך אויף אַ פרעמדער קאָנטראָל. נעם, ביסט אַן אייגענער מענטש.

אָבער, ווי פאָרט מען אַרויס מיט דער סחורה, ס׳דאַרף דאָך זיין אונטערגעשריבן דורכן עלטסטן אינזשעניר און דירעקטאָר.

לויפט ער מיט מיר אונטערשרייבן, און רימט מיר דערביי ביזן זיבעטן הימל וואָס פאַראַ גוטער שניידער איך בין. דער דירעקטאָר שפאָרט זיך אָבער איין, אַז פאַר אונדזער שטעטל האָט מען שוין אין דעם קוואַרטל אַלץ געליפערט, און אַז דער פאָרזיצער פון ראַיאָנעם סאָוויעט זאָל אונטערשרייבן, אַז די סחורה וועט גיין אויפן חשבון פון קומענדיקן קוואַרטל. איך האָב שוין באַצאָלט דעם שאָפער און ס׳איז שוין אָנגעלאָדן. ער האָט זיך קוים געלאָזט בייגן. אָבער אַן אומזיסט פאַר אים נייען, איז עס נישט אַדורך.

קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

# יידישע בענקשאַפט

אַז מיין משפחה האָט שוין געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַליין, אָן שכנים, און אָן אונטערהערערס, האָב איך שוין געקענט זיך דערלויבן אַ מאָל הערן ראַדיאָ. יעדן ייד האָט פאַראינטריגירט צו הערן עפּעס וועגן ישראל. אין אָוונט האָב איך געאָטעמט דורך די ראַדיאָ־כוואַליעס מיט דער ברייטער יידישער וועלט. איך האָב געהערט דורך „קול ישראל" די אינטערעסאַנטע שמועסן פון גראָס־צימערמאַן. אַממערסטן האָבן זיי פאַר־טויבט די אוידיציעס אין יידיש, אָבער אין אונדזער ראַיאָן, וואָס איז נישט זייער ווייט פון ישראל, האָט זיך עס אַדורכגעריסן. מיר איז איין מאָל געלונגען אויפצוכאַפּן, פּסח־צייט, די ידיעה, אַז דער דיכטער בינם העלער איז געקומען אַלס עולה קיין ישראל. איך האָב עס אינפאָרמירט די געציילטע עטלעכע יידן. אין דער פרי, ווען איך בין אַרויס צו דער אַרבעט, האָט מען מיר שוין אָפּגעוואַרט:

— נו, האָסט עפּעס אויפגעכאַפּט?

איך בין שטאָלץ געווען דערמיט, וואָס אַזאַ גרויס לאַנד ווי דער ראַטנפאַרבאַנד דאַרף זיך שרעקן פאַרן קליינעם ישראל און אָנווענדן טעכנישע מיטלען, צו פאַרטומלען די ראַדיאָ־כוואַליעס, וואָס קומען פון דאָרט. די עטלעכע יידן האָבן אָבער, מורא געהאַט זיך צונויפצוזאַמלען ביי מיר.

דעם ערשטן פּסח, ווען מיין אייגענע שטוב איז שוין געווען פאַרטיק, האָב איך אין דער גרוזינער שול אין טיפליס געקויפט מצות. די עטלעכע יידן אין שטעטל האָבן זיך צונויפגענומען ביי מיר. און ווען איך האָב אויפגעעפנט דאָס צויבער־קעסטל, דעם ראַדיאָ, און מיר האָבן געהערט ווי אַ מיידלשע שטימע האָט פון ישראל געזונגען: הלילה הזה, הלילה הזה, האָבן מיר זיך אַלע אַרומגענומען, זיך געקושט און געוויינט פאַר פרייד. דער מאָטיוו האָט מיך כסדר באַגלייט.

ס'זענען געווען אין אונדזער שטעטל עטלעכע גרוזינער יידן. אויף די יידישע יום־טובים פלעגן זיי פאָרן אַהיים. זיי האָבן געשטאַמט פון סטאַלינס געבורט־שטאָט גאָרע. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז ביי זיי איז פאַראַן אַ יידישע קהילה און אַ שול. לויט דער שפּראַך און לויטן אויסזען, זענען זיי גרוזינער, און דאָך דערקענט מען אין זיי, אַז זיי זענען יידן. זיי פילן זיך אַזוי באַטירלעך אין זייער יידישקייט, אַז ס'איז נישטאָ ביי זיי קיין מינדערווערטיקייט־געפיל, פון וועלן עס אויסבאַהאַלטן. פאַר זיי איז ישראל נאָר — ירושלים. זיי פאַרשטייען נישט, אַז ירושלים איז נאָר אַ שטאָט. לויט זייער פאָרשטעלונג, איז ירושלים גרעסער און שטאַרקער פון רוסלאַנד.

דאָס יאָר פון מיין פאַרלאָזן רוסלאַנד, בעת אַ ישראל־גרופּע איז געווען אויפן יוגנט־ פעסטיוואַל אין מאָסקווע, רופן מיך צוויי גרוזינער יידן אַריין אין אַ קנייפּע, ווו מען טרינקט ווייַן, זיצנדיק אויף פּשוטע פעסער. איך קוק מיך אַרום — און זע אַז אַלע יידן פון שטעטל, זענען דאָ. לויטן גרוזינישן שטייגער, איז אין אַ יום־טובדיקן צונויפקום פאַראַן אַ „טעמאַדאַ", אַ פירער, וואָס פירט טיש. אַז ער הייסט טרינקען, אָדער זינגען, מוזן אַלע פאָלגן. מיר, די עטלעכע אייראָפּעיִשע יידן, ווילן וויסן וואָס דאָ קומט פאָר. אפשר אַ חתונה? דערווייל מוז מען טרינקען. מען טרינקט צו גאַנצע טיי־גלעזער. ווען אַלע זענען שוין האַלב שיכּור, נעמט איינער אַרויס אַ בלאַט פון אַן אילוסטרירטן ישראל־זשורנאַל, יעדער גיט עס אַ קוש, און אַלע צוזאַמען שרייען: „גאַגאַמאַ דזשאָס ירושלים" (זאָל לעבן, מיר באַגריסן ירושלים).

אַ גרוזינישער ייד, וואָס האָט באַגלייט אַ וויין־טראַנספּאָרט קיין מאָסקווע, האָט זיך געריטמט, אַז ער האָט דעם זשורנאַל געקויפט און באַצאָלט פאַר אים 100 רובל.

אויף אָפיציעלע פאַרזאַמלונגען שווייגט מען, אָדער מען איז געצווונגען צו באַשמוצן ישראל. בעת דער סיני־אַקציע איז פאָרגעקומען אַ מיטינג. נישט פרעגנדיק אַפילו ביי מיר, צי איך וויל רעדן, האָט מען מיך אויסגע־רופן, און איך בין געווען געצווונגען נאָכצופּלאַפּלען די אָפיציעלע ליניע פון „פּראַוודאַ". די צוהערער גלייבן סיי־ווי נישט קיין איין וואָרט און פאַרשטייען, אַז אַנדערש קען מען נישט רעדן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך באַזוכט אַ היימלאָזן ייד אין שפּיטאָל. זאָגט צו מיר דער הויפּט־כירורג:

— זאָרגט נישט, ישראל וועט זיי איבערלעבן. זיי צווינגען אַ מענטש

ער זאָל אויף זיך אַליין שפּייען. דו ביסט דאָ אַ פרעמדער. מיר האָבן דען נישט דאָס זעלבע געטאָן? זיי האָבן צוגענומען אונדזער זעלבשטענדיקייט, און געבייט, אַז מיר זאָלן זיי נאָך דאַנקען דערפאַר...

אין שטעטל איז פאָרגעקומען אַן אַרעסט פון אַ גרופּע געזונטע יונגעלייט, צווישן זיי — אויך אַ גרוזינישער ייד, אַ היטלמאַכער. ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט מיר אין שניידער־ווערקשטאַט. האָט מען פאַר־שפּרייט אַ קלאַנג, אַז ביי אים געפינען זיך אַ סך טויזנטער רובלס און געגנבעטע סחורות. מען האָט ביי אים אין ווערקשטאַט קאָנפיסקירט 20 היטלען. דאָס אַלץ איז שפּעטער צעשמירט געוואָרן אין דער אָרטיקער פּרעסע. מיר האָבן פעסטגעשטעלט, אַז די היטלען זענען פון אַלטע סחורה. ער פלעגט קויפן אַלט אָנטועכץ און פון דעם אויסשניידן היטלען, אָדער ניצעווען היטלען אויף דער צווייטער זייט. דערביי האָט מען שוין אויך געמאַכט אַן אונטערזוכונג אין שניידער־ווערקשטאַט און געפונען עטלעכע שטיקלעך סחורה, אָן באַשטעלונגען.

איך בין אויך אַרעסטירט געוואָרן. דעם אַרעסט האָט אויסגעפירט דער לייטער פון דער טיפליסער פּאָליציי, פון רעסאָרט פון קאַמף קעגן באַנדיטיזם. ער האָט געהייסן דורכפירן אַ רעוויזיע ביי מיר אין הויז, און אָנגעזאָגט מען זאָל גוט זוכן, ווייל ביי די יידן איז דאָ גאָלד. אָבער אויסער 2 באַשטעלונגען האָט מען מער גאָרנישט געפונען. דאָס וואָלט שוין גענוג געווען איך זאָל פאַרלירן די פרייהייט אויף פיל יאָרן, נאָר צו מיין גליק זענען די סחורות און באַשטעלונגען געווען פון די גרויסע „באַלעבאַטים", דעם אָרטיקן פּראָקוראָרס, פון דעם נאַטשאַלניק פון דער באַן־נ.ק.וו.ד. און פון דעם צווייטן סעקרעטאַר פון ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. אין די מערסטע פאַלן פלעגן זיי נישט באַצאָלן פאַר דער אַרבעט. דאָס איז געווען מיין גליק. דער פּראָקוראָר האָט צוליב דעם נישט אונטערגעשריבן דעם באַפעל פון מיין אַרעסט און דאָס האָט מיך געראַטעוועט.

די אַנדערע אַרעסטירטע האָבן געהאַט אַ בלוטיקע אויספאָרשונג אין טיפליס. דעם היטלמאַכער האָט מען פון דער אויספאָרשונג געפירט אין משוגעים־הויז. זיי האָבן זיך, ווי געוויינלעך, מודה געווען אין נישט־באַגאַנגענע פאַרברעכנס, און באַקומען שווערע אורטיילן. די קאַסירשע פון רעסטאָראַן אויפן וואָקזאַל, וואָס האָט געהאָלפן דער פּאָליציי אויפדעקן די „באַנדיטן", האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג און אַ פּרעמיע פון 10 טויזנט רובל.

בעת מען האָט ליקווידירט בעריאַן, האָט מען אויך אַרעסטירט זיין גאַנצע משפחה. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען יענער לייטער פון דער טיפליסער פּאָליציי. ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי אויך איבערגעקוקט דעם גורדזשאַנסקי ענין און אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון די עלטערן, וואָס זייערע זין זענען אומשולדיק פאַרמשפּט געוואָרן, האָט מען זיי אַלע באַפרייט. נאָך דעם איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס קעגן דער קאַסירשע. זי האָט באַקומען 10 יאָר. ס'האָט זיך אָבער שפּעטער אויפגעקלערט, אַז אין ראַיאָן זענען ווירקלעך פאָרגעקומען באַנדיטישע אָנפאַלן. נאָך אַנשטאָט צו זוכן די באַנדיטן, האָט דער פּאָליציי־לייטער זיך געוואָנדן צו דער קאַסירשע, זי זאָל אָנגעבן נעמען פון געזונטע חברה־לייט, וואָס קומען טרינקען אין רעסטאָראַן. בעתן פּראָצעס איז אויסגערעכנט געוואָרן וואָס די פּאָליציי האָט אַלץ געפונען ביי די „באַנדיטן" — ביז די קלענסטע אייניצלהייטן און דאָס אַלץ איז געווען אויסגעזויגן פון פינגער.

איין מאָל האָט מען אַרעסטירט אַ זייגערמאַכער. ער האָט געקויפט ביים פּאַרוואַלטער פון אַ בעקעריי מעל. עמעצער האָט אונטערגעטראָגן. ביי דער אויספאָרשונג האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער האָט געקויפט. די אויספאָרשער, וואָס זענען שוין געווען אונטערגעשמירט פון דעם בעקעריי־פּאַרוואַלטער, זאָגן צו אים:

— ביסט אַ העלד פון דער מלחמה, האָסט פאַרענדיקט אַ שולע, ביסט גענוג באַוווסטזיניק צו וויסן, אַז די בעקעריי איז נישט זיין אייגנטום און ער האָט נישט קיין רעכט צו פאַרקויפן מעל. איך וועל אַרעסטירן דעם פאַרקויפער און מאַכן אייך אַ פּראָצעס אַלס אָרגאַניזירטע גרופּע פון סאַבאָטאַזשניקעס. איר וועט אַלע באַקומען צו 10 יאָר. אויב דו וועסט אָבער זאָגן, אַז דו האָסט געגנבעט, וועסטו באַקומען נאָר 3 יאָר.

ער האָט מסכים געווען. זיין פאָטער, אַ פּשוטער, ערלעכער קאָלכאָזניק, וואָס האָט געגנבעט, אַז ער האָט געקויפט און נישט געגנבעט, האָט איבערגעריסן דעם זונס דערקלערונג און אויסגעשריגן:

— ס'איז אַ ליגן! ער האָט נישט געגנבעט!

און ער האָט זיך געוואָרפן שלאָגן דעם זון, שרייענדיק:

— איך וויל בעסער אַ טויטן זון, איידער אַ זון אַ גנב...

ווי אַ דונער האָט יעדן ייד געטראָפן די מיטטיילונג וועגן דער „פאַר־שווערונג" פון די יידישע דאָקטוירים אין מאָסקווע. ס'איז געווען דער ערשטער פאַל אין דער בלוטיקער טראַר־געשיכטע אין ראַטנפאַרבאַנד

אַזוי צוגרייטן פסיכאָלאָגיש אַנטי־יידישע פּאַרפּאָלגונגען. אַפילו די ליק־ווידאַציע פון דער יידישער קולטור, מיט אירע שעפער אין די 30קער יאָרן, ביזן לעצטן טויט־קלאַפּ, איז אַדורכגעפירט געוואָרן שטיל, אין פינצטערע נעכט.

דער פּראָפּאַגאַנדע־סם האָט זיך אַפילו אויסגעווירקט אין אַזאַ פאַר־וואָרפן שטעטל, העכער 3 טויזנט קילאָמעטער פון מאָסקווע, אין אַ באַפעל־קערונג, וואָס איז געשטימט אַנטי־רוסיש, באַציט זיך מיט אומצוטרוי צו דער אָפיציעלער אַגיטאַציע און איז נישט פאַרסמט מיט אַנטיסעמיטישן גיפט. מען האָט מיר באַגעגנט אין יענעם פרימאָרגן:

— האָסט כאָטש געהערט וואָס דיינע האָבן אָפּגעטאָן?...

אין דער ריי ביים קיאָסק צו באַקומען די מאָסקווער פּרעסע האָט זיך געטאָן חושך, גלייך ווי מען וואָלט געטיילט מעל, אָדער צוקער. מען לייענט גרופּענווייז און מען קאָמענטירט. איך גיי פון איין קרענצל צום צווייטן און קלער אויף:

— וואָסער שייכות האָבן מיר, פּשוטע יידן, צו די גרויסע מאָסקווער דאָקטוירים? צי האָבן זיי זיך געטיילט מיט אונדז, ווען זיי האָבן באַקומען די גרויסע קרעמלאָווסקע פּייקעס?

ס׳איז אַרעסטירט געוואָרן מיינער אַ חבר, אַ ייד, אַן אינוואַליד אָן אַ האַנט. ער האָט געאַרבעט אין אַ בופעט. ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ער האָט אַריינגעלייגט גלאָז אין די „בולאָטשקעס״, וואָס ער האָט פאַרקויפט. ער האָט דאָך זיי זיכער נישט געבאַקן. נאָר ווער זוכט לאָגיק? פון טיפליס דערגייען פינצטערע ידיעות וועגן אַרויסוואַרפן יידן פון אַנפירנדיקע פּאָסטנס, אַפילו אין פאַבריקן און פון האַנדלס־אָרגאַניזאַציעס. עס קומען פאַר טראַגעדיעס ביי געמישטע פּאָרלעך און שרעקלעכע סצענעס מיט יידישע באָבעס, און אייניקלעך, וואָס האַלטן זיך פאַר רוסן.

עס שלאָפט זיך נישט רויק. ביי יעדן שאָרך דאַכט זיך, אַז מען קומט שוין נעמען. איך האָב ביי מיר פאַרברענט מיינע עטלעכע יידישע ביכער. מיר האָט באַזונדערס זייער ווייי געטאָן די פּרעכטיקע יובל־אויסגאַבע פאַר שלמה מיכאָעלס. אַ שכן גיט מיר איבער אַ פינצטערע בשורה: — מען נעמט צונויף אַלע יידן. איך לויף מיט היינטערוועגן צו דער באַן־ליניע. אַ לאַנגער עשאַלאָן שטייט דאָרט אויף דער ליניע טעלאַווע־טיפליס, אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און באַגלייט פון קובאַנער קאָזאַקן. פון שטעטל זענען צונויפגענומען געוואָרן אַ 20 משפחות, פרויען, קינדער, נישט נאָר יידן; אייניקע האָבן געשטאַמט פון איראַן, טערקיי, אויך

אַרמענער. צווישן זיי 3 יידישע פאַמיליעס, וואָס זייערע עלטערן זענען שוין געבוירן אין גרוזיע.

דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק, ווו איך האָב געאַרבעט, האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, אַז איך האָב אים באַגנבעט. פון די פּאָר הויזן, וואָס איך האָב פאַר אים אויפגענייט, האָט באַדאַרפט איבערבלייבן אַ שטיקל סחורה אויף אַ היטל. ער באַפאַלט מיר מיט זידלערייען:

— מיר קענען אייך שוין איצט! מיר ווייסן שוין אויף וואָס איר זענט פעיק.

מיר צעטרענען די הויזן אין דער אָנוועזנהייט פון פּאַרטיי־סעקרעטאַר, מען לייגט אַלץ אויס אויפן טיש, און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ס'האָט קיין איין סענטימעטער נישט געפעלט. ער וויל אָבער בלייבן דער גערעכטער. בין איך געלאָפן צום פּראָקוראָר, וועלכער איז מיינער אַ קליענט. מיין פרוי מיטן יינגל האָבן געלעבט אין גרויס שרעק.

דער טויט פון סטאַלינען האָט ביי פיל נאַיווע, אומוויסנדיקע מענטשן אַרויסגערופן אויפריכטיקע טרערן, אָבער ביי אַלע געוועזענע לאַגער־ניקעס — אַ שרעק, ס'זאָל זיך נישט איבערחזרן דאָס זעלבע, וואָס ס'איז געשען נאָך לעבנס טויט: מאַסיווע אַרעסטן און צעשיסונגען. אין גרוזיע האָט סטאַלינס טויט אַרויסגערופן צאָרן און אומצופרידנקייט, ווייל ס'איז נישט באַשטימט געוואָרן אַלס נאָכפאָלגער זייער לאַנדסמאַן, בעריאַ. ער איז דאָ געווען מער פּאָפּולער און באַליבט, ווי סטאַלין אַליין.

ביי סטאַלינס לעבן האָבן פיל גרוזינער אָפּגעלייקנט זיין אָפּשטאַם פון גרוזינישן פאָלק, און אים געהאַלטן פאַר אַן אַסימילאַטאָר. בעריאַ האָט, ביזן איבערנעמען יעזשאָווס אָרט, לאַנגע יאָרן געאַרבעט אין גרוזיע. ער האָט דאָ אויך געהאַט אַ פאַרצווייגטע משפּחה. פון מאָסקווע האָט ער אויסגענוצט זיין אַמט פאַר פּריווילעגיעס פאַר זיין לאַנד. מיט זיין נאָמען זענען געווען פאַרבונדן אַלע גרויסע אונטערנעמונגען אין גרוזיע, באַזונ־דערס דער גרויסער מעטאַלורגישער צענטער אין רוסטאַווועלי, געבויט אין אַ וויסטן סטעפּ, וואָס איז אַמאָל געווען אַ בליענדיקע שטאָט און איז פאַרוויסט געוואָרן דורך די מאָנגאָלן אין 13טן י. ה.

אָבער גראָד נאָכן 20סטן קאָנגרעס איז סטאַלין דאָ געוואָרן דער סינאָנים פון גרוזינישן נאַציאָנאַליזם. ווען אין אַלע טיילן פון ראַטנפאַר־באַנד האָבן זיך שוין געוואַלגערט די ברוכשטיקער פון זיינע אומצאָליקע דענקמעלער און ווען מיליאָנען פּאָרטרעטן זיינע זענען פאַרברענט

געוואָרן, איז דאָ ביי סטאַלינס דענקמאָל יעדן טאָג געלייגט געוואָרן פרישע בערג מיט בלומען. די לאָקאָמאָטיוון און אויטאָ־מאַשינען זענען געווען באַצירט מיט זיין בילד, מיטן בילד פון זיין מוטער, אין נאַציאָנאַלער גרוזינישער קליידונג, און פון זיין זון, אַלס קאָמאַנדיר פון דער אַוויאַציע, מיט דער טאָכטער סוועטלאַנאַ. דאָס איז שוין נישט געווען סטאַלין, דער באָלשעוויק, נאָר סטאַלין דער גרוזין!

אין גאַנץ גרוזיע האָט מען נישט געקענט צוזאַמענרופן קיין פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, אָפּצוגעבן אַ באַריכט פון 20סטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, ווי סטאַלין איז דעמאַסקירט געוואָרן דורך כרושטשאָוון. דאָס גאַנצע פאָלק, פון קאָלכאָזניק, ביזן פּאַרטיי־פירער, אַפילו די מיליץ און נ. ק. וו. ד., אַלע זענען געווען אייניק אין זייער האָס צו די רוסן. דאָס אַרונטעררייסן סטאַלינען, דאָס דערשיסן בעריאַן, איז געווען פאַר זיי אַן אַקט קעגן גרוזינישן פאָלק. דער איינציקער גרוזינישער נאַציאָנאַלער פולק, וואָס האָט סטאַנציאָנירט אין קוטאַאיס, איז פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן.

דער אָנוווקס פון צאָרן האָט אויסגעבראָכן צום יאָרצייט נאָך סטאַלינס טויט, וואָס די פּאַרטיי און מלוכה־אָנפירערשאַפט האָט אין גאַנצן געוואָלט פאַרשווייגן. אין טיפליס האָבן אַלע אוניווערסיטעטן, די סטודענטן און פּראָפעסאָרן, פאַרשטרייקט. די איבעריקע לערן־אַנשטאַלטן און די פאַבריקן האָבן זיך מיט זיי סאָלידאַריזירט. די רוסן, וואָס האָבן נישט געוואָלט מיטשטרייקן, זענען געצווונגען געוואָרן דערצו. איבער די גאַסן זענען געגאַנגען דעמאָנסטראַציעס מיט חוזק־בילדער פון כרושטשאָוו און מיקאָיאַן, מיט אַ קוקורודזע און אַ קאַרטאָפל אין מויל. 24 שעה האָט זיך געצויגן דער מיטינג ביי סטאַלינס דענקמאָל. זיי האָבן אַפילו געהאַט פאַרכאַפּט דעם ערשטן סעקרעטאַר פון גרוזינישן צענטראַל־קאָמיטעט און אים געצווונגען ער זאָל אַרויסטרעטן אויפן מיטינג. זיי האָבן געוואָרפן לאָזונגען לכבוד מאַאָ טסע טונג און טשו דע, וואָס זענען דאַן געווען צו גאַסט אין טיפליס. ביי דער צענטראַלער טעלעגראַפן־סטאַציע האָט דאָס רוסישע מיליטער געשאָסן מיט מאַשין־געווער אין דער געדיכט־פאַרזאַמלטער מאַסע, דער עיקר פון סטודענטן און שול־יוגנט. די צאָל טויטע, פאַרוווּנדעטע און אַרעסטירטע, איז פאַרבליבן אַ סוד.

מיין זון האָט דאַן געלערנט אין טיפליס, איז מיין פרוי ספּעציעל געפאָרן דערוויסן זיך וועגן זיין גורל. ס'איז שוין דאַן געווען דער דריטער טאָג פון אויסנאַם־צושטאַנד אין שטאָט.

דעם 5טן טאָג נאָך דער בלוט־באָד אין טיפליס, האָט מאָסקווע דער־

ליבט אָפּצומערקן אין גרוזיע סטאַלינס יאָרצייט. ביי אונדז אין שטעטל זענען ביי זיין דענקמאָל געשטאַנען גרויסע פּעסער וויין, און מען האָט געטרונקען פאַר זיין אָנדענק, ווי אַ רעליגיעזער ריטואַל. ביי מיר אין ווערקשטאַט האָט דער פּאַרטיי־פאַראַנטוואָרטלעכער געהאַט צו מיר טענות, פאַר וואָס איך נעם נישט קיין אָנטייל אין זייער סטאַלין־משוגעת. ער האָט מיר געטאַדלט, אַז איך בין אַ כרושטשאָוויסט. זייערע נאַציאָנאַלע טענות זענען מיר געווען פאַרשטענדלעך און נאָענט צום האַרצן; גרוזיע איז אַן אַלט פאָלק, מיט אַן עלטערער קולטור, ווי די רוסישע, קלענערע פעלקער פון גרוזיע זענען זעלבשטענדיק און באַשטימען אַליין זייערע יום־טובים און טרויער־טעג.

איך האָב אין יענער צייט באַוווּנדערט כרושטשאָווס קוראַזש, און אים שטיל אין זיך געדאַנקט, וואָס ער האָט אַראָפּגעריסן די פאַלשע מאַסקע פון מערדער סטאַלין. איך האָב געהאָפט און געוואָלט גלייבן אין אַ ווענדונג. ... עס איז באַנייונג.

נאָך 7 יאָר, בין איך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפאָרן פון שטעטל, אויף וואַקאַציע ביים ים. נאָך 2 טעג פון מיין זיין דאָרט, ווער איך גערופן צום שעף פון דער מיליץ. ער גיט מיר 24 שעה צו פאַרלאָזן די שטאָט. איך ווייז אים אַלע מיינע דאָקומענטן, אַז איך בין אַ סטאַכאַנאָ־וויעץ, אַז איך בין געקומען נאָר אויף 10 טעג און אַז די נ.ק.וו.ד. פון מיין שטעטל האָט עס מיר דערלויבט.

— דאָס — זאָגט ער — איז דיין גליק, ווען נישט, וואָלסטו שוין געווען אַרעסטירט און לויטן פּאַספּאָרטן־געזעץ וואָלסטו דערפאַר באַקומען מינימום 3 יאָר. איך גלייב אין דיין אָרנטלעכקייט, נאָר דאָס, וואָס איז מיט דער פּעדער פאַרשריבן, קען מען נישט מיט קיין האַק אויסהאַקן. אויב ס׳זאָל צופעליק קומען אַ רעוויזיע, און מ׳וועט זען, אַז איך האָב דערלויבט אַ מענטש מיט אַזאַ פּאַספּאָרט, וואָס דו האָסט, צו זיין אַפילו נאָר 1 טאָג ביים ים, גיי איך „פּאָד סוד״.

אָבער ווו באַקומט מען צו קויפן אין אַזאַ קורצער צייט אַ בילעט קיין טיפליס? איך ליג אַ קראַנקער אויפן וואָקזאַל און וואַרט אין שרעק, וואָס גיכער אָפּצופאָרן, ווייל עס דראָט מיר אַ געזיכערטער טורמע־אורטייל. ווען נישט אַ פאַרמיטלער (אויף די וואָקזאַלן זענען עס די טרעגער, וואָס נעמען פאַר אַ בילעט 2—3 מאָל מער), וואָלט איך נאָך ווייניקסטנס אַ גאַנצע וואָך צייט געלעגן אויפן וואָקזאַל. איך זיץ אין באַן און עס באַגלייטן מיר און עגבערן ביטערע מחשבות. די בעסטע און

ערלעכסטע פּאָליט.־ביוראָ וועט דאָ גאָרנישט קענען ענדערן. מען דאַרף ענדערן דעם גאַנצן סיסטעם. נישט איין סטאַלין האָבן מיר געהאַט, מיר האָבן נאָך זייער פיל טויזנטער סטאַלינס. וואָלט דאָ עקזיסטירט אַ פרייע, אומאָפּהענגיקע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, מיט רעכט צו שטרייקן קעגן דער פּאָליטישער און ווירטשאַפטלעכער מאַכט, וואָס איז קאָנצענטרירט אין איין האַנט, וואָלט כאָטש ווייניקסטנס געהערשט אַן אינערלעכע פרייע דעמאָקראַטיע אין דער פּאַרטיי, מיט רעכט פון אַ מינדערהייט, מען זאָל נישט דאַרפן ציטערן און מורא האָבן פאַר דעם, וואָס שטייט העכער פון זיך — וואָלט אפשר געוועזן אַן אויסזיכט אויף אַן ענדערונג.

דער גאַנצער סיסטעם איז דאָך אָבער באַזירט אויף קאָרופּציע, חניפה און גנבה. אַלע לעבן אַן אומלעגאַל לעבן. אַלע זענען פּאָטענציעלע אַרעסטירטע. וואָס העכער מען דערגרייכט, אַלץ מער איז מען געזיכערט נישט אַזוי גיך אַריינצופאַלן. יעדער פּאָרזיצער פון אַ קאָלכאָז איז ביי זיך אַ סטאַלין. ווער וועט וואַגן אים צו קריטיקירן? אין זיין האַנט ליגט די עקאָנאָמישע לאַגע און די פרייהייט פון קאָלכאָזניק. אָבער אויך אויף אים אַליין ציטערט די הויט פאַר יעדן אינסטרוקטאָר פון ראַיאָן־קאָמיטעט, פון ראַיאָן־סאָוויעט, פון דער אַגראַר־אָפּטיילונג און פון 1טן, 2טן און 3טן פּאַרטיי־סעקרעטאַר. זיי האָבן דאָך אים באַשטימט אויפן פּאָסטן. וועט ער נישט חנפהנען און נישט געבן קיין פעטע מתנות, מעג ער זיין ווי פעיִק, וועט ער אויף זיין פּאָסטן נישט פאַרבלייבן. דאָס זעלבע איז אין אַלע אַנדערע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

לעצטנס האָב איך געבייט אַ זומער־רעקל פאַר דעם ערשטן סעקרעטאַר. בין איך געגאַנגען אים אָנמעסטן. עס האָט מיר באַגלייט מיין דירעקטאָר. מיר זיצן ביידע אָפּ אַ שעה צייט אין וואַרט־צימער. און ווען די טעכנישע סעקרעטאַרקע מעלדעט אונדז ענדלעך, אַז מיר קענען אַריינגיין, אָטעמען מיר אָפּ. ער זיצט אין אַ ריזן־קאַבינעט ווי פון אַ מיניסטער. אַרום לאַנגן טיש געבעטע שטולן, אַרום די ווענט שענק מיט גלעזערנע טירן, מיט מוסטערן און פאָטאָ־בילדער פון דער פּראָדוקציע פון ראַיאָן. גאָלדענע רוקנס פון ביכער קוקן אַרויס פון די שאַפעס. דער דירעקטאָר, וועלכער איז ביי אונדז אַ דעספּאָט און איז אַ מיטגליד אין פּלענום פון ראַיאָן־קאָמיטעט, בלייבט שטיין מיט אַ חניפהדיק שמייכעלע ביי דער טיר. איך גיי צו אויבן אָן, ווו דער באַלעבאָס זיצט. אויף מיין גוטמאָרגן ענטפערט ער נישט. ער הייבט אַפילו נישט אויף

די אויגן פון בויגן פּאַפּיר. איך זעץ מיך אַוועק און נעם אַ צייטונג אין האַנט. ביים צוריקגיין מאַכט מיר מיין דירעקטאָר אַ סקאַנדאַל:

— ווי אַזוי גייסטו אַריין צום ערשטן סעקרעטאַר?

איך האָב אים באַלד געענטפערט, וואָס פאַרן 20סטן קאָנגרעס וואָלט איך עס נישט געוואַגט:

— איר מוזט זיך חנפהנען צו אים, ווייל צענדליקער מענטשן וואַרטן אויף אייער פּאָסטן. איר זענט אַבסאָלוט אָפּהענגיק אין אים. מיך אָבער קען ער אויס שניידער נישט מאַכן, און קיינער וואַרט נישט אויף מיין אַרבעטס־פּלאַץ. און אויסער דעם, אָט ער, דער ערשטער סעקרעטאַר, ווען ער קומט קיין טיפליס, שטייט ער פּונקט אַזוי איינגעבויגן ביים צ. ק.־פירער, ווי איר פאַר אים, און מיט אים, ווידער, געשעט דאָס זעלבע ווען ער פאָרט קיין מאָסקווע...

אַלע לעבן לויט באַשטימונגען און אינסטרוקציעס פון ערגעץ ווו. אַ פאָרזיצער פון אַ קאָלכאָז דערציילט מיר: מען האָט זיך אין אים אָנגעטשעפּעט ער זאָל נעמען קינסטלעכע מיסט, וואָס איז אָנגעקומען אין ראַיאָן פאַר זיין קאָלכאָז. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז פאַר דער ערד פון זיין קאָלכאָז טויג זי נישט, און זי פאַרברענט די זריעה. האָט מען אים גערופן צום ערשטן סעקרעטאַר, און מ׳האָט שיִער נישט געמאַכט דערפון אַ פּאָליטישן ענין. אין פרייע באַדינגונגען וואָלט אין אַזאַ קליין שטעטל, ווו איך ווױן, אפשר פאָרגעקומען איין משפּט אין מאָנאַט פאַר ווירטשאַפטלעכע גנבות. ביי אונדז אַרבעט אָבער דאָס געריכט אָן אויפהער. מען שפּילט זיך דאָ אויך נישט אַרום מיט קיין אַדוואָקאַטן און עקספּערטן.

אין מיין אָרגאַניזאַציע איז דאָ אַ קליינער ציגל־זאַוואָד. דער טראַנסמיסיע־פּאַס איז געווען אַלט, איבערגעברענט און האָט זיך אַלע מאָל איבערגעריסן. מ׳האָט אים געהאַלטן אין איין פאַרריכטן, און דעם פּלאַן האָט מען נישט געקענט אויספירן. אַ האַלב יאָר צייט איז מען געלאָפן אין טרעסט אין טיפליס מ׳זאָל געבן אַ נייעם פּאַס און ס׳האָט נישט געהאָלפן. האָט דער פאַרוואַלטער געקויפט פאַר קאַסע־געלט אַ פּאַס ביי אַ מאַגאַזינער פון זאַוואָד. יענער איז איין מאָל דורכגעפאַלן און אָנגעוויזן ווען ער האָט דעם פּאַס פאַרקויפט. זיצן זיי ביידע.

און איך אַליין, וויפיל מזל האָב איך געהאַט דעם לעצטן ווינטער כ׳זאָל נישט זיצן פאַר אומדירעקטער גנבה, אָדער שפּעקולאַציע? ביי

ז'עם האָב איך גענומען פאַר אַרבעט, געגנבעט האָלץ, ביי יענעם עטלעכע קילאָ ווייסע מעל, אָדער צוקער. דאָ האָב איך געקויפט ביים פאַרקויפער פון מאַגאַזין 15 מעטער לייוונט, און עס פאַרקויפט צו אַ קליענט. דאָס זעלבע — ביים באַקומען עטלעכע פלעשער מינעראַל־וואַסער, אַפילו אַ רפואה, אָדער אַ בעטל אין שפּיטאָל. ווערסט נישט צאָלן פּריוואַט דעם דאָקטער, וועט קיין מאָל קיין פריי אָרט נישט זיין. דאָס זעלבע געשעט אויך ביים אָנקומען צו הויכער בילדונג. דער פּעריאָד, ווען פּעזיקע קינדער פון אַרבעטער האָבן עס געקענט דערגרייכן, איז שוין לאַנג פאַרביי. לייכט קומען אָן נאָר קינדער פון מעכטיקן אַפּאַראַט. מיין זון האָט פאַרענדיקט „אויסגעצייכנט” די שולע. זיינער אַ חבר האָט דאַקעגן געענדיקט די שולע מיט גרויסע שוועריקייטן, אָבער אין אַ הויך־שולע איז ער אָנגעקומען, ווייל זיין מוטער אַרבעט אַלס טעכנישע סעקרעטאַרקע אין נ. ק. וו. ד. און האָט פאַרבינדונגען. ס'האָט מיר דערציילט אַ שכן, אַ דאָקטער, אַז די 6 עקזאַמענס, וואָס זיין זון האָט געדאַרפט אָפּגעבן אין דער מעדיצינישער הויך־שולע, האָבן אים געקאָסט 6 טויזנט רובל. בילדונג איז כמעט אומזיסט, אָבער אויסהאַלטן דאָס קינד קען זיך קיין אַרבעטער נישט דערלויבן. מיין זון באַקומט אַ סטיפּענדיע, ווייל ער לערנט זיך גוט. אָבער כדי ער זאָל קענען יעדן טאָג עסן — נישט, חלילה, קיין פלייש — מוז איך אים שיקן מער ווי מיין חודש־לוין אין מלוכה־וואַרשטאַט באַטרעפט.



# ВОЕННЫЙ ТРИБУНАЛ КИЕВСКОГО ВОЕННОГО ОКРУГА

„21“ апреля 1956 г. № 271/0-56 г. Киев, Артема 59.

При ответе ссылайтесь на наш № и дату

## СПРАВКА

Дело по обвинению гр-на ЗАЛЬЦМАН Моисея Гершковича, 1909 года рождения пересмотрено военным трибуналом Киевского военного округа 17 апреля 1956 года.

Постановление Особого Совещания при НКВД СССР от 14 ноября 1937 года в отношении ЗАЛЬЦМАНА Моисея Гершковича отменено и дело о нем в уголовном порядке прекращено за отсутствием состава преступления.

ЗАМ.ПРЕДСЕДАТЕЛЯ ВТ КВО
ПОЛКОВНИК ЮСТИЦИИ / ЗАХАРЧЕНКО /

קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# רעהאַביליטאַציע

כ׳בין געלעגן גאַנצע נעכט און געטראַכט, צי זאָל איך שיקן אַ ביטע מען זאָל רעווידירן די פאַלשע באַשולדיקונג קעגן מיר אין 1937. אפשר איז גאָר בעסער נישט צו רירן דעם ענין? איך האָב ענדלעך באַשלאָסן און געשיקט די ביטע. לאַנגע חדשים האָב איך געוואַרט אויף אַן ענטפער און זיך דערוואַרט. די נ.ק.וו.ד. רופט מיך, דווקא אין זייערע הייסע אַרבעטס־שעהן, אין מיטן דער נאַכט, און מען גיט מיר איבער דעם דאָקומענט, אַז דעם 17טן אַפּריל 1956 איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון מיליטערישן טריבונאַל, וווּ מען האָט איבערגעקוקט מיין באַשולדיקונג פון 1937. זיי האָבן געפונען, אַז איך האָב נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן און איך ווער רעהאַביליטירט. 10 יאָר האָב איך געדאַרפט אָפּזיצן אין לאַגער און 9 יאָר אויך אין צוואַנגס־וווינאָרט. וויפל אַנדערע הונדערטער טויזנטער און אפשר מיליאָנען, זענען אין דעם וועג אומגעקומען, און קענען מער דאָס גליקלעכע קוויטל נישט באַקומען? איך באַקום די רעכט צו פאַרבייטן מיין געלן פּאַס מיטן קין־צייכן. איך בין אויסער זיך פאַר פרייד. אָבער אין אַן אויפריכטיקן שמועס, מיטן זעלבן אינספּעקטאָר ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, זאָגט ער מיר, אַז פאַר דער נ.ק.וו.ד. איז עס אַלץ איינס, מיט דער רעהאַביליטאַציע, אָדער אָן רעהאַביליטאַציע. אויב אַ מענטש איז נאָר געוועזן איין מאָל געפּראָשט אין נ.ק.וו.ד., מעג ער זיך אַפילו צלמען, אַז ער איז אַ ליבהאָבער פון דעם סיסטעם, ווייסן מיר, אַז ס׳איז נאָר היפּאָקריזיע.

אַלס קאָמפּענסאַציע פאַר די 10 יאָר אַרבעט אין לאַגער, באַקום איך אויסגעצאָלט אַרבעט־לוין פאַר צוויי חדשים פון דער קיעווער שניידער־פאַבריק. פאַר דער „סומע" האָב איך געקויפט צוויי ליילעכער. איך ווער גערופן צום ערשטן סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי און ער זאָגט מיר, אַז איך דאַרף ווידער ווערן אָנגעשלאָסן אַלס מיטגליד אין דער

פּאַרטיי. ער שיקט מיך צו דער צענטראַלער קאָנטראָל־קאָמיסיע ביים גרוזינישן צ. ק. אין טיפליס. די דאָזיקע קאָנטראָל־קאָמיסיע איז אייגנט־לעך אויך אַ מין אויספאָרשונגס־אינסטאַנץ, מיט אַ צענדליק קאַבינעטן. מיר זענען געווען אַ 30 מענטשן אין גרויסן וואַרט־זאַל. אַלע ווירט־שאַפטלעכע טוער פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך אין עפּעס פאַרשולדיקט. אַלע וואַרטן אויף דער דעציזיע און ציטערן. עס שטייט אין קאָן זייער מאַטעריעלע און פּאָליטישע פּאָזיציע. ווערט מען חלילה אָן דאָס פּרנסה־ביכל, איז ביטער. אויב מען שיקט דעם ענין גלייך פון דאַנען אין געריכט, דאַרף מען זיך שוין געזעגענען מיט דער פרייהייט. איך בין דער איינציקער, וואָס זיצט דאָ אַ מונטערער. דאָס אָבסערווירן אָט די אַלע אָנגעפּרעסטע לייט, אַמוזירט מיר זאָגאַר. זיי האָבן זיך זיכער צופיל פאַרגעסן, און נישט דורכגעקומען מיט זייערע רעוויזאָרן. זיי אינטערעסירן זיך זייער איינער מיטן צווייטן. מען גיט זיך עצות. הערנדיק פון מיר, אַז איך בין אַ פּשוטער שניידער, וווּנדערן זיי זיך, וואָס איך טו דאָ בכלל.

ס'איז דאָ אין דעם פיל אמת. אַן אַרבעטער מיט דער פּאַרטיי פאַרט זיך נישט. אַ פּאַרטיי־חבר קען זיך אַפילו קיין אָרט נישט געפינען צווישן אַרבעטער, ווייל מען קוקט אויף אים ווי אויף אַן אונטערלעקער, אַ מסור. די פּאַרטיי־לייט באַשטייען פון אַ שיכט פּריווילעגירטע, גרעסערע, אָדער קלענערע עקספּלואַטאַטאָרן און אונטערדריקער. טאָמער וועל איך נישט קענען געווּנג שמירן און חנפענען, וועל איך גיך אַריינפאַלן. דער אויספאָרשער קוקט איבער די פּאַפּירן אין מיין טעקע און עצהט מיר, איך זאָל ווערן אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, דערפאַר, ווייל איך בין איבערגעפּירט געוואָרן דורך דער קאָמאינטערן־קאָמיסיע אין וו. ק. פּ. ב. א. פּונקט אַ חודש פאַרן אַרעסט, און כ'האָב נאָך נישט געהאַט באַקומען דאָס ביכל. איך בין נישט מסכים און דערקלער, אַז איך האָב זיך געוואָנדן צו דער פּוילישער פּאַרטיי. אויב מען וועט מיר אָנערקענען דעם אַלטן פּאַרטיי־סטאַזש, וועלן זיי מסכים זיין אויף מיין רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן.

בעת איך האָב אַרויפגעבערענגט צום שעף פון נ. ק. וו. ד. דעם דאָקו־מענט פון דער אָפּטיילונג פון דער פּאַרטיי־געשיכטע ביים פּוילישן צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס באַשטעטיקט, אַז איך בין אַן אַלטער רעוואָ־לוציאָנער און אַז איך בין געקומען קיין ראַטנפאַרבאַנד אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט און איך האָב רעכט אויף רעפּאַטריאַציע, איז גראָד ביי אים

אין קאַבינעט געזעסן דער רעדאַקטאָר פון דער ראַיאָנער צייטונג. האָבן זיי זיךביידע געוווּנדערט און נישט געקענט באַגרייפן:

— וואָס הייסט, ביסט געווען אַן אַרבעטער און אַ רעוואָלוציאָנער ?...

אויף אַזוי ווייט איז געווען דער געדאַנקענגאַנג פאַרקריפּלט ביי די מיטעלע „אַפּאַראַטטשיקעס" אין באַצוג צו אַרבעטער, וואָס האָבן געמאַכט די רעוואָלוציע. איצט געניסן זיי פון אירע פרוכטן און קוקן אויפן אַרבעטס־מענטש מיט ביטול.

איך האָב דערהאַלטן אַ מיטטיילונג פון מיין שוואָגער פון פּאַריז, אַז ער קומט מיט אַ טוריסטן־רייזע אין מיין שטעטל. מען האָט אים אָבער נישט דערלויבט אַהער צו קומען. ער פאָרט דורך מאָסקווע, טיפליס און וועט זיין אין יערעוואַן, די הויפּט־שטאָט פון אַרמעניע. האָב איך באַשלאָסן, אַז ס'איז בעסער פאַר מיין זיכערקייט, איך זאָל פאָרן קיין מאָסקווע און דאָרט זיך מיט אים זען, און באַלד צוריק פאָרן, כדי זיך נישט צו פיל וואַרפן אין די אויגן פון מ.ג.ב., די לייט, וועלכע היטן אַלע אויסלענדישע טוריסטן. און מיין פרוי זאָל זיך טרעפן מיט אים אין יערעוואַן.

מיינע מאָסקווער חברים האָבן מיר געראָטן איך זאָל באַלד צוריק פאָרן און זיך מיט אים נישט זען, ווייל ס'קען זיין אַ שטערונג צו באַקומען די דערלויבעניש אויף דער רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן.

נאָך דער נאָמען פון נ.ק.וו.ד. האָט זיך געענדערט אויף מ.ג.ב. אָבער דער תוך איז דער זעלבער, און ס'איז אויך געבליבן דער זעלבער אַפּאַראַט. וועגן אינטערנאַציאָנאַלן פעסטיוואַל, דערציילט מיר מיין חבר גוטערמאַן, אַז צו יעדן אויסלענדער, וואָס קומט, ווערט צוגעטיילט אַ מענטש, וואָס היט אים. צו דער דאָזיקער „אַרבעט" האָבן זיי מאָביליזירט אַלע סטודענטן, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך זיין זון. פאָרמעל הייסט עס, כדי צו באַדינען די געסט. זיי דאַרפן אָבער דעם פאַראַנט־וואָרטלעכן באַריכטן אַלץ וועגן דעם גאַסט, גאָר באַזונדערס — מיט וועמען ער טרעפט זיך פון סאָוויעטישע בירגער. ער דערציילט מיר אויך וועגן אַ שווערער איבערלעבעניש פון זיינעם אַ שכן. די איינציקע טאָכטער זייערע, אַ שיין מיידל, אַ סטודענטקע, האָט זיך באַקענט מיט אַ פאָרשטייער פון אַן אויסלענדישער האַנדלס־פירמע. די מ.ג.ב. האָט דאָס מיידל גערופן און איר באַפוילן זיך זייער דערנענטערן צום אויס־לענדער אין די אינטערעסן פון דער מאַכט. דאָס יונגע מיידל האָט איבער־

געריסן דאָס לערנען אין מאָסקווע און איז אָפּגעפאָרן קיין טיפליס, כדי זיך אַרויסצודרייען פון דער פאַרברעכערישער אויפגאַבע. אַפילו ביים פוילישן קאָנסולאַט, אַ קאָמוניסטישע פריינדלעכע מדינה, ווערט יעדער אַריינגייער אָבסערווירט און קאָנטראָלירט.

עקאָנאָמיש לעבט זיך אין מאָסקווע פיל בעסער ווי אין דער פּראָווינץ. פּראָדוקטן, ווי צוקער, מעל, פּוטער, גריפּן, ברויט, וואָס די פּראָווינץ וואַרט דערויף פון יום־טוב צו יום־טוב באַקומט מען דאָ גענוג. די מאָסקווער האָבן אָבער נישט קיין רעכט צו שיקן מיט דער פּאָסט אַ ביסל פּראָדוקטן פאַר זייערע קרובים אין דער פּראָווינץ.

8 מעת־לעתן האָב איך זיך געשלעפּט אויף די באַנען קיין מאָסקווע און צוריק און זיך מיטן שוואָגער נישט געזען. איך האָב אים אַזוי שטאַרק געוואָלט זען! אָבער ריזיקירן מיטן אַרויספאָרן פון „גן־עדן" האָב איך נישט געטאָרט. דעם וועג צוריק בין איך געפאָרן אין איין קופּע מיט אַ גרופּע לענינגראַדער יידישע סטודענטן. זיי זענען געפאָרן אויף פּראַקטיק. זיי האָבן געזונגען און האַרציק פריילעך געלאַכט. איך האָב מיט זיי געשמועסט וועגן די צוויי ביכער וואָס זענען דאַן געווען שטאַרק אין דער מאָדע, ביידע פון יידישע שרייבער — קאָזאַקעוויטש און ערענבורג. ערענבורגס בוך איז באַלד אַרויסגענומען געוואָרן פון פאַרקויף. דאָס איז געווען דאָס בוך „אָטיעפּעל" (אויפטייונג). איך האָב צו זיי געזאָגט, אַז ווען ערענבורג רוקט נישט אַרויס אין בוך דעם יידישן מאָמענט, די טראַגעדיע פון די יידישע דאָקטוירים, כאָטש ס'איז געווען אין איינקלאַנג מיט די באַשלוסן פון 20סטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וואָלט ער פאַר דעם בוך באַקומען די לענין־פּרעמיע. אַזוי ווי אין זיין בוך „דער 9־טער וואַל", איז ער געווען דער איינציקער שרייבער אין ראַטנ־פאַרבאַנד, וועלכער האָט באַרירט די אַנטיסעמיטישע שטימונג אין קיעוו באַלד נאָך דער מלחמה. מען האָט דאַן כרושטשאָוון פאַרביטן מיט קאַגאַנאָוויטשן, ער זאָל קעמפן קעגן אַנטיסעמיטישן כוליגאַניזם. ער האָט דאָך דאַן שיער נישט באַצאָלט מיטן קאָפּ פאַר דעם בוך. עמנואל קאָזאַקעוויטש האָט באַקומען אַ פּרייז פאַר זיין בוך, ווייל ער האָט אין אים דערהויבן די ראָלע פון די זיכערקייט־אָרגאַנען ביים באַהערשן דעם כאַאָס און איינפירן אָרדענונג אין קאָמוניסטישן טייל פון דייטשלאַנד. אין דער זעלבער צייט האָט די נ.ק.וו.ד. אומגעבראַכט זיין פאָטער אין ביראָבידזשאַן.

איך האָב די חברה אַריינגעצויגן אין אַ לאַנגן שמועס וועגן יידישע

פּראָבלעמען. זיי האָבן מיך געבעטן כ׳זאָל זיי אָנווייזן וואָס צו לייענען וועגן יידישער געשיכטע. דאָס איינציקע, וואָס כ׳האָב זיי געקענט רעקאָמענדירן, וואָס איז נאָך אפשר דאָ אַ מעגלעכקייט צו געפינען, איז געווען פויכטוואַנגערס „יידישע מלחמה". אין די ביבליאָטעקן פון די גרויסע שטעט האָט מען עס נאָך געקענט באַקומען.

מיין שוואָגער האָט מיך אַרויסגערופן דורכן טעלעפאָן אין יערעוואַן, מיטן געשריי: „איר זענט דאָ אַלע קראַנק פון פּחד!" ער וויל נישט פאַרשטיין, אַז מען בריט זיך אויף הייסן, בלאָזט מען אויף קאַלטן. באין ברירה פאָר איך צו אים. אין וועג האָב איך געזען ווי די גרענעץ־ב. ק. וו. ד. האָט אַראָפּגענומען פון באַן דאָרפישע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געדאַרפט האָבן פּאַפּירלעך, ספּעציעלע דערלויבענישן, פון קאָלכאָז־פאָרזיצער.

„מיר ווילן אָנקוקן אונדזער הויפּט־שטאָט" — האָבן זיי זיך געבעטן.

„מיר וועלן אייך ווייזן אייער ,סטאַליצע׳"... — האָבן זיי געלאַכט.

דער גאַנצער וועג פון דער גרוזינישער גרענעץ ביז יערעוואַן ציט זיך צווישן שטיינער־בערג. זעלטן זעט מען דאָ אַ גרינע לאַנדשאַפט, ווי אין גרוזיע. אפשר דעריבער שטראָמען אַזוי פיל אַרמענער קיין גרוזיע.

די גרוזינער זענען זייער צוגעבונדן צו זייער לאַנד און זיי פירן אַ קאַמף קעגן דער רוסישער אַסימילאַציע און פאַר זעלבסטדערהאַלטונג פון זייער נאַציע. געמישטע חתונות, דער עיקר מיט רוסן, זעט מען ביי די גרוזינער גאַנץ זעלטן, כאָטש זיי זענען אויך פּראַוואָסלאַוונע.

אין וועג פרעגט מיך איינער: „קארטאלי"? (אַ גרוזין?). ניין, זאָג איך, איך ווין נאָר דאָרט. „אַלץ איינס וועלן דיינע קינדער ווערן גרוזינער" — זאָגן זיי מיט שטאָלץ.

און ס׳איז טאַקע אמת, אַנדערע פעלקערשאַפטן אַסימילירן זיך צו זיי, באַזונדערס אַרמענער. פאַר גרוזינער, וואָס פאַרענדיקן הויך־שולן איז עס אַ טראַגעדיע, אַז מען שיקט זיי אַרבעטן קיין רוסלאַנד. זיי זענען גרייט צו אַרבעטן אויף אַ האַלבן, אָדער אַפילו אַ פערטל לוין, אַבי צו פאַרבלייבן אין דער היים — אין גרוזיע. איך האָב זיי מקנא געווען. איך האָב ביי זיי געזען אַ משפּחה־צוזאַמענקום פון דריי־פיר דורות.

אין צענטער פון דער שטאָט יערעוואַן, ווו ס׳געפינט זיך דער „אינטוריסט"־האָטעל, זענען אַלע הייזער פון ווייס־געשניטענע שטיינער.

די שטאָט איז נישט ווייט פון דער טערקישער גרענעץ. אויך די אַרמענער זענען דאָ רויקערע און אינטעליגענטערע, ווי די, וואָס איך קען אין גרוזיע.

די גאַנצע גרופּע אויסלענדער, זענען אַרמענער פון פּאַריז, אויסער מיין שוואָגער פּנחס דייטש. זיי האָבן דאָ גאַנצע משפּחות, אָבער מען דערלויבט זיי נישט צו נעכטיקן אויסערן האָטעל. אַלע טוריסטן זענען לעבעדיק און לוסטיק, מיט אויפגעהויבענע קעפּ. דאַקעגן די משפּחות, וואָס זענען געקומען זיי באַגעגענען, דרייען זיך אַרום נידערגעשלאָגענע. באַזונדערס זענען דערשלאָגן די אַרמענער, וואָס האָבן זיך פרייוויליק רעפּאַטריאירט פון פראַנקרייך. די אילוזיעס זענען ביי זיי שנעל צערונען געוואָרן. איינע אַזאַ רעפּאַטריאירטע, וואָס אַרבעט אין אַ שניידער־פאַבריק, ווענדט זיך צו מיין שוואָגער, און בעט ביי אים עפּעס אַ סימבאָל פון שיינעם, גליקלעכן פראַנקרייך.

מיין שוואָגער, מיט אַ צענדליק יאָר עלטער פון מיר, גייט אויף דער גאַס מיט אַזוי פיל זיכערקייט. און איך מיט זיין שוועסטער גייען מיט מיט אים ווי שאָטנס. מיר קוקן זיך אַרום, צי ווערן מיר נישט באַמערקט פון עמעצן? מיין שוואָגער ווערט נתפּעל פון יעדער קליי־ניקייט: „אַך, ווי שיין איז די מאָסקווער מעטראָ... דאָס טעאַטער איז פול מיט באַזוכער"... דאָס, וואָס הינטער דער פאַרשווענדערישקייט, מאַרמאָר־פּלאַטן, ליגט, שווייס און בלוט פון הונדערטער טויזנטער לאַגערניקעס, זעט ער נישט. פאַר איין נאַכט איבערנעכטיקן אין זיין האָטעל, צאָלט ער מער ווי עס באַטרעפט דער לוין פון מיינע גאַנצע פיר אַרבעטס־טעג. ער האָט טענות, הלמאי אַלע זענען דאָ קראַנק פון פּחד. ער שעפּט זיינע ידיעות פון דער קאָמוניסטישער פּרעסע אין פּאַריז. ער דערציילט מיר, אַז אַ פּאַריזער פאַמיליע האָט אים מיטגעגעבן מתנות פאַר מיין חבר משה גוטערמאַן. פון מאָסקווער האָטעל האָט ער אים געגעבן צו וויסן ער זאָל זיי קומען אָפּנעמען. דערויף באַקומט ער אַ טעלעגראַמע, אַז ער וויל נישט די מתנות און וויל אויך נישט ער זאָל אים קומען באַזוכן. ער איז דווקא יאָ געפאָרן אים אָפּגעבן די מתנות. און גוטערמאַן האָט דערפון געהאַט פיל צרות און שרעק. ער איז צוליב דעם גערופן געוואָרן אין דער מ.ג.ב.

וואָכן און חדשים האָט גוטערמאַן שפּעטער געוואַרט, הונדערטער מאָל האָט ער אינטערווענירט אין רעפּאַטריאַציע־קאָמיטעט ביז ער האָט ענדלעך מיט צרות קוים באַקומען די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן.

קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

# מיין אַלטע היים טרייבט מיך אַרויס

אין פוילישן קאָנסולאַט אין מאָסקווע, ביים דערליידיקן די פאָרמאַ־ליטעטן פון רעפּאַטריאַציע, האָט מען מיר איבערגעגעבן אַן אַדרעס פון אַ מאָסקווער, וואָס האָט געבעטן מען זאָל צו אים שיקן די אָפּשטאַמיקע פון זאַמאָשטש. דאָס איז געווען דער חבר ישראל וואַפּניאַרסקי. ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין זאַמאָשטש אין 1922. מען האָט אים נאָר וואָס געהאָט רעהאַביליטירט, נאָך 10 יאָר לאַגער. ער איז פאַרבליבן אַן אינוואַליד. ער איז אַ צייט געווען אין לאַגער צוזאַמען מיטן פאָרשטייער פון דער פּאַלעסטינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, בערגער. דער לעצטער איז דאַן שוין געווען צוריק אין וואַרשע, און צו אים האָט ער מיר מיטגעגעבן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו. זיין שיין־איינגעאָרדנטע דירה אין צענטער פון מאָסקווע, איז מיר אין ערשטן אויגנבליק געווען אויפפאַלנ־דיק, בעת אַנדערע האָבן נאָר באַקומען אַ 2־חדשימדיקן לוין פאַר 10 יאָר לאַגער. ער האָט שוין אַפילו באַוויזן צו זיין אין פוילן אַלס טוריסט. און זאָגאָר באַקומען די ערן־בירגערשאַפט פון זאַמאָשטש. ער זעט אָבער נישט פאַר זיך דאָרט קיין אָרט. ער אַרבעט אין פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל פון דער געזעלשאַפט „פריינדשאַפט פון רוסלאַנד און פוילן״. ס׳איז אים גראַד גוט צו לעבן לייכט, אין שאָטן פון אָט דעם רעזשים, אין וועלכן זיין ברודער איז דערשאָסן געוואָרן, און ווו אַזוי פיל זאַמאָשטשער חברים זענען אומגעקומען. אָט איז אַ צוויי־פּנימדיקייט און פאַרקויפטע מענטשלעכקייט. ער קושט און לויבט דעם שטיוול, וואָס האָט אים געטראָטן, פאַרן פרייז פון אַ קליינער קאַריערע. ער באַהאַלט און פאַרענטפערט דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס איז געווען און וואָס איז פאַרבליבן. געשטאַמט האָט ער פון אַ פאַרמעגלעכער, האַלב־אַסימילירטער היים. ער איז געקומען צו אונדז אַרעמע יידישע אַרבעטער־יוגנט און

באַרייכערט אונדזער פאַנטאַזיע מיטן דערהויבענעם אידעאַל פון יושר — איצט האָט ער מיר אויסגעזען ווי אַ קליין, פּחדנותדיק מענטשעלע.

דער רעפּאַטריאַציע־פּונקט אין וואַרשע האָט זיך געפונען אין אַ פאַר־שטאָט, אין אַ פּאַלאַצל, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו אַ יידישן אייגנ־טימער. אין אַ קליינער אָפּגעזונדערטער געביידע זענען נאָך געווען צייכנס פון אַ בית־מדרש. איצט איז דאָ געווען אַ פּאַרטיי־שולע, וואָס האָט זיך צייטווייליק פאַרוואַנדלט אין אַ פּונקט, ווו אַלטע קאָמוניסטן, געוועזענע פּאָליטישע עמיגראַנטן אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן זיך אויפגע־האַלטן, דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק צו בלייבן לעבן און רעהאַביליטירט צו ווערן. זיי האָבן זיך דאָ צייטווייליק געפונען, ביזן באַקומען אַ וווינונג. די אַדמיניסטראַציע אויפצונעמען די רעפּאַטריאירטע, ווי אויך דער צ.ק. פון דער פּאַרטיי, האָבן זיך געפונען אין אַ נישט באַקוועמער לאַגע, ווייל אַ נישט־ייד האָט מען געדאַרפט זוכן צווישן אונדז אויף אַ רפואה. מיר האָבן דערמיט ווירקלעך אָפּגע־שפּיגלט דעם פאַר־מלחמהדיקן נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל פון דער פּאַרטיי ק.פּ.פּ.

אַ גרויסער טייל פון אונדז, באַזונדערס די, וואָס זענען געווען טעטיק אין פּוילישן סעקטאָר, זענען גלייך, אויסערלעך, געוואָרן הונדערט־פּראָצענטיקע פּאָליאַקן. זיי האָבן געענדערט זייערע פאַמיליע־נעמען. נאָר עטלעכע משפחות זענען געווען פאַרבונדן מיט יידישער אַרבעט, און זיי האָבן זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט — אין יידישן טעאַטער, אין יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט א.ד.גל. כמעט אַלע פון זיי געפינען זיך שוין היינט אין ישראל.

ס'זענען געווען צווישן אונדז פיל פרויען פון פּאַרטיי־טוער, וועלכע זענען דערשאָסן געוואָרן, אָדער אַנדערש אומגעקומען אין די רוסישע לאַגערן. דער מאַן פון פרוי קראַוויעצקי איז געווען אַ טוער אין ק.פּ.ז.או. (קאָמ. פּאַרטיי פון מערב־אוקראַינע). עס איז געווען די פרוי פון דירעקטאָר פון פּוילישן טעאַטער אין קיעוו, די קראַנקע פרוי ראָמאַ שוויערטשעווסקי. איר מאַן האָט לאַנגע יאָרן, ביז 1933, אָנגעפירט מיטן אומלעגאַלן דרוק־וועזן. דורך זיין האַנט איז דורכגעגאַנגען דער טעאָרע־טישער אָרגאַן פון דער ק.פּ.פּ. ער איז דערשאָסן געוואָרן אין ראַטנ־פאַרבאַנד. זיין איינציקער זון איז געפאַלן אין דער מלחמה. עס איז אויך געווען אַ גרופּע פון לעמבערג — פּאָלאַ, אַ טוערין אין דער פרויען־באַוועגונג, לוביטש און שודריך, געוועזענע פירער פון דער לעמבערגער

פּראָפּ. באַוועגונג. זיי האָבן דערציילט ווי זיי האָבן ערשט נישט לאַנג אומלעגאַל געזאַמלט געלט און אין אַ פינצטערער נאַכט געשטעלט, פאַר זייער אָפּפאָרן, אַ מצבה אויפן קבר פון באַטווינען. ס'איז געווען דער פאַרזיצער פון ווילנער האַלץ־פאַראיין, שימעלע, וועלכער איז אַ סך יאָרן אָפּגעזעסן אין די פּוילישע טורמעס. ער איז געזעסן צוזאַמען מיט אַלע וויכטיקע טוער פון ק. פּ. פּ. מיטן רעדאַקטאָר פון „טריבונאַ לודו", מיטן ראַדאַמער געלן פוקס, וואָס איז אין די ערשטע יאָרן פון קאָמוניסטישן פּוילן געווען אַ הויכער טוער אין דער אַרמיי, און מיט הערש סמאָליאַר. ער איז צולעצט געווען אין די רוסישע לאַגערן, באַקומען אַ קויל אין אַ פוס, פאַר וועלן אויפהייבן אַ פאַרפרוירענע קאַרטאָפל אין דער פאַרבאָטענער זאָנע. עס זענען געווען אַזעלכע סאַדיסטישע שפּילן פון די לאַגער־היטער — אַוועקלייגן אַ שטיקל קרויט, אָדער קאַרטאָפל אויף דער פאַרבאָטענער זאָנע. דאָס רייצט די הונגעריקע צו וועלן אויפהייבן.

ראַפּאַפּאָרט פון טשענסטאָכאָוו איז געווען פּאַרטיי־טוער אין לאָדזש. ער האָט פאַרענדיקט אין יאָר 1947 10 יאָר לאַגער אין רוסלאַנד. אין 1950 האָט מען אים ווידער אַרעסטירט, ער איז באַפרייט געוואָרן אין כרושטשאָוו־פעריאָד. ער האָט איבערגעלעבט אַן אויפשטאַנד אין דער קאָלאָנע. די היטער האָבן אַרויסגערופן טאַנקן און אויסגעגלייכט מיט דער ערד די באַראַקן, צוזאַמען מיט די ווידערשפּעניקע.

לאַנגע שמועסן האָב איך געפירט מיט משה האַרטשטיין, אַ געוועזענער קאָמיוגישער טוער אין בענדין, שפּעטער אויף גאַנץ דאָמבראָווע־זאַגלעמביע. אין אָנהייב פון דער קאָלעקטיוויזאַציע איז ער שוין געווען אין ראַטנפאַר־באַנד. ווי פיל אַנדערע יידישע יוגנטלעכע האָט ער געשטרעבט צו פאַרבייטן זיין שניידעריי אויף אַרבעט אין אַ פאַבריק, געוואָלט זיין אַ ספּעציאַליסט אין דער מעטאַל־אינדוסטריע. אַלס קאָמוניסט און פּאָליט.־עמיגראַנט, איז ער געשיקט געוואָרן אין דער מעטאַל־פאַבריק ביי דער אָדעסער טורמע, אַזוי אַרום האָט ער געדאַרפט זיין אין איין פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע מיט די סאַדיסטן און הענקער פון דער טורמע־אַדמיניסטראַציע. אין אַ שיכורן צושטאַנד, האָט זיך איינער פון זיי אַ מאָל באַרימט, ווי אַזוי זיי באַגייען זיך מיט די צום טויט־פאַרמשפּטע קולאַקן. מען דערלאַנגט אין אַ פינצטערן קעלער מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ, און איידער ער קומט צו זיך, גיט מען אים אַ שטילע קויל, אָן אַ פּיפּס איז ער אָפּגעווישט...

אין 1937 איז ער געווען אַרעסטירט, אָבער אין טורמע־לאַגער האָט ער זיך געראַטעוועט מיט דער הילף פון זיין שניידער־פאַך. ער איז געווען

דער אַדרעס פאַר יעדן ייד, וואָס איז אָנגעקומען אין זייער קאָלאָנע. אין 1941 איז צו זיי אין דער קאָלאָנע אָנגעקומען אַ יונגערמאַן פון סאָסנאָוויץ, פּלאַטשעק. 500 קילאָמעטער האָט מען זיי אַהער געיאָגט פון ביעלעמאָר־קאַנאַל אין קאַרעליע. ער איז געווען צוזאַמען מיט זיין ברודער. מען האָט זיי לעצטנס פונאַנדערגעטיילט, אין עטלעכע חדשים אַרום איז ער אומגעקומען. ס׳איז געווען מיט זיי אַ יונגער בחור פון אַ יאָר 18, יוסף שוואַרץ, פון מונקאַטש, אין סלאָוואַקיע. זיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ בעקעריי. ער האָט די קאַטאָרזשנע־אַרבעט לאַנג נישט געקענט אויסהאַלטן, אין פרילינג 1942 איז ער אויסגעגאַנגען.

דער יוגנטלעכער פעלדמאַן איז געווען דער בעסטער שילער אין אַ מאָסקווער שולע. זיין מוטער איז געווען גליקלעך, ווען מ׳האָט אים אין 1940 אָנגענומען אין אַ מיליטער־שולע, ווו מ׳האָט געגרייט פּאָליטישע קאָמיסאַרן פאַר דער אַרמיי. בעת אַ פאָרטראַג וועגן די פאַררעטער, האָט ער זיך נאַיוו אויסגעדריקט, אַז בוכאַרין איז טאַקע געווען אַ פאַררעטער, ער איז אָבער דאָך געווען אַ גרויסער געלערנטער. אין לאַגער איז ער נאָך עטלעכע חדשים, ביים אַרבעטן אין וואַלד, געשטאָרבן.

געווען אַ קראַנקער ייד פון אוקראַינע, שוואַרצבאַרד, האָט ער אים פאַרן שטאַרבן איבערגעגעבן זיין גאַנצן אוצר, 20 דאָלאַר, און אָנגעזאָגט, אַז אויב ער וועט אַרויס אויף דער פריי, זאָל ער זיי איבערשיקן פאַרן קרן קימת. די צוואה האָט ער אויסגעפירט און געשיקט דאָס געלט דורך אַ באַקאַנטן קיין ישראל.

אַ יונגער אינזשעניר פון שיף־בוי איז געברענגט געוואָרן אין לאַגער, פאַראורטיילט אויף 10 יאָר פאַר... ציוניזם. דאָס וואָרט ציוניזם האָט ער צום ערשטן מאָל געהערט ביים אויספאָרשער. זיינע עלטערן זענען געווען קאָמוניסטן. צופעליק איז אים אויסגעקומען צו לייענען פויכטוואַנגערס „יידישע מלחמה״. אונטערן איינדרוק פון בוך, האָט ער זיך געטיילט מיטן חבר, רעדנדיק באַגייסטערט וועגן דער אור־געשיכטע פון יידישן פאָלק.

ווען די רויטע אַרמיי האָט אַריינמאַרשירט קיין קאָוונע, האָט די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, באַגראָבן איר פאָן. אין 1943 האָט זיך דער קאָוונער יוגנט־פירער יחזקאל פילאַרעוויץ געפונען ביי אים אין דער קאָלאָנע. אַ פעסט־געבויטער קאָוונער יאַט. די שווערע אַרבעט אין וואַלד האָט אים נישט צעבראָכן. ער האָט זיין גלייבן און ליבשאַפט צו ישראל אויסגעדריקט אין העברעישע לידער, וואָס ער האָט געהיים געשריבן.

מיט אַ באַזונדערער פאַרערונג האָט ער גערעדט וועגן צוויי נאָבעלע

געשטאַלטן, וועגן דעם רעדאַקטאָר פון דער יידישער צייטונג אין רומעניע, קישיניעוו, ראָזנטאַל, און וועגן סעקרעטאַר פון די יידישע שולן אין בעסאַראַביע און לייטער פון פּאַלעסטינע־אַמט דוד שיניצקי. זיי ביידע האָט מען אין לאַגער צום צווייטן מאָל געמשפּט פאַר יידישן נאַציאָנאַליזם.

אַ גרויס נחת־רוח איז געווען צו שמועסן מיט דער משפּחה ראָזנטאַל. אַ קאָוונער לערער. אין אָנהייב פון די 30קער יאָרן האָט ער מיטגעאַרבעט אין דער יידיש־סאָוויעטישער פּרעסע, צוערשט אין כאַרקאָוו און שפּעטער — פאַראַנטוואָרטלעכער מיטאַרבעטער אין מאָסקווער „עמעס״, פון בּיראָבידזשאַן. זיין פרוי, אסתר (שניידערמאַן), איז שוין אין אָנהייב פון די 20קער יאָרן געווען אין דער גרופּע פון קאָמוניסטישע יידישע לערער, צוזאַמען מיט יצחק גאַרדאַן, געווען אַ וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטערין אין קיעווער יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און גלייכצייטיק — פּאַרטיי־סעקרעטאַרין. ער איז איבערגעפירט געוואָרן קיין בּיראָבידזשאַן, גלייך נאָכן באַשטימען דעם דירעקטאָר פון אינסטיטוט ליבערבערג, אַלס פּאָרזיצער פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט. זיי זענען געווען ענג פאַרבונדן מיטן גאַנצן גייסטיקן לעבן פון סאָוויעטישן יידנטום.

די פּאַרטיי האָט זיך צו אונדז באַצויגן גאַנץ הומאַניטאַר און אונדז אויסגעהאַלטן. מען האָט אָבער געדאַרפט האָבן גרויסע זכות־אבות פון קאָמוניסטישער פאַרגאַנגענהייט, צו באַקומען אַ וווינונג אין וואַרשע גופא. די גאַנצע פּאַרטיי, דער מלוכה־אַפּאַראַט, און אַפילו דער פּאָליט־ביוראָ, האָט אָפּגעשפּיגלט די שטימונג פון פאָלק — וועלכע איז געווען אַנטיסעמיטיש און אַנטיסאָוויעטיש. דערפאַר איז גוט געווען צו האָבן אַ פּוילישן גוטן חבר פון אַמאָל, ווי אַן עדות. מיינע יידישע חברים פון אַמאָל, וועלכע זענען דאַן געווען אין וואַרשע, גרויסע טוער אין פאַר־מלחמהדיקן פּעריאָד, האָבן קיין סך נישט געקענט העלפן. אַפילו מיין זאַמאָשטשער גרופּע פּול־קאָווניקעס, ווי באַקמאַן, בּראָנעס און פינקנבערג, האָבן זיך גענייטיקט אין הילף פון אַן אמתן פּאָליאַק.

מיר האָבן דאָך באַקומען אַ פיינע וווינונג, וועגן וועלכער מען האָט גאָר נישט געקענט חלומען אין ראַטנפאַרבאַנד. אין אַלגעמיין איז דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לעבן אין פּוילן אין יענער צייט, געווען אַ גן־עדן אין פאַרגלייך צום ראַטנפאַרבאַנד. מען האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, מען האָט זיך נישט געשראָקן, אַז פאַר יעדן נישט־פּאָרזיכטיקן געדאַנק קען מען גיין אין טורמע. דאָס לאַנד איז נישט געווען הערמעטיש פאַרמאַכט. מיט שוועריקייטן, האָט מען דאָך געקענט אַרויספאָרן.

מיין עלטערן שוואָגער האָב איך אין ראַטנפאַרבאַנד באַגעגנט מיט שרעק און מורא. דערפאַר האָב איך פיל פרייער און מיט פרייד באַגעגנט אין פוילן מיין יינגערן שוואָגער, העניעך דייטש. ער האָט געהאַט פאַר פוילן גרויסע סענטימענטן. פון זיין פריער יוגנט אָן האָט ער אָנטייל גענומען אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. מיט זיין בלאָנדן אַרישן אויסזען, איז ער געווען דער פאַסיקער טיפּ פון יידישן קאָמוניסט אויף דער „פוילישער גאַס”. צוערשט איז ער געווען טעטיק אין לאָדזש און שפּעטער אין סאַמע גרעסטן צענטער פון פוילישן פּראָלעטאַריאַט, אין דאַמבראָווע זאַגלעמביע. ווו ער האָט געטאָגט האָט ער נישט געגעכטיקט. צוויי יאָר איז ער געווען פאַרשיקט אין קאַרטוז בערעזע. זיין יונגע טאָכטער, איז אומגעקומען אויף דער פוילישער ערד. ער איז געווען אין דער פראַנ־צייזישער אַרמיי, שפּעטער איז ער געווען פאַרבונדן מיטן אונטערגרונט ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך. ער האָט זיך באַשולדיקט פאַר וואָס ער איז נישט געפאָרן קיין פוילן, באַלד נאָך דער מלחמה, ווי אַנדערע יידישע קאָמוניסטן, צו בויען דעם סאָציאַליזם. דער דעמאָלטיקער אינערן־מיניסטער וויכער, איז געווען זיינער אַ פּערזענלעכער חבר. ער האָט שוין אָבער דעמאָלט געזען און נאָך מער פאַרויסגעפילט דעם גורל פון די פּאָליאַקן פון יידישער אָפּשטאַמונג, און זיכער מער נישט געהאַט קיין חרטה, וואָס ער איז נישט געקומען העלפן „בויען זייער סאָציאַליזם”.

אויב די שפּיצן פון דער פאַרטיי האָבן געקענט געבן די געהעריקע אָנווייזונגען און אויך אויסטיילן אַ בודזשעט, אַז מען זאָל די יידישע רעפּאַטריאַנטן גוט אויפנעמען, זענען זיי אָבער נישט געווען ביכולת, און אפשר אויך נישט פאַראינטערעסירט, אויפצוצווינגען דעם אַפּאַראַט ער זאָל אונדז געבן אויך אַרבעט. מאַסנווייז האָט מען שוין דעמאָלט באַפרייט יידן פון פּאָסטנס. דער פוילישער „אָקטאָבער” אין 1956 האָט דערמעגלעכט עטלעכע צענדליק טויזנט יידן אַרויסצופאָרן. צווישן זיי — אַ גרויסע צאָל, וואָס האָט געאַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע. אָבער, גלייכצייטיק איז דאָס אַרויסשטופּן יידן פון פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן ווייטער אָנגעגאַנגען. די רעפּאַטריאַציע האָט געבערענגט נייע 19 טויזנט יידן. אַפילו די קאָאָפּע־ראַטיוון, וואָס יידן האָבן געשאַפן באַלד נאָך דער מלחמה, מיט דער הילף פון „דזשאָינט”, זענען געוואָרן מער פוילישע, און מען האָט אין זיי קיין יידן נישט געוואָלט צונעמען. דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד פון יידן אין פוילן, האָט מיט דער אונטערשטיצונג פון דער פאַרטיי און מיט דער גאַנצער פינאַנציעלער הילף פון „דזשאָינט”, אויפסניי אָנגעהויבן

אָרגאַניזירן יידישע קאָאָפּעראַטיוון, אין וואַרשע און אין געוויסע פּראָווינץ־שטעט מיט יידישע יישובים. דער „אָרט" האָט געעפנט פּאַך־קורסן. אין וואַרשע האָט דער „פאַרבאַנד" אונדז באַפרייט עטלעכע צימערן אויף נאָוואָגרודזקע, אין לאָקאַל פון פאַרבאַנד. אין געציילטע וואָכן זענען געעפנט געוואָרן 8 גרויסע לאָקאַלן אין פאַרשיידענע ראַיאָנען פון שטאָט, כאָטש אין וואַרשע האָט מען יידישע רעפּאַטריאַנטן נאָר אין אויסנאַם־פאַלן דערלויבט צו וווינען. דער קאָאָפּעראַטיוו, אין וועלכן איך האָב געאַרבעט, איז במשך פון 1 יאָר אויסגעוואַקסן ביזן באַשעפטיקן ווייניקע 200 אַרבעטער. 90 פּראָצענט פון זיי זענען געווען באַפרייטע פון דער אַדמיניסטראַציע. ס'איז ביי אונדז אַרומגעגאַנגען אַ וויץ, וואָס איז געווען אַ ביטערער אמת — „אונטער אַ קאַפּיטאַל, קען ביי אונדז אין קאָאָפּעראַטיוו נישט אַרבעטן"... ביי אונדז האָבן געאַרבעט מער ווי אַ צענדליק געוועזענע פּאָלקאָווניקעס, צווישן זיי איינער, וואָס האָט געטראָגן דעם צייכן: „פאַרדינסטפּולער העלד פון פּוילישן דאַי־בוג", אַ געוועזענער לינקער פּועלי־ציוניסט. מען האָט אים נישט דערלויבט אַרויסצופאָרן פון פוילן.

שימעלע זאַידאַוו, אַ געוועזענער שפּאַנישער קעמפער, איז אין דייטשן לאַגער געווען אין איין אונטערערדישער גרופּע מיט ציראַנקעוויטשן. שפּעטער איז ער געווען 2טער סעקרעטאַר אין קראָקע, לעצטנס געאַרבעט אין אַפּאַראַט פון צ.ק. יאַבלאָנסקי (קורץ) איז געווען איינער פון די ערשטע אין פּ.פּ.ר. אין וואַרשעווער געטאָ און שפּעטער אויף דער אַרישער זייט. בערל מאַרק האָט זיך אַ סך געשטיצט אויף אים ביים שרייבן די געשיכטע פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

ס'איז געווען ביי אונדז אַ לאָדזשער קאָמוניסט, דער פּערזענלעכער היטער פון זאַוואַדזקין. לעבלאַנד, אַמאָליקער סעקרעטאַר פון לעמבערגער נאָדל־פאַראיין. צוויי יאָר געווען אין קאַרטוז־בערעזע. געווען קאַפּיטאַן אין דער אַרמיי און שפּעטער דירעקטאָר פון אַ גרויסער בוי־געזעלשאַפט. באַרנשטיין, אַ שפּאַנישער קעמפער, אַ קאָמאַנדיר אין דער באַטווין־קאָמפּאַניע. געווען כסדר ביי פּאַרטיי־ישער און אַדמיניסטראַטיווער אָנפירערשאַפט.

יעדער, וואָס האָט געאַרבעט אין דעם קאָאָפּעראַטיוו, האָט געהאַט הינטער זיך אַ שטורמיש געזעלשאַפטלעך לעבן. נאָר נאָך דעם ווי מען האָט די אַלע מענטשן אַרויסגעשטופּט פון זייערע העכערע סאָציאַלע און פּאָליטישע פּאָזיציעס, האָבן זיי דערפילט, אַז אויך דאָס קאָמוניסטישע

פוילן קען נישט זיין קיין אויסנאַם. דאָס זענען נעכטיקע טורמע־חברים, דערצויגענע, אויסגעשולטע יידישע קאָמוניסטן. ווען מען האָט זיך אין זיי געניייטיקט, האָט מען געשאַרט דאָס פייער מיט זייערע יידישע הענט. יידן האָבן געהאָלפן בויען די נייע ווירטשאַפט, דאָס מיליטער און די זיכער־קייט־אַפּאַראַטן. ווען עס זענען אָבער אויסגעוואַקסן אייגענע נאַציאָנאַלע קאַדרן, זענען די יידן געוואָרן איבעריק.

דער „דזשאָינט" האָט אַחוץ מאַשינען, אונדז אויך געגעבן רוי־שטאָף. נאָר אַ דאַנק דעם האָט די ווירטשאַפטלעכע האַנדלס־אָרגאַניזאַציע געדולדעט די זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ פון די יידישע קאָאָפּעראַטיוון. דאָס האַרץ האָט פּשוט וויי געטאָן, וואָס יידיש געלט ווערט געוואָרפן אין בלאָטע אַריין, און ביי דער מינדסטער פּאָליטישער ענדערונג, וועט אונדזער גורל זיין דער זעלבער ווי אין די נאָך־מלחמהדיקע קאָאָפּעראַטיוון.

היינט ווייסט מען שוין וואָס פאַר אַ ריזיק פאַרמעגן דער „דזשאָינט" האָט אַריינגעפּירט קיין פוילן. אין פאַרלויף פון די 8 יאָר — 3 מיליאָן און 600 טויזנט דאָלאַר; אויסער די מאַשינען און רוי־שטאָפן.

שוין אין ערשטן יאָר פון דער עקזיסטענץ פון די קאָאָפּעראַטיוון האָבן פיל אָרטאָדאָקסישע יידישע קאָמוניסטישע טוער, ווי שמעון זאַכאַריאַש,



אַ גרופּע פון יידישן שניידער־קאָאָפּעראַטיוו אין וואַרשע, 1960
דער קאָאָפּעראַטיוו איז ליקווידירט געוואָרן בעת דער אַנטיסעמיטישער וואַקכאַנאַליע אין יוני 1967

מ. מירסקי און יואל לאַזעבניק, קריטיקירט פּאַר וואָס מיר נעמען נישט אַריין קיין פּאָליאַקן און פּאַר וואָס מיר דאַרפן דעם „דזשאָינט״? שוין אין סוף פון די 50קער יאָר האָבן מיר געפילט, אַז די קאָאָפּעראַטיוון וועלן אונדז נישט ראַטעווען. מיר האָבן געזוכט אַלע וועגן צו פאַרלאָזן פּוילן, באַזונדערס די, וואָס זענען צוריק געקומען פון רוסישן „גן־עדן״. מיר האָבן געוווסט, אַז אַלע פּאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער וועלן סוף כּל סוף דערגיין צום זעלבן מצב, ווי אין רוסלאַנד.

מער ווי 90 פּראָצענט זענען טאַקע אַוועקגעפאָרן. געבליבן זענען נאָר קראַנקע, און אויך די, וואָס האָבן געוואָלט לעבן לייכט, זאָרגלאָז און באַקומען די פּאַרטיי־עלטער־פּענסיע.

איך האָב זיך באַמיט צו זיין ערלעך צו מיינע פּרינציפּן און געטריי מיין ריין געוויסן. ווען איך האָב דערקענט די פאַרברעכערישע ראָל, וואָס די פּאַרטיי פירט בלינד אויס, ווען זי שטייט ביי דער מאַכט, בין איך אין פּוילן, אין דער הערשנדיקער פּריווילעגירטער פּאַרטיי, קיין מיטגליד נישט געוואָרן. איך בין אָבער די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געאַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוו, געווען אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג. און ווען מיר איז, נאָך אַזוי פיל שוועריקייטן, געלונגען אָפּצופאָרן אַלס אַ טוריסט, האָב איך איבערגעלאָזט מיין ביסל אָרעמקייט אויף גאָטס באַראָט און איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט.

איך האָב גוט געקענט די קומענדיקע שוועריקייטן, מיט מיינע אַלטע פּאָליטישע „חטאים״ אין פראַנקרייך, מיין עלטער און געזונט־צושטאַנד, באַזונדערס פון מיין פרוי. אָבער פאָרן צוריק לעבן אונטער דעם רעזשים, האָב איך מער נישט געוואָלט. איך וויל נישט דעם האָניק און וויל נישט דעם גיפט. דאָס האָבן געוווסט אַלע אַרבעטער אין קאָאָפּעראַטיוו, וואָס זענען געקומען מיך באַגלייטן. דער באַן־פּעראָן איז געווען פול מיט חברים, וואָס זענען געקומען זיך געזעגענען מיט מיר. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון פריינדשאַפט און סאָלידאַריטעט. די אויגן זענען מיר איבערגעגאַנגען פון דאַנקבאַרקייט, פרייד, טרויער און ווייטיק, צו זיי אַלע, מיינע מיטגייער, אין די פאַרלוירענע יאָרן, אויף דער עקדה פון אַ פאַרשוועכטער אידייע און געשענדעטער באַוועגונג.

## קאַפּיטלען אין בוך:

מיין דאַנק די אַלע וואָס האָבן מיטגעהאָלפן צום דערשיינען פון מיין בוך: געזעלשאַפט פון פּאַראייניקטע לובלינער אין פּאַריז, לעאָן און פּנחס דייטש, גאַלע און לייזער לעווקאָוויטש, און חברים מיינע אין פּאַריז, ניו־יאָרק און ישראל.

דער מחבר

# פאַרלאַג „ישראל־בוך"

**אריה שמרי / וואָרצלען**
אַנטאָלאָגיע פון יידיש־שאַפן אין ישראל

**ישעיהו שפיגל / פלאַמען פון דער ערד**
ראָמאַן

**רחל פישמאַן / דערנער נאָכן רעגן**
לידער

**מאַרגאַרעט לאַרקין / די זעקס טעג פון יד מרדכי**
יידיש — ד. שטאָקפיש

**רפאל מאַהלער / היסטאָריקער און וועגווייזער**
עסייען

**רבקה באַסמאַן / בלעטער פון וועגן**
לידער

**ריקודה פאָטאַש / אין געסלעך פון ירושלים**
דערציילונגען

**יעקב צבי שאַרגעל / זוניקע שוועלן**
לידער

**אריה שמרי / דאָס יינגל פון דיזשאָן**
פאָעמע

**משה שולשטיין / איבער די דעכער פון פאַריז**
דערציילונגען

**רפאל מאַהלער / ספר סאַנץ**
היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, זכרונות און גביות־עדות

**אריה שמרי / געזאַנגען אין שייער**
לידער און פאָעמעס

**מנוחה ראַם / אַרום דער ווערבע**
דערציילונגען

**משה זאַלצמאַן / ...און מען האָט מיך רעהאַביליטירט**
איבערלעבונגען פון אַ יידישן קאָמוניסט אין ראַטנפאַרבאַנד